יחזקאל קאטיק.

# מיינע זכרונות.

ערשטער טייל.




פערלאַג א. גיטלין, וואַרשוי,
נאַלעווקי, איוואַנאָווסקי באַזאַר.

1913 — תרע"ג

געזעצט ביי א. שריפטגיסער. ווארשא פאפעזשינסקא 8.

МОИ ВОСПОМИНАНІЯ

соч. Х. КОТИКА.

Варшава, 1913.

געווידמעט דעם אנדענקען פון
מיין ליעבער באבען ביילע-ראשע
— די שטילע און הארציגע ער-
ציהערין פון אונזער גרויסער
און רוישענדער משפחה.

---

## בִּמְקוֹם הַקְדָמָה.

איך דערצעהל וואס איך האב געזעהן, איך ווייס אבער נישט ווי איך דערצעהל. נאר דאס אלטע, זאגט מען, איז וויכטיג פאר'ן ביים, אז כדי צו בויען דאס נייע, מוז מען וויסען דאס אלטע. אויב דאס איז אזוי — וועט מיר דער לעזער מוחל זיין דעם „ווי" צוליעב דעם „וואס", און איך וועל מיך פיהלען בעפריעדיגט: איך האב אויפגעדעקט א ווינקעלע פון דעם גרויען, וויטען, נאר ליעבען אלטען...

מיין יוגענד האב איך פערבראכט אין א קליין חאראקטעריסטיש שטעדטיל, וואו יודען האבען געלעבט ארים, אבער „רוהיג" און — אויב מען קען אזוי זאגען — מיט טעם... היינט איז שוין דאס נישטא און עס איז אויך נישטא די פאעזיע פון די אמאליגע שטעדטליך. אמעריקא האט זיי שיטער געמאכט און דאס שווערע לעבען פאר יודען אין רוסלאנד, וואס איז אנגעגאסען מיט'ן שווארצען בליי פון אנטיסעמיטיזם, האט זיי אינגאנצען איינגעבראכען. זיי, די חנ'עווודיגע יודישע שטעדטליך, וואס זענען שוואכער פאר די יודישע שטעדט, זענען די ערשטע געבליבען טויט...

י. ק.

# ערשטעס קאַפּיטעל.

מײַן שטעטדיל. — דער סלופּ. — די אַמאָליגע „סקאַזקע״. — וויסאָקע. — אַמאָליגע מסחרים. — יודען און פּריצים. — דער רוסישער און פּוילישער קלויסטער. — דער רוסישער און פּוילישער גלח. — אָסערעווסקי. — אָסערעווסקי׳ס יורש. — דער אַסעסער. — אין וואָס פלעגט בײַ יודען אַוועק דער טאָג. — די קאַרגע גבירים. — די כּבוד׳ע פאַמיליעס פון שטעטדיל. — שעבסיל דער קלעזמער. — מרדכי ליב. — ר׳ שמחה לײַזער. — שבת אין שטעטדיל. — שטעטדילשע אינטריגאַנטען. — אַמאָליגע מחלוקת׳ן. — איטשע שײַטעס דער מסור. — זאַסטאַווע. — מלמדים. — אַמאָליגעס לערנען. — די גוים. — דער דאָקטאָר. — רופאים. — די תּלמוד־תּורה. — די באָד. — די מקוה. — דער טײַך. — קאַמעניצער שווימער. — דער הקדש. — דער רב. — מגידים. — דער בית־עולם. — חברה קדישא. —

קאַמעניץ, דאָס שטעטדיל, וואו איך בין געבוירען געוואָרען, איז באַוואוסט מיט איהר אַלטען היסטאָרישען סלופּ. פון וואַנען האָט ער זיך גענומען, ווײַס מען נישט. אפנים, אַז דאָס איז אַ זכר פון אַן אַמאָליגער פעסטונג. דער דאָזיגער סלופּ איז אַ געמויערטער, אַ דיקער און

אַ הויכער, מיט לעכער אויף צו שיסען פון האַרמאַטען און פון ביקסען. מען האָט נאָך אין מיין זיידענ'ס צייטען געפונען קוילען ווי אַ צעהן-פונטיגער די גרויס — אַ סימן, אַז דורך די לעכער האָט מען אַמאָל יאָ געשאָסען. די ציגעל פון דעם דאָזיגען סלופּ זענען אַזוי פעסט, אַז עס איז אונמעגליך אָבצוברעכען אַ שטיקעל, אין קאַמעניץ זאָגט מען, אַז מען האָט איהם געמויערט מיט „ווייסלען" פון אייער — און דעריבער איז ער אַזוי שטאַרק... ווען דער קייזער אַלעכסאַנדער דער צווייטער האָט צוזאַמען מיט אייראָפּעאישע פּרינצען געמאַכט אַ יאַגד אין וואַלד „בעלאָוועזש", זיעבען מייל ווייט פון קאַמעניץ, זענען אַלע מיניסטאָרען און גענעראַלען געקומען אין שטעדטיל אָנזעהן דעם דאָזיגען היסטאָרישען סלופּ.

איך האָב אומישנע גענומען דעם סלופּ צום ערשטען, וואָרום קוים דערמאָהן איך מיר אָן מיין שטעדטיל, אַזוי שווימט ער מיר אַרויס פון מיין זכרון, ווי עפּעס אַ צייכען, אַ סימבאָל, וואָס האָט עפּעס אַנ'אונ-פערשטענדליכע בעדייטונג. און איצט קען איך אַריבערגעהן צו מיין שטעדטיל גופא. צוריק מיט אַ יאָהר זעכציג, די צייט, פון וועלכע איך וועל אָנהויבען מיינע זכרונות, איז קאַמעניץ בעשטאַנען פון אַ צוויי הונדערט-און-פופציג הייזער, אַלטע, שוואַרצע און קליינע, צוגעדעקטע מיט שינדעל-דעכער, און מענשען, „נפשות", הייסט עס, פערשריבענע אין דער „סקאַזקע", דער רייסטער פון דער רעגירונג, זענען געווען ביי אַ פיער-הונדערט-און-פופציג. דאָ קומט אַרויף אַ לאָגישע פראַגע אויפ'ן זינען: צוויי-הונדערט מיט פופציג הייזער — און נפשות פיער הונדערט מיט פופציג? ווי שיקט זיך עס? דערויף איז דאָ זעהר אַ פּשוט'ע תשובה. איידער עס איז איינגעפיהרט געוואָרען דאָס נייע רעקרוטען-סיסטעם, פאַר'ן 1874-טען יאָהר, זענען יודען כמעט צוויי דריטעל ניש געווען צוגעשריבען. די רעגירונג האָט איינענטליך געוואוסט דער-פון און עס אַזוי, ווי שווייגענדיג, דורכגעלאָזט. פערשריבען האָבען זיך ערשט אָט די אַלע נעלמים (נישט-פערשריבענע) אין 1874-טען יאָהר, בעת עס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון קייזער אַ מאַניפעסט, אַז די נישט-פערשריבענע וועלען קיין שטראָף נישט בעקומען, ווען זיי זאָלען זיך איצט פערשרייבען אין „סקאַזקע", און איבער אַלע שטעדט און דערפלעך זענען אַרומגעפאָהרען קאָמיסיעס און פערשריבען די נעלמים.

נאָר עס איז זעהר אינטערעסאַנט, ווי אַזוי עס האָבען אַמאָליגע יאָהרען געגעבען רעקרוטען פון זיך די פערשריבענע פיער-הונדערט-און-פופציג נפשות פון מיין שטעדטיל.

פיער מייל פון קאַמעניץ איז דאָ אַ שטעדטעלע וויסאָקע, האָט זיך איהר „סקאַזקע” גערעכענט ביי אַ פינף-הונדערט-און-פופציג נפשות. וויסאָקע און קאַמעניץ האָבען געגעבען רעקרוטען אַלע יאָהר צוזאַמען, נאָר אַזוי ווי מען נעהמט דאָך סאָלדאַטען לויט אַ געוויסען פראָצענט, לאָמיר זאָגען, איינעם פון טויזענד, און אַזוי ווי וויסאָקע מיט קאַמעניץ האָבען אויסגעמאַכט צוזאַמען, לאָמיר זאָגען, אַ טויזענד, איז פאַר ניקאָלאַי דעם ערשטען געגעבען געוואָרען פון ביידע שטעדטלעך טאַקע בלויז איין זעלנער. נאָר אויף קאַמעניץ קומט דאָך אויס קנאַפּער פון אַ האַלבען זעלנער און אויף וויסאָקע עפּעס מעהר פון אַ האַלבען — וויסאָקע איז דאָך גרעסער — איז פאַר די פּני געוועזען אַ שטיק אַרבייט, ביז מען פלעגט דורכקומען. און דורכקומען פלעגט מען אַזוי: אַ יאָהר האָט געגעבען קאַמעניץ דעם זעלנער, און אַ יאָהר וויסאָקע. און איין מאָל אין צעהן יאָהר האָט קאַמעניץ גאָרנישט בעדאַרפט געבען: דער רעכענונג איז אַ פּשוט'ער: פופציג מענשען יעדעס יאָהר ווייניגער. פאַר צעהן יאָהר קומט אויס — פינף הונדערט מענשען ווייניגער, הייסט עס, דאַרף מען גאָרנישט געבען. אָט אַזוי האָט מען געגעבען רעקרוטען אַמאָליגע יאָהרען: מען איז דורכגעקומען צווישען זיך...

ווי די מאָדע איז, זענען אין מיטען שטאָדט געשטאַנען צוויי ציילען קראָמען מיט די פאָדערשטע טהירען אינוועניג. צווישען די ביידע ציילען האָט זיך געצויגען אַ שמאָל געסעלע און דאָרט האָט זיך קוים געקענט דורכשפּאַרען אַ פוהר. אַ דריי, פיער קראָמען האָבען גע'מסחר'ט מיט מאַנופאַקטור פון העכערן גראַד: פאַר יודען און פּריצים פון אַרום שטאָדט, אין אַ דריי, פיער האָט מען פערקויפט פּאַרטוכער, טיכער, טיכלעך און דעסגלייכען. אין די איבעריגע האָט מען גע'מסחר'ט מיט צעלניק, מיט סמאָלע און מיט דזעגעכץ א. ז. וו.

גע'מסחר'ט אין די קראָמען האָבען בלויז די פרויען — אַלטע, יונגע, מיידען און מיידעלעך. און אָט די אַלע ווייבער זענען געזעסען איינע נעבען די אַנדערע, צוקאָכטע און אויפגערעגטע. דערביי האָבען, פערשטעהט זיך, נישט געפעהלט קיין העלפערקעס — אַ מיידעל צי

אַ װײַבעל, װאָס האָבען געשלעפּט, געצװיגען און גערופען צו זיך דעם קונה: אַממעהרסטען פּויערים און פּויערטעס. אָבער דער העלערער גראַד קונים, די יודען און די פּריצים, האָבען זיך יעדערער געהאַט אײַן קרעמער און אַזאַ מין קונה האָט שוין קײנער נישט געהאַט די העזה צו שלעפּען, װי אַ הערינג, צו זיך אין קראָם אַרײַן. אין דערשטיל האָט מען איהם אפשר שטילערהײד בעגלײט מיט אַ קללה צוזאַמען מיט דער קרעמערקע, װאָס לײזט פון איהם.

לײזונג אויסער זונטאָג איז אײגענטליך געװען װעניג. װאָרום אויסער זונטאָג איז דער פּויער כמעט אין שטעדטיל נישט געקומען. איז מען טאַקע געזעסען פאַר די קראָמען און נישט געהאַט װאָס צו טהאָן. זונטאָג אָבער פלעגען זיך שטעלען גרויסע מערק, עס פלעגען זיך צונויפקומען מאַסען פּויערים און אַרום די טהירען פון די קראָמען פלעגט זײַן אַזאַ געשטײַסעניש און שטופּעניש, פּונקט װי פליעגען אויף אַ פענסטער, װאו עס איז אָנגעשאָטען מעהל-צוקער.

צו די גרעסערע געשעפטען אין שטאָדט האָבען אויך געהערט די שײַנקען. זײַ זענען געװען אין אַ היבשער צאָהל. און פּויערים האָבען דאָרט געפונען צובײַסונג אויך: קעז, הערינג, אוגערקעס. נאָר זיסע בראָנפענס האָבען אויך נישט אויסגעפעהלט, און דאָס האָט זיך שוין פערגונען אַ שליאַכטיטש, צי אַ קלײן פּריצ'ל, װאָס האָט צוגעביסען נאָכ'ן שנאַפּס נישט מיט קעז צי מיט הערינג, װי דער פּויער, נאָר מיט אַ גענזעל אָדער מיט פיש. די דאָזיגע שײַנקען זענען אויך געפיהרט געװאָרען פון די װײַבער, פּונקט װי די קראָמען. זונטאָג אָבער, דער טאָג פון גרויסען פדיון, האָט שוין דער מאַנסביל אויך צוגעהאָלפען.

מיט װאָס-זשע פאָרט האָבען זיך בעשעפטיגט די מאַנען? זײַ זענען אויך נישט געשטאַנען לעדיג. אַרום קאַמעניץ האָט זיך געפונען בײַ אַ פּאָר הונדערט פּריצים, בײַ יעדען פּריץ איז געװען אַ פּאָר הונדערט לײַב-קנעכט (קרעפּאָסטניקעס) צי מעהר, האָבען די דאָזיגע לײַב-קנעכט געטהאָן עבודת פרך, נישט געהאַט ניט קײן טאָג און ניט קײן נאַכט, און די פּריצים, פערשטעהט זיך, האָבען בעדאַרפט לעבען אַ גוטען טאָג — האָט זיך יעדער פּריץ געהאַט אַ יודען, אָדער אַ פּאָר

יודען אין שטעדטיל, מיט וועלכע ער האט זיך געשאפט און וועלכע האבען דערפון מעהר אדער ווייניגער פערדיענט.

אויב ארום פריץ האבען זיך געדרעהט צווי יודען, האט איין יוד בעדארפט זיין א שענער יוד און א כבוד'ער סוחר און דער צווייטער שוין א „קלענערער יוד", סיי אין שענקייט און סיי אין סוחרות. ביידע יודען זענען געווען ביים פריץ די גאנצע כל ולך'ס. דער שענערער יוד האט איהם געדיענט מעהר צו עצות, דער צווייטער — צו פערשיעדענע ארבייטען און שפיצלעך. נאר ביידע יודען זענען געשטאנען פאר איהם אין גרוים אימה, און חאטש זיי האבען טיילווייז געלעבט פון איהם און ער איז ביי זיי געווען א גרויסער „צר" אין ענין נאטשאלסטווא, פונדעסטוועגען דארף מען צעהן מאל א טאג לויבען גאט, וואס דער ענין יוד-פריץ איז אראב פון דער סצענע.

האט זיך דעם פריץ פערוואלט, האט ער אבגעשמיסען זיין יודען און איהם דערנאך געזאגט:

— וועסטו מאכען א שוויג, בלייבסטו ביי מיר ווייטער, און אז ניט, נעהם איך אנ'אנדער יודען און דו וועסט מיט מיר סיי-ווי נארנישט אויספיהרען, ווארום דער אסעסער איז מיינער און דער איספראווניק איז מיינער.

דער יוד האט געשוויגען און פאר זיך געטראכט: מילא, אבגעשמיסען. דערויף איז ער דאך א פריץ, אבער דערפאר פערדיען איך דאך א שטיקעל ברויט פון איהם. און ווידער, אז איך וועל צו מאכען מיט אנ'אויג, וועט האבען מיינס א קינד ביי איהם פרנסה.

און דאס איז אפילו ריכטיג געווען. איז געשטארבען ביים פריץ דער יוד, האט דער פריץ אויף זיין ארט גענומען דעם יוד'ס א זוהן אדער אנ'איידעם, ווי ווער עס איז איהם געווען געפעלען, ווי מען טהוט א שידוך. און דער יוד האט דערוויל גע'ירשנ'ט דעם פריץ. דער פריץ איז געווען א מין ירושה.

דא איז אפשר אויך כדאי צו דערמאהנען, אז דער פריץ האט אויך געהאט זיין בעל-מלאכה אין שטעדטיל, וואס נאר איהם האט ער געגעבען זיין ארבייט. בעלי-מלאכות אין שטעדטיל זענען געווען א סך — שוסטער, שניידער, בלעכער א. ז. וו. פערשטעהט זיך, אז זיי האבען זיך מפרנס געווען א סך שווערער ווי דער קרעמער, און חאטש

דירה-געלד האט מען געצאהלט זעהר וועניג—א וואסערע צעהן, צוועלף רובל א יאהר פאר א וואוינונג, פונדעסטוועגען זענען זיי נישט בכוח געווען צו בעוואוינען אליין א דירה און אין איין הייזעל האבען געוואוינט א צוויי — דריי פאמיליעס.

אין יענע צייטען זענען געווען דער אסעסער און דער איספראווניק די גאנצע מושלים. אז צוויי יודען האבען זיך צוקריגט אין שטעדטיל, איז מען באלד געלאפען צום אסעסער מיט די ווייבער און קינדער, מיט די בעהעלפערס און גוטע פריינד און קרובים—און דער אסעסער האט גע'משפט גוט פאר דעם, ווער עס האט געגעבען א גרעסערע מטבע, אדער ווער עס האט גלאט נושא חן געווען ביי איהם. און טאמער איז איינער געווען א תקיף און א גרויסער יאבעדניק, האט זיך נישט בעגנוגענט מיט'ן אסעסער'ס משפט און איז געלאפען אין בריסק צום איספראווניק מיט א זשאלאבע אויפ'ן אסעסער, האט עס זעלטען געהאלפען, און אזא חוואט'ס לעבען איז שוין נישט ווערט געווען קיין האלבען גראשען, ווארום דער אסעסער האט איהם געגראבען און גערודפ'ט מיט וואס ער האט געקענט, ביז קלעפ אפילו און ביז פערארעסטירען. ווידער האט דער איספראווניק שטענדיג געהאלטען מיט'ן אסעסער.

דער איספראווניק איז דעמאלט געווען די גאנצע קראפט אין דער סביבה און פון א גובערנאטאר האט מען דעמאלט געהאט א מאדנע השגה. א גובערנאטאר איז אין יענע צייטען פערר̈עכענט געווען ווי א קייזער און צוניצען איהם צו יודישע ענינים איז גאר אויפ'ן זינען נישט געקומען.

דער פריץ האט געהאט א פאקטער א יוד, וואס האט געוואוינט ביי איהם אין הויף. ווידער האט ער געהאט אנ'ארענדאר, דאס רוב אויך א יוד, און ווען ביים פריץ זענען געווען עטליכע הויפען און עטליכע דערפער, זענען אויך דארטען געזעסען יודען — א פאקטער און אנ'ארענדאר. אזוינע יודען האבען, פערשטעהט זיך, פאר'ן פריץ געציטערט.

דעמאלט, ווען ביים פריץ איז געווען א קלייניגקייט צו שמייסען פויערים מיט פויערטעס, אלטע און יונגע, טא וואס פאר א ראליע האט געשפיעלט אזא יודעלע ביים פריץ? מען קען זיך פארשטעלען ווי

וויַיט דער פּאַקטער מיט דעם אַרענדאַר און זייערע קינדער זענען געוועזן אין טויט-שרעק פאַר דעם פּריץ. האָט דער פּאַקטיער און דער אַרענדאַר געהאַט, חלילה, שיינע מעדלעך, איז דאָס געווען אַ שרעקליכע אָנשיקעניש. מען האָט בעדאַרפט ציטערן, אַז די טעכטער זאָלען נישט געפעלען ווערען דעם פּריץ, וואָס האָט מיט זיין מאַכט געקאָנט אויספיהרען, וואָס נאָר איהם וואָלט זיך פערוואָלט.

זענען די שיינע מעדלעך ביי די ישוב'ניקעס געווען שטענדיג פערשמוצט, נישט אַרומגעוואַשען, פערסמאַליעט, פער'חושכ'ט, כּדי זייער שענקייט זאָל זיך נישט אַרויסזעהן. נאָר ווען זיי זענען געפאָהרען אין שטאָדט און האָבען זיך גוט ארומגעוואַשען מיט זייף, האָט מען געוואוסט, אַז דעם ישוב'ניקס טאָכטער איז אַ שען מיידעל.

דער פּריץ האָט אַלץ, וואָס ער האָט בעדאַרפט, געשאַפען דאָס רוב דורך זיינע יודען, ווארום דער פּריץ האָט געהאַלטען, אַז אַ יוד איז אַ קלוג בעשעפעניש, ער איז חיטרע און דאָך עהרליך (יעדער פּריץ האָט געהאַלטען, אַז נאָר זיינע יודעלעך זענען עהרליך, אָבער די איבעריגע — שווינדלערס, גנבים).

זיי האָט ער געשיקט אין שליחות צו די אַנדערע פּריצים, זיינע קאָלעגעס. און חאָטש ער האָט געהאַט אַנ'עקזאָנאָם, וועלכער איז געוועזן דער גאַנצער בעל-הבית אין זיין הויף און דער בעל-הבית איבער די פּויערים, פונדעסטוועגען האָט ער ליעבער געהאַט צו שאַפען זיך מיט די יודען. אַ יוד קאָן געשיקטער עפּיס אויפטהאָן, האָט ער געהאַלטען, און אָהן „מאָשקען" אָדער „שמוליקען" האָט ער זיך נישט גערירט פון אָרט.

קאַמעניצער פּריצים זענען געוועזן דאָס רוב נישט זעהר רייך, די קאַמעניצער ערד איז זאַמדיג און נישט פרוכטבאַר: פון אַ מאָרג ערד שניידט זיך אויס נישט מעהר ווי ביז פיער שאָק סנאָפּעס, יעדער שאָק גיט אַרויס פינף-זעקס פּוד קאָרן. ווייץ וואַקסט ווייניג אויף קאַמעניצער ערד. נאָר וואו-ניט-וואו פערוואַרפט זיך דאָך אַ שטיקעל גוטע ערד אויף אַ שטח פון אַ פּאָר קוואַדראַטנע וויאָרסט און עס קאָן אַרויסגעבען אַ צוועלף-פופצעהן שאָק פון מאָרג.

ווידער האָבען די פּריצים, וואָס זענען געזעסען איינער נעבען דעם אַנדערן אַ דריי-פיער וויאָרסט וויַיט, אָפטער „געוועהנליך" געמאַכט

בעלער, אַמאָל דער פּריץ, אַמאָל יענער, און די בעלער זענען געווען גרויסאַרטיגע, רייַכע מיט די בעסטע וויַינען. און אָט די בעלער האָבען נישט ווענִיג פּריצים אַריַינגעבראַכט אין דחקות און זיי זענען שטענדיג געווען געאַייַנגט אין געלד.

תבואות, בראָנפען, וואָהל און פיה האָבען אייַנגעקויפט ביי זיי די יודען. געצאָהלט האָבען די יודען מיט גרויס געלד, פאָראויס, און אָפטמאָל מעהר ווי די קניה האָט בעטראָפען.

עס האָבען אויך נישט געפעהלט קיין אויסדינגער, וואָס פלעגען פערלויפען צום פּריץ און אויסדינגען פון זיין שטענדיגען סוחר.

דערפאַר אָבער דאָס, וואָס דער פּריץ האָט בעדאַרפט קויפען פאַר זיך, האָט ער שוין געהאַט זיינע „חזקה"-יודלעך, וועלכע מען האָט נישט געקענט אויסקאָנקורירען.

ווי די מאָדע איז, האָבען די פּריצים ליעב געהאַט הינד. יעדער פּריץ האָט געהאַט פערשיעדענע סאָרטען הינד. געווען יאַגד-הינד און הינד אַזעלכע, וואָס פלעגען אָנפאַלען אויף אַ פרעמדען אָהן אַ שום בילען און כמעט איהם צוריַיסען. געווען אַ דריטער סאָרט הינד, וואָס פלעגען נאָר בילען און נישט בייַסען, און אויך אַזאַ סאָרט, וואָס האָבען אי געבילען אי געביסען — אַזוינע הינד-מדרגות האָט יעדער פּריץ געהאַט ביי זיך אין הויף, און די יסורים, וואָס יודען זענען אויסגעשטאַנען פון די דאָזיגע הינד, בעת זיי זענען געגאַנגען צום פּריץ, קענען אויספילען אַ פיין בלעטעל גלות-געשיכטע.

איז אַ יוד געפאָהרען צום פּריץ, האָט ער צוערשט אָבגעשטעלט זיין פוהר פאַר'ן טויער פון הויף און האָט געוואַרט, טאָמער וועט ער דערזעהן אַ פויער צי אַ פויערטע. דער פויער צי די פויערטע האָבען איהם אָבגעפיהרט צום פאַקטער ערגיץ אין אַ ווינקעל, און ערשט פון דאָרטען האָט שוין עמיצער איהם בעגלייט צום פּריץ. צוריק האָט שוין דער פּריץ אָבגעשיקט מיט אַ מענשען דעם יודען פון פאַראַד-אייַנגאַנג. איז דער יוד ווערט געווען אַרויסצוגעהן דורך דער פאַראַד-טהיר, האָט איהם דער פּריץ דורכגעלאָזט דורכ'ן הויף מיט אַ דינער, ווען דער יוד האָט אָבער די דאָזיגע זכיה נישט געהאַט, האָט ער געמוזט אין טויט-שרעק עמיגרירען פון פּאַלאַץ צום פאַקטער, אַז יענער זאָל איהם שוין אַרויסבעגלייטען צום טויער.

אָבער דער יוד, בּיז ער נישט נעקומען צום טויער, איז דאָך אַלץ נישט זיכער געווען פון די בּייזע הינד. האָט חלילה דער פּריץ אויף איהם געהאַט אַ מינדסטען אומ'חן, איז שוין זיין לעבען נישט ווערט געווען אַ האַלבּען גראָשען. דעמאָלט האָט ער געהייסען געהן דעם יודען צום טויער אָהן אַ בּעגלייטער. און דאָ איז דורכגעגאַנגען אַ גאַנצעס סיסטעם פון חוזק מאַכען און פּייניגען. פון אָנהויב פלעגט דער פּריץ אַרויסשיקען עטליכע הינד, וועלכע בּילען נאָר און בּייסען נישט. בּאַלד נאָך זיי — הינד פון אַנ'אַנדער מדרגה און דערנאָך די אמת'ע בּייסער. איז מען בּעפאַלען דעם יודען פון אַלע זייטען און איהם נישט געלאָזען געהן נישט אַהין, נישט צוריק, און אַגב האָט ער שוין געחאַפּט אַ רעכטע פּיצרציע בּיסען.

זיינע געשרייען זענען געווען אין הימעל אַריין, זיין שרעק איז געווען טויט-שרעק און דער פּריץ איז זיך געשטאַנען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אויפ'ן גאַניק און געלאַכט.

אָדער אַמאָל פלעגט דער פּריץ בּיי אַ מינדסטען פּערדראָס אויף אַ יודען, אַפילו אַ יחסן, שיקען אַ שליח איהם אַרויספיהרען פון טויער און אָנווינקען דעם שליח, אַז ער זאָל דעם יודען לאָזען אין מיטען הויף און נישט דערפיהרען. דעמאָלט האָט דער יוד, דער יחסן, געהאַט די אייגענע חתונה, ווי דער געוועהנליכער יוד. (מען קען נישט זאָגען אין כּלל, אַז אַלע פּריצים האָבען זיך אַזוי שלעכט אויפגעפיהרט מיט יודען, געווען אויך צוועלכע פּריצים סאָלידערע, וועלכע האָבען זיך אַנדערש בּעצויגען צו יודען.)

קומען אַהיים פלעגט מען, פערשטעהט זיך, נישט טויט, נישט לעבּעדיג, און אַ סך פלעגען קראַנק ווערען פון די שרעק. דאָס ווייב און, איבּערהויפּט, די קינדער, דערזעהענדיג דעם טאַטען, וואָס איז אַזוי צוטרייסעלט און בּלאַס, האָבען זיך אַלע צעוויינט און אַ ווילע איז אין שטוב געווען אַ מין יום-כּפּור. נאָר אין עטליכע טעג אַרום פלעגט טרעפען, האָט שוין דער פּריץ ווייטער געשיקט נאָך דעמזעלבען יודען, ער זאָל וואָס גיכער קומען צו איהם, וואָרום ער, דער פּריץ, דאַרף איהם נויטיג האָבען. און דער יוד איז, אודאי, ווייטער געלאָפען הענדום-פּענדום, וואָרום וואָס טהוט נישט אַ יוד צוליעב פּרנסה.

דאָס ווײַב פלעגט דער יוד שטענדיג טרײַסטען, אַז דער פּריץ איז אין גרונד גאָר נישט קיין שלעכטער און מען קען בײַ איהם פּערדיענען, נאָר אַז עס קומט איהם אָן די בײזע שעה, די קליפּה, דעמאָלט איז שלעכט.

— נאָר מסתּמא איז דאָך אַלץ פון גאָט. קיין זאַך טהוט זיך נישט אָהן גאָט'ס ווילען. אַז גאָט האָט געוואָלט מיך שטראָפען, האָט ער אַרײַנגעשיקט דעם פּריץ אין קאָפּ אַ משוגעת, אַ קאַפּריז, זאָל איך שוין מיט דעם אָבקומען מײַנע צרות, און גאָט זאָל מיך ווײַטער אָבהיטען פון די בײזע הינד.

די פּריצים, וואָס אַרום קאַמעניץ, פלעגען קומען צופאָהרען אין קלויסטער כמעט אַלע זונטאָג. אין אַ גרויסער חגא פלעגען קומען צופאָהרען אַלע פּריצים. יעדערער האָט זיך געסטאַרעט, אַז זײַן קאַרעטע מיט די פּערד און שפּאַן זאָל איבערשטײַגען דעם צווייטענ'ס און די רײַכקייט פון די דאָזיגע קאַרעטען מיט די פּערד לאָזט זיך ווירקליך נישט בעשרײַבען. אָנהויבען צו פאָהרען פלעגט מען פון אַלע זײַטען שטאָדט און די קאַרעטעס פלעגען זײַן אויסגעשטעלט איבער דער גאַנצער לענג פון די גאַסען.

אײנער איז געפאָהרען אין אַ טײַערער קאַרעטע מיט פיער טײַערע פּערד אין דער ברײט, און די פּערד מיט דעם גאַנצען שפּאַן זענען געווען בעדעקט מיט זילבער און גאָלד; דער קוטשער מיט דעם לאָקײ זענען אויך געווען בעפּוצט מיט גאָלד און זילבער.

אַ צווייטער פּריץ איז געפאָהרען מיט פיער פּערד „נאַשפּיץ”, צו צוויי פּערד אין דער לענג, נאָך שענער אויסגעפּוצט, און בײַ אַ דריטען איז דער שפּאַן בעשטאַנען פון זעקס פּערד: פיער בײַם קאַרעטע און צוויי פאָראויס.

כדי די בעפּוצונגען זאָלען זײַן נאָך גרעסער, האָבען אַנדערע לאָקײען געהאַלטען אַ שענעם זילבערנעם טרומייט, און בײַם אַרײַנפאָהרען אין שטעדטיל האָט מען געטרומייטערט, און די קוטשער'ס האָבען געקנאַקט מיט די לאַנגע בײַטשען — דאָס אַלץ האָט אָנגעוואָרפען אַ מורא אויף אַלעמען.

שליאַכטעס, וואָס האָבען פערמאָגט צו מאַיאָנטיקלעך מיט עטליכע

צעהנדליג לייב-פויערים, פלעגען אויך נישט זשאַלעווען קיין געלד אויף אַ קאַרעטע מיט אַ פּאָר פערד.

אַרויסגעגאַנגען פון קלויסטער, פלעגט מען זיך אָנהויבען פונאַנדערצופאָהרען. אַנדערע פריצים זענען פערפאָהרען צו חײַטשע טריגקאָווסקי׳ן, מיטצונעהמען פון דאָרטען די גוטע פלעשער ווײַן מיט דעם גוטען טהײַ. נאָך די קאַרעטען פלעגען נאָכלויפען די הויכע לאַנג-פיסיגע יאַגד-הינד, אָנגעטהאָן אין טײַערע זילבערנע האַלזבאַנדען.

אין קאַמעניץ זענען געווען צווײַ קלויסטערס. אײַנער אַ פוילישער קלויסטער, פאַר די פריצים. די קאַטוילישע פויערים פלעגען געהן אין די דאָרפישע קלויסטערם, אָבער נישט, חלילה, אין פריצ׳ישען. מען האָט גאָרנישט געטאָרט אָנזעהן אַ פויער אין דער גאַנצער גאַס פון קלויסטער.

דער פוילישער גלח מיט זײַנע צווײַ געהילפען האָבען געוואוינט אין אַ גרויסען הויף נישט ווײַט פון קלויסטער. אין הויף איז געווען זעהר אַ שענער פרוכט-גאָרטען און אַ בלומען-גאָרטען מיט די שענסטע און שמעקעדיגסטע בלומען. פאַרבײַגעהן פאַר דעם גלח׳ס הויף, האָט אַזוי פערשמעקט, אַז די יודישע נאָז פלעגט עס נישט קאָנען פערטראָגען און עס פלעגט חאַפּען דרעהען דער קאָפּ פון די ריחות.

דער גלח האָט געוואוינט פירשטליך מיט זילבערנע און גאָלדענע געשיר — ער האָט ממש געלעבט ווי אַ קייזער.

די גרויסע פריצים פלעגען אַרײַנפאָהרען זונטאָג פון קלויסטער צום גלח אויף פרישטאָגען.

בײַ איהם זענען געווען פערשידענע קאַרעטען — צוגעמאַכטע און אָפענע, טײַערע גרויסאַרטיגע פערד צום פאָהרען. און פאָהרען פלעגט ער „נאַשפּיץ" צו צווײַ פערד אין דער לענג.

געהאַט האָט ער אויך פיעל פעלדער און לאָנקעס, און פויערים, די פריצישע לײַב-קנעכט, פלעגען איהם בעאַרבײַטען די ערד. פון אַ פריץ פלעגט ער אָפטער בעקומען אַ מתנה אַ פּאָר פויערים. די דאָזיגע מתנה איז געווען אויף ווי לאַנג ער וועט לעבען.

ווידער האָט ער געהאַט אַ סך בהמות און פערשידענע עופות און אין הויף איז בײַ איהם געווען אַ געקינסטעלט טײַכעל מיט אַ סך פיש. צו דעם אַלעם האָט דער גלח געהאַט שענע דינסטען, פויער-

טעם, געשענקטע פון די פריצים, פּאָקאָיאָוועס, אונגעהויער שענע.

אין מיינע צייטען, ווען איך בין געווען אַ יונגעל, האָבען מיר געוואוינט אַנטקעגען דעם גלח׳ס הויף, טאַקי אין זיין קרעטשמע. דאָס איז געווען אַ שען הויז, וואָס דער גלח האָט אויסגעבויט אויף הכנסה. אַזוי ווי דער גלח איז פריי פון אַלע אָבצאָהלען, וואָס האָט געקומט דעם פּריץ פון שטאָדט, ווי, למשל, פון בראָנפען, ביער, זאַלץ, ליכט, טאַבאַק און נאָך און נאָך, און אַזוי ווי מיר האָבען געהאַלטען די אַרענדע אין שטאָדט, האָבען מיר געמוזט אָבדינגען ביים גלח אויך זיין קרעטשמע, ווארום אַז נישט וועט זיין אַ פרייער קאָנקורענט. פלעגען מיר צאָהלען דעם גלח דריי הונדערט רובל אַ יאָהר פאַר דער קרעטשמע, אין וועלכער מיר האָבען געוואוינט. געדענק איך, אַז דער גלח האָט געהאַט פיער שוועסטער הויכע, שלאַנקע, אונגעוועהנליך שענע, און געגאַנגען זענען זיי רייך געקליידט און אַזוי געפּוצט און געצאַצקעט, וואָס אַזוי אָנגעטהאָן פלעגט נאָר זיין זעהר אַ רייכע גוט־בעזיצערין.

פלעגען ביים גלח זיין סיי טאָג און סיי נאַכט פול די שטוב מיט געסט, וואָס האָבען אַרומגעטאַנצט אַרום די וואונדער־שענע שוועסטער. טאָג און נאַכט איז געווען ביים גלח הילולא וחינגא. מיט זייער שפּיעלען אויף פערשידענע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען, און מיט די קנאַקען פון די בייטשען פון די קוטשערס, און מיט דעם טרומייטערן פון די טרומייטערס פלעגט מען נישט לאָזען שלאָפען גאַנצע נעכט.

נאָר דער אָרימער רוסישער גלח, וועלכער פלעגט פּלאַצען פאַר קנאה פון דעם רייכען לוקסוס־לעבען פון דעם קאַטוילישען גלח, האָט פאַר זיינע פויערים, די פּריצישע לייב־קנעכט און די יודען געשוואוירען, אַז די שענע פריילייגס זענען גאָרנישט זיינע שוועסטער, זיי זענען איהם ווילד־פרעמדע, „קאָחאַנקעס" זענען זיי איהם, נאָר אַזוי ווי אַ גלח טאָר דאָך קיין ווייב נישט האָבען, האָט ער אַרויסגעלאָזען אַ שם, אַז זיי זענען זיינע שוועסטער. מען מוז מודה זיין, אַז דער אָרימער פּראַוואָסלאַוונער גלח האָט געהאַט רעכט: זיי זענען ווירקליך געווען „קאָחאַנקעס" דעם פּוילישען גלח און נישט זיינע שוועסטער.

דער צווייטער קלויסטער, אַ רוסישער און אַן אָרימער, איז געשטאַנען אין שטאָדט אויף אַ באַרג (אין קאַמעניץ זענען געווען

פיער בערג אין מיטען שטאדט: דער סלופ-בארג, דער קלויסטער-בארג, אדאלענער-בארג און דער פאלאץ-בארג, וואו דער קאמיסאר פון פריץ האט געוואוינט. די אלע בערג זענען געוועזן הויכע), אין דעם קלויסטער פלעגען קומען דאוונען די רוסישע, פראוואסלאוונע לייב-קנעכט. עס פערשטעהט זיך, אז קיין פראוואסלאוונע פריצים אדער שליאכטעס זענען בכלל גארנישט געוועזן — אלזא, קען מען שוין פערשטעהן, ווי רייך האט געלעבט אט דער רוסישער גלח מיט ווייב און קינד.

געוואוינט האט ער אין עפעס אנ'ארימען הייזעל און געגאנגען איז ער שטענדיג צו-פוס. דערצו איז ער געוועזן א גרויסער שלים-מזל: האט ער עפעס יא אמאל געקויפט א פערדיל מיט א ברישקע פאר א דרייסיג רובל, איז ביי איהם דאס פערדיל אוועקגע'פגר'ט און ער איז ווייטער געגאנגען צו-פוס, אנגעטהאן אין אבגעבליאקירטע, אלטע, פערלאטעטע בגדים, מיט א פראסטען שטעקען אין האנד, וואס א פויער האט איהם געבראכט א מתנה, אויסגעשניטען פון פריצ'ס וואלד.

מען זאגט, אז דער פריץ, געוואהר ווערענדיג פון דעם געשענקטען שטעקען, האט געשיקט דעם אסעסער צום גלח, אז יענער זאל אבגעבען דעם שטעקען און דערביי זאל דער גלח אויסזאגען, וועלכער פויער האט עס איהם דעם שטעקען געגעבען. נאר אזוי ווי דער אסעסער איז א פראוואסלאוונער, האט ער פערשטעהט זיך, די חרפה דעם גלח נישט געקאנט טהאן. דעם שטעקען האט דער אסעסער נישט אבגענומען, נאר דעם פויער האט דער גלח דאך געמוזט ארויסגעבען. און פאר זיין אונשולדיגע מתנה האט ער געקראגען א זעכציג שמיץ פון פריץ, און טאקי מיט דיזעלבע ריטער פון דעמזעלבען בוים.

דער גלח האט געהאט א שטיקעל פעלד, אויף וועלכען ער פלעגט זייהען תבואה. די תבואה פלעגט ער פערקויפען. נאר ער איז געוועזן אזוי ארים, אז יודען פלעגען איהם געבען געלד, נאך איידער די תבואה פלעגט אויסוואקסען.

קאמעניץ האט געהערט צו א פריץ, אסערעווסקי האט מען איהם גערופען. געוועזן איז ער אנ'אלטער בחור און א געוועזענער פוילישער פאלקאווניק פון פאר'ן ערשטען אויפשטאנד. לייב-קנעכט זענען ביי איהם

געווען ביז פינף טויזענד. ארום קאמעניץ האט ער געהאט זעהר פיעל גיטער און די שטאדט קאמעניץ גופא. אויך האט ער געהאט פערצעהן מיליאן גילדען אין באנק.

מען האט געזאגט, אז דאס גאנצע פערמעגען זיינם האט ער אנגעקליבען פון קארטען־שפיעלען. דאס האט געמוזט זיין אנ'אמת. וארום ער איז געווען א גרויסער קארטען־שפיעלער און דערביי א זעל־טענער מצליח. שטענדיג פלעגט ער זיצען אין ווארשא און שפיעלען מיט די רייכסטע פריצים אין קארטען. מען האט אויך געזאגט, אז ער איז געווען א כשוף־מאכער און זיין געלד האט ער געוואונען דורך כשוף.

איין מאל אין יאהר פלעגט ער אראבפאהרען אין זיין שענעם גוט פרוסקע, אלט ווערסט פון קאמעניץ.

געווען א פריץ, מאציעווסקי, דאכט זיך, האט ער געהייסען, האט ער זיך איינמאל אין א נאכט פונאנדערגעשפיעלט אין קארטען מיט אסערעווסקי'ן. דאס שפיעל איז געגאנגען אויף לעבען און טויט. האט אט דער מאציעווסקי פריהער פערשפיעלט דרייסיג טויזענד רובל מזומנים. דערנאך האט ער אנגעהויבען צו שטעלען אין קאן קארעטען מיט פערד, דעם גרויסען מאיאנטעק מיט זעקס הונדערט לייב־קנעכט. ער האט דאס אלץ פערשפיעלט און דערנאך גע'חתמ'עט אויף א פא־פיער מיט זיין פולען נאמען און פאמיליע.

פונדעסטוועגען האבען אזוינע פאפירען דאך קיין ווערט נישט, מחמת עס האט געפעהלט די בעשטעטיגונג פון נאטאריום. אבער אסערעווסקי, וואס איז געווען א גוטער ברודער מיט'ן ווארשאווער נא־מיעסטניק און דער ווילנער גענעראל־גובערנאטאר איז אויך געווען פון זיינע גרויסע פריינד, איז געווען זיכער מיט די פאפירען. אויף אזא אופן זענען די אלע פאפירען, וואס דער פריץ האט אונטערגעשרי־בען, אייזען־שטארק געווען. דערמיט האט זיך אבער נישט געענדיגט. דערנאך, אז מאציעווסקי האט פון גרויס היץ אלץ פערשפיעלט און מעהר שוין נישט געהאט וואס איינצושטעלען אין קאן, האט ער גע־שטעלט אין קאן זיין ווייב אויף א סומע פון פינף־און־צוואנציג טויזענד רובל און האט זי אויך פערשפיעלט. דעמאלט האט ער געזאגט אסערעווסקי'ן:

— אַז איך וועל זיך שיסען, וועסטו געהן צו מיין לויה?

האָט איהם אָסערעווסקי, אַ טיפּישער פּוילישער פּריץ מיט רחמנות און געוואַלטיגער אַכזריות צוזאַמען געענטפערט:

—איך האָב אויף דיר רחמנות, נאָר מיר קענען מאַכען געשעפט, פאַר איין קלייניגקייט קעהר איך דיר צוריק אַלץ. אָט וואָס: זאָלסט מיר געבען אַ קוש אין...

מאָציעווסקי איז איינגעגאַנגען. נאָר אָסערעווסקי האָט צוגעגעבען:

— אָבער דו מוזט דאָס טהאָן פאַר אַלע פּריצים אין די אויגען, און אויך פאַר דיין ווייב אין די אויגען. זי מוז זיין דערביי, וואָרום דו האָסט זי פערקויפט אָהן איהר וויסען.

דאָס האָט שוין מאָציעווסקי'ן נישט געשמעקט.

— איך וועל זיך בעסער שיסען — האָט ער געזאָגט.

— וועל איך דיך נישט דערלאָזען — האָט אָסערעווסקי געסטראַשעט און באַלד טאַקי געהייסען, מען זאָל איהם אַריינפיהרען אין אַ בעזונדער צימער און פערשליסען. צוויי דינער זאָלען זיין מיט איהם און היטען איהם.

אויף מאָרגען האָט ער פּעררופען אַלע פּריצים און געמאַכט אַ באַל. אויפ'ן באַל האָט מען אַרויסגעפיהרט דעם פערשפּיעלטען פּריץ און דערביי איז געוועזען זיין פרוי אויך. ביים טיש האָט אָסערעווסקי דערצעהלט פון זיין אונגעוועהנליכען געווינס און דערביי געזאָגט, אַז ער דאַרף דאָס נישט. ער וויל נאָר, אַז ער זאָל איהם אַ קוש טהאָן— אין יענעם אָרט, וואָס ס'איז נישט שען אָנצורופען, און אויב נישט איהם, איז אַפילו רעכט אַנ'אַלטען פּויער.

עס פערשטעהט זיך, אַז די צעווילדעוועטע פּריצים איז געפעלען געוואָרען די מעשה. האָט מען אַריינגעבראַכט אַנ'אַלטען פּויער, און דער פערשפּיעלטער פּריץ האָט נעבעך געמוזט קושען דריי מאָל...

זיין ווייב האָט מען פונדעסטוועגען בעת מעשה אַרויסגעפיהרט, זי זאָל נישט זעהן די שרעקליכע סצענע מיט'ן קושען. נאָך דער עקזעקוציע האָט איהם אָסערעווסקי אומגעקעהרט צוריק דאָס געלד מיט די אַלע פּאַפּירען.

נאָר אַהיים האָט שוין דאָס ווייב נישט געוואָלט פאָהרען צוזאַמען

מיט'ן מאַן, איז ער אַליין אַוועקגעפאָהרען און האָט זיך אויף מאָרגען דערשאָסען.

ס'ווייזט אויס, אַז אָסערעווסקי'ן קושען וואָלט ער שוין בעשטאַנען, אָבער קושען אַ לייב-קנעכט — דאָס האָט ער שוין נישט געקענט איבערטראָגען.

אויף דער לויה איז נישט געווען נישט אָסערעווסקי און נישט דעם דערשאָסענעם'ס ווייב. זיי זענען ביידע גיך אַוועקגעפאָהרען קיין וואַרשאַ. פון חרבה איז זי שוין קיינמאָל קיין קאַמעניץ נישט געקומען, חאָטש זי האָט דאָרט געהאַט פאָטער און מוטער, גרויסע פריצים; און אַ גאַנצע פאַמיליע.

אָסערעווסקי האָט געהאַט אין אַלע זיינע פופצעהן גיטער אַרום קאַמעניץ פופצעהן בעזונדערע קאָמיסאַרען, וואָס זענען געווען די גאַנצע פיהרער. ווידער איז געווען אַנ'עקאָנאָם און אַ וואָיט. דער וואָיט פלעגט אויספיהלען די שטראָף, וואָס דער קאָמיסאַר אָדער דער עקאָנאָם האָט אַרויסגעגעבען. די שטראָף איז געווען שמיץ. דער וואָיט האָט מקים-פסק געווען, און קיין חסרון האָט ער נישט געטאָרט מאַכען, דאָס הייסט, חלילה, נישט צו מינערן. מעהר אָבער אַז ער האָט געגעבען, האָט קיינעם נישט געאַרט. ווידער האָט מען גאָרנישט געטאָרט זיך קלאָגען אויף מעהר. וואָרום פאַר יעדער מינדסטע אָנקלאַגע האָט ער ווייטער בעקומען פרישע שמיץ.

דער הויפט-קאָמיסאַר איבער אַלע מאַיאָנטקעס האָט געוואוינט אין מיטען שטאָדט, אויפ'ן בארג, אין אַ גרויסאַרטיגען פאַלאַץ;

אין קאַמעניץ האָט יעהרליך יעדערער געצאָהלט צינזען דעם פריץ פאַר'ן פלאַץ פון זיין הויז, אויך האָט קיינער נישט געטאָרט קויפען קיין ביער און בראָנפען, אויסער ביים פריץ. דערצו זענען נאָך געווען פערשיעדענע אָבצאָהלונגען: אָבצאָהלען פון זאַלץ, פעהל — מיט איין וואָרט, אויף אַלץ, וואָס מען דאַרף האָבען צום מענשען'ס געברויך איז געלעגען אַנ'אָבצאָהל, און דער קלוגער אָסערעווסקי האָט אַ דאַנק זיין קאָנטראַקט אַזוי פיעל געצויגען פון די איינוואוינער, אַז אין דעם פרט איז אפשר קאַמעניץ געווען די איינציגע שטאָדט.

איבריגענס, האָט ער זיך אָפטמאָל גאָר פערגעסען אָן די אָבצאָהלונגען איבער זיין מורא'דיגער רייכקייט. נו, וואָס האָט ביי איהם

געהאַט פאַר אַ בעטרעף דאָס שטעדטיל-געלד פון די יודלעך, בעת ער איז געווען פערגאָסען מיט גאָלד!

ביי אַלע דריי עקען פון שטאָדט (אין איין זייט איז געלעגען דער טייך) איז געווען אַ „טאַרגאָווע“, וואָס זונטאָגי און אויך אין די ירידים-טעג איז גענומען געוואָרען צו פינף קאָפּ. פון דעם אַריינגעפּאָה-רענעם פערד. אויך איז געווען צווישען קאַמעניץ און זאַסטאַוויע אַ לאַנ-גע הרבליע מיט דריי בריקען און דריי וואַסער-מיהלען, דאָס האָט אויך געהערט צום פריץ, וועלכער האָט דאָס אַלץ פערדונגען מיין זיידען, אהרן-לייזער קאָטיק. דאָס האָט געהייסען „די אַרענדע“, און דער זיידע מיט'ן ברודער און אַלע קינדער האָבען געלעבט דערפון.

אָסערעווסקי האָט אין די עלטערע יאָהרען אויפגעהערט קומען קיין קאַמעניץ.

ער דאַט נישט געהאַט מיט וועמען צו פערברענגען די צייט. פלעגט ער זיצען אין וואַרשאַ. איין מאָל אין דריי יאָהר פלעגט ער דאָך קומען אין שטעדטיל אויף אַ מאָנאַט צייט. געלעבט האָט ער פינ-און-אַכציג יאָהר און איז געווען דאָס גאַנצע לעבען זיינס אַ בחור, און אַז ער פלעגט קומען קיין קאַמעניץ, פלעגט ער מיטפיהרען מיט זיך אין אַ בעזונדער גרויסער קאַרעטע זיין קיך-געשיר. פיער פערד האָבען קוים געשלעפּט די קיך-קאַרעטע און אין די גרויסע בלאָטעס האָט מען געמוזט איינשפאַנען זעקס פערד.

אַז אָסערעווסקי איז געווען קרוב צו אַכציג יאָהר, האָט ער אָנגע-שריבען אַ צואה, אין וועלכער עס איז געווען געזאָגט, אַז ער צוטיילט זיין גרויס פערמעגען צווישען אַ דרייסיג נפשות פון זיינע בעקאַנטע פריצים. עס פערשטעהט זיך, אַז צווישען די דאָזיגע נפשות זענען גע-ווען אַ סך, וואָס האָבען זיך גאָרנישט גענויטיגט אין דער ירושה, נאָר פאַר זיין משפחה האָט ער אַ קאָפּיקע נישט איבערגעלאָזט. אַפילו זיינע לייבליכע שוועסטער, וואָס האָבען זיך אפשר גראָד גענויטיגט אין זיין מאַטעריעלער הילף, האָט ער נאָרנישט איבערגעלאָזט.

דאָס געלד האָט ער אָבגעשריבען פאַר פערשידענע פריצים, נאָר פאַר זיינע מאַיאָנטקעס, די פינף טויזענד לייב-קנעכט מיט דער שטאָדט קאַמעניץ, האָט ער אויסגעוועהלט אַ יורש פון די יחסנ'ישע געפאַלענע פריצים. דער אויסגעוועהלטער יורש איז געווען אַ יתום פון

אַ יאָהר זיבּעצעהן, און כּדי צו זעהען זיין אויפפיהרונג האָט ער איהם גענומען אויף אַ פּראָבּע. ער האָט איהם אַריינגעשיקט אין פּרוסקע מיט אַ בּריעף צו זיין הויפּט-קאָמיסאַר. אין בּריעף איז אָנגעזאָגט געוואָרען, אַז ער, דער קאָמיסאַר, זאָל לאָזען דעם יונגען פּריץ פיהרען די מאַ-יאָנטקעס אונטער זיין השגחה. ווייטער זאָל ער איהם לערנען, ווי צו זיין אַ רעכטער בּעל-הבּית, ווארום דאָס יונגעל איז דער קינפטיגער איינענטימער פון די דאָזיגע מאַיאָנטקעס א. ז. וו.

דערבּיי אָבּער, בּעמערקט אָסערעווסקי דעם קאָמיסאַר, אַז ער זאָל גוט אַכטונג געבּען אויף דעם יורש'ס אויפפיהרונג און יעדען מאָנאַט זאָל ער איהם צושיקען אַ ספּעציעלען בּעריכט פון זיין כאַראַקטער און אויפפיהרונג. האַלטען זאָל ער דעם יורש, געוועהנליך, אַזוי ווי דעם פּריצ'ס אַנ'אייגען קינד, און אַזוי ווי מען דאַרף דאָך האָבּען בּיי זיך עפּעס געלד אין קעשענע, זאָל ער, דער קאָמיסאַר, אַרויסגעבּען דעם יורש יעדען מאָנאַט צוויי הונדערט רוּבּל. דערבּיי אָבּער זאָל ער זיך גוט צוקוקען אויף וואָס, צום בּיישפּיעל, וועט ער אויסבּרענגען די דאָ-זיגע סומע.

דער יורש איז געקומען צופאָהרען אין פּרוסקע און האָט זיך בּאַלד געטומען בּעקענען מיט די אַרומיגע פּריצים, און אין עטליכע מאָנאַטען אַרום איז ער שוין געווען בּעקענט מיט אַלע יונגע לעבּ-קינדער און איז שוין געפאָהרען אויף אַלע בּעלער פון די אַרומיגע פּריצים. איין חסרון נאָר: צו זיך אויף בּעלער האָט ער די פּריצים נישט גע-קענט פערבּעטען, ווייל אָסערעווסקי האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז די גע-וואַלטיגע ירושה וועט ער בּעקומען ערשט דעמאָלט, ווען אָסערעווסקי וועט איינזעהן, אַז ער פיהרט זיך אויף שטיל, סאָליד און בּעשיידען, און, איבּערהויפּט, ווען ער וועט זיך איבּערגעבּען צו דער ווירטשאַפט.

אָבּער אַז ער האָט זיך צונויפגעפּאָרעט מיט די לעבּ-קינדער, איז איהם שוין געווען ווייניג צוויי הונדערט רוּבּל אַ מאָנאַט. אַלץ איינס ווי אַ טראָפּען אין ים. מען דאַרף שפּיעלען אין קאָרטען, מען דאַרף אויסגעבּען געלד אויף נאָך פערשיעדענע זאַכען, מען דאַרף פונ-דעווען, און די חברים זיינע, וואָס האָבּען געוואוסט זיין געלד-מאַנגעל, האָבּען איהם געראַטען, ער זאָל אָנהויבּען אַריינפאָהרען אין קאַמעניץ

און זיך בעקענען מיט די יודען, ביי וועלכע ער וועט זיכער קריגען געלד, וויפיעל ער וועט בעדארפען.

דער יורש האט טאקי אזוי געטהאן. קיין קאמעניץ איז ער אריינגעפאהרען אין א טייערער קארעטע מיט פיער פערד „נאשפיץ”, מיט א שענעם לאקיי און פערפאהרען איז ער צו חייטשע טרינקאווסקי'ן — א קענטיגער ארט אין שטעדטיל. חייטשע טרינקאווסקי'ן האט דער יורש פערטרויט, אז ער וואלט וועלען מאכען א הלואה אויף געוויסע פראצענטען און אז זי זאל איהם געבען דעם נויטיגען מענשען דערצו. יענע האט גלייך געגעבען צו וויסען איינינע קאמעניצער יודען, וואס האבען לאנג נישט געלאזט ווארטען אויף זיך. פאר די דאזיגע יודען האט דער יורש געזאגט, אז ער איז דער קינפטיגער בעל-הבית איבער אסערעווסקי'ס מאיאנטקעס מיט דער שטאדט, נאר די ערשטע צייט האט ער נאך נישט, פערשטעהט זיך, די גאנצע פאלמאכטען, וואס איז איינענטליך, גארנישט, ווארום אסערעווסקי איז שוין א זקן פון אכציג יאהר... וויפיעל לעבט א מענש?... בכן וויל ער, דער יורש, מאכען א הלואה אויף גוטע ציינזען, וואס דאס איז אייגענטליך נאר א גליק פאר דעם פערלייהער.

די יודען, וואס האבען גארנישט געוואוסט פון דער גאנצער מעשה, אז אסערעווסקי האט דעם יורש גענומען אויף א פראבע, האבען געוועהנליך איהם געגעבען געלד וויפיעל דאס צולאזענע יונגעל האט געבעטען, און אז ער האט אין א קורצער צייט דאס געלד פערהוליעט מיט די יונגע פריצים און פאנעס און אז ער האט זיך שוין אין קאמעניץ אזוי פיעל אנגעבארגט, אז ער האט מעהר נישט געקאנט קריגען, איז ער צוגעטראטען צו בריסק, וואס איז אויך, גאט צו דאנקען, א שטאדט, וואו ער האט אנגעהאפט ביז פופציג-טויזענד רובל.

פון אנפאנג האט ער זיך געהיט פאר'ן קאמיסאר. אבער אין א קורצער צייט איז דער קאמיסאר געוואהר געווארען, אז דער יורש שארלאטאנעוועט גאר אויפ'ן העכסטען אופן, אז ער חאפט גרויסע סומעס געלד, וואו ער קען, און אז מיט איהם איז פול די גאנצע אומגעגענד.

דעמאלט האט דער קאמיסאר געשריבען צו אסערעווסקי'ן וועגען דעם יורש'ס אויפפיהרעכטס. דערויף האט איהם אסערעווסקי געענט-

פערט, אַז זאָל מודיע זיין אַלע קרעדיטאָרען, וועלכע האָבען וועקסלען אויפ'ן יורש, אַז זיי וועט אייַנגעצאָהלט ווערען, אָבער אַ צווייטען מאָל, אויב זיי וועלען דעם יורש פערלייַהען געלד, וועלען זיי נישט קריגען בעצאָהלט. אַזוי זאָל זיי דער קאָמיסאַר מעלדען, און אַזוי איז געווען.

דער קאָמיסאַר האָט אָבגעשיקט דעם רייסטער פון אַלע וועקסעל-נעהמער און אָסערעוסקי האָט פעראָרדענט דעם קאָמיסאַר אָבצוצאָהלען דאָס געליהענע געלד, און דערנאָך איין קלייניגקייט: דעם יורש זאָל ער דערפאַר געבען פופציג שמיץ. נאָך די שמיץ זאָל ער תיכף ומיד אָבגעשיקט ווערען אַהיים, אין קאַלישער גובערניע.

אין אַ האַלב יאָהר אַרום האָט אָסערעוסקי אַרייַנגעשיקט אַנ'אַנ-דער יורש, שוין אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר צוויי-און-צוואַנציג. צוזאַמען מיט'ן יורש האָט דער קאָמיסאַר בעקומען אַ בריעף, אין וועלכען עס איז גיזווען געזאָגט דאָסועלבע, וואָס אינ'ם ערשטען בריעף בייַ דעם ערשטען יורש.

דער צווייטער יורש איז אָבער געווען נאָך אַ גרעסערער שאַרלאַ-טאַן, ווי דער ערשטער, און אויך אַ סך אַ קליגערער פאַר יענעם. דער האָט אייַנגעזעהן, אַז אָהן דעם קאָמיסאַר קען מען גאָרנישט אויפטהאָן, אַז מען קען האָבען אַזאַ ויסטען סוף ווי דער ערשטער, און ער האָט בעשלאָסען צו-צוציהען דעם קאָמיסאַר צו זייַנע צוועקען און אַזוי אַרום וועט ער קענען טהאָן, וואָס ער וועט וועלען.

ער האָט אָנגעהויבען אַרייַנצוקומען צום קאָמיסאַר אין הויז, האָט זיך כלומרש'ט געהאַלטען מעשה עניו און פלעגט אַ סך צייַט אָבזיצען צוזאַמען מיט דעם קאָמיסאַר'ס פאַמיליע. מיט דעם קאָמיסאַר'ס ווייַב, שוין אַנ'עלטערע נאָר אַ קלוגע פרוי, פלעגט ער אומישנע וואָס מעהר פערברענגען און זיך געסטאַרעט דערוויַיזען איהר, אַז איהר מאַן איז בעגאַנגען אַנ'עולה געגען דעם ערשטען יורש. אַזוינע זאַכען טאָר מען נישט. איהר מאַן האָט יענעם יורש, אַ קינד פון אַזוינע יחסנ'ישע על-טערן, אומגליקליך געמאַכט; ווייַזענדיג אָסערעוסקי'ן זיין געטרייַשאַפט, האָט ער, דער קאָמיסאַר, גאָרנישט געזעהן, וואָס ער טהוט.

— איך האָב טאַקע געזאָגט מיין מאַן, — האָט זי צוגעשטימט — אַז ער זאָל זיך מאַכען נישט וויסענדיג דערפון. וואָרום ער דאַרף רען פערזאָרגען דעם אַלטען בחור, וואָס פערמאָגט אַזוי פיעל מיליאָנען!

און מײַן מאַן האָט מיר טאַקע מודה געווען, אַז נאָכדעם שמײַסען דעם יורש, האָט ער עפּעס חרטה געקראָגען אויף דעם גאַנצען עסק.

און פון אַזוינע שמועסען האָט ער דעם קאָמיסאַר'ס ווײַב איבערגעצויגען אויף זײַן צד. זי האָט פערשטאַנען זײַנע כוונות און האָט צוגעגרייט דעם מאַן. ער האָט איהר געוויזען אַ פּשוט'ן חשבון. ער, דער יורש, מיט איהר מאַן וועלען קענען קריגען הונדערטער טויזענדער רובל געלד צו לײַהען, יעדער וועט לײַהען, און מען וועט אַזוי ווי עס איז איבערקומען, ביז דער אַלטער וועט צומאַכען די אויגען. עס פערשטעהט זיך, אַז פון אַ גרויסער סומע געליהענעם געלד וועט איהר מאַן קענען נעהמען פאַר זיך אַ היבשע סומע און נאָך אָסערעווסקי'ס טויט וועט איהר מאַן זײַן גאָר גליקליך. ער, דער יורש, וועט איהם אָבשרײַבען און שענקען און געבען און טײלען. מיט איין וואָרט, דאָס איז אַ גליק פאַר איהם.

מען האָט געשלאָסען „בלאַט" און צוזאַמענגעשטעלט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו בעקומען געלד.

עס איז געבליבען בײַ זײ, אַז דער יורש זאָל אָנהויבען אָפּטערער פאָהרען קײַן קאַמעניץ און בעקענען זיך דאָרט מיט אײַנעם משה'לע ק., אַ יוד אַ פערדיענער, אַ געראָטענער און אַ געשיקטער, וואָס קען דעם יורש אין אַ סך פּרטים מיטהעלפען. בעזונדערס אין געלד לײַהען.

דער יורש האָט זיך בעקאַנט מיט משה'לען און האָט איהם געבראַכט צו זיך קײַן פּרוסקע. אויפ'ן וועג האָט ער איהם מסתמא איבערגעגעבען, אויף וואָס ער דאַרף איהם, און אין פּרוסקע האָט ער גלײַך פעררופען צו זיך דעם קאָמיסאַר, אום צו בעראַטען זיך זאַלבעדריט אויף וואָס פאַר אַן אופן מען קען איצט קריגען געלד.

משה'לע האָט אויפגעגעבען, אַז מען זאָל לײַהען געלד און בפירוש זאָגען, אַז דאָס געלד וועט ערשט אָבגעצאָהלט ווערען, ווען אָסערעווסקי וועט שטאַרבען. לאַנג וועט סײַ-ווי-סײַ נישט אויסקומען צו וואַרטען; ער איז שוין אַריבער אַכציג יאָהר, איז קראַנק און שוואַך, מען קען זיך ריכטען יעדען טאָג אויף זײַן טויט. לכן וועט ער, דער יורש, צאָלען ציגזען יעדעם יאָהר, פערשטעהט זיך, נישט קײַן קלײַנע, וואָס בײַ איהם דאַרף קײַן ראָליע נישט שפּיעלען. דערצו האָט נאָך אַ גרויסע בעדײַטונג דאָס, וואָס דער קאָמיסאַר איז אויף זײַן זײַט, אַלזאָ,

מען קען קריגען געלד און זיך דורכדרעהען ביז זיין טויט: מען קען אָבגעבען און ווייטער נעהמען, אָבגעבען און ווייטער נעהמען. אַזוי אָהן אַ סוף. דער פּלאַן איז געפעלען געוואָרען און משה האָט געגעבען אַנ׳עצה, אַז דער קאָמיסאַר זאָל אויסקלויבען פאַר׳ן יורש דורכגעטריבענע לאָקייען, מיט וועלכע מען זאָל זיך קענען פערשאַפען, וואָס זאָלען קענען אויכ־הרען גוט אַ שליחות, איבערהויפּט ביי געלד לייהען, און דער יורש זאָל קענען זיין רוהיג.

און מען האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען אויף אַלע כלים. משה׳לע אַליין האָט אויפגעזוכט אַזעלכע יודען, וואָס האָבען געלד און וואָס ווייסען נישט וואָס צו טהאָן מיט׳ן געלד. די דאָזיגע יודען האָבען איינגעשטימט און פאַר׳ן יונגען פּריץ האָט זיך אויפגעעפענט אַ נייע וועלט.

איינמאָל איז אָסערעווסקי׳ן איינגעפאַלען קומען פּלוצלונג, אונגערירט קיין פּרוסקע. אַזוי איז געווען איינגעפיהרט, אַז מיט דריי חדשים פריהער האָט מען אין פּרוסקע שוין געוואוסט פון זיין קומען, מען האָט זיך געגרייט דערצו און אָסערעווסקי פלעגט אלץ געפינען אין דער בעסטער אָרדנונג.

נאָר איצט האָט אָסערעווסקי געוואָלט פּלוצלונג קאָנטראָלירען די אויפפיהרונג פון יורש, פאַר וועלכען ער לאָזט איבער אַזאַ געוואַלדיג פערמעגען. מיט׳ן ערשטען יורש האָט ער זיך גענאַרט און ער האָט נויטיג בעדאַרפט וויסען דעם כאַראַקטער פון דעם נייעם.

אַז אָסערעווסקי איז אַריינגעפאָהרען אין הויף, האָט ער געטראָפען אין פּאַלאַץ דעם „פּאַניטש" מיט׳ן קאָמיסאַר, דעם יוד משה׳לע ק. מיט נאָך איינינגע יודען און פריצים. זיין פּלעצליכער קומען האָט אַלעמען איבערגעשראָקען. אַ קוק טהועענדיג אויף זייערע פנים׳ער, האָט ער באַלד פערשטאַנען, אַז דאָס איז עפּעס נישט גאָר קיין גלאַטע זאַך און ער האָט גלייך גענומען דעם יונגען „פּאַניטש" אויפ׳ן צימבעל אין אַ בעזונדער חדר.

— וואָס פאַר אַ געשעפטען האָסטו דאָ מיט די יודען און מיט די איבעריגע, — האָט ער איהם שטרענג, ווי זיין שטייגער איז געווען, ט פרעג געטהאָן.

דער יורש האָט זיך פערלאָרען, און האָט נישט גאָר דייטליך

געגענטפערט, אַז די יודען האַנדלען מיט׳ן קאָמיסאַר, אַז זיי האָבען מיט איהם געשעפט און זענען זיך איצט צוליעב דעם צונויפגעקומען. דערמאָלט האָט אָסערעווסקי אַרײַנגערופען די לאַקייען, איינציגווייז, און יעדערן געפרעגט, וואָס ער ווייס פון דעם „פּאַניטש׳ס" אויפפיהרונג. און דער לאַקיי, וואָס איז שטענדיג אומגעפאָהרען מיט׳ן „פּאַניטש" און געוואוסט פון אַלע סודות מכּח דעם פערליהענעם געלד און נאָך זאַכען, האָט אויספיהרליך פון אַלץ דערצעהלט אָסערעווסקי׳ן.

באַלד נאָכדעם האָט אָסערעווסקי אַרײַנגערופען צו זיך דעם קאָמיסאַר און האָט איהם געזאָגט, אַז ער ווייס פון אַלץ, אַז ער האָט געמאַכט מיט׳ן „פּאַניטש" אַ יד־אחת צו הוליען און צו בע׳גנב׳ענען איהם. נאָר זאָל ער, דער קאָמיסאַר, זיך מודה זײַן, וועט ער איהם שענקען דאָס לעבען, אַניט וועט ער איהם הייסען פערשמייסען אויף טויט.

דער קאָמיסאַר איז געפאַלען צו די פיס און האָט זיך פריהער פונאַנדערגעוויינט און דערנאָך מודה געווען זיך, אַז דאָס אַלץ איז אמת, אַז ער איז שולדיג, איז ביי איהם, ביי אָסערעווסקי׳ן אין האַנד און בעט איצט רחמים. אָסערעווסקי האָט געשיקט רופען דעם „פּאַניטש" און אויך דעם לאַקיי סטעפּאַן. דער „פּאַניטש" האָט נעבעך אויך געמוזט זיך מודה זײַן אויף אַלץ, וואָס סטעפּאַן מיט׳ן קאָמיסאַר האָבען דערצעהלט. דעם קאָמיסאַר האָט אָסערעווסקי מוחל געווען און אַרויסגעשיקט, און דעם „פּאַניטש" אָבער האָט ער געהייסען געבען אַזוי פיעל שמיץ, וויפיעל יאָהר יענער איז אַלט: אַ צוויי־און־צוואַנציג שמיץ. נאָכדעם האָט נאָך אָסערעווסקי אַלץ געזוכט עפּעס אַ יורש, וואָס זאָל זיך פּאַסען פאַר אַזאַ גרויסע ירושה, וועלכע אָסערעווסקי וועט איהם אָבשרייבען.

צום לעצט האָט ער יאָ עפּעס געקראָגען אַ יורש, אפילו שוין ניט אַזאַ יונגער. דער איז אַלט געווען אַ יאָהר אַכט־און־צוואַנציג. אָסערעווסקי האָט איהם אַרײַנגעשיקט קיין פּרוסקע און אין אַ האַלב יאָהר אַרום איז אָסערעווסקי געשטאָרבען.

דער יורש איז געבליבען פּריץ און די לײַב־קנעכט זענען בטל געוואָרען. דעמאָלט האָט ער פערקויפט די מאַיאָנטקעס מיט דער שטאָדט קאַמעניץ עפּעס אַ רוס. אָבער דער דאָזיגער רוס איז געווען

א גרויסער שכּור, וואָס איז בּאַלד אַרײַנגעקראָכען אין גרויסע חובות און גיך אוועקגעשטאָרבען. די מאַיאָנטקעס זענען דערנאָך פערקויפט געוואָרען איינציגווייז. יודען האָבּען געקויפט אויף קריסטליכע נעמען.

דער אסעסער האָט פון די יודען געהאַט גאַנץ שען פרנסה, אויסער דעם געהאַלט. אַזוי ווי עס זענען געווען מעהר פון הונדערט קראָמען, און פּאַטענטען אין די קראָמען האָבּען אפשר גענומען א פיער פינף קרעמער, האָט דער אסעסער גענומען דרײַ רובּל א יאָהר פון יעדען קרעמער — און יוצא. און אזוי איז אויך געווען מיט די שײַנקען: מען האָט געצאָהלט דעם אסעסער צעהן רובּל א יאָהר און פאַרטיג. האָט בּעדאַרפט קומען דער רעוויזאָר איין מאָל אין יאָהר אויף פּאַטענטען, האָט שוין געוואוסט דער אסעסער מיט א פּאָר טעג פריהער. דעמאָלט האָט ער אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל אויף דער צײַט האַלטען אינגאַנצען צוגעמאַכט די קראָמען. פערפאָהרען, פּער־פאָהרט שטענדיג דער רעוויזאָר צום אסעסער, בּײַ דער רעוויזיע געהען זײַ בּײַדע צוזאַמען מיט'ן קליוטש־וואָיט און מיט אַלצעהן דיעסיאַטניקעס, כּדין וכדת, און אַז מען קומט אַרײַן אין געסיל מיט די צוגע־מאַכטע קראָמען, זאָגט דער אסעסער דעם רעוויזאָר, אַז דאָס זענען שטעללעך און זײַ שטעהען שוין אַזוי א צײַט מיט יאָהרען. דערווײַל פערפיהרט ער איהם אין די עטליכע קראָמען, וואָס האָבּען יאָ פּאַ־טענטען, און יענער שרײַבּט שוין אונטער: כּשר! אַגב נעהמט דער רע־וויזאָר א פּופציגער. דאָס איז שוין א טאַקסע מדי שנה בשנה. דער אסעסער הײַסט אויפקלויבּען דאָס געלד נאָך אײדער דער רעוויזאָר קומט און דערנאָך קומט שוין א יוד און זאָגט, אַז ער איז א פאָרשטעהער פון שטאָדט און רוקט איהם אין יד אַרײַן דאָס געלד.

אויך האָט דער אַסעסער געהאַט חכנסה פון דעם, וואָס ער איז געווען שטענדיג דער בּעל־פשרן צווישען צווײַ יודען, ווען זײַ זענען געווען אין קריגע. פשרה־געלד האָט ער גענומען לויט דער „דיעלע". עס פלעגט זיך אָנהויבּען פון א דרײַעריל און פלעגט געהן בּיז העכער פון צעהן.

געוואוינט האָט דער אסעסער ווי א פירשט אין א גרויסען הויז מיט אַ גרויסאַרטיגען גאָרטען, מיט אַלע בּעקוועמליכקײַטען. דערפאַר האָט ער געצאָהלט פופציג רובּל א יאָהר עפּעס א פריצ'טע, וואָס בּײַ

איהר אין הויז האָבּען געוואוינט אַלע אַסעסאָרען. האַלט ער אַ פּאָר קיה אויף מילך, אַ פּאָר פערד מיט אַ קאָליאַסקע, מיט אַ פוהרמאַן, וואָס האָט איהם אַ גראָשען נישט געקאָסט.

די קאַמעניצער פּריצים פלעגען אַריינשיקען דעם אַסעסער היי און האָבּער און פון אַלעם גוטען, וואָס זיי האָבּען געהאַט בּיי זיך אין די הויפען. קיין דיענער פלעגען איהם אויך נישט פעהלען. די דיעסיאַטניקעס פלעגען בּעדיענען.

די פּריצים האָבּען אויך געוואוסט, וואָס זיי טהוען. ווארום דער אַסעסער פלעגט זיי פאַר די מתּנות פערבּאָרגען אַלע זייערע פערבּרע־כענס, האָבּען זיי שוין געמעגט פערשמייסען אַ פּויער צי אַ פּויער׳טע אויף טויט, צופּראַשקען אַ יודען, וויפיעל עס איז אין איהם אַריין, קיינער האָט נישט געטאָרט קלאָגען און מאָהנען. אַזוי אָרום האָט דער אַסעסער געהאַט פון כּל־טוב.

צו די פּריצים פלעגט ער זיך אַלעמאָל פאָהרען אין געסט און דאָרט פלעגט ער נאָך פון קאָרטען מאַכען אַ קערבּיל. ווארום פער־שפּיעלען פלעגט ער קיינמאָל נישט — דער פּריץ פלעגט זיך עקסטרע סטאַרען, אַז דער אַסעסער זאָל אַוועקפאָהרען מיט אַ פּאָר רובּל אין קעשענע. גלאַט געבּען געלד אויף אַזאַ אָוועגד פּאַסט דאָך נישט, אָט פלעגט ער כּלומר׳שט פערשפּיעלען בּיי איהם.

אין מיינע צייטען, געדענק איך, איז געווען אַן׳אַסעסער שירינסקי. דאָס איז געווען אַ חיטרער גוי, וואָס האָט געוואוסט ווי צו מאַכען געלד סיי בּיי די יודען, סיי בּיי די פּריצים. ער האָט געהאַט ממש פּעסלעך, אָנגעשטאָפּטע מיט רענדלעך. אפשר אַ דרייסיג טויזענד רענדלעך, האָט מען געזאָגט. ווער עס האָט בּעדאַרפט האָבּען רענד־לעך, צי יודען, צי פּריצים, פלעגט שוין קריגען בּיי שירינסקי׳ן, און יענער פלעגט נעהמען פאַר אַ רענדעל מיט אַ רובּל מעהר.

דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט קאָסטען אַ סך געלד און איז גע־וואָרען אַ איספּראַווניק אין סאָקאָלקע, גראָדנער גובּערניע.

---

דער טאָג בּיי מאַנסבּיל האָט זיך אָנגעהויבּען, פערשטעהט זיך, מיט דאַווגען. געדאַוועגט האָט יעדער אין זיין בּית־המדרש. בּתּי־

מדרשים זענען געווען צוויי, איינער א גרויסער, דער אלטער בית-המדרש האט מען איהם גערופען, און דער נייער בית-המדרש, א קלענערער. דערנאך איז געווען א קליין בית-המדרש'ל, ר' הירשעל'ס האט מען עס גערופען, און א שוהל און א פאר שטיבלעך. זיי אלע זענען געשטאנען אויף איין הויף, און פאר'ן שוהל-הויף האט זיך געצויגען ביים וועג א גרויסער גראבען — א טיעפער, עטליכע מאן די טיעף. דער דאזיגער גראבען האט זיך געצויגען ביז'ן טייך. אין גרויסע רעגענס האט דאס וואסער אראבגעשווענקט די ברעגעס פון גראבען, אזוי, אז אין גאס איז געווען שווער און געפעהרליך דורכצופאהרען א פוהר. קיין פערצוימונג צום גראבען האט מען נישט געמאכט. און נאך א בית-המדרש איז געווען שוין אין א ווייטערדיגער גאס, אראלינע, וואס אין איין זייט גאס שטעהט זעהר א הויכער בארג.

אין דעם דאזיגען בית-המדרש האט מען שוין געשמועסט פון פאליטיק און נאכ'ן דאווענען האבען טייל געלערנט גמרא, טייל האבען געלערנט משניות. פאר א בעזונדער טיש האבען יודען צוגעהערט, ווי איינער האט פאר זיי געלערנט עין-יעקב. די איבעריגע האבען גערעדט פון שטאדט זאכען, פון צדיקים און גאונים. פאליטיקער איז געווען גאר א בעזונדער קופקע יודען, וואס פלעגען אלע טאג, אויבענאן ביים טיש, פאר'ן און נאכ'ן דאווענען דערצעהלען פון מלחמות און פון שלום'ס, און פון וועלט-נייעס, און פון פאליטיק. די דאזיגע פאליטיקער פלעגען פאהרען צוויי מאל אין וואך קיין בריסק געשעפטליך, האט מען שוין כון דארטען געשעפט גאר די נייעס.

און איין טיש איז געווען, וואס פאר איהם זענען געזעסען גאר אלטע יודען מיט ווייסע בערד און דערצעהלט מעשות פון די פערצייטישע קיסרים און קיסר'ינעס, פון יעקאטערינע און פעטער, און פון פאוולען, און פון דער מלחמה מיט רוסלאנד, וואס נאפאלעאן האט געפיהרט אין צוועלפטען יאהר.

און נאך א טיש איז געווען. דא זענען געזעסען פרומע יודען און פרושים, אזוינע וואס ווארפען אוועק ווייבער מיט קינדער, קומען לערנען אין אנ'אנדער שטאדט, עסען טעג און ווערען אויסגעהאלטען, פונדעסטוועגען בכבוד גדול. זיי דערצעהלען מעשות פון יענער וועלט, פון גן-עדן מיט'ן גיהנם, און נאך אזעלכע מעשות, שטילע און אומעטיגע.

אַרום די טישען דרעהען זיך אַרום יונגע לייטלעך, וועלכע עסען קעסט, בעל־בתּישע זיהן און איידעם׳ס, און שמועסען פון די שוועהרען און שוויגער׳ס און פון גוטע מאכלים · זיי האָבען נישט לאַנג געפּעפּענט גמרות און מבין געווען זיך צו לערנען, נאָר ריידען איז געשמאַקער, לאָזט מען די גמרות אָפען.

אַ זייגער צעהן געהט מען אַהיים עסען. עסט מען אָב, און אויב עס איז נישט זונטאָג, האָט מען נישט וואָס צו טהאָן, געהט מען צוריק אין בית־המדרש, זעצט מען זיך ווידער אַרום די טישען, האָט מען כּלומר׳שט בדעה צו לערנען, עפּענט מען פונאַנדער די גמרות, נאָר ביסלעכווייז פערדרעדט מען זיך ווידער. און אַז עס נעהמען זיך אויס גאָר די רייד, רעדט מען פון חטאים אין שטאָדט, פון טרפה־ביכלעך, אַפּיקורסות א. ז. וו.

אין מיינע צייטען זענען אין קאַמעניץ געווען דריי גבירים, קאַרגע יודען, וואָס האָבען זיך געפיהרט ווי קבצנים. איינער מ. ג. האָט פערמאָגט אַ הונדערט טויזענד רובל, האָט ער געוואוינט אין אַ קליין נידעריג הייזעל מיט אַ שטרויענעם דאַך, אָנשטאָט אַ ליכט האָט מען געברענט ביי איהם אייל; און געגעסען האָט מען שוואַרץ ברויט מיט נישט־געשיילטע קאַרטאָפלעס, און געגאַנגען איז ער אין אַ צוריסענער קאַפּאָטע; און אַז ער האָט בעדאַרפט צו די פּריצים קויפען סחורה, איז ער געגאַנגען צו־פוס. ער איז געווען דער גרעסטער סוחר פון ווייץ און בראָנפען.

מען זאָגט, אַז ער איז געוואָרען אַ גביר פון ריסטיטשער פּריץ בוכעוועצקי, נעבען קאַמעניץ, פאַר וועלכען ער פלעגט אַלץ איינקויפען און די רעכנונגען פלעגט ער איהם מאַכען מיט אַ שטעקעלע אויפ׳ן זאַמד. דאָס שטעקעלע איז געווען אויסגעשניטען פונ׳ם פּריצ׳ס אַ בוימעל, און מ. האָט איהם צוגעשריבען און געמעקט איבער׳ן זאַמד. אַזוי אַרום האָט ער אין אַ צייט פון עטליכע יאָהר אָנגעקליבען דעם קאַפּיטאַל.

דער צווייטער קאַרגער גביר ש. ס. איז בעוואוסט געוואָרען פאַר אַ גביר פּלוצלונג, אויף אַ ברית ביי אַ גוטען פריינד. פריהער איז ער געווען אַ מיהלנער אין דעם פּריצ׳ס מיהלען פאַר צעהן גילדען אַ וואָך, דערנאָך האָט ער געמאַכט אַנ׳אַליוונע צו מאַכען אייל, מיט אַ דרעפּטאַק

און מיט פערד. נאָר קיינער האָט נישט געוואוסט פון וואַנען עס האָט זיך צו איהם גענומען אַזוי פיעל געלד, אפשר פופצעהן הונדערט רובל, וואָס די דאָזיגע אַליוונע האָט אַנ׳ערך געקאָסט. דערנאָך איז זי אין איין נאַכט אָבגעבערענט געוואָרען. האָט ער אָנגעהויבען פאָהרען מיט דעם סוחר א. ט. אין זיין בריטשקע. ש. ס. פלעגט טרייבען דאָס פערד און א. ט., וואָס האָט געהאַט אפשר אַ טויזענד רובל, איז פלוצלונג געוואָרען אַ גרויסער סוחר פון תבואה און בראָנפען. ער איז געזעסען אויבענאָן אין בריטשקע, איז אַרומגעפאָהרען צו אַלע פריצים און האָט געמאַכט געשעפטען אויף צעהנדליגער טויזענדער רובל. דאָ האָט אויך קיינער נישט געוואוסט פון וואַנען האָט זיך גענומען צו א. ט. אַזוי פיעל געלד, און אַזוי זענען אַוועק איניגע יאָהר.

איינמאָל איז געווען ש. ס. מיט א. ט. אויף אַ ברית. מען האָט געבראַכט עטליכע פלאַש שטאַרקען ספירט, געמאַכט אַ פאָנש, טהיי מיט ספירט, ביז מען האָט זיך גוט אָנגע׳שכור׳ט.

האָט מען גענומען טאַנצען אַ רעדעל. אַזוי טאַנצענדיג איז ש. ס. געוואָרען בגלופנ׳דיג און ער האָט געזאָגט:

— ניט אומזיסט טאַנצט א. ט., וואָרום דאָס, וואָס ער האַנדעלט אויף אַזוי פיעל צעהנדליגער טויזענדער רובל, איז פאַר מיין געלד.

איז געוואָרען אַ מהומה און באַלד אויף מאָרגען איז מען געגאַנגען צו אַ דין-תורה, צוטיילען זיך מיט דעם געלד. עס איז געווען אַ סכסוך אין פינף טויזענד רובל, האָט א. ט. געשוואוירען ביי אַ ספר-תורה, און ש. ס. איז שוין געבליבען אַליין דער סוחר און דער גביר. און ביי איהם האָט מען שוין אָנגעהויבען עסען ארבעס אַנשטאָט קאַרטאָפלען מיט שאָלעכץ.

דער דריטער קאַרגער גביר איז געווען ד. ב., אַנ׳אויפגעקומענער גביר, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ פערמעגען פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטענ׳ס יאַגד.

וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ יאַגד, איז גאָר זיך שווער פאָרצושטעלען. אַזוינס איז נישט געווען זינט די וועלט שטעהט. אַ גאַנץ יאָהר איז אַהין געפאָהרען מיליטער, מען האָט אויסגעמויערט אַ פאַרקאַן אויף אַ קוואַדראַטנעם ווערסט אין אַלע פיער זייטען, און אין מיטען איז געווען אַ טיערען-גאָרטען, וואוהין עס זענען געבראַכט געוואָ-

רעֶן טויזעֶנדעֶר פעֶרשיִעדעֶנעֶ חיות פון דעֶר גאַנצעֶר וועֶלט, און דעֶר קיסר מיִט אַלעֶ אייראָפּייאישעֶ פּריִנצעֶן זעֶנעֶן געֶשטאַנעֶן איִן דעֶר הויך, אויפ׳ן פאַרקאַן און געֶשאָסעֶן איִן דיִ חיות, וואָס האָבעֶן געֶהאַט גענוג פּלאַץ צו אַנטלויפעֶן.

האָט ד. ב. געֶהאַט אַ קרעֶטשמעֶ, געֶבעֶן ביִעֶלאָוועֶזש, אַקוראַט וואו דעֶר גאַנצעֶר אָנגעֶפּאָהרעֶנעֶר עולם האָט זיִך געֶפונעֶן און וואו עֶס האָט אויך קוואַרטיִרט דאָס מיִליִטעֶר.

איִן דעֶר צייַט פון יאַגד האָט עֶר געֶלייזט פאַר אַ גלעֶזעֶל שנאַפּס דרייַסיִג קאָפּ. און אַ רובל פאַר אַ בעֶסעֶרן שנאַפּס. פאַר אַ בולקעֶ האָט עֶר געֶנומעֶן דרייַסיִג קאָפּ., פאַר אַ בויגעֶן פּאַפּיִר אויף אַ פּראָשעֶניעֶ שרייַבעֶן צום קיסר — אַ רובל. עֶר האָט געֶנומעֶן וויִפיִעל עֶר האָט אַלייִן געֶוואָלט, און קייִנעֶר האָט איִהם כמעט ניִשט געֶשטעֶרט. און אַזוי האָט עֶר אָנגעֶקליִבעֶן צוויי-הונדעֶרט-טויזעֶנד רובל, און זייַן פרוי, וואָס האָט אויך געֶמסחר׳ט בעת-מעשה בעֶזונדעֶר, האָט געֶמאַכט בייַ אַ זעֶכציִג טויזעֶנד זיִלבעֶרנעֶ רובלס.

האָט שוין ד. ב. געֶקויפט אַ מאַיאָנטעֶק בייַ אַ טייַך, צוויי מייַל פון קאַמעֶניִץ און האָט אויפגעֶשטעֶלט אויפ׳ן טייַך אַ ציִליִנדעֶר-מיִהל און פעֶרדונגעֶן זייַנעֶם אַ קרוב פאַר זעֶכצעֶהן הונדעֶרט רובל אַ יאָהר. נאָר, דעֶרזעֶהעֶנדיִג, אַז דעֶר קרוב האָט פּרנסה, האָט עֶר דיִ מיִהל אָבגעֶנומעֶן, און דיִ זיִהן זייַנעֶ האָבעֶן געֶטראָגעֶן דיִ זעֶקלעֶך איִן מיִהל.

מיִט דיִ פיִש פון טייַך האָט עֶר אויך געֶמאַכט אַ תכלית. עֶר האָט אָנגעֶדונגעֶן פויעֶריִם אויף צו פאַנגעֶן דיִ פיִש. דיִ געֶפאַנגעֶנעֶ פיִשעֶן האָט עֶר געֶהאַלטעֶן איִן טייַך איִן גרויסעֶ קאַסטעֶנס מיִט קלייִנעֶ לעֶכלעֶך, און יעֶדעֶן דאָנעֶרשטאָג זעֶנעֶן פון קאַמעֶניִץ געֶקומעֶן דיִ פיִש-סוחרים קויפעֶן בייַ איִהם פיִש. דעֶר פרייַז איִז געֶוועֶן אַם-העֶכסטעֶן צוועֶלף גראָשעֶן אַ פונט.

פאַר פיִש האָט עֶר זיִך אָנגעֶלייזט געֶנוג, נאָר עֶסעֶן פיִש האָט עֶר זיִך ניִשט פעֶרגונעֶן, אויסעֶר שבת, ווען דיִ בעל-הבית׳טעֶ פלעֶגט אויסטייַלעֶן צו פיִצלעֶך פיִש.

זייַן קאַרגקייַט איִז שוין אַזוי איִן אַלץ געֶוועֶן. אַפילו דעֶם פוטעֶר פון זייַנעֶ דרייַסיִג בהמות האָט עֶר זיִך אויך ניִשט פעֶרגונעֶן צו פעֶר-זוכעֶן ניִשט נאָר צו עֶסעֶן.

געווען איז ער אָבער אַ גאַנץ קלוגער יוד און אפילו אַ משכיל. נאָך דעמאָלט האָט ער געלעזען אַ רוסישע צייטונג. גראָד דאָס האָט ער זיך פערגונען צו קויפען, און האָט גאָרנישט שלעכט פערשטאַנען אַ בלאַט גמרא.

אַז ער איז געפאָהרען קיין וואַרשא קויפען אַ פּאָר שטיינער צום מיהל פאַר דריי הונדערט רובל אין פּראַגע, ביי סאָרקינ׳ען, איז ער איינגעשטאַנען אין אַ גאָרקיך, אין פּראַגע, דאָרט געשלאָפען און געגעסען פאַר פופצעהן קאָפּ. אַ מיטאָג און קיין וואַרשאָ האָט ער ניט געוואָלט אַריינפאָהרען אָדער געהן צו-פוס: טאָמער וועט זיך פּלוצלונג עפּעס פערוועלען קויפען. איז ער אַוועקגעפאָהרען פון פּראַגע און וואַרשאָ האָט ער נישט געזעהן.

פון די רייכע פאַמיליעס, וואָס האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אין שטאָדט, איז די ערשטע געווען ר׳ יאָניע טרינקאָווסקי. ער האָט געהאַט אַ וויין-שיינק פאַר פּריצים, דאָס הויז איז געווען מעבלירט אויפ׳ן העכסטען אַרט. זיין ווייב, חייטשע, איז געווען די עקרת-הבית, אַנ׳אשת-חיל, אַ געראָטענע און אַ קלוגע פרוי. דעם וויין-שיינק האָט זי געפיהרט. ביי איהר זענען שטענדיג געווען פּריצים. זיי פלעגען קומען אין די טייערע פערד, מיט די אויסגעפּוצטע קוטשערס, באַשפּיץ, צו צוויי פּאָר פערד אין דער לענג, מיט אַ לאָקיי. אַנדערע פלעגען נאָך קומען מיט אַ טרומייט.

ביי חייטשע׳ן האָט מען געקענט קריגען טייערע ווינען, די בעסטע ציגאַרען און גוטע געריכטען, און פערדיענט פון די פּריצים האָט זי איבער גענוג, דערצו נאָך איז איהר מאַן ר׳ יאָניע, געווען אַ משולח פון ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטען. ער פלעגט אויפקויפען וואָהל אין רוסלאַנד.

ער פלעגט פערדינען ביי אַמאָליגע יאָהרען, בעת אַ קאָפּיקע איז געווען ווי איצט אַ רובל — דריי טויזענד רובל אַ יאָהר. אָבער זיי האָבען געפיהרט אַנ׳אונגעהויערע רייך לעבען און די אַלע געלדער האָט מען פערלעבט.

איז יאָניע געקומען פון וועג, האָט ער געשיקט רופען דעם בעדער און איהם געגעבען דריי רובל אויף צוויי פוהרלעך האָלץ — צו בע-הייצען פאַר איהם די באָד, און דער בעדער איז געגאַנגען איבער די

גאסען און געררופען אויפ׳ן קול אין באד אריין; און אזוי ווי דאס פלעגט דאס רוב טרעפען אין מיטען וואך, האט שוין דער עולם געוואוסט, אז ר׳ יאניע איז נעקומען צופאהרען, און חאטש דער בעדער פלעגט רופען אין באד אריין, פונדעסטוועגען פלעגען די בעלי-בתים קומען בעטען ביי ר׳ יאניע׳ן, ער זאל זיי ערלויבען געהן אין זיין באד אריין. ר׳ יאנע, וואס איז בטבע געווען א גרויסער בעל-גאוה, האט דערפון זעהר הנאה געהאט.

ביי זיך אין שטעדטיל האט ער געשפיעלט א מין ראטשילד-ראליע און אזוי זענען שוין אויך געווען זיינע זיהן, טעכטער, איידעמ׳ס און שניהר. און גאנץ שענע נגיד׳ישע יונגעלייט האבען געהאט א זכיה, אז זיי האבען גערעדט מיט ר׳ יאניע׳ס קינדער, און ווען ר׳ יאניע אדער די קינדער האבען מיט עמיצען גערעדט, האט עס אויסגעוויזען, ווי ער טהוט יענעם א טובה, וואס איז ניט אבצושאצען.

ר׳ יאניע׳ן האט מען קיינמאל נישט געזעהן געהענדיג אין גאס. ער האט זיך געהאט זיין בית-המדרש, אויף אנ׳אויבער-שטיבעל ביי זיך אין הויף.

אין שטוב איז געווען זילבערנע טיש-געשיהר, לייכטער און שבת׳ניקעס פאר א פאר טויזענד רובל, אבער א טויזענד רובל מזומן האט ער מסתמא זיכער נישט געהאט.

א צווייטע פאמיליע פון דעם שניט איז געווען ר׳ יאניע׳ס איידעם, דוד-יצחק. ער האט אויך געהאט א ווייןשיינק, און האט אויך געשפיעלט אזא ראליע ווי זיין שווער.

ביי איהם אין הויז איז נאך געווען דער „פרעס״ בעסער ווי ביי חייטשע׳ן, דהיינו: מען האט אינדערוואכען געגעסען קאטלעטען געפרעגעלט אין שמאלץ, און גענז, און היינער און ענדיקעס.

דוד-יצחק האט אויך געהאט אין טיקטין א רייכען טאטען, ר׳ שעיה-חיים.

יענער האט אויך געהאט א גרויסען וויין-שיינק און א זעכציג טויזענד רובל מזומן. אויף איהם האט מען געזאגט, אז זילבערנע כלים אין שטוב האט ער אפשר ביז צעהן פוד. ער האט נאכגעטהאן דעם גרויסען ביאליסטאקער גביר ר׳ איצעלע זאבלודאווסקי, וואס האט געשפיעלט ביי יודען אין רוסלאנד א ראליע פון א ראטשילד.

מיט די גראדנער גובערנאטארען, וואס האבען זיך אין זיין צייט געביטען, האט ער געלעבט ווי מיט ברידער, און אז דער ביאליסטאקער פאליצמייסטער האט ניט נושא חן געווען ביי די יודישע פני-העיר, איז מען געקומען צו ר׳ איצעלע׳ן בעטען אנ׳אנדער פאליצמייסטער. האט ער דערויף געזאגט:

— איבער אלט טאג אין דער צייט וועט איהר האבען אנ׳אנדער פאליצמייסטער, יודעלעך.

און ער האט געשיקט א בריעף צום גראדנער גובערנאטאר, אז דער פאליצמייסטער טויג נישט. דער גובערנאטאר האט באלד משלח געווען דעם פאליצמייסטער, אוועקגעשיקט איהם אין אנ׳אנדער שטאדט און ביאליסטאקער יודען האבען געקראגען א נייעם פאליצמייסטער.

דוד-יצחק׳ס פאטער, ר׳ ישעיה-חיים, האט געלעבט מיט ר׳ איצעלע׳ן זעהר גוט און נאכגעטהאן יענעם אין דער פיהרונג. דעם זוהן האט ער פיעל געשטיצט.

אז דוד-יצחק האט בעדארפט חתונה מאכען א קינד, איז שוין ניט געווען זיין דאגה. דער פאטער האט געגעבען טויזענד רובל נדן. דאס איז דעמאלט געווען פון די גרעסטע נדנ׳ען און דערביי האט ער געגעבען אויף די גאנצע החתונה-הוצאות מיט מלבושים, כיד הגבירים.

אז דוד-יצחק האט חתונה געמאכט א טאכטער, האט דער פאטער אריינגעשיקט א פורגאן זילבערנע געשיהר, לייכטער, שבת׳ניקעס, און אויף דער חתונה זענען געשטאנען זילבערנע שבת׳ניקעס אויף דער ערד, וואס האבען דערגרייכט ביז איבער׳ן טיש, און אין אלע פענסטער האבען געגלאנצט זילבערנע לייכטער און אנדערע זילבערנע געשיהר.

און אויב אזא חתונה איז אויסגעפאלען פאר פסח, בעת עס טרעפען גרויסע בלאטעס, האט מען אויסגעלעגט אויפ׳ן גאס ברעטער פון דוד-יצחק׳ס הויז ביז דער שוהל.

און כלי-זמר פלעגען זיך צונויפפאהרען פון די צוויי אויעזדנע שטעדט: בריסק און קאברין. עס האט געקעהרט די שטאדט.

דערהויפט האבען זיך אין יענע צייטען אויסגעצייכענט די כלי-זמר פון קאברין מיט ר׳ שעבסעל׳ען אין דער שפיץ, וועלכער האט נאר קיין נאטען ניט געקענט. נאר ער האט מיט זיין שפיעלען גע-קענט מאכען, אז דער גאנצער עולם זאל זיך צעוויינען.

די זיסקייט פון זיין שפּיעלען איז אין לשער.

דער שעבסעל איז געוואָרען אזא מפורסם, אַז עס האָט דערגרייכט זיין נאָמען ביז פּאַסקעוויטש'ן, דעם פּוילישען נאַמעסטניק, יענער האָט געשיקט נאָך איהם, און שעבסעל האָט געשפּיעלט אַליין מיט זיין פידעל.

פּאַסקעוויטש איז איבערראַשט געוואָרען און האָט איהם פאָרגעלעגט זיך טויפען. און באַלד האָט ער איהם געפרעגט, צי קען ער שפּיעלען אויף נאָטען. שעבסעל האָט אונשולדיג געענטפערט:

— איך קען נישט.

— ניטשעוואָ — האָט איהם פּאַסקעוויטש אָנגעפּאַטשט אין פּלייצע, איך וועל דיך אויסלערנען נאָטען, נאָר דו זאָלסט זיך טויפען.

דעמאָלט האָט שוין ר' שעבסלען פערדראָסען און ער האָט געזאָגט, אַז ווען מען זאָל איהם מאַכען פאַר אַ פירשט, וואָלט ער עס אויך נישט געוואָלט.

פּאַסקעוויטש האָט איהם דאָך אָבגעהאַלטען ביי זיך דריי טעג.

אַלע אָוועגד פלעגט ער פערבעטען צו זיך די פאָרנעמסטע געסט און שעבסעל האָט געשפּיעלט צום מיטאָג ביים טיש אַ צוויי, דריי שעה.

קיין וויין, קיין שנאַפּס האָט שעבסעל נישט געוואָלט ביי איהם פערזוכען, עסען האָט פּאַסקעוויטש געהייסען ברייגגען פאַר איהם פון אַ יודישען רעסטאָראַן.

אַז פּאַסקעוויטש האָט דערזעהן, אַז ער קען מיט איהם גאָרנישט מאַכען, האָט ער איהם געגעבען טויזענד רובל מיט אַ דיפּלאָם ווי ער האָט געשריבען, אַז שעבסעל האָט אַ געטליכען מוזיקאַלישען טאַלענט, נאָר ער איז נישט געלערנט.

ביים געזעגענען האָט ער איהם געזאָגט, אַז ער וואָלט איהם פאָרגעשטעלט דעם קיסר, און שעבסעל מיט זיין פאַמיליע וואָלטען געווען גליקליך, און אפשר דאָס גאַנצע פאָלק ישראל. נאָר שעבסעל האָט זיך אַרויסגעמאַכט און איז בשלום אַוועקגעפאָהרען.

פון די טויזענד רובל האָט שעבסעל געקויפט אַ שטוב און איז ווייטער געפאָהרען אויף אַלע גביר'ישע חתונות אין גאַנץ גראָדנער גובערניע. ס'איז נישט געווען קיין איין גביר'ישע חתונה, וואו שעבסעל

זאָל נישט שפּילען. ער האָט געהאַט אַ קאַפּעליע ביז אַכט פּערזאָן.

אויך האָט ער געהאַט אַ בדחן, איינער אַ טודרוס. דאָס איז אויך געווען אַן׳אויסגעהאַפּטע זאַך, זעהר אַ געראָטענער, און אויף יעדער חתונה פלעגט ער באַלד פערפאַסען נייע קופּלעטען, וואו עס זענען געווען אָנגעוויזען די אַלע מחותנים, מיט זייערע נעמען און פאַמיליעס.

בּיים בעדעקען חתן-כּלה פלעגט ער אַזוי ריהרענד רעדען, וואָס אַז מען וואָלט געווען געקנאָטען פון אייזען, וואָלט מען אויך געמוזט צוגעהן פון געוויין, און דערבּיי נאָך שעפּסעל׳ס צושפּילען!

בּיי יעדער גביר׳ישער חתונה פלעגען בּיים בּעדעקען חתן-כּלה די געוויינען מיט די יאָמערייען חאַפּען עד לשמים, די ווייבער פלעגען פראָסט צוגעהן פון געוויינען, בּיז מען האָט געבעטען טודרוס׳ען און ר׳ שעפּסלען, זיי זאָלען מאַכען אַן׳עק, וואָרום די ווייבער האָבען שוין נישט קיין כח צו וויינען.

אין דער קאַפּעליע האָט אויך נישט אויסגעפעהלט קיין וויצלער, ראובעלע, שוין אַן׳עלטערער יוד אפילו, נאָר בּיי זיינע וויצען, בּיים טיש, בּיי דער סעודה, פלעגט מען ווידער צוגעהן לאַכענדיג.

די ווייבער פלעגען זיך אַזוי פונאַנדערלאַכען, אַז זיי פלעגען בלייבען אָהן כּחות. האָט מען ווידער געמוזט בעטען, אַז עס זאָל שוין זיין גענוג, וואָרום די ווייבער האָבען שוין מעהר קיין כח נישט צו לאַכען.

איינמאָל, געדענק איך, אויף אַ חתונה בּיי אונזער פאַמיליע, איך בּין נאָך געווען אַ יונגעל, האָט ראובעלע געזאָגט פאַר׳ן עולם בּיי דער וועטשערע.

— איך וועל אייך פרעגען אַ רעטעניש, — האָט ער געזאָגט— און ווער עס וועט נישט טרעפען דעם רעטעניש, זאָל געבען צעהן קאָפּיקעס.

מען האָט געשטעלט אַ טעלער, און ראובן האָט געפרעגט:

— רבותי! ווי קאָן דאָס אויסקומען, אַז פיער מענשען זאָלען זיך צוטיילען מיט דריי עפּעל, און יעדער זאָל בעקומען אַ גאַנצען עפּעל?

געוועהנליך, האָט קיינער נישט געוואוסט. האָט מען געוואָרפען צעהן קאָפּ. אין טעלער, און אַז עס האָט זיך צונויפגעקליבען אַכצעהן

קערבעלעך, געהט ראובן און נעהמט זיך גאנץ געלאסען דעם טעלער מיט'ן געלד און שיט אריין צו זיך אין קעשענע. דערנאך שטעלט ער צוריק דעם ליידיגען טעלער אויפ'ן טיש און זאגט.

— רבותי! איך ווייס אויך נישט, נאט אייך צוואנציג גראשען, ווי מיר האבען אבגערעדט.

געוועהנליך, איז געווארען א גרויס געלעכטער און ראובעלע האט מיט דעם וויץ פערדינט אזוי פיעל, וויפיעל ער פערדינט קוים אויף דריי חתונות.

אז דוד-יצחק'ס ווייב, חייטשע'ס טאכטער, די גרויסע בריה, איז געשטארבען, האט ער גענומען א צווייטע ווייב. אין א קורצע צייט — א דריטע, און האט אנגעהויבען פאלען אין מעמד און שוין אויפגעהערט שפיעלען אזא גרויסע ראליע.

נאר שעיה-חיים האט געשטיצט זיין זוהן און האט איהם אויפגעהאלטען אויף די פיס. אבער ער האט שוין נישט געשפיעלט אין שטאדט די פריהערדיגע ראליע, ווי ווען זיין פרוי, ר' יאניע'ס טאכטער, האט געלעבט. זי איז געווען א גרויסע בריה אין געשעפט און א חכמה; צו איהר פלעגען אויך פערפאהרען פיעל פריצים, אבער נאך איהר טויט, בעת דוד-יצחק האט גענומען טוישען די ווייבער, זענען, כמעט, אלע פריצים אוועק צו ר' יאניע'ן, ביי וועלכען עס איז געווען דער ערשטער ווין-שיינק ביז'ן אויפשטאנד אין דריי-און-זעכציגסטען יאהר.

נאך זיין ווייב'ס טויט. האבען געפיהרט דעם געשעפט א שנור מיט א טאכטער.

די דריטע פאמיליע איז געווען מיין זיידע ר' אהרן-לייזער און זיין ברודער מרדכי-ליב קאטיק. זיי האבען זיך אויך בריים געפיהרט, נאר ביי זיי אין די גרויסע שטובען זענען געווען פראסטע, גרויסע טישען און בענק, און די גאנצע הנהגה איז געווען מעהר א פאלקסטימליכערע. בעשעפטיגט האבען זיי זיך אויך מיט שיינקען פון א פראסמערן שניט, נאר געלעבט האט מען בריים, רייך, גרויס, אז עס מעג זיך אפילו נאך היינט שעמען א ווארשאווער גביר אנטקעגען זייער לעבען.

---

זיין ברודער מרדכי-ליב קאטיק, איז געווען א לערנער, און ווי

אַ לערנער האָט ער, פֿערשטעהט זיך, אין דער יוגענד צום לעבען קנאַפּ וואָס געטויגט. אַז זייער פֿאָטער איז געשטאָרבען, איז געבליבען אַ גרויס הויז אין מיטען מאַרק, מיט אַ שיינק און דריי טויזענד רובל געלד. האָט ער, דער זיידע, דאָס הויז אַוועקגעגעבען דעם ברודער, מרדכי-ליב, און דאָס געלד האָט ער צוטיילט פֿאַר די שוואָגערס, גרויסע לומדים, און פֿאַר דער פֿאַמיליע. ער האָט געזאָגט, אַז ער דאַרף קיין געלד נישט, וואָרום ער קען פֿערדינען צום לעבען און זיי קענען נישט.

דער ברודער, מרדכי-ליב, האָט שטענדיג געהאַט פּרנסה בשפע, און אַזוי ווי די פּרנסה איז געווען נאָר אין די זונטאָגען און אין די ירידים, האָט ער די גאַנצע וואָך געלעבט זעהר רוהיג. האָט ער געמאַכט ביי זיך אַ מנין די גאַנצע וואָך און שבת; געדאַווענט האָבען ביי איהם אַמאמיינסטען פֿון המון. ער אַליין איז געווען בעל-קריאה און בעל-תּפלה און שופר-בלאָזער; שבת האָט ער געלערנט פֿאַר'ן עולם חומש.

אינדערוואָכען האָט ער אַלע טאָג געלערנט פֿאַר זיך אַ בלאַט גמרא און מדרש. דאָס איז געווען פֿאַר'ן דאַווענען, גאַנץ פֿריה און ביי-נאַכט, און דעם גאַנצען טאָג זענען ביי איהם געווען שטענדיג פֿולע שטובען מיט מענשען, בעלי-בתּים און דאָרט פֿלעגט גערעדט ווערען פֿון אַלע נייעס, און פֿון ראָטשילד'ן, און פֿון וואָס דער קיסר עסט און טרינקט, און דערנאָך פֿלעגט ער, מרדכי-ליב, שפּיעלען אין „דאַמקעס" מיט זיינע בעלי-בתּים.

ביי דעם גרויסען טיש האָט מען זיך פֿאָרטגעזעצט די מעשׂות פֿון מלכים און פֿירשטען און מכּח די נסים ונפלאות פֿון אונזערע גאונים, און מרדכי-ליב, שפּיעלענדיג אין „דאַמקעס" פֿלעגט זיך אַגב צוהערען צו די מעשׂות.

ער איז געווען זעהר אַנ'ערליכער און אַ וואָהרהאַפֿטיגער, און בעת ער פֿלעגט געהן אַ גאַנג מיט אַ פּעשקע, פֿלעגט ער אגב אונטער-חאַפּען ווי עמיצער זאָלצט איבער די מעשׂה, אָדער דערצעהלט גוזמאות, און ער פֿלעגט זיך בעטען:

— מען זאָל נישט ריידען קיין שקרים, גוזמאות, מאוס!

געווען איז ער דער ערשטער מוהל אין שטאָדט. כּמעט אַלע

טאָג, פון אַלט אין דערפריה, ביז צוועלף אַ זייגער מיטאָג-צייט, פלעגט ער זיין אין שטאָדט אין אַרום, אין די דערפער אויף ברית׳ן, און דאָרטען פלעגט ער נישט פערזוכען פון געגרייטען טיש, וואָס אַ האָהר איז ווערט. טרינקען אַודאי נישט. נאָר מיטנעהמען מיט זיך אַ שטיקעלע לעקעך — דאָס יאָ. דאָס שטיקעלע לעקעך פלעגט ער ברענגען אַהיים פאַר דאָס ווייב און קינדער. זאָלען זיי עסען חאָטש צו פיצלעך לעקעך פון אַ ברית.

— דאָס איז אַ מצוה! — פלעגט ער זאָגען.

אויף די שמחות אין דער אייגענער משפחה איז שוין זיין עובדה געוועזען סאַרווערייַ, און האָט זיך געמאַכט אַ חתונה צי אַ ברית, פלעגט ער שוין אַרומפליהען אַ פערשמייַעטער, אַ פערשוויצטער, דערלאַנגען צום טיש. אויסשטעלען די טעלער, און יונגע-לייט, בחורים און מיידלעך, פלעגען איהם בעהילפיג זיין. איז געקומען צום בענטשען, האָט ער ערשט געמאַכט צו אַלעמען לחיים מיט אַ גלעזעל זיסען שנאַפּס און פערביסען מיט האַרטען קעז, וואָס איז ביי איהם שטענדיג געוועזען גרייט צו אַזאַ פאַל.

ביי איהם איז געוועזען איינגעפיהרט אַ מין לייה-קאַסע פאַר די מאַרק-קרעמער און פערלייהען פלעגט ער ביז אַ פינף-און-צוואַנציגער. קיין געלד אַליין האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט, ווייל זיין אויסגעגעבענער זוהן, אַ בן יחיד, האָט זעהר ברייט געלעבט. פלעגט מרדכי-ליב שיקען לייהען ביי אַנדערע און פערלייהען די קרעמער. אָט אַזוי האָט ער זיך געפיהרט דאָס גאַנצע לעבען זיינס ביז עטליכע און זיבעציג יאָהר.

עס איז שווער צו זאָגען, צי האָט מרדכי-ליב פאַר זיין גאַנץ לעבען, אויפגעגעסען ווען אַ פרעמדען מיטאָג, אפילו פאַר געלד אויך נישט.

אַז ער פלעגט דאַרפען פאָהרען קיין בריסק. פינף מייל פון קאַמעניץ, פלעגט ער נעהמען אַ ביטקע, ד. ה. אַ וועגעל אויף צוויי רעדלעך מיט אַ גוטען פערד און געפאָהרען איז ער אַליין. ער האָט ליעב געהאַט גיך צו פאָהרען, און אין פינף שעה צייט איז ער געקומען קיין בריסק. אין בריסק האָט ער העכסטענס פערבראַכט אַ שעה צעהן.

אין ביטקע האָט ער מיט זיך געהאַט אַ פלעשעלע זיסען בראָנפען

מיט מאַנגערען קעז, אַ פּאָר קיכלעך — האָט ער אויפ׳ן וועג געגעסען.
אין בריסק האָט ער שוין נישט בעדאַרפט עסען. און מעהר קיין נסעות האָט ער נישט געמאַכט, כדי ער זאָל נישט דאַרפען עסען פרעמד׳ס, אַפילו פאַר געלד.

זיין ווייב, חיה-גיטעל, איז געווען אַ בריה און אַ גרויסע בעל-צדקה. זי פלעגט געבען גרויסע נדבות און אַ סך, און שטענדיג האָט זי געטראָגען אַ לעדערנע קעשענע, פון וואַנען זי האָט געשעפּט און געטיילט, נישט געצעהלטע, איינעם — אַ קלענערן הויפען געלד, אַ צווייטען — אַ גרעסערן הויפען קופּער.

ביי איהר פלעגען עסען אַ זעקס תלמוד-תורה-יונגלעך. אַלע טאָג האָט זי זיי געגעבען פון דאָס בעסטע און זעהר פריינדליך; אויך זענען געווען עלטערע, געמיינע יודען, וואָס פלעגען עסען ביי איהר. ווייטער האָבען נישט אויסגעפעהלט ביים טיש קיין מגידים און דרשנים, און חזנים, און רבנים, וואָס פלעגען אָפטער קומען צופאָהרען קיין קאַמעניץ.

און בעזונדער האָט שטענדיג געגעסען אַ פרוש, וואָס האָט עטליכע און פיערציג יאָהר געלערנט אין קאַמעניץ, אין נייעם בית-המדרש. דער „פאַנטשאָשניק״ האָט מען איהם גערופען. מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ מקובל, און אין בית-המדרש האָט ער געהאַט אַ גרויסען זאַק מיט קבלה-ספרים און פלעגט לערנען אַלע טאָג מיט אַ ניגון.

ביי איהם איז געווען אַ ריינער דינער קול, וואָס פלעגט אַלעמען צוציהען.

שבת פלעגט ער לערנען ביי מרדכי-ליב׳ן אין שטוב פרק און מדרש. האָט ער דערצעהלט פון גן-עדן און דאָס איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס מען געפינט עס נישט אין קיין יודישען ספר. פון גיהנם האָט ער קיינמאָל נישט דערמאָהנט.

אין גן-עדן האָט זיך געפונען פון אַלע בעסטע, פיינסטע און געשמאַקסטע זאַכען, וואָס אַ מויל קאָן נאָר אַרויסריידען, און זאָגען פלעגט ער פאַר׳ן עולם מיט אַזאַ שענעם ניגון, מיט אַזאַ זיסען קול, אַז עס פלעגט זיך דאַכטען, אַז ער אַליין איז דערביי געווען.

אַז עס איז געקומען אַמאָל דער קעלעמער מגיד אין קאַמעניץ זאָגען מוסר, האָט איהם מרדכי-ליב אָבגעהאַלט אַ חודש צייט ביי זיך.

מען האָט איהם געגעבען עסען און טרינקען כיד המלך, און אַז ער איז אַוועקגעפאָהרען פון קאַמעניץ, האָט ער אויסגעזעהן דיק, ווי נאָך אַ דאַטשע.

אין מרדכי-ליב׳ס גליקליך לעבען איז דאָך געוועזען איין פעהלער: ער האָט נישט גוט געלעבט מיט זיין ווייב, חיה-גיטעל. שטענדיג פלעגט ער זיין ברוגז מיט איהר און אָבטהאָן פלעגט ער איהר דערמיט, וואָס ער האָט ניט געגעסען.

אייגענטליך האָט ער שוין אַזאַ טבע געהאַט צו פיהרען ברוגז׳ן. דאָ איז ער געוועזען ברוגז מיט׳ן זוהן און דאָ מיט די אייניקלעך. דאָס האָט איהם אָפטער געשטערט דאָס לעבען. אָבער אויסער אָט די געוועהנהייט זיינע איז ער, אפשר, געוועזען דער גליקליכסטער אין דער וועלט. דערצו איז ער געוועזען אויסערליך זעהר שען: אַ ברייטער, מיט אַ פרישען פנים, בלוט און מילך, מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד— אַ פאַרשוין!

נאָך אַ פינפטע פאַמיליע איז געוועזען: חייטשעס אַ שוואָגער, ר׳ שמחה-לייזער. דאָס איז געוועזען אַ גרויסער למדן, אַ פרומער און אַ חכם, אַ גרויסער בעל-מדה, אַ זעלטענער יוד. האָט איהם נאָך אָבער געשפיעלט דאָס גליק, און איינמאָל האָט ער געוואונען אויף דער זאַקסישער לאָטעריי, מיט אַ יאָהר אַכציג צוריק — פינף-און-צוואַנציג-טויזענד רובל ריין געלד. האָט ער באַלד געמאַכט אַ סך הכל מיט דעם געלד אויף אַזאַ אופן: פינף טויזענד רובל האָט ער אַוועקגעגעבען צדקה. לויט דעם דין פון תלמוד טאָר מען מעהר ווי אַ פינפטעל צדקה נישט געבען. דריי טויזענד רובל האָט. ער געגעבען נדן זיין טאָכטער און האָט גענומען אַ גרויסען עלוי פון ביאַליסטאָק. דער איידעם איז אין אַ קורצער צייט אַרום קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען. האָט ער איהם אָבגעקאָסט זעקס טויזענד רובל און פאַר די רעשט געלד האָט ער אין בריסק געקויפט צוויי קראָמען געמויערטע. פון זיי האָט ער געהאַט הכנסה פינף הונדערט רובל אַ יאָהר.

האָט ער נאָך דערצו געקויפט אין קאַמעניץ פעלדער, אַ קליין מאַיאָנטיק׳ל, מיט זעהר פרוכטבאַרער ערד, אַזוי, אַז יודען האָבען עס גערופען „עפרות זהב״, גאָלדענע ערד, און האָט שוין געהאַט זיין פרנסה. דאָס ווייב זיינס, לייקע, האָט געפיהרט דאָס געשעפט פון די

פעלדער און ער איז געזעסען יומם ולילה און געלערנט. איך געדענק, ווי ער פלעגט זיצען אין אַלטען בית-המדרש נאָכ׳ן דאַווענען און לערנען ביז עלף אַ זייגער. איך האָב איהם זעהר ליעב געהאַט.

די גרויסע לומדים פלעגען קומען צו איהם ריידען פון תורה, וואָס איז זיי געווען צומאָל האַרב פאַר׳ן מוח. דערנאָך איז ער געגאַנגען אַהיים, זעהר ווייט, אפשר מעהר ווי אַ ווייאָרסט וועג, האָט אָבגעגעסען פרישטיג און ווייטער געלערנט. ספרים האָט ער געהאַט פאַר אַ פינף טויזענד רובל. פון פריהער האָט ער אויך געהאַט אַ סך ספרים און נאָכ׳ן געווינס האָט ער צוגעקויפט. די ספרים זענען געווען זעהר שען געבונדען.

געווען איז ער בטבע זעהר אַ גוטער און אַן׳עניו. צו אַלע מענשען האָט ער זיך בּעצויגען גלייך און קליינע קינדער האָבען איהם ליעב געהאַט, ווי שמואל הנביא, און טאָמער האָט ער גערעדט, איז עס געווען שטיל, בנחת, און קיין כעס, חלילה, האָט זיך ביי איהם נישט געפונען, אַזוי ווי עס איז נישטאָ אין וואַסער קיין פייער.

אַלע זומער פלעגט ער רופען די לומדים פון שטאָדט צו מאַכען שמורה: ווי בעוואוסט, איז דאָס ווייצענע תבואה, נישט קיין איבערגעוואַקסענע, און דערויף טאָר נישט אַרויפקומען קיין וואַסער. אָבער די ווייץ, געוועהנליך, האָבען גוים געשניטען, גוים געדראָשען און גוים געמאָהלען — און דאָס איז שוין איינענטליך אַ שטיקעל פגימה געווען פאַר אונזער ר׳ שמחה-לייזער׳ן.

האָט ער שוין אַליין איינגעקויפט קליינע, שאַרפע סערפּלעך אויף שניידען תבואה, און, פערדרופענדיג אַ פאָר מנינים לומדים, פרושים, יונגע-לייט, וועלכע זיצען און לערנען, איז ער מיט זיי געגאַנגען אין פעלד, האָט זיי געלערנט ווי צו שניידען און אָבגעשניטען...

די אָבגעשניטענע ווייץ האָט ער סנאָפּעסווייז אַריינגעלעגט צום טריקענען אין אַ שאָפּע. אַז די ווייץ האָט אויסגעטריקענט, האָט ר׳ שמחה-לייזער און די לומדים געדראָשען מיט שטעקענס, וואָס זענען געמאַכט געווען צום דרעשען, און נאָכ׳ן דרעשען, האָט ער שוין געהאַט ביי זיך אין שטוב אַ טיש-מיהל, וואָס ער האָט זי אָבגעקויפט פאַר אַ פאָר הונדערט רובל, מיט שטיינער, מיט אַ קאָלבע און די לומדים האָבען געדרעהט די קאָלבע און אַ טייל האָט אויפגעקליבען

אין שענע בעקענס די מעהל און אַרײַנגעשאָטען אין די שיפלאָדען פון אַ גרויסער שאַנק מיט לעכלעך. די מעהל האָט געוואַרט ביז נאָך פורים. דעמאָלט האָט ער פעררופען דיזעלבע לומדים און מען האָט געבאַקט די שמורה; דערויף האָט ער געמאַכט גלעזערנע וועלגער־האָלצען, און ביי די אַלע אַרבייטען האָט מען זיך געפרעהט.

איידער מען איז געגאַנגען אַרבייטען, האָט מען געגעסען כיד הגבירים און דערביי גערעדט תורה. און נאָך דער אַרבייט האָט מען ווייטער געגעסען און גערעדט תורה.

ווער עס האָט נישט געזעהן זייער שמחה ביים שניידען, טרי־קענען און מאָהלען די תבואה און דערנאָך דאָס באַקען, יענער האָט נישט געזעהן קיין שמחה אין זיין לעבען.

אַז די שמורה איז שוין אַרויסגעקומען פון אויווען, האָט ער דערפון אויסגעטיילט צווישען די לומדים־אָנטיילנעהמער חלקים אויף גאַנץ פסח. און אַזוי ווי די חלקים פלעגען זיין נישט גאָר קיין קליינע, פלעגען די לומדים פערקויפען שמורה־מצות און לייזען שטענדיג שענע עטליכע רובל אויף יום־טוב.

אַזוי איז געווען אַלע יאָהר. און אַזוי האָט געלעבט אַ שענער יוד אַמאָליגע יאָהרען: זיין צדקה איז געווען גרויס, זיינע מצוות זענען געווען גרויס און זיין שענקייט איז געווען גרויס.

געשטאָרבען איז ר' שמחה־לייזער נישט קיין אַלטער: צו אַ יאָהר זעכציג.

אָט די פינף פאַמיליעס זענען געווען די פעריל אין שטאָדט. דערצו זענען זיי נאָך אויך געווען רייך. אָבער דאָס שטעדטיל גופא איז געווען אָרים און מען האָט זיך געמאַטערט אויף דעם אָרימען שטיקעל ברויט. אַ גאַנצע וואָך האָט קיינער נישט פערזוכט קיין פלייש. אפילו זעמעל און פריש געבעקס האָט מען נאָר געגעסען אין געציילטע הייזער. אַ גאַנצע וואָך האָט מען געגעסען שוואַרץ ברויט, וואָס יעדע־רער פלעגט באַקען פאַר זיך איין מאָל אין וואָך, אָדער איין מאָל אין צוויי וואָכען, ווייל מען האָט געהאַלטען, אַז וואָס דאָס ברויט איז עלטער, אַלץ וועניגער וועט מען עס עסען. אין דער־פריה האָט מען געגעסען קרופניק, גריץ מיט קאַרטאָפעל, אָדער מען האָט אַרײַנגע־טהאָן אין אַ גרויסען טאָפ קרופניק פאַר אַ פאַמיליע פון אַ זעקס פערזאָן

אפשר צוויי לויט פוטער, אדער א האלבע קווארט מילך, אדער אם־העלסטען א גאנצע קווארט מילך, וואס האט געקאסט א קאפיקע.

מיטאג האט מען געגעסען בארשט מיט ברויט, און פערביסען מיט א שטיקעל הערינג ציו א שטיקעלע פוטער. אויף וועטשערע האט מען געקאכט פארפעל צי לאקשען מיט דערזעלבער פארציע מילך. די געמיינערע האבען געמאכט לאקשען פון קארענע מעהל.

שבת האבען אלע יודען, אפילו די ארימסטע, געגעסען פיש, נגידים האבען געקויפט די גרויסע פיש און די ארימע — די קליינינקע פישעלעך, וועלכע מען האט צוהאקט מיט ציבעלעס און געמאכט דערפון אזוינע קוילען. פיש האט מען געהאט פון איינענעם טייך. א האלבע גילדען א פונט איז שוין געוועזן טייער, און אז עס האט אמאל געהאפט צוואנציג גראשען א פונט פיש, איז געווארען אין שטאדט א מהומה און א געפילדער אויף דער גרויסער רציחה, וואס די פישער קויפען אויס די פיש, פיהרען ארויס קיין בריסק און דאדורך האט די שטאדט נישט צו עסען שבת קיין פיש; האט מען געסטראשעט די פישער מיט קלעפ און אויך דערמיט, אז קיינמאל וועלען זיי נישט אויפגערופען ווערען צו דער תורה, ווען זיי וועלען ווייטער ארויספיהרען די פיש פון קאמעניץ און מאכען א יקרות.

פלייש איז געוועזן קעלבערנעס, שעפסענס און רינדערנעס, אבער מאגערעס. די קצבים פלעגען אויסקויפען די מעגערסטע בהמות, וואס האבען שוין נישט קיין כח געהאט צו האלטען זיך אויף די פיס. א בהמה האט מען געקענט קויפען פאר זעקס אדער אכט רובל; צעהן רובל איז שוין געוועזן דער העכסטער פרייז. די נגידים האבען, פערשטעהט זיך, געקויפט רינדערן פלייש און די ארימע קאלבענס, און די גאנץ ארימע, ווידער, למשל, מלמדים און בעלי־מלאכות, וואס האבען נישט געהאט קיין פריצים, האבען געקויפט שעפסען־פלייש.

קוגלען זענען געוועזן פערשידענע, נאר פעטע און געשמאקע, אפילו ביי ארימע לייט. שבת האבען אלע יודען אבגעלעבט. אנטקעגען דעם, ווי מען האט געגעסען אינדערוואכען, איז דער שבת'דיגער מאלצייט געוועזן א פירשטליכער.

אין יעדער שטוב האט מען געבאקען חלה און געשטעלט טשאלענט.

פרײַטאָג פאַרנאַכט איז דער שוהל-רופער געגאַנגען איבער די גאסען און אויסגערופען :

— בענטשט ליכט !

זענען אַלע יודען געגאַנגען דאַוונען אין די בתי-מדרשים, אײַנגע-וואַשענע און אויסגעצוואָגענע, און דערנאָך האָט מען געגעסען די גרויסע סעודה. מען האָט געזונגען זמירות בײַם עסען, חלב'נע ליכט האָט בײַ יעדערן געברענט אין שטעהענדיגע לײַכטער און הענגלײַכטער — און מען האָט זיך געפרעהט מיט'ן טײַערן און ליבען שבת.

די מרה-שחורה מיט דער נענזיע פון דער גאַנצער וואָך האָט מען אַוועקגעוואָרפען, דעם גאַנצען שבת'דיגען טאָג איז מען געווען פרעהליך, פון אַלע ווינקעלעך האָט געוועהט מיט שבת, מיט הײליג-קײט, פון געשעפט האָט זיך קײנער נישט ערלויבט צו רײדען, דאָס איז פערערעכענט געווען פאַר אַ גרויסען חטא.

אין דעם טאָג האָט מען בעסער אַ סך געלערנט און אַ סך גע-שלאָפען. אין די ווינטער-טעג און אין די זומער-טעג האָט מען גע-לערנט נאָכ'ן שלאָפען און אַלץ קאָמפּאַניעסווײַז. בײַ אײן טיש האָט מען אין בית-המדרש געלערנט גמרא צוזאַמען מיט אַ רבי, בײַ אַ צווײ-טען טיש האָט מען געלערנט משניות, בײַ אַ דריטען — מדרש, בײַם פירטען — שולחן ערוך, און אַלץ מיט רביים. אַרום די איבעריגע טישען זענען געזעסען פּראָסטע יודען פון המון, וואָס האָבען גאָרנישט געקענט לערנען. דערפאַר האָבען זײ אָבער געקענט זאָגען תהלים מיט אַ שע-נעם ניגון, מיט התלהבות, מיט אַ געשמאַק, אַ פּסוק נאָך אַ פּסוק, כּסדר, אַז עס פלעגט ריהרען בײַם האַרצען. דערנאָך האָט מען געדאַוועגט מנחה און נאָכדעם געגאַנגען עסען שלש-סעודות, אַ שטיקעלע פיש פאַר'ן בעל-הבית און די איבעריגע האָבען געגעסען הערינג מיט חלה, וואָס איז שוין אויך געווען קאַרג.

דערנאָך איז מען געגאַנגען דאַוונען מעריב, און פאַר מעריב האָט מען געזאָגט דעם גרויסען קאַפּיטעל תהלים „אשרי תמימי דרך“ מיט יענעם טרויעריגען פערקומערטען ניגון, וואָס זאָגט אָן, אַז עס געהט שוין די וואָך מיט איהרע זאָרגען און צרות: עס הויבט אָן אַרויסצו-קריכען די וואָכעדיגע מרה-שחורה.

שבת-צו-נאַכט האָט מען אין די גרעסערע הײַזער געטרונקען

טהיי, אויפגעקאָכט אין אַ קריגעל און צוגעביסען מיט אַ האַרטען שטיקעל צוקער. מיט איין שטיקעל ציקער האָט מען געקענט אויסטרינקען אַ צוויי, דריי גלאָז טהיי. אויב מען האָט זיך נישט געפוילט, האָט מען נאָכאַמאָל אויפגעקאָכט אַ קרוג וואַסער און ווידער געזופט.

אָבגעפּטר׳ט דעם טהיי, האָט מען זיך גענומען צו די וואָכעדיגע חשבונות, די מאַנען די קרעמער האָבען שוין צונויפגעשטעלט מיט די ווייבער אַ צעטעל, וועלכע סחורה מען דאַרף ברייַנגען אויף אַ גאַנצע וואָך צום לייַזען, די שייַנקערס — מכח בראָנפען און די יודען, וואָס האָבען געהאַנדעלט מיט פּריצים האָבען מכדר געווען, וואָס מען האָט צו טהאָן ביים פּריץ, ווי דאַרף מען זיך בעגעהן מיט איהם און ווי אַזוי לוינט זיך איצט מיט איהם צו ריידען. האָט מען שבת-צו-נאַכט אָבגערעדט מיט די ווייבער און זונטאָג פריה האָט זיך שוין אָנגעהויבען די געוועהנליכע וואָכעדיגע אַרבייט.

---

קאַמעניץ איז געווען מפורסם פאַר אַ שטאָדט פון לומדים און די רבנים זענען געווען שטענדיג פון די גדולים מפורסמים, חאָטש זי האָט מעהר נישט געגעבען קיין שכירות ווי דריי, פיער רובל אַ וואָך.

האָט בעדאַרפט קומען אַ רב, האָבען זיך שוין די קאַמעניצער לומדים, עלטערע און יונגערע, צוגעגרייט מיט גרויסע קשיות און שאלות, אויסצופּרובען דעם רב, און אַז עס האָט געהאַלטען ביים אָנגענומען ווערען, איז איהם ביים זאָגען די ערשטע דרשה שיער נישט אַרויסגעפאַלען דאָס האַרץ פאַר פחד, מחמת די קאַמעניצער לומדים. די ערשטע דרשה איז געווען אַ מין פּראָבע. די ערשטע דרשה האָט בעדאַרפט בעשטעהן פון חריפות, פון טיפע פּשט׳לעך, און אַז די לומדים זענען געבליבען צופרידען מיט איהר, האָט ער שוין געוואוסט, אַז ער איז פעסט געבליבען רב.

אין יענע צייטען פלעגען יונגע לייט, האָבענדיג ווייבער מיט קינדער, אַוועקוואַרפען זייער הויז און פאָהרען לערנען אין אַנדערע שטעדט. ווייל אין דער-היים קען מען נישט רוהיג לערנען, זענען זיי אַוועקגעפאָהרען אין פרעמדע שטעדט און געזעסען יומם ולילה און געלערנט. פאַר׳ן עסען האָט מען נישט בעדאַרפט דאגה׳ן. יעדער פרוש

האָט שוין געקראָגן צו עסן טעג, לויט זײַן קענטעניש אין גמרא. דער בעסערער האָט געקראָגן אין נגיד'ישע הײַזער צו עסן, און דער קלענערער אין אָרימערע הײַזער. און יעדער מינדסטער בעל־הבית האָט געגעבן װעניגסטענס אַ טאָג אָדער צװײ אין װאָך צו עסן אַ פּרוש, פּונקט װי דער אָרימסטער בעל־הבית האָט געגעבן אַ תּלמוד־תּורה־יונגעל עסן. געװײנלעך, איז אַ פּרוש בעסער אויסגעהאַלטן געװאָרן, אײדער אַ תּלמוד־תּורה־יונגעל.

אויסער זײַן לערנען האָט אַ פּרוש געהאַט נאָך אַ רעכענונג. דעמאָלט, װי באַװוּסט, האָבן די פּני־העיר געגעבן רעקרוטן, װעמען זײ האָבן געװאָלט און צו דעם ציל האָבן זײ געהאַט חאַפּערס, מיט װעלכע מען האָט געחאַפּט די יונגע־לײַט, װאָס די פּני האָבן געװאָלט נעמען. אום צו חאַפּן די דאָזיגע יונגע־לײַט האָבן זיך די חאַפּערס ניט בעגנוגנט מיט דער אײגענער שטאָדט. מען איז געפאָהרן זײ זוכן אויך אין אַנדערע שטעדט, אויב זײ האָבן זיך בע־האַלטן, און האָט אין דער „סקאַזקע" זענען די יונגע־לײַט ניט גע־װען אײַנגעשריבן, האָט עס דאָך ניט אויסגעמאַכט; בײַם פּרנס חודש זענען זײ יאָ געװען פֿערשריבן, און אז מען האָט אָבגעגעבן אַזאַ ניט־פֿערשריבענעם נפש, האָט מען שוין איהם געגעבן אַ נאָמען פון די גרויסע בעלי־בתּי'שע יונגע לײַט, װעלכע זענען יאָ געװען אײַנ־געשריבן אין דער „סקאַזקע". דער נפש איז געװאָרן דעם בעל־הבית זוהן און איז נעבעך אַװעקגעגאַנגען דינען. אַזוי איז דער בעל־הבית פּטור געװאָרן פון צו געבן זעלנער אפילו װען ער האָט געהאַט זעקס זיהן, נאָר דערפֿאַר האָט ער געגעבן אויף דער שטאָדט געלד — אַ הונדערטער איז געװען גענוג...

אין יענער צײַט האָט מען אָבגעגעבן יונגע־לײַט אפילו אין עלטער פון דרײַסיג יאָהר, װאָס האָבן שוין געהאַט אַ פֿינף, זעקס קינדערלעך. אַ דרײַסיג־יעהריגען בחור איז בכלל שװער געװען צו קריגען. אַ בחור פון זיבצעהן יאָהר האָט שוין געהײסען אַן'אַלטער בחור און דאָס איז שוין געװען אַ גרויסע חרפּה. די אָנגענומענע אין סאָלדאַטען זענען דעריבער געװען טאַטעס טײלמאָל פון פֿיעל קינדער.

פֿערשטעהט זיך, אַז אַ פּרוש האָט מען דעמאָלט געשאָנעװעט און פֿאַר קײן זעלנער ניט אָבגעגעבן. אין זײַן אײגענער שטאָדט

האָט ער אָבער דאָך מורא געהאַט צו זיצען. אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַמאָל איז איינער פון די פּני־העיר אין כּעס אויף זיין פאָטער, אָדער אויף זיין שוועהר, און יענער קען נאָך איהם אָבגעבען פאַר אַ זעלנער. אַזוינס האָט געטראָפען און קיין זאַך האָט נישט געהאָלפען.

אין קאַמעניץ זענען געווען פיעל פּרושים, וואָס פלעגען זיצען און לערנען. מיינע זיידעס, וועלכע זענען געווען פריהער פּרנסי־חדשים און דערנאָך איסבּאָרשטשיקעס, האָבען קיינמאָל נישט אָבגעגעבען קיין איין יונגענמאַן, וואָס זאָל אַפילו פיעל ווייניג קענען לערנען. קוים איז ער נאָר געזעסען אין בּית־המדרש און האָט עטוואָס געקענט לערנען, איז ער שוין געווען זיכער, אַז ער איז פריי פון דינען.

אין קאַמעניץ זענען געווען די בּעסטע פּרושים, די גרעסטע לערנערס. אין גרויסען בּית־המדרש זענען געווען איבער זעכציג ש״ס׳ן, אַפילו אַלטע און ערטערווייז אויסגעריסען. נאָר מען האָט זיך אַנ׳עצה געגעבען. דער, וואָס האָט געהאַלטען בּיי דעם צוריסענעם אָרט, האָט געליהען בּיי אַ צווייטען אויף אַ ווייַלע די גמרא און אַזוי האָבען זיי זיך געטוישט. איז טאַקע אין גרויסען בּית־המדרש געווען אַ הדרת־הקדש: די גרעסטע לומדים האָבען דאָרט געלערנט, די גרעסטע בּעלי־בּתּים האָבען דאָרט געדאַווענט און די עלטסטע לייט זענען דאָרטען געזעסען בּיים גרויסען טיש נעבען גרויסען אויווען און דערצעהלט מעשיות.

בּדרך כּלל איז קאַמעניץ געווען די איידעלסטע שטאָדט אין גאַנץ גראָדנער גובערניע - דאָרט זענען געווען חקרנים און פילאָזאָפען, וועלכע האָבען געפיהרט שטענדיג חקירות אין פילאָזאָפיע און אויך פלעגט מען זיך שטענדיג מפלפּל זיין בּיי דער גמרא און חנ׳דלען זיך אין חריפות. אַז מען איז אַריינגעקומען אין בּית־המדרש, האָט מען שטענדיג געטראָפען בּיי אַלע טישען יודען, וואָס האָבען זיך מתוכּח געווען אָדער בּיי אַ גמרא, אָדער בּיי אַ תּוספות, אָדער בּיי אַ מהרש״א. עס זענען געווען בּעזונדערס אויסגעצייכענטע יונגע־לייט אין מהרש״א, וואָס מען האָט זיי גערופען — מהרש״א־קעפּלעך. די פלעגען גאַנצע טעג און נעכט זיך קלייגען אין די „ודוק״ס און אין די „ויש לישב׳ס״ פון מהרש״א.

דער נייער בּית־המדרש, וואָס האָט זיך מתקנא געווען אין אַלטען. האָט, אַ דאַנק זיין גבּאי, זעהר אַנ׳ענערגישער יוד, אָבגעצויגען

די פרושים און די לומדים צו זיך. זענען שוין דארט געווען די פיינערע בעלי-בתי'שע יונגע-לייט. די עלטערע לומדים אבער און סתם אלטע לייט האבען דעם אלטען בית-המדרש נישט אוועקגעווארפען, און אזוי זענען געווארען צוויי בתי-מדרשים, וואס זענען פול געווען מיט תורה.

פריהער איז געזאגט, אז קאמעניץ איז געווען די איידעלסטע שטאדט אין גראדנער גובערניע. פונדעסטוועגען האבען קיין מחלקותן נישט געפעהלט. צוליעב א שטאדטישע זאך פלעגט דאס שטעדטיל באלד פונאנדערפאלען אויף צוויי לאגערן, און חל-המועד, בעת קיין גרויסע ארבייטען טאר מען נישט טהאן, פלעגט מען זיך אויפקלייבען אויפ'ן מארק-פלאץ אין מיטען שטאדט, ביי די קראמען, גרופעסוויין און מען האט אנגעהויבען עפעס אויסצוקלערען ווי אזוי צו פיהרען די מחלקות'ן. עס זענען געווען, פערשטעהט זיך, אייניגע אינטריגאנטען, ד. ה. זיי האבען געקענט געבען מיט'ן קולאק אין זייט אריין, אזוי, אז יענער זאל קראנק ווערען, האבען געהאט געשליפענע צינגער, זענען געווען בעוואוסטע עזות-פנים'ער, און אז עס איז געווען אנ'אספה אין שטאדט. וואס דער ארט איהרער איז געווען דער אלטער בית-המדרש, זענען זיי ארוים מיט זייערע קולאקעס און געשרייען און צושלאגען די גאנצע אספה. געווען איינער א מולער, איז ער שטענדיג געווען דער שטאדט-שייגעץ, און שטענדיג האט ער זיך אנגענומען פאר די ארימע-לייט, וועלכע ער האט נישט געמיינט. געמיינט האט ער נאר צו אינטריגירען; און געוואוסט האט ער, אז מיט זיין שרייען וועט ער גארנישט פועל'ן, נאר ער דארף שרייען און דער עולם האט געזאגט, אז ער איז גערעכט.

אויך זענען געווען שטילע אינטריגאנטען, וואס האבען נישט געקענט א מויל עפענען אויף אנ'אספה, נאר צווישען זיך, אויפ'ן מארק האבען זיי געקעהרט וועלטען, אויפגעהעצט איינע געגען די אנדערע, און עס איז כמעט נישט אוועקגעגאנגען א חול-המועד אהן א מחלוקת. מען האט שוין געפונען פארוואס זיך צו קריגען.

אין קאמעניץ זענען געווען נישט ווייניג בעלי-מלאכות, אבער זעהר ארימע. די פריצים פלעגען דאס רוב אבגעבען צו בעלי-מלאכות אין בריסק.

אַמאָליגע יאָהרען איז גאָרנישט געווען אַ שטעדטיל אָהן אַ מסור, און קאַמעניץ האָט, פערשטעהט זיך, אויך געהאַט אַזוינעם. איטשע שייטעס האָט מען איהם גערופען. ער איז געווען אַ שניידער אַ לאַטוטניק און האָט זיך וועניג פערנומען מיט זיין מלאכה, די רעכטע אַרבייט זיינע איז געווען צו מסר'ן. אָבער ער האָט זיך נישט בענוגענט בלויז מיט מסר'ן אייגצעלנע מענשען. ער פלעגט מסר'ן גאַנצע שטעדט. צופוס פלעגט ער געהן קיין גראָדנע און מסר'ן אַ גאַנצע שטאָדט, איבערהויפט מכח דער „סקאַזקע". פלעגט שוין קומען פון גובערנאַטאָר אַ רעוויזיאָנע קאָמיסיע אויף דער „סקאַזקע", און די שטאָדט פלעגט בדלות ווערען. די טשינאָווניקעס פון דער קאָמיסיע פלעגען נעהמען אין האַנד אַריין און מען האָט בעדאַרפט גוט בעצאָהלען. לסוף האָט מען געמוזט זיך אויסקויפען פון דעם דאָזיגען איטשע שייטעס און זאָל ער שוין אַמאָל אויפהערען צו מסר'ן. ער האָט פראָסט אונגליקליך געמאַכט כמעט גאַנץ גראָדנער גובערניע. מען האָט פון איהם געהאַט יגון ואנחה, נאָר זיין שטאָדט קאַמעניץ האָט ער פונדעסטוועגען געשאַנעוועט און אַלע האָבען דערפאַר געהאַט פאַר איהם אָבשיי. חניפה'לעך האָט מען איהם נישט געקאַרגט און יעדערער האָט געדאַנקט גאָט אין האַרצען, וואָס דער מסור לאָזט קאַמעניץ צו-רוה.

ראש-השנה און יום-כפור פלעגט ער שטעהן ביים דאַווענען אין שוהל אויף דער בימה און פלעגט וויינען דעם גאַנצען דאַווענען מיט אַזאַ יאָמערדיגען קול, אַזוי הויך און מיט אַזאַ קוויטש, אַז אַפילו יענער, וואָס האָט נישט געקענט וויינען אין דאַווענען, פלעגט מוזען וויינען פון איטשע שייטעס געוויינען און יאָמערייען. מיט זיינע געוויינען פלעגט ער מאַכען אויפציטערן אַלע ביינער פון די דאַווענער. ער האָט געוויינט ווי אַ מענש, וועלכען מען האַלט אין שלאָגען און מען טהוט איהם אָן גרויסע יסורים. איך געדענק, אַז איך בין אַלט-געווען אַ יאָהר ביין, האָב איך צוליעב אָט דעם איטשע שייטעס געוויינען, זיך אַזוי צוגאָסען מיט טרעהרען ערב יום-כפור צו מנחה, אַז איך בין זיך פערגאַנגען, און מען האָט מיך געמוזט נעהמען אַהיים אין מיטען מנחה. נאָר באַלד נאָך יום-כפור איז ער אַוועקגעגאַנגען צו-פוס קיין גראָדנע מסר'ן אַ שטאָדט.

קאַמעניץ האָט געהאַט אַ פאָרשטאָדט, „זאַסטאַוויע" האָט זי געהייס

סען, זי האט זיך אנגעהויבען נעבען טייך, אויף וועלכען עס זענען געשטאנען דריי בריקען און דריי וואסער-מיהלען. אויף דעם דאזיגען טייך האט מען געפיהרט די גרויסע קלעצער פון ביעלאוועזשער וואלד. פון דעם דאזיגען וואלד זענען געליפערט געווארען פאר איירָאפּא פער-שידענע געהילצען, אפילו ביז זעגעל-בוימער צו שיפען. די הויכע בוימער זענען אבער פערוועהרט געווען צו האקען, האבען די סוחרים פון ביעלאוועזשער וואלד, פריהער ר׳ יצחק זאבלודאווסקי פון ביאליסטאק, וואס איז געווארען א מיליאנער פון דעם וואלד, גע׳גנב׳עט די הויכע בוימער און געגעבען חאבאר די וואלד-שומרים. זאבלודאווסקי׳ן האט מען גע׳מסר׳ט, אז ער גנב׳עט זעגעל-בוימער. איז געקומען א קאמיסיע פון פעטערבורג און זאבלודאווסקי האט די קאמיסיע-מיטגלידער אבגעקויפט מיט געלד. אזוי ארום האט ער זיך ארויסגעדרעהט פון פלאנטער, וואס האט געשמעקט מיט קאטארגע.

נאך איהם האט א דייטש געקויפט וואלד צו האקען. זיגמונד האט ער געהייסען. האט ער נאכמעהר גע׳גנב׳עט. ער האט אזוי ברייט געלעבט, אז אין שטעדטיל האט מען דערצעהלט, אז דער פריסישער קייזער האט געלאזט מאהלען זיין פאלאץ, לויט דעם מוסטער פון זיגמונד׳ס פאלאץ.

ער איז געווען פון די ערשטע לעב-קינדער אין פרייסען און האט אזוי פיעל גע׳גנב׳עט די מאסטען, אז ער פלעגט פערדינען א מיליאן רובל א יאהר, פערשטעהט זיך, פערלעבענדיג זיי דערנאך. אז קאזנא האט אויפגעהערט צו פערקויפען וואלד אין ביעלאוועזש, האט זיגמונד געקויפט א מאיאנטעק אין סעליץ, גראדנער גובערניע, פאר א האלבען מיליאן רובל און האט זיך איבערגעצויגען פון בערלין. פאר בערלין איז איהם געווען צו ווענייג געלד. אייניגע יאהר האט ער געוואוינט אין זיין מאיאנטעק און דערנאך, א דאנק זיינע גרויסארטיגע בעלער, וואס ער פלעגט מאכען, האט ער דאס אויך פערהוליעט. געשטארבען איז ער אנ׳ארימאן.

די אלע ביעלאוועזשער קלעצער, וועלכע זענען געגאנגען קיין דאנציג, זענען דורכגעשוואומען דורך קאמעניץ. פון זיגמונד׳ען מיט די דייטשען האט די שטאדט געהאט פיעל פרנסה. אין דער צייט, וואס דאס האלץ איז געגאנגען איבער קאמעניצער וואסער, איז זיגמונד׳ס

סטאַנציע געווען בײַ ר׳ דוד-יצחק׳ן, וועלכער האָט דעמאָלט נישט וועניג פערדיענט.

זאַסטאַוויע איז געאָגראַפיש וועניג וואָס אָבגעטיילט געווען פון קאַמעניץ. האָט זי אָבער אַ כאַראַקטער געהאַט כרחוק מזרח למערב. האָטש זאַסטאַוויע האָט נישט געהאַט קיין בעזונדער רב, און קיין דין, און קיין שוחט און קיין בית-עולם, זאָגאַר סחורה האָט אויך זאַסטאַוויע געקויפט אין קאַמעניץ, פונדעסטוועגען האָבען די זאַסטאַוויער געהאַט גאָר אַנדערע זיטען. בײַ זיי זענען געווען גערטנער, און אַלע האָבען כמעט געלעבט פון די דאָזיגע גערטנער. די ווייבער מיט די מיידלעך פלעגען זיצען דעם גאַנצען זומער אין גאָרטען און פילעווען איהם. אין גאָרטען האָט מען מיטגענומען ראָזעווע ברויט און געגעסען דאָרט מיט אוגערקעס און מיט רעטעך. אַלע זענען געווען קאַרגע מענשען און אַלע האָבען געהאַט פרנסה. נאָר אַ פּאָר פאַמיליעס זענען דאָרט געווען גרויסע בעלי-בתים, מיוחסים, וואָס פלעגען האָבען אַ דעה אין שטאָדט און האָבען געהאַט שענע קינדער. נאָר זיי האָבען שטענדיג אינטריגירט אין שטאָדט און אין אַלע מחלוקת׳ן זענען זיי געווען די ערשטע קריגער. אָנהענגער האָבען זיי געהאַט מאַסען, און האָבען זיי אָנגעהויבען צו פיהרען אַ מחלוקת, האָט דאָס געקענט זיך אַוועקציהען פיעל יאָהרען. נאָר שטענדיג האָבען זיי געפיהרט מחלוקת מיט מײַן זיידען, וואָס איז געשטאַנען אין דער שטאָדט-אָנפיהרונג — בראש; נאָר אַזוי ווי פאַר איהם האָבען זיי יאָ מורא געהאַט, האָט מען איהם געגראָבען פערבאָרגען, אַזוי, אַז זיי האָט מען קיינמאָל נישט אַרויסגעזעהן.

---

קינדער-ערציהער זענען, געוועהנליך, געווען די מלמדים. דער ערשטער פון זיי איז געווען יעקב-בער דער מלמד, וואָס כמעט די גאַנצע שטאָדט קינדער האָט זיך צום ערשטען געלערנט בײַ איהם. אַ קינד פון דרײַ יאָהר אָדער נאָך וועניגער האָט שוין בײַ איהם אָנגעהויבען לערנען אלף-בית, געלערנט בײַ איהם ביז עס האָט שוין גוט און גיך געדאַווענט. דאָס האָט געדויערט אַנ׳ערך פון אַ צוויי יאָהר צײַט. דערנאָך האָבען די קינדער איבערגענומען די מלמדים פון חומש און אויך אָנפאַנג גמרא; אויסגעקליבענע גרינגע משנות פאַר קינדער,

וואָס הייסט לקח-טוב. פון אַזוינע מלמדים איז מען אַריבערגעגאַנגען צו גרעסערע און נאָך גרעסערע, ביז מען איז אָנגעקומען צו די גרויסע לומדים מופלגים, ביי וועלכע עס האָבן געלערנט דערוואַקסענע בחורים און בעלי-בית'לעך. אָבער די גרויסע מופלגים זענען געווען גרויסע כעסנים.

פון די גרויסע מלמדים זענען געווען צוויי אין שטאָדט, וואָס פלעגן שלאָגן די קינדער מכות-רצח און שמייסן און שטעלן אין פעקל. דאָס איז געווען די ערגסטע שטראָף. דער מלמד פלעגט דעם יונגעל אַראָבלאָזן די הייזלעך און פערקאַטשען דאָס העמד מיט דעם קאַפּטעל אַרויף, מאַכענדיג דערפון אַ פעקעל. בעת מעשה האָט דער רבי געהאַלטן אַ גוטע רוט אין האַנד אָדער אַ גוטן קאַנטשיק, און אַזוי האָט דאָס יונגעל גענומען לערנען דעם שיעור גמרא, און ווען ער האָט נישט געוואוסט אַ וואָרט, האָט דער רבי געגעבן אַ שמיץ מיט כח, אַזוי, אַז דאָס לייב איז באַלד פערלאָפן מיט אַ בלויען צייכן. אַזוי האָט ער געלערנט אַ שעה נאָכאַנאַנד. דאָס איז געווען שטענדיג אום דאָנערשטאָג: דעמאָלט האָבן די יונגלעך געמוזט אַליין זאָגן די גמרא, וואָס דער רבי האָט מיט זיי געלערנט די גאַנצע וואָך, ווארום שבת פלעגט דער מלמד מוזען קומען מיט יעדען יונגעל צו זיין פאָטער פערהערן איהם די גמרא. דער פאָטער, וואָס האָט נישט געקענט לערנען, האָט שוין אָנגעבעטען איינעם אַ למדן, אָדער אַ פרוש, יענער זאָל פערהערן, און ווען דאָס יונגעל האָט נישט געקענט, האָט דער פאָטער נישט געקוקט און האָט בעשולדיגט דעם מלמד. געוועהנליך האָט דאָס נישט געשמעקט דעם מלמד, האָט ער אויסגעלאָזן דעם גאַנצן כעס צו יענעם אָרט ביים יונגעל, וואָס ווערט נישט אָנגערופען אין ליטעראַטור.

פון די דערמאָהנטע צוויי כעסנים-לומדים איז געווען דוד מיט די קאָלטענעס. ער האָט געהאַט אַ פולען קאָפּ מיט קאָלטענעס. אַ כעס'ן איז ער געווען אַ מורא'דיגער און די יונגלעך האָט ער פראָסט גע'ממית'ט. ביי איהם איז רעכט געווען אויפהויבען אַ יונגעל אין דער הויך און מיט כעס אַראָבלאָזן אויף דער ערד, אַזוי, אַז יענער זאָל פאַלען מיות; געווען טאַקי אַזאַ פאַל. נאָך דער לויה פון דעם דער'הרג'עטען יונגעל האָט דער פאָטער און מוטער פונ'ם קינד אַפילו

נישט געוואָגט צו זאָגן ר׳ דוד׳ן, פאַרוואָס האָט ער גע׳הרג׳עט זייער קינד. אַזוי האָט מסתמא גאָט געוואָלט, אַז דער רבי האָט איהם גע׳הרג׳עט, אַזוי האָט מסתמא בעדאַרפט זיין, און קיינעם אין שטאָדט איז נישט איינגעפאַלען צו טראַכטען, אַז דוד מיט די קאָלטענעם האָט געטהאָן אַ רציחה. אפילו אַז מ. ס. זיהן, וועלכע האָבען אויסגעזוכט אַלע חטאים אין שטאָדט צו מאַכען אינטריגעס און מחלוקת, האָבען דאָ אויך געשוויגען, און ר׳ דוד מיט די קאָלטענעס איז געבליבען דער איינענער מלמד. ביי איהם האָבען געלערנט גרויסע בחורים און בעלי-בית׳לעך, און אַלע זענען אַרויס פון איהם קאַליקעס.

דער צווייטער מלמד, אַ גרעסערער למדן פאַר ר׳ דוד׳ן, איז געווען דוד דער בלינדער. אויף איין אויג האָט ער נאָר געזעהן, ער איז געווען אַ גרויסער למדן, און אַ סך קינדער זענען פון איהם אַרויסגעקומען לומדים. אָבער ער איז געווען אַן׳אוננעהויערער כעסן און האָט שטענדיג געשלאָגען און געשמיסען דאָס קינד אָהן רחמנות. ביי אָט דעם מלמד האָב איך אויך געלערנט, נאָר וועגען דעם שפּעטער.

ווי געזאָגט, האָט מען חתונה געהאַט זעהר פריה, סיי די יונגלעך און סיי די מיידלעך, דהיינו: אין עלטער פון דרייצעהן ביז ויעבעצעהן יאָהר. די יונגלעך האָבען גענומען נדן נאָך זייער לערנען נאָך, פון צוויי הונדערט ביז טויזענד רובל, און דער שוועהר האָט געגעבען קעסט. אין די תנאים האָט מען געשריבען, אַז דער שוועהר, אָדער דער פאָטער דאַרף האַלטען פאַר׳ן בעל-הבית׳ל אַ מלמד און אַז דאָס יונגעל האָט חתונה געהאַט און געבליבען עסען קעסט ביים פאָטער, האָט ער ווייטער געלערנט ביי דעמזעלביגען מלמד, וואו ער האָט געלערנט פאַר דער חתונה און דער רבי האָט געשמיסען דאָס בעל-הבית׳ל שוין נאָך דער חתונה, ווי פאַר דער חתונה.

אין מיינע צייטען איז שוין אפילו געווען אַרויס פון דער מאָדע, אַז נאָך דער חתונה זאָל מען געהן לערנען אין חדר, און מיין רבי, ר׳ דוד דער בלינדער, האָט טאַקי געקלאָגט און געבענקט נאָך אַמאָליגע גוטע צייטען, ווען ער פלעגט שמייסען בעלי-הבית׳לעך. ער פלעגט דערצעהלען, ביי וואָסערע אומשטענדען ער פלעגט אַמאָל שמייסען אַ בעל-הבית׳ל, אַזוי, למשל, פלעגט דעם תלמיד׳ס מוטער קומען אין חדר אַריין אָבגעבען דעם זוהן מזל-טוב פון זיין אָקאָרשט-

געבוירענעם זוהן. בעת מעשה איז אָבער געווען די טהיר פון חדר פֿערשפּאַרט, און בעת — דערצעהלט דער רבי — זי איז צוגעגאַנגען צום פֿענסטער אָנקלאַפּען אין די שויבען און אָבגעבען מזל-טוב, האָב איך איהם מיט די ריטער אָבגעגעבען מזל-טוב. ביי יעדען שמיץ האָב איך געזאָגט:

— מזל-טוב דיר מיט אַ יונגעל! שווייגען איינער! מזל-טוב דיר מיט א יונגעלע!

קיין שרייבער איז אין גאַנץ קאַמעניץ נישט געווען. שרייבען יודיש האָבען געלערנט דיזעלבע מלמדים.

דאָס אייניציגע לערנען איז געווען נאָר גמרא מיט די מפרשים. חומש האָט מען געלערנט, אָבער אויך נישט די גאַנצע סדרה, נאָר א האַלבע. און עשרים-וארבעה האָט נאָר איין מלמד געלערנט, מאָטקע מלמד. ער האָט געלערנט מיט מיטעלע יונגלעך, ניין און צעהן-יעהריגע, גמרא מיט אַ שטיקעל תוספות, האָט ער אַ שעה אין טאָג געלערנט עשרים-וארבעה און אַ שעה אין טאָג האָט ער דערצעהלט נסים ונפלאות פון גאונים און האָט פֿאָרגעשטעלט, אַזוי ווי לעבעדיג, דעם גיהנם (פון גן-עדן האָט ער אַ קנאַפּע ידיעה געהאַט). ער האָט זאָגאַר אויסגעמאָהלט אויף אַ פּאַפּיר די תמונה פון גיהנם, וויפיעל מאָס ער האַלט און אין וועלכער זייט עס געפינט זיך אפילו די טהיר. אָבער די מאָס פון גן-עדן און אין וועלכער זייט עס געפינט זיך די טהיר האָט ער, נעבעך, נישט געוואוסט. און פון די עשרים-וארבעה האָט ער אויך מעהר נישט געלערנט ווי נביאים ראשונים: יהושע, שופטים, שמואל א׳ וב׳, מלאכים א׳ וב׳. און מעהר נישט. אָבער די איבעריגע מלמדים, וועלכע האָבען געלערנט מיט די גרויסע בחורים גמרא מיט תוספות און כל המפרשים האָבען קיין תנ״ך מיט זיי גאָרנישט געלערנט. תנ״ך לערנען איז געווען אפּיקורסות.

שכר-למוד איז געווען פון זעכציג רובל אַ זמן ביז הונדערט. יענער מלמד, וואָס האָט געהאַט קנאַפּע פיער רובל אַ וואָך, האָט זיך שוין גערעכענט פֿאַר אַ רייכען מלמד.

די מלמדים, וואָס האָבען אָנגעהויבען לערנען מיט די קינדער אלף-בית, האָבען געהאַט פון זעכציג ביז אַכציג דריי-יעהריגע יונגלעך פֿאַר אלף-בית לערנען. פֿאַר אַזעלכע יונגלעך האָט מען געצאָהלט

שכר-למוד אַ רובל אַ זמן. נגידים האָבען געצאָהלט צעהן גילדען אַ זמן, אַז אַ יונגעל איז אַלט געווען פינף יאָהר, האָט מען איהם אָבגעגעבען צו אַ חומש-מלמד, וועלכער האָט געהאַט פון צוואַנציג ביז דרייסיג יונגלעך. געצאָהלט האָט מען איהם אַ דריי רובל פון אַ יונגעל.

אַז מען האָט אָנגעהויבען לערנען מיט דעם יונגעל חומש, האָבען די טאַטעס געמאַכט אַ סעודה פאַר'ן מלמד מיט די אַלע יונגלעך פון חדר און אויך איז געווען די פאַמיליע דערביי. יעדער בעל-הבית האָט געמאַכט די חומש-סעודה נאָך זיין פערמעגליכקייט.

מיין זיידע, אהרן-לייזער, פלעגט צו אַזאַ סעודה פון אַ קינד, אָדער אַנ'איינינקעל, לאָזען קוילענען אַ קליין עקסעל, און ביי טרינקאָווסקי'ן זענען געווען וויינען מיט טייערע פאָטראַוועס.

האָבען די יונגלעך געלערנט אַ יאָהר אָדער צוויי חומש ד. ה. די ערשטע פרשה אָדער אַם-העכסטען דריי פרשות פון דער סדרה, און דערנאָך האָט מען זיי אַוועקגעגעבען צו די אָנפאַנגער, גמרא-מלמדים, וועלכע האָבען געהאַט פון פופצעהן ביז צוואַנציג יונגלעך. געצאָהלט האָט מען פאַר אַזאַ יונגעל שכר-למוד פיער רובל, די נגידים פינף רובל אַ זמן.

געווען אַזעלכע מלמדים, וואָס האָבען געלערנט אי חומש, אי מיט אָנפאַנגער גמרא. זיי פלעגען שוין אָנהויבען מיט די בעסערע חומש-יונגלעך צו לערנען לקח-טוב.

האָט דאָס יונגעל אָבגעלערנט אַ צוויי דריי זמנים ביים אָנפאַנגער גמרא-מלמד, האָט איהם דער פאָטער אַוועקגעגעבען צו אַ גרעסערן מלמד, וואָס לערנט שוין מיט די יונגלעך דעם ערשטען זמן אַנ'עמוד גמרא און דעם צווייטען זמן אַ בלאַט גמרא. אַזאַ מלמד האָט שוין געהאַט אַ צוועלף יונגלעך, פאַר יעדעם יונגעל שכר-למוד זעקס-זיעבען רובל אַ זמן. אָבלערנענדיג אַ דריי זמנים, האָט דער פאָטער אָבגעגעבען דאָס קינד צו אַ העכערן מלמד, וועלכער לערנט גמרא מיט תוספות. אַזאַ מלמד האָט געהאַט אַ צעהן יונגלעך צו אַכט רובל אַ זמן, א. ז. וו. יעדער מלמד האָט געלערנט מיט די יונגלעך אַנ'אַנדער מסכתא, נישט פרעגענדיג ביי די תלמידים וואָס פאַר אַ מסכתא זיי האָבען פריהער געלערנט ביי יענעם מלמד. עס פערשטעהט זיך, אַז דעריבער איז אין לערנען קיין אָרדנונג נישט געווען און דאָס בייטען

די מסכתות בײַ יעדען מלמד אַלע יאָהר, צי מעהר, האָט אינגאַנצען צובראָכען דאָס סיסטעם פון לערנען.

פראָסטע קעפּ פלעגען בלײַבען זיצען לאַנג אין איין חדר. אָבער פראָסטע קינדער פון די גרעסערע בעלי-בתּים זענען אַריבּער צו העכערע מלמדים, גלײַך ווי די גוטע יונגלעך, און די פאָטערס האָבען געבעטען דעם גרעסערן מלמד, ער זאָל מיט זײַן יונגעל לערנען דאָס, וואָס יענער קען בעגרײַפען און נישט דאָס, וואָס מען לערנט מיט די בעסערע יונגלעך. דערפאַר גיט ער איהם מיט דרײַ רובל מעהר אויפ'ן זמן. די בעלי-בתּים האָבען זיך געשעמט, אַז זײַער זוהן, דער גרויסער בחור, זאָל לערנען בײַם קלײַנעם מלמד. זענען געווען אין יעדען חדר יונגלעך פראָסטע, גראָבע, וואָס פלעגען לערנען צוזאַמען מיט די גוטע יונגלעך. פונדעסטוועגען האָט מען זיי נישט פערשעמט. ווײַל דאָס רוב גוטע יונגלעך זענען געווען פון די אָרימערע קלאַסען מענשען, האָט זיך דעריבּער אויסגעגלײַכט בײַ די יונגלעך דער יחוס. די גוטע יונגלעך האָבען זיך נישט נעגרויסט געגען יענע מיט זײַער לערנען און די מיוחסים האָבען זיך נישט געגרויסט מיט זײַער יחוס, אָדער פערקעהרט, און עס איז אַלץ געווען גלײַך.

געלערנט האָבען די יונגלעך פון נײַן אַ זײַגער אין דערפריה בּיז צוויי אַ זײַגער בײַטאָג. דעמאָלט איז מען געגאַנגען מיטאָג עסען אויף אַ שעה צײַט. פונקט דרײַ אַ זײַגער האָט מען געמוזט קומען ווידער אין חדר, אַניט האָט מען געקראָגען מורא'דיגע קלעפּ, פּעטש אָדער גאָר שמיץ.

פון דרײַ אַ זײַגער האָט מען געלערנט, זומער: בּיז זון-פערגעהן, ווען די מלמדים האָבען בעדאַרפט געהן מנחה דאַוונען אין בית-המדרש, ווינטער האָט מען געלערנט מיט די קלענערע יונגלעך בּיז אַכט אַ זײַגער און מיט די גרעסערע בּיז נײַן. מנחה און מעריב האָט מען שוין ווינטער געדאַווענט אין חדר צוזאַמען מיט די יונגלעך. אַזוי האָט זיך געפיהרט די גאַנצע וואָך, אויסער פרײַטאָג. פרײַטאָג האָבען די יונגלעך געלערנט: ווינטער בּיז צוויי אַ זײַגער, און זומער בּיז דרײַ — פיער אַ זײַגער בײַטאָג. נאָר שבת האָבען די יונגלעך אויך נישט געהאַט קיין מנוחה. ערשטענס, איז יעדעס יונגעל פערהערט געוואָרען פון מלמד פאַר'ן פאָטער אין די אויגען, אָדער פאַר אַ זײַטיגען אַ מבין, דערבײַ

האט דאס יונגעל געמוזט איבערזאגען דאס, וואס ער האט געלערנט א גאנצע וואך. און דערנאך האט ער בעדארפט געהן אין חדר לערנען מיט'ן מלמד פרק אדער מדרש.

די יונגלעך האבען קיינמאל נישט געהאט קיין פרייע צייט, אויסער יום-טוב: פורים, פסח, שבועות, ראש-השנה, יום-כפור און סוכות. צוזאמען, הייסט עס, זעקס-און-צוואנציג טעג אין יאהר.

---

די גוים, וואס האבען געוואוינט אין שטאדט צוזאמען מיט די יודען, זענען נישט געווען קיין לייב-קנעכט. זיי זענען בעשטאנען אנ'ערך א פיערט-חלק פון די יודישע איינוואוינער. געוואוינט האבען זיי אין צוויי זייטען שטאדט, און די דעכער פון זייערע הייזלעך זענען געווען בעדעקט מיט שטרוי. אממייסטען זענען זיי געווען קאטוילען. פראוואס-לאווגע איז אפשר געווען א פאר צעהנדליג.

יעדער גוי האט געהאט אייגענע פעלדער מיט א הויז, מיט שייערן און שטאהלען, אקסען, בהמות און עופות — און זיי זענען אלע געווען נגידים. עס האט זיי קיין זאך נישט געפעהלט.

צווישען זיי זענען אפילו געווען אייניגע גבירים, וואס האבען פערמאגט צו עטליכע טויזענד רובל און די קינדער האבען זיי געשיקט לערנען קיין בריסק. געווען ביי זיי איינער א יערמאלאוויטש, האט קיינער נישט געוואוסט, וויפיעל ער פערמאגט. געזאגט האט מען, אז ער האנדעלט מיט שדים און זיי, די שדים, ברענגען איהם פיעל געלד.

אין יענער צייט, אז איינער האט געהאט א סך געלד און מען האט נישט געוואוסט פון וואנען דאס געלד האט זיך צו איהם גענומען, האט מען געזאגט, אז ער האנדעלט מיט שדים. האט מען טאקי מורא געהאט אזא איינעם צו דער'רגז'נען, טאמער וועלען זיך איינ-שטעלען פאר איהם זיינע שדים.

פאר יערמאלאוויטש'ן האבען אלע מורא געהאט און יעדערער האט איהם אבגעגעבען כבוד, צוליעב זיינע שדים; דאס איז שוין גע-ווען בעוואוסט אין קאמעניץ ביי גרויסע און קליינע, אז יערמאלאוויטש האנדעלט מיט שדים. האט מען פערביי זיין הויז מורא געהאט צו

נעהן, אַזוי ווי מען האָט מורא צו געהן אין וואַלד, וואָס איז פול מיט חיות רעות.

ער האָט זיך אָבער געלעבט מיט אַ חשבון. אַ זוהן האָט ער אַוועקגעשיקט אין ווילנא, אין אַ גימנאַזיום. דאָס איז געווען יאַש, אַ ווילד צולאָזען יונגעל, וואָס יונגלעך און שקצים האָבען פאַר איהם מורא געהאַט. דאָס גימנאַזיום האָט ער געענדיגט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, און אַ דאַנק זיינע גרויסע פראָטעקציעס איז ער געוואָרען אַנ׳אַסעסער אין אַ שטעדטיל, גראָדנער גובערניע.

לויט די דעמאָלדיגע פיהרונגען, האָט אַנ׳אַסעסער בעדאַרפט האָבען אַלצעהן דיעסיאַטניקעס מיט אַ קלוטש־וואָיט בראש. די דיעסיאַטניקעס זענען אַלע געווען פון קאַטוילוקען גענומען, ווייל אַזוי האָבען געוואָלט די פריצים, וואָס דער איספראַווניק האָט, פערשטעהט זיך, געפאָלגט. דאָס ביסעל פראַוואָסלאַווניע האָט געקוקט דערויף אָהן פרעטענזיעס, וואָרום זיי האָבען זיך סיי־ווי געהאַלטען נידריגער פון די קאַטוילוקען און זענען טאַקי געווען אָרימער אויך.

אַ דאָקטאָר האָט קאַמעניץ געהאַט גראַדע אַ גוטען. געווען איז ער, איינענטליך, אַ בעריהמטער ווילנער דאָקטאָר, לאַסאָווסקי האָט ער געהייסען. נאָר בעזעצט האָט ער זיך אין קאַמעניץ צוליעב זיין פרוי, וועלכע האָט געהאַט אַ קליין פאָלוואַרק׳ל נעבען דער מעשטשאַנסקער גאַס און האָט פערמאָגט אַ דריי־טויזענד רובל געלד. האָט ער געוואוינט אַ לאַנגע צייט אין קאַמעניץ. אַ רעצעפט האָט מען בעדאַרפט ברענגען פון בריסק. און אַז דער דאָקטאָר האָט געהייסען ביי אַ קראַנקען, אַז מען זאָל עקסטרע שיקען קיין בריסק נאָכ׳ן רעצעפט, האָט מען עקסטרע געשיקט אַ בעל־עגלה קיין בריסק — פינף מייל. עס האָט געטראָפען פיעל מאָל, אַז פיהרענדיג די רפואה, האָט זיך דאָס פלעשעלע צובראָכען, איז מען געפאָהרען נאָכאַמאָל, און אין דער צייט איז אָדער דער קראַנקער געזונד געוואָרען, אָדער ער איז געשטאָרבען.

דער פרייז פון דעם דאָקטאָר׳ס וויזיט איז געווען פופצעהן קאָפּיקעס, פלעגט ער קומען צופאָהרען אין אַ קאָליאַסקע מיט אַ פאָר גוטע פערד.

רופאים אין שטאָדט זענען געווען עטליכע. דער בעסטער פון

זיי — יאָשקע דער רופא איז געווען אַ מפורסם. ער איז געווען ביים דאָקטאָר לאַסאָווסקי.

אַבינדור, חאַצקעל און דוד, די פּראָסטערע רופאים, פלעגען קומען פרייטאָג אין באָד אַריין און פלעגען שטעלען געהאַקטע באַנקעס, ווער עס האָט בעדאַרפט. צעהנדליגער יודען, בעלי-בתים, געזונדטע מענשען, פלעגען זיך שטעלען פרייטאָג אין באָד געהאַקטע באַנקעס. צי עס האָט עמיצען וועה געטהאָן אַ האַנד, צי אַ פוס, צי דער מאָגען, צי דער קאָפּ, די איינציגע רפואה איז געווען — געהאַקטע באַנקעס, און וואָס מעהר, און בלוט פלעגט רינען איבער די פּלייצעס, פונקט ווי מען וואָלט געקוילעט אַ מענשען.

אָבער די גרויסע בעלי-בתים, ווי מיין זיידע אָדער יאָניע טריני-קאָווסקי, פלעגען שוין רופען דעם רופא צו זיך אַהיים. מיין זיידע האָט זיך עטליכע מאָל אין יאָהר געשטעלט געהאַקטע באַנקעס. האָט איהם נאָר עפּעס אָנגעהויבען וועה טהאָן, האָט מען באַלד גערופען דוד דעם רופא צו האַקען באַנקעס.

אין זונטאָגען פלעגען די רופאים און אויך די רופא'טעס, זייערע ווייבער, שטעלען פּאָקען אָדער לאָזען די אָדערן די פּויערים און פּויער-טעס.

דוד און אַבינדור האָבען געוואוינט אין אונזער גאַס, בריסקער גאַס, און דורך איהר פלעגען אַממעהרסטען אָנקומען די פּויערים. געדענק איך, ווי ביי די רופאים אין די שטובען פלעגט זיין פול געפּאַקט מיט פּויערים און פּויערטעס. זומער, די פענסטער זענען אָפען, פלעגט מען קענען זעהן. אויפ'ן גאַניק זענען זיי אויך געווען פול געפּאַקט. די רופאים האָבען געהאַלטען גרויסע שיסלען בלוט אונטער די הענד פון די פּויערים און פּויערטעס, וואָס האָבען אַפילו פון געהאַקטע באַנקעס וועניג געהאַלטען. געהאַקטע באַנקעס, לויט זייער מיינונג, נעהמען אַרויס וועניג בלוט, בעת מען דאַרף מעהר!... געהאַלטען האָבען זיי נאָר פון לאָזען דעם אָדער. יעדער פּויער און פּויערטע, האָט זיי נאָר עפּעס וועה געטהאָן, פלעגען זיי באַלד לאָזען דעם אָדער, פון וועלכען עס פלעגט אַרויסגעהן כמעט אַ האַלבער טאָפּ בלוט.

די רופא'טעס האָבען אפשר נישט געקענט שטעלען באַנקעס און

מאַכֿען קליִסטיִרען, אָבער אָדערן לאָזען האָבען זײַ יאָ געקענט, האָבען זײַ געהאַקט אויף וואָס די וועלט שטעהט.

יאָשקע דער רופא אָבער איִז געווען אַ גאַנצער דאָקטאָר. ער האָט שוין אַלײן די אָפּעראַציעס ניִשט געמאַכֿט. דערויף האָט ער גע־האַט אַ בחור, וואָס האָט זיִך געלערנט פאַר אַ רופא, און אָט דער בחור פלעגט שוין האַקען די אָדערן.

אַז דער דאָקטאָר איִז געשטאָרבען, איִז געוואָרען יאָשקע דער רופא דער גאַנצער דאָקטאָר איִן קאַמעניִץ. ער האָט שוין געקענט מאַ־כֿען אַלע מאַסטען, וועלכֿע ער האָט זיִך אויסגעלערנט בײַם דאָקטאָר לאַסאָווסקי.

---

די תּלמוד־תּורה איִנזע־ע האָט פערמאָגט אַ צוואַנציִג גמרא־יונגלעך מיִט אַ צוויי מלמדים. די יונגלעך האָבען געגעסען טעג. אויף דער תּלמוד־תּורה זענען געווען בעזונדערע דרײַ גבאים, וועלכֿע פלעגען שאַפען געלד. אַממײַנסטען פלעגען זײ אויפקלײַבען געלד אויף די דער־פער, בײַ די ישובים. חנוכּה־צײַט האָבען די דרײַ גבאים גענומען צו זיִך נאָך דרײַ בעלי־בּתּים חשובים צו פאָהרען איִנאײנעם איִבער די דערפער קלײַבען געלד אויף דער תּלמוד־תּורה. האָבען זײ ניִשט אויס־געמיִדען קײן אײן דאָרף אַרום קאַמעניִץ און געבעטען געלד. די ישובים האָבען אויסגעהאַלטען די תּלמוד־תּורה, וואָס ז׳איִז אײגענטליִך געפיִהרט געוואָרען איִן אָרדנונג.

די תּלמוד־תּורה האָט זיִך געפונען איִן אַ גאַנץ שענעם הויז און די יונגלעך זענען אויך געגאַנגען גאַנץ אָנגעטהאָן, כּמעט גלײַך מיִט די בעל־הבּית׳ישע יונגלעך, און צו עסען האָבען זײ אויך געהאַט.

צוויי גוטע מלמדים האָבען געלערנט מיִט די יונגלעך. אײנער, אַ קלענערער, האָט געלערנט מיִט אָנפאַנגער גמרא און דער צווייטער, אַ גרעסערער, האָט גוט געלערנט אַ בלאַט גמרא מיִט תּוספות.

שבת פלעגען שוין די גבאים ברענגען לומדים צו פערהערען די יונגלעך.

אָט די תּלמוד־תּורה פון פאַר זעכֿציִג־זיִבעציִג יאָהר צוריק מעג

זיכער פערשעמען די היינטיגע תלמוד-תורות, אפילו אין די גרויסע שטעדט.

נאך דער תלמוד-תורה קומט שטענדיג ניט ווילענדיג אויפ׳ן זינען די באד. די קאמעניצער באד איז געשטאנען הינטער׳ן שוהל-הויף, אראב, נעבען טייך. די שוויץ-באד איז אפילו געווען נישט שלעכט. ביים אריינגאנג איז אין איין זייט געלעגען א בארג הייסע שטיינער, וואס זענען אונטערגעברענט געווארען פון דעם אויווען, וועלכער איז געווען אונטער די שטיינער. יעדער, ווער עס האט נאר געוואלט, האט א גאס געגעבען א שעפעל וואסער, און א צווייטס, און א דריטס — איז געווארען „פארע" זיך אבצובראטען. אין דעם באד-צימער איז געווען א מקוה, א קאלטע. אין פאדער-צימער איז געווען איינגעמויערט אנ׳אייזערנער קעסעל, וואס האט זיך דעם גאנצען טאג, פרייטאג, געקאכט. דארט האבען אלע אנגעשעפט הייס וואסער אין די שעפלעך. דער בעדער האט אלעמאל דערגאסען מיט א קלוטש, וואס איז געשטאנען אין א ברונען, אין צווייטען עק פארערהויז.

אין דעם גרויסען פאדער-צימער זענען ארום געשטאנען ברייטע בענק. דארט האבען זיך אלע אויסגעטהאן. די ווענד פון דעם פאדער-צימער זענען געווען אלטע, מיט גרויסע לעכער און שפארעס, און דער ווינד האט שטארק געבלאזען פון אלע זייטען. פלעגען אלע ציטערן ביים אנטהאן זיך, ארויסגעהענדיג פון דער הייסער באד. און יעדער פרייטאג האבען זיך פיעל פערקיהלט און עס איז קיינעם נישט איינגעפאלען צו זאגען, אז מען דארף די וועגד פערריכטען, אז עס זאל אזוי נישט בלאזען.

ווידער זענען די שטיגלעך פון דעם קאלטען ברונען, וואס אין פאדער-צימער, געווען געפרוירען, גראב אייז, איז מען אום ווינטער געגאנגען מיט נאקעטע פיס אויף די אלט שטיגלעך אייז נאך וואסער; פערשטעהט זיך, אז מען פלעגט געהן צו זעטליכע מאל און עס איז ממש א וואונדער, וואס מען איז נישט אויסגעשטארבען.

דער בעדער האט געהאלטען די באד אין ארענדע פון שטאדט. געצאהלט האט ער הונדערט רובל א יאהר. דאס איז געווען צושטייער אויפ׳ן רב׳ס שכירות. באד-געלד איז געווען א פרייז פון א דרייער ביז דריי קאפיקעס.

דאָס וואַסער פון טײַך, נעבען באָד, איז געווען פלאַך און זעהר שמוציג, קויטיג, גרין און פערשימעלט. פערשטעהט זיך, אַז הײַנטיגע צײַטען, בעת די היגיענע איז געוואָרען אַ ווילטיגע לעבענס-פראַגע, און יעדער פערשטעהט איהר בעדײַטונג, וואָלט מען געזאָגט, אַז פון דעם שטיק לוזשע, וואָס איז דעמאָלט געווען אין קאַמעניץ, קומען אַלע עפּידעמיעס אין שטאָדט. עפּידעמיעס אויף קלײַנע קינדער זענען טאַקי יערעס יאָהר געווען, און אין קײן שטאָדט זענען נישט געשטאָרבען אַזוי פיעל קינדער, ווי אין קאַמעניץ. עס זענען אומגעגאַנגען מאָזלען, פּאָקען, שקאַרלאַטינע, און נאָך פערשידענע קינדערשע קראַנקהײַטען.

נאָר ווער האָט דאָס אין יענער צײַט עפּעס געקלערט וועגען אַזאַ זאַך, וואָס פון איהר זאָל קענען אַרויסקומען אַ קראַנקהײַט. אַ קראַנקהײַט, האָט מען געוואוסט, קומט פון גאָט און די פערשימעלטע לוזשע איז געבליבען לוזשע.

ווײַטער אַביסעל פון דער לוזשע איז שוין געגאַנגען דער טײַך, וואָס דורך איהם האָט מען איבערגעפיהרט פון ביעלאָוועזש קײן דאַנציג די גרעסטע זעגעל-בוימער. נישט ווײַט פון שוהל-הויף און אַנטקעגען דעם גרויסען בית-המדרש איז געווען אין טײַך אַ רײַנער אָרט מיט אַ זאַמדיגען גרונד. האָבען זיך דאָרט מאַנסבילן געבאָדען. אויסגעטהאָן האָט מען זיך אונטער'ן פרײַען הימעל. די זאַכען האָט מען געלעגט אויף די ברעטער, וואָס די האָלצהענדלער האָבען דאָרט געהאַט, און חענען גנב'ענען זאַכען אָדער זײַנערלעך האָט מען גאָר קײן בעגריף נישט געהאַט.

מען האָט זיך אויסגעטהאָן, אײַנגעפּאַקט די זאַכען אין קאַפּאָטע, אָדער גאָרנישט אײַנגעפּאַקט און אַזוי געבאָדען זיך, שעה'ען-ווײַז. דערנאָך איז זיך יעדער געקומען צו זײַנע זאַכען.

די ווײַבער האָבען זיך געבאָדען ווײַט פון די מאַנסבילן, אָבער דאָרט איז געווען דאָס וואַסער כמעט ווי נעבען באָד: פלאַך, קויטיג און פערשימעלט. ווײַטער, אַרויף-וואַסער, איז געווען רײַנער. דאָרט האָט דאָס האָלץ געשוואומען. אָבער אַהין איז געווען ווײַט צו געהן און ווידער איז שוין דאָרט געווען ערטערווײַז טיעף דאָס וואַסער.

אײַגענטליך, נאָך מײַן איצטיגען שכל, האָבען די מענער זיך בעדאַרפט טוישען מיט די ווײַבער. די מאַנסבילן האָבען זיך בעדאַרפט

באָדען דאָרט, וואו די ווייבער, וואָרום זיי וואָלטען זיך נישט געפוילט און וואָלטען אַוועק צו דעם ריינעם וואַסער, וואָס איז פאַר די ווייבער געווען צו-ווייט און צו-טיעף, און די ווייבער וואָלטען זיך נישט בעדאַרפט באָדען אין אַזאַ קויט און שרעקליכער שמוץ. דעמאָלט זענען נאָך אָבער די מאַנסביל נישט געווען אַזוי ריטעריש געשטימט, אַז זיי זאָלען געהן פערזאָרגען די ווייבער מיט ריין וואַסער צום באָדען זיך.

קאַמעניצער זענען געווען בעריהמטע שווימערס. דער טייך האָט אין איין זייט געהאַט אַ שמאָל, טיעף, שטיל וואַסער, וואו די יונגלעך האָבען זיך געקענט שווימען אַ וויאָרסט אָדער צוויי ווייט, און אַז איינער איז מיער געוואָרען שווימענדיג, פלעגט ער זיך גלייך אַראָבגעהן אויף דער לאָנקע, וואָס ביי ביידע זייטען טייך, האָט זיך אָבגערוהט און ווייטער געשוואומען.

נעבען דער באָד איז געשטאַנען דער הקדש. דאָס איז נישט, חלילה, פאַר קראַנקע, נאָר פאַר די אורחים, פאַר די אָרימע לייט, וואָס פלעגען דורכפאָהרען די שטאָדט, האָבען זיי זיך דאָרט אויפגעהאַלטען. דאָרט האָבען זיך שטענדיג געפונען אַ דריי-פיער פאַמיליעס אָרימע-לייט.

די מראה פון הקדש איז געווען אַן'אימה'דיגע. עפּעס אַן'אַלטע חורבה מיט אַ צובראָכענעם דאַך, מיט אויסגעבראָכענע שויבען, פערשטאָפּט מיט שוואַרצע שמוציגע שמאַטעס און מיט אַ צובראָכענער טהיר. דאָרט האָט מען פיעל מאָל געוואוינט מיט קליינע עופה'לעך. עס איז אונבעשרייבליך, און איך קען מיך נאָך איצט נישט דערמאָהנען אָהן אַ שוידער. אָן דער פערקומערטקייט, אָן דעם אומעט, אָן דעם שרעקליכען דלות פון די גרויסע נפשות מיט די קליינע נפשות'לעך, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען און קיינער פון די „פני" און די בעלי-בתים, די גרויסע דעות-זאָגער אין שטאָדט, האָבען זיך נישט אומגעקוקט אויף דעם הקדש, פונקט ווי ער וואָלט אַזוי בעדאַרפט זיין.

דער רב איז געווען אַ גרויסער בקי אין ש"ס און פוסקים, אויך אַ גרויסער יחסן — דעם יסוד-שורש-העבודה'ס אַן'אייניקעל. זיין פאָטער איז געווען ר' יחזקאל, דעם ווילנער גאון'ס אַן'אייניקעל און ר' שמואל פינסקער גליל רב'ס אַ זוהן. האָט ר' יחזקאל מיט זיין ווייב, דעם

גאונ׳ס טאָכטער, אָבגעריכט גלות. זיי פלעגען געהן צו־פוס איבער די דערפער, ווינטער אין זומער־קליידער און זומער אין פעלצען, געגעסען ברויט מיט וואַסער און געשלאָפען אויף דער ערד.

איז ר׳ יחזקאל׳ס ווייב פון אַזאַ אָבקומעניש געשטאָרבען. האָט ר׳ יחזקאל גענומען ר׳ שמחה, דעם גראָדנער רב׳ס טאָכטער. דער ר׳ שמחה האָט געמאָהנט ביים פירשט ראַדזיוויל הונדערט־טויזענד דוקאַטען, וואָס יענער האָט ביי איהם געליהען. פאַר׳ן מאָהנען האָט איהם ראַדזיוויל געוואָלט פעראַרעסטירען. איז ר׳ שמחה אַנטלאָפען און געוואָרען גראָדנער רב. ר׳ יחזקאל האָט געהאַט פיער זיהן, אַלע זענען געוועזען גאונים, רבנים אין אַנדערע שטעדט, און איינער פון זיי איז געוועזען קאַמעניצער רב.

שכירות האָט ער גענומען דריי רובל אַ וואָך און איז געזעסען ימים ולילה און געלערנט. קינדער האָט ער געהאַט פינף זיהן און איין טאָכטער, וואָס האָבען געלעבט אין גרויס דחקות. די רבי׳צין איז צוגעשטאַנען צום מאַן, אַז ער זאָל בעטען אַ הוספה חאָטש נאָך אַ רובל אַ וואָך, אָבער ער האָט אַלץ נישט געוואָלט בעטען. דערנאָך, אַז זי האָט איהם שוין פיעל דאָקוטשעט, האָט ער אָנגעהויבען צו ריידען מכח דעם, אַז מען זאָל איהם געבען אַ הוספה אַ רובל אַ וואָך.

ער האָט געדאַרפט לאַנג ריידען און בעטען. לסוף האָט מען געמאַכט אַנ׳אסיפה גדולה אין אַלטען בית־המדרש. און עס איז געבליבען, אַז יעדער בעל־הבית, פון די רייכערע, זאָל געבען פון ליכט־בענשען אַ קאָפּיקע פאַר׳ן רב׳ס־וועגען? פלעגט אַ שמש געהן אַלע פרייטאָג און קלייבען די קאָפּיקעס, פון וועלכע מען האָט מיט צרות צונויפגעשלאָגען דעם רובל, וואָס איז לסוף שוואַכער געוואָרען. אַזוי האָט דער רב געלעבט דאָס גאַנצע לעבען אין דחקות.

אַז ער האָט בעדאַרפט חתונה מאַכען אַ קינד, פלעגט ער פאָהרען צו זיין רייכע פאַמיליע. דאָרט האָט מען איהם געגעבען אויף חתונה־הוצאות.

---

קאַמעניץ האָט געהאַט ליעב מגידים און חזנים. אַלע מגידים,

וואָס פלעגען אַמאָל אַרומפאָהרען איבער דער מדינה זאָגען מוסר פאַר'ן עולם, האָבען קאַמעניץ נישט אויסגעמידען. און אַזוי אויך די חזנים, וואָס פלעגען אַרומפאָהרען מיט די משוררים איבער די שטעדט און שטעדטליך פערדינען געלד, זענען געקומען אויך אין קאַמעניץ.

פלעגט קומען אַ מגיד אין שטאָדט, האָט ער זיך צום ערשטען געמאָלדען צום רב און אויפגעגעבען, אַז ער וויל, למשל, מאַכען אַ הספד אויף דעם און דעם רב, אָדער צוויי, דריי רבנים, וואָס זענען, צום ביישפיעל, אין דעם יאָהר געשטאָרבען. געוועהנליך, האָט דער רב געוואָלט, מען זאָל מספיד זיין, און האָט געשיקט צום גבאי פון גרויסען בית-המדרש אָנזאָגען, אַז עס איז דאָ אַ מגיד. דער שמש האָט שוין אויסגערופען אין בית-המדרש, אז אין דעם טאָג וועט צווישען מנחה און מעריב זאָגען אַ מגיד.

איז שוין דער בית-המדרש געווען געפאַקט מיט מענשען און אין דער ווייבער-שוהל איז אויך געווען קאָפּ אויף קאָפּ. דאָס רוב פלעגט אַזאַ מגיד אויפהויבען מיט זיין הספד אַ גרויסע יללה מיט אַ געוויין און אליין פלעגט ער זיך ממש צוגיסען: „דער רב איז געשטאָרבען, רבותי, דאָס איז שוין דער לעצטער קרבן. ווער וועט שוין איצט אויסקויפען אונזערע גרויסע זינד“! (ער האָט זיך פערגעסען, אַז עס קענען שטאַרבען נאָך צוואַנציג רבנים) האָט דער עולם געטהאָן און געוויינט.

און אַז דער מגיד האָט געקענט „מאַכען“ אַזוי פיעל מענשען צו וויינען, איז ער דאָך אַ גוטער מגיד, האָט מען איהם געבעטען אויף מאָרגען ווידער. און אַזוי־ערנאָך האָט מען ווידער געוויינט. נאָך יעדען מאָל זאָגען, פלעגט מען אויפזאַמלען געלד פאַר'ן מגיד און אַז ער איז אַוועקגעפאָהרען, איז אין דריי טעג אַרום געקומען אַ נייער מגיד מיט אַ נייעם הספד. שטעלט זיך אַרויס, אַז דער צווייטער מגיד האָט נאָך אַ בעסערן מענה-לשון, וואָס קען מאַכען ו ו י י נ ע נ ד י ג ע ר, לכן האָט די שטאָדט דעם גאַנצען יאָהר כסדר געוויינט.

אײנמאָל, געדענק איך, האָט אַ מגיד געמאַכט אַ הספד איבער דריי רבנים מיט אַמאָל. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקען כח-הדיבור, מיט עפּעס אַ קוויטשיגען קול, און ער האָט געשריען, אַז דער צדיק שטאַרבט נישט פאַר זיינע זינד, נאָר ער גערט אַוועק אַלס קרבן פאַר די זינד פון כלל-ישראל, און אַזוי ווי די דריי גאונים און צדקים זענען שוין

צוגענומען געוואָרען פאַר אונזערע זינד, זענען שוין ערשט גאָרנישט געבליבען אַזעלכע גרויסע צדקים, וואָס זאָלען קענען גענומען ווערען פאַר אַ קרבן פאַר אונזערע חטאים, וועט שוין ערשט דער רבונו-של-עולם צונעהמען די קליינע קינדערלעך אויך פון דער מוטערס שוים. דאָס אַלץ האָט ער אויסגעלאָזען מיט אַ שרעקליכען קוויטש. האָבען זיך אַלע צעוויינט אויפ'ן קול. מען וועט שוין צונעהמען די קליינע קינדערלעך אויך!... און די ווייבער האָבען שיער נישט גע'חלש'ט, וויינענדיג.

איך האָב אויך געהאַט אַ קליין שוועסטעריל, פייגעלע האָט זי געהייסען, אַ קינד פון אַ יאָהר, מיט שענע העהרעליך. איך האָב זי זעהר האָלט געהאַט, און אַז איך האָב דערהערט, אַז גאָט וועט שוין צונעהמען די קליינינטשקע קינדערלעך, איז דאָך מיין ליעב שוועסטער'ל אויך... האָב איך זיך אַזוי פונאַנדערגעוויינט, אַז איך בין אַזש געפאַלען אויף דער ערד און געבליבען אָהן כחות.

דער מגיד איז אַוועקגעפאָהרען און גאָט האָט געהאָלפען, עס איז אַוועק אַנ'עפּידעמיע פון מאָזלען און אַ סך קליינע קינדער זענען געשטאָרבען, און טאַקע בתוכם מיין שוועסטער'ל אויך. די שטאָדט איז געוואָרען בייז אויף דעם מגיד, מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט זי פערשאָלטען. האָט מען איהם געוואָלט יאָגען און ברענגען קיין קאַמעניץ, זיך אָבּרעכענען מיט איהם, נאָר דאָס האָט נישט געלונגען, און אָט אַזוי האָבען, נעבעך, אונזערע קאַמעניצער יודען, שטענדיג געוויינט.

עטליכע מאָל אין יאָהר פלעגט קומען אויף אַ שבת אַ גרויסער חזן מיט משוררים. פון זיי פלעגט שוין זיין פרעהליך אין שטעדטיל. דורכגעפאָהרען זענען אַזוינע חזנים, ווי ר' ישראל שקודער, ר' ברוך קאַרלינער, יאָשע פינסקער און נאָך, און נאָך. אַזאַ חזן פלעגט נעהמען פינף-און-צוואַנציג רובל פאַר אַ שבת.

דעם חזן פלעגט שוין שטענדיג דער זיידע בעטען צו זיך אויף שבת, און די משוררים האָבען געגעסען ביי אַנדערע גרויסע בעלי-בתים. שבת-צו-נאַכט פלעגט שוין דער זיידע מאַכען אַ מין זמירות, פעררופען די גרעסטע בעלי-בתים פון שטאָדט, מען האָט געטרונקען טהיי, געגעסען מלוה-מלכה, און דער חזן מיט די משוררים האָבען

געזונגען ביז אין טאָג אַרײַן. אויפ'ן צווייטען אָווענד איז דאָס אײַגענע געװען בײַ טרינקאָווסקי'ן. אַ דריטען אָווענד בײַ דוד-יצחק'ן א. ז. וו. יעדער בעל-הבית פלעגט דערווײַל אַרײַנרוקען דעם חזן אַ זילבערנע מטבע און אַזוי פלעגט אַ חזן אָוועקפאָהרען פון קאַמעניץ אַ זאַט, אַ מיט געלד.

געווען אַ מנהג אין שטאָדט, אַז דער בחור, וואָס האָט חתונה און פאָהרט אַרויס אין אַנ'אַנדער שטאָדט אויף קעסט, באַדאַרף זיך זעגענען פאַר דער חתונה מיט אַלע חשובה בעלי-בתים. דער שמש פון גרויסען בית-המדרש פלעגט געהן מיט דעם חתן אין אַלע הײַזער זיך זעגענען.

אַ חופה פלעגט מען שטעלען נעבען גרויסען בית-המדרש. און דער רב, וואָס האָט געוואוינט דערבײַ, פלעגט קומען מסדר קדושין זײַן. יעדער חתן האָט געמוזט זאָגען אַ דרשה בײַם קבלת-פנים, בײַם באַדעקענס. האָבען זיך שוין די חתנים מיט אַ פאָר חדשים פריהער געלערנט די דרשות. געוועהנליך, האָבען זיך די בעסערע יונגלעך צוגעגרייט מיט גרויסע דרשות און מיט פלפול. אפילו די פּראָסטערע בחורים-חתנים האָט מען אויך אויסגעלערנט עפּעס אַ דרשה צו זאָגען. זאָל זײַן אַ קליינע דרשה, אַ גרינגע דרשה, אַבי אַ דרשה. מען זאָל נישט די דרשה-געשאַנק וואַרפען אומזיסט. דאָס איז טאַקע געווען אמת'ע דרשה-געשאַנק.

---

דער בית-עולם איז געווען גענוג גרויס, לויט דער „סקאַזקע". אָבער אַזוי ווי די נישט-אײַנגעשריבענע אין דער „סקאַזקע" זענען אויך געשטאָרבען, האָט מען טאַקי באַדאַרפט אַ גרעסערן בית-עולם.

ער איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקאַן, געוועהנליך, אַ הילצערנער און מצבות זענען געווען אַלע כמעט פון איין פאָרם: פּראָסטע שטיינער, נישט קיין גרויסע, מיט אַנ'אויסגעקריצטען טיטול.

פאַר פסח, אין די גרויסע געוויסערן, האָבען גרויסע וואַסערן דורכגעפלייצט דעם בית-עולם, דורכגעריסען די מצבות און דורכגעשווײַנקט די קברים, דוקא פון די מיוחסים. ווײַטער אַ ביסעל איז געווען דער פּלאַץ העכער, דאָס וואַסער האָט נישט געקענט אַהין קומען,

האָבּען אָבּער די קאַמעניצער געהאַלטען דעם אָרט פאַר פּחיתות הכּבוד, און דוקא דאָרט, וואו דאָס וואַסער האָט שטענדיג דורכגעשוויינקט, האָט מען מקבר געווען די אַלע יחסנים. דערויף האָט מען עפּעס נישט געקוקט. זיי איז געווען געפעלען בּעגראָבּען צו ווערען אין דער-נידער. פאַרוואָס, ווייס איך עד-היום נישט.

קיין חברות, ווי היינט, זענען נישט געווען, אויסער איין חברה קדישא. זיי פלעגען נעהמען געלד פון די נגידים, און עס האָט זיי נישט געפעהלט קיין בּרויט מיט בּאָרשט. דער מקח פאַר נגידים איז געווען פון דריי בּיז צעהן רובּל. איך געדענק, אַז עס איז געשטאָרבּען אַ בּעוואוסטען קמצן'ס ווייב, אַזוי אַרום ערב ראש-השנה, האָט די שטאָדט געוואָלט בּיי איהם נעהמען פינף הונדערט רובּל, אָבּער ער האָט געשטעלט אַ פּרייז צעהן. איז דער מת אָבּגעלעגען דריי טעג, און דער קמצן איז געקומען צו מיין זיידען, דעם ראש-הקהל, און געשריען:

— זאַלצט זי איין... איך וועל אייך אַזוי פיעל נישט געבּען.

נאָר הונדערט און פופציג רובּל האָט ער דאָך געגעבּען. אַזאַ סומע געלד איז נאָך זינט קאַמעניץ שטעהט נישט געווען.

אַלע חול-המועד פּסח, פלעגט די חברה מאַכען אַ פאַנש. איך געדענק, מען פלעגט טרינקען הייסען מעד. עס איז געווען נישט שלעכט, און איין מאָל אין דריי יאָהר פלעגט מען מאַכען חנוכּה-צייט אַ סעודה גדולה. אויף דער דאָזיגער סעודה פלעגען זיך צונויפקומען מאַסען מענשען. געגעסען האָט מען גרויסע פּאָרציעס פיש און געזעגנס. איינער פון די גבּאים פון חברה-קדישא האָט געהאַט אַ גרויסען בּויך, און איז געווען אַ גרויסער עסער, האָט ער געוואוסט, אַז דאָ איז אַן אָרט, וואָס מען קען עסען וויפיעל מען וויל. אָבּער וואָס טהוט מען, אַז עס געהט נישט מעהר? איז ער אין מיטען דער סעודה אַרויס פון שטוב, האָט אַריינגעשטעקט דעם פינגער טיעף אין האַלז און גלייך אויסגעבּראָכען דאָס געגעסענע. דערנאָך איז ער אַריינגעקומען און געגעסען אויף דאָס ניי נאָך אַ האַלבּע גאַנז.

די דאָזיגע סעודה האָט אָבּגעקאָסט אַ שלל מיט געלד.

די אַבּערגלויבּעריי אין שטאָדט איז געווען זעהר גרויס. מען האָט געגלויבּט אין שדים, אין טייוולאָנים, אין אַלע רוחות רעות. די מלמדים

פלעגען אַרייַנקלאַפּען אין די קעפּ פון זייערע תּלמידים פערשידענע מעשות פון שדים. און אויך האָבען אַלע געוואוסט וואָס עס טהוט זיך אויף יענער וועלט מיט דעם מענשען פון דעם טאָג אָן, וואָס ער שטאַרבט, ווי אַזוי עס פיהרט זיך מיט איהם באַלד ווי ער קומט אויפ'ן הימעל, פונקט ווי יעדער וואָלט עס אַלייַן געזעהן מיט די אויגען.

ווען דער מענש שטאַרבט, לעגט מען דאָך איהם אויף דער פּאָדלאָגע, נישט אויף דער בלויזער פּאָדלאָגע, נאָר אויף שטרוי. איז יעדער שטרוי שטעכט איהם ווי שפּילקעס, און באַלד קומען אַרום איהם רוחות רעות און זיי געהען מיט נאָך איהם אויף דער לויה, און אַז מען לעגט איהם שוין אַרייַן אין קבר, קומט דער מלאך הדומה און פרעגט איהם:

— מה שמך?

פערגעסט ער אָבער צום שלים-מזל. צושפּאַלט איהם דער מלאך הדומה דעם בויך און נעהמט אַרויס די קישקעלעך און וואַרפט איהם אין פּנים. דערנאָך קעהרט ער איהם איבער און שלאָגט איהם מיט אייַזערנע און געברענטע שטעקענס, מזיק'ט, פּייַניגט און צורייַסט איהם אויף פיץ-פיצלעך א. ז. וו. יעדער איז געווען אין דעם אַלעם זיכער, ווי יעדער איז, למשל, זיכער אין דעם, אַז ער לעבט אויף דער וועלט.

בייַ אונז האָט מען געטראָגען דעם מת ביז'ן בית-עולם. געוועהנליך, האָט מען זיך געביטען בייַם טראָגען און, געוועהנליך, אַזאַ שטאָדט, האָבען אַלע באַלד געוואוסט, און אַזוי ווי עס איז אַ מצוה צו בעגלייטען אַ מת, איז די גאַנצע שטאָדט געגאַנגען צו דער לויה. פאָראויס איז געגאַנגען דער קברות-מאַן, מיט דער גרויסער בלעכענער פּושקע און געקלאַפּט מיט די גרויסע ניקאָלאַיעווסקע דרייַערס און פּיעדערס, וואָס דער עולם וואַרפט, און האָט געשריען מיט אַ יאָמערדיגען קול:

— צדקה תּציל ממות!

אַ שרעק, געדענק איך, האָט דורכגענומען די בייַנער. יעדער האָט מורא פאַר די מלאכי-חבלה, וואָס דרעהען זיך דאָ אַרום דעם מת, און יעדערער האָט בערעכענט די שרעקליכע לאַגע פון דעם געשטאָרבענעם און דערבייַ האָט מען זיך דערמאָהנט, אַז דער אייגענער סוף וועט אויך אַזוי זייַן.

# צווייטעס קאפיטעל.

דער עלטער־זיידע ר' וועלוויל. — מיין זיידע אהרן־לייזער. — ר' יודעל. — אהרן־לייזער'ס יוגענד. — די חתונה. — די באבע ביילע־ראשע. — אהרן־לייזער'ס פערענדערונג. — דעם עלטער־זיידענס טויט. — דער איספראווניק. — זיינע בעציהונגען צום זיידען. — דער זיידע אלס פרנס־חודש. — דער באבעס־עצות. — דער זיידע א איסבארשטשיק. — דער שרייבער. — די מחלוקת צוליעב דעם שרייבער. — דעם זיידענס השפעה. — דער זיידע מיט די פריצים. — דער רעוויזאר. — א נייער איסבארשטשיק. — מחלוקת אין שטאדט. — דער נייער איספראווניק. — מיין זיידע ווידער איסבארשטשיק.

מיין זיידע, ר' אהרן־לייזער, איז געווען א קלוגער און א געראטענער יוד און ער האט געהאט אנ'אונגעהויערע גרויסע השפעה אויפ'ן שטעדטיל. געבאהרען איז ער געווארען אין יאהר תק"ס, 1798־טען יאהר. זיין פאטער, ר' וועלוויל־אהרנ'ס, איז געווען פרנס־חודש אין קאמעניץ. איין מאל אין דריי יאהר איז אין יענע צייטען ביי יודען אין יעדער שטאדט געוועהלט א פיהרער, וואס פלעגט בעשטעטיגט ווערען פריהער דורכ'ן איספראווניק, און דערנאך פון גובערנאטאר.

דער פרנס־חודש איז געווען דער גאנצער בעל־הבית אין שטאדט, הן אין די יודישע אינטערעסען צווישען זיך, הן אין אלע אינטערעסען, וואס די שטאדט האט געהאט מיט דער נאטשאלסטווא.

דער פרנס-חודש האט געדארפט אויפקלייבען און צושטעלען אלע שטייערן און אבצאהלונגען, וואס זענען געלעגען אויף דער קהלה, און ביי איהם האט דער איספראווניק אלץ אויפגעמאהנט. מען קען דערי־בער שוין פערשטעהן, וואס פאר א גרויסע ראליע האט געשפיעלט א פרנס-חודש אין שטאדט.

וואס אנבעלאנגט זיין מאלט, איז געווג צו זאגען, אז ער האט געהאט רעכט ביז דריי טעג ארעסטירען, און אויף מעהר ארעסט האט ער בעדארפט צו שיקען צום איספראווניק קיין בריסק, און דערביי שרייבען, אז דעם מענשען קומט, לויט זיין מיינונג, א חודש ארעסט. האט דער איספראווניק ממלא געווען דעם פרנס-חודש'ס משפט. דער פרנס-חודש האט אפילו געמעגט שמייסען אויך, א יודען, פערשטעהט זיך, חאטש קיין אפיציעלע רעכט האט ער געוויס נישט געהאט דערצו, נאר יעדער איספראווניק איז געווען אין יענע צייטען ביי זיך אין אויעזד גרעסער ווי היינט א גובערנאטאר, און ער האט שטענדיג געגעבען דעם פרנס-חודש א גרויסע ממשלה. וואס דער פרנס-חודש האט געטהאן, האט אלץ דער איספראווניק בעשטעטיגט.

איז געווען א געשיכטע אין ווילנער גובערניע, אז א פרנס-חודש, א מתנגד, האט געשמיסען א חסידישען רבי, וועלכער איז געקומען אהין צו די חסידים, און עס האט נישט געהאלפען דאס חסידישע וויינען און בעטען.

חאטש דאס געזעץ האט געזאגט, אז א פרנס-חודש דארף אויסגע־וועהלט ווערען איין מאל אין דריי יאהר, דאך האט דער איספראווניק נישט געקוקט דערויף און האט דעם ערשטען מאל געהייסען וועהלען דעם, וואס איז איהם געפעלען און אזוי איז יענער שוין פערבליבען אויף וויטער, ווי לאנג ער האט געהאט חן ביים איספראווניק.

דער עלטער-זיידע ר' וועלוויל איז געווען דאס גאנצע לעבען פרנס-חודש אין שטאדט, און איז געווען א יוד א נגיד: זיין פערמעגען האט מען געשאצט אין דריי טויזענד רובל. נאר געלעבט האט ער נאר אויפ'ן בריטען אופן. ער האט געהאט אנ'איינענעם ברייזעל צו מאכען בראנפען, קיין אקציז איז נאך דעמאלט נישט געווען, פלעגט ער לייזען צוועלף גראשען א טאפ בראנפען. אין די שפעטערדיגע יאהרען איז געווארען ביז אכצעהן גראשען א טאפ. געוועהנליך, צום

ברויז האָט מען בעדאַרפט האָבען בהמות, עס איז דאָך געווען בראַגע פון ברויז. האָט ער געהאַט אַ צעהן-צוועלף קיה, וואָס האָבען געגעסען בראַגע און יעדע בהמה האָט געגעבען אַ פיער טעפּ מילך אַ טאָג. פון די מילך און די קעז און די פוטער האָט מען זיך ממש נישט געהאַט וואוהין צוטהאָן, אויך האָט ער געהאַנדעלט מיט וואַלד, פלעגען די לעסניטשעס ברענגען האָניג פון די בינשטאָקען. ער האָט אויך געהאַלטען די קאַראָבקע אין שטאָדט, און בּיי איהם האָט זיך פראָסט געגאָסען פון חלב ודבש, און בשר אויך. בּיי איהם אין הויז איז געווען אַזאַ „פּ ר ע ס אַ ר נ י ע”, וואָס מען קריגט עס זעלטען.

דער עלטער-זיידע איז אין נאַטור געווען אַ סך אַ ווייכערער, איידער דער זיידע, און צו די אָרימע קלאַסען מענשען ווי: בעלי-מלאכות, מלמדים האָט ער זיך בעצויגען מיט רחמנות. די גאַנצע שטייערן און אַלע אָבצאָהלונגען האָט ער אָנגעוואָרפען אויף די בעלי-בתים חשובים, און גראָדע נאָר אויף די תקיפים פון שטאָדט האָט ער אָנגעלעגט אַמ־מייזנסטען די צאָהלונגען.

זיין ממשלה האָט דערגרייכט אומעטום. ווען מען האָט נישט געוואָלט געהן צו אַ דין-תורה, האָט ער יענעם געשיקט רופען און אָנגעזאָגט דערביי:

— איך גיב דיר צייט דריי טעג צו האָבען מיט דיין בעל-דבר אַ דין-תורה.

און יענער האָט שוין געמוזט געהן.

געווען אַ פאַקט מיט איינעם א ר. מ., אַ גביר און אויך אַ גרויסער למדן, נאָר זעהר אַ שלעכטער מענש, וואָס האָט זיך נישט גאָר אָרענטליך בעגאַנגען מיט די, וואָס האָבען מיט איהם געהאַנדעלט. ער האָט מיט קיינעם נישט געוואָלט געהן צום דין-תורה, האָט מען איהם אָפטער אָנגעקלאָגט פאַר'ן פרנס-חודש, מיין עלטער-זיידען, האָט ער געשיקט רופען די אָנקלאָגערס און זיי געזאָגט:

—איהר זאָלט איהם אַלע רופען צום דין-תורה. און נישט בלויז פאַר דאָס יאָהר. די סכסוכים, וואָס איהר האָט נאָך אַמאָל געהאַט מיט איהם און ער האָט זיך אָבגעזאָגט פון אַ דין-תורה, קענט איהר איצט אויסגלייכען. מיט איין וואָרט, איצט קענט איהר בּיי איהם מאָהנען, און ער וועט שוין בּיי מיר געהן צום דין-תורה.

דער עלטער-זיידע האט איהם באלד געשיקט רופען, נאר יענער האט זיך געמאכט נישט וויסענדיג. האט ער געשיקט זיינע דיעסיאטניקעס, דריי יודען, חצקיל, מאשקע און אהרן-ליב, און מע האט איהם געבונדען מיט שטריק די הענד מיט די פיס ביי איהם אין שטוב, און קיינער האט נישט געהאט קיין העזה צו שטעלען זיך געגען. וואָרום מען האט געוואוסט, אז אויב מען וועט זיך ווערהרען, וועט באלד זיין גאנץ פאליציי אין שטוב. דעם געבונדענעם ר. מ. האט דער פרנס-חודש אבגעשיקט צום איספראווניק מיט א בריעף, אז יענער זאל איהם אריינזעצען און לאזען זיצען אזוי לאנג, ביז ער וועט זיך בעטען אין א בריעף צום זיידען, אז מען זאל איהם ארויסלאזען.

מען קען זיך פארשטעלען, אז אזא שענעם יודען, א גביר און א למדן, און א יחסן האט מען געבונדענערהייד געפיהרט פון זאסטאוויע דורכ'ן שטאדט אין דער בריסקער גאס אריין. עס איז געווארען א מהומה, א מישמאש. די גאנצע פאמיליע זיינע האט זיך צונויפגעזאמעלט, און דער טומעל איז געוועזן גרויס. נאטירליך, איז דאס געוועזן א גראב שטיקעל ארבייט, הגם פאר אמאליגע צייטען איז עס געוועזן חאראקטעריסטיש. דער שטאדט האט, פערשטעהט זיך, פערדראסען די מעשה, עס האט געראושט און גע'רעש'ט, נאר פונדעסטוועגען בעפרייען איהם מיט געוואלד האט קיינער די העזה נישט געהאט. און מען האט איהם אבגעפיהרט קיין בריסק, וואו ער איז פעסט ארייגעזעצט געווארען.

האבען זיך אויפגעהויבען גאנץ זאסטאוויער יודען און אנגעשריבען א פאפיר צום איספראווניק אויפ'ן פרנס-חודש, אז ער טהוט אין שטאדט וואס ער וויל און מען קען פון איהם נישט לעבען. נאר מיט א פאפיר אליין האט מען זיך נישט בענוגענט. פינף פארשוין מיט געשליפענע צינגער זענען אוועקגעפאהרען צום איספראווניק. דער איספראווניק האט זיי אויפגענומען קאלט און געזאגט:

— עס וועט אייך גארנישט העלפען, און אז איהר וועט אפילו אנגעבען צום גובערנאטאר, וועט ער דאך אויך אנפרעגען ביי מיר, וועל איך איהם זאגען, אז דער פרנס-חודש איז א בראווער יוד. און, זעהט איהר, פאר דער העזה, וואס איהר זענט זיך געקומען קלאגען, וועל איך אייך אנלערנען, — און האט זיי אין די אויגען צוריסען דאס פאפיר.

ר. מ. איז אַזוי אָבגעזעסען צוויי וואָכען, ביז ער האָט געבעטען דעם איספּראַווניק, ער זאָל איהם ערלויבען אָנשרייבען אַ בריעף צום פּרנס-חודש און איהם איבערבעטען. האָט ער געשריבען, אַז ער וועט מיט אַלעמען געהן צו דין-תורה אפילו פאַר די אַמאָליגע סכסוכים. און בכלל וועט ער פון היינט אָן מיט אַלעמען געהן צו דין-תורה. דעמאָלט האָט דער פּרנס-חודש געשיקט אַ בריעף צום איספּראַווניק, ער זאָל דעם ר. מ. פריי לאָזען. דער בעפרייטער איז געקומען גלייך פון בריסק צום זיידען און איהם געגעבען אַ תקיעת-כף פאַר צעהן מענשען, אַז ער וועט מקיים זיין, וואָס ער האָט געשריבען אין בריעף.

מיט די פינף זאַסטאַוויער עזות-פנים'ער האָט ער זיך אויך אָבגערעכנט. ער האָט געשטעלט יעדערן צו צאָהלען פינף-און-זיבעציג רובל פּאָדאַטקעס, אָנשטאָט אַ רובל אָדער צוויי. אַזאַ גרויסע סומע געלד אין יענער צייט האָט מען נישט געקענט באַלד אַריינטראָגען. אַגב ווילט זיך דאָך אויך נישט.

און אין איין שעה צייט זענען שוין אַלע בעבעלעס מיט אַלע כלי-בית געווען אין קהל-שטוב. נאָך פיעל געוויינען און בעטען האָבען זיי געגעבען יעדער צו פינף-און-צוואַנציג רובל און דאָס געלד האָט ער אָוועקגעגעבען אויף קויפען ש״ס'ן אין גרויסען בית-המדרש.

אין אַלע סכסוכים צווישען מאַן און ווייב, פאָטער מיט קינדער, ברידער מיט שוועסטער, איז מען געקומען צו איהם. אין אַזוינע פעלען האָט ער שטענדיג פערופען קלוגע בעלי-בתים און מיט זיי זיך מיישב געווען. און אַמאָל, ווען עס איז געווען אַ שווערער סכסוך, האָט ער גערופען צו זיך דעם רב. און זיין פּסק איז געווען גלייך ווי פון גובערנאַטאָר.

מיט יתומים פלעגט ער זיך שטאַרק אינטערעסירען. ער האָט נאָכגעקוקט, אַז זיי זאָלען נישט ווערען בעליידיגט פון די שטיף-מוטערס, און האָט ער געפונען אַ רשעת פון זיי, האָט ער זי אַריינגעזעצט און געהייסען דערנאָך, נאָכ'ן בעפרייען, אַז מען זאָל זי אין בית-המדרש אויך נישט אַריינלאָזען. דאָס האָט גענומען, און דאָס רוב פלעגט אַזאַ קומען מיט געוויינען און צוזאָגען, אַז זי וועט שוין זיין בעסער צו די יתומים, וועלכע זי האָט איבערגעבעטען — און געוואָרען שלום.

ער איז געווען אַ למדן און האָט אַלע טאָג געלערנט אין דער-

הײַם אַ בלאַט גמרא. אין מדרש איז ער געווען קלאָר אויסווענדיג, און אַלע ערב ראש-חודש פלעגט ער פאַסטען און אָבריכטען חצות.

ער האָט אויך אָבגעהיט אַלע יודען פון די פּריצים, אַז קיינער זאָל נישט בעליידיגט ווערען. ווען אַ יוד האָט געהאַט אַן׳עולה פון אַ פּריץ, איז ער געגאַנגען צום פּרנס-חודש און דער פּרנס-חודש האָט די פּרעטענזיע באַלד איבערגעגעבען צום איספּראַווניק, און מען האָט זיך געסטאַרעט, פיעל עס איז אויפצוטהאָן דערין, פערשטעהט זיך, אויף וויפיעל מען קען אויפטהאָן ביי אַ פּריץ. צוליעב דעם, וואָס דער עלטער-זיידע איז געווען בעליעבט ביי „נאַטשאַלסטוואָ”, האָט ער גע-האַט לפי ערך אַ געוויסע מאַכט ביי די פּריצים.

אַליין האָט ער מיט די פּריצים וועניג מגע ומשא געהאַט, קיין בעזונדערע געשעפטען מיט זיי האָט ער נישט געפיהרט, נאָר ווען ער האָט בעדאַרפט בעטען פאַר אַ יודען ביים פּריץ, פלעגט ער פאָהרען צו איהם און דאָס רוב פּועל׳ן.

ביי איהם אין שטוב פלעגט רוישען פון מענשען. דאָס זענען אַלץ געווען אָרימע, אביונים. אַז בראָנפען האָט געקאָסט אַכצעהן גראָ-שען אַ טאָפּ, און געבראָטענע קעלבערנע פריידיקלעך פלייש צו פער-בייסען נאָכ׳ן שנאַפּס האָט געהאַנגען שטענדיג אויפ׳ן בוידעם, האָט געלוינט ביי איהם צו זיצען, און זיי אַלע זענען איהם טאקע געווען איבערגעגעבען ביז גאָר.

אָבער די גרעסערע בעלי-בתים זענען איהם געווען דם-שונאים פאַר זיינע תקיפות און פאַר זיין רייסען געלד ביי זיי, וויפיעל ער האָט געוואָלט.

דער רב פון שטעדטיל איז געווען אַ יוד אַ גאון, און דער על-טער-זיידע האָט איהם שוין געגעבען גענוג צום לעבען. עצות פלעגט ער זיך האַלטען נאָר מיט׳ן רב, וועלכער פלעגט שטענדיג קומען צו איהם אויף טהיי. לפי ערך איז אין זיין צייט געווען אין קאַמעניץ אַן׳אָרדנונג, און יודען האָבען מעהר אָדער וועניגער געלעבט בשלום. אַלס פּרנס-חודש איז אפשר ר׳ וועלוויל-אהרון׳ם געווען דער בעסטער און דער אָרענטליכסטער.

קינדער האָט ר׳ וועלוויל געהאַט צוויי זיהן און צוויי טעכטער. דער עלטערער זוהן, אהרן-לייזער, מיין זיידע, וואָס איז אייגענטליך די

צענטראלע פיגור פון מיינע זכרונות, האט זיך ארויסגעוויזען פאר א זעהר געראטען יונגעל. לערנען האט ער אפילו נישט געוואלט און האט געמעגט נישט וועלען, ווייל דער פאטער האט איהם זעהר געפיעשטשעט און די מלמדים האבען מורא געהאט פאר איהם אימת־המלכות, און אז ער האט נישט געוואלט לערנען איז אויך נישט געווען זיי׳ער דאגה.

דערום איז דער זיידע אהרן־לייזער ארויסגעקומען נישט קיין למדן, חאטש ער האט געהאט דעם טייערן גוטען קאפ. ער האט אפילו נישט געקענט קיין גמרא, אזוי וויט האט ער נישט געוואלט לערנען און אזוי וויט האט מען איהם נאכגעגעבען און צולאזען. ער האט ליעב געהאט צו לערנען עשרים־וארבעה, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס לערנען תנ״ך איז דעמאלט געווען אפיקורסות. אמאל פלעגט ער אריינקוקען אין א פרק משניות און עין־יעקב.

אז ער איז אלט געווען עלף יאהר, האט ער חתונה געהאט מיט ר׳ יודיל׳ס טאכטער, פון סעמיאטיטש, גראדנער גוב.

ר׳ יודיל איז געווען א גרויסער למדן און האט קלאר אויף אויסווענדיג געוואוסט א פאר הונדערט בלאט גמרא נזיקין, דערצו איז ער אויך געווען א חקרן און האט געלערנט פיעל אסטראנאמיע פאר יענער צייט. לויט זיין פראפעסיע איז ער געווען א לייפציגער סוחר און צוויי מאל אין יאהר פלעגט ער פאהרען קיין לייפציג אין אנ׳אייגענער בויד מיט דריי פערד און א קוטשער. מיט זיך פלעגט ער פיהרען א גרויסען קאסטען מיט זילבער־געלד און א קליין קעסטעל מיט רענדלעך און דערצו פערשידענע גמרות מיט פערשידענע חקירה־ספרים און אויפ׳ן וועג פלעגט ער לערנען. ער האט געהאט א שוואכקייט צו דעם אינסטרומענט, וואס הייסט קלארנעט, אויף וועלכען ער האט מארנע ליעב געהאט צו שפיעלען.

דערנאך האט ער אויפגעהערט צו האנדלען מיט לייפציג און איז געווארען א מיליטער־פאדריאטשיק. דעמאלט פלעגט ער אפט זיין אין פעטערבורג, פלעגט ער שטענדיג דערצעהלען מעשיות פון דארטען און פון קיסר מיט זיין פאמיליע. נאך זיין טויט בין איך אלט געווען צוועלף יאהר. געדענק איך, אז זוכענדיג ביי איהם אין די שופלאדען, האבען מיר געפונען בריעף פון פאדריאדטשיקעס פון גאנץ ווילנער אקרוג, אין

אנדערע בריעף איז געווען געשריבען, אז זיי, די פאדריאדטשיקעס, גיבען איהם איבער זייערע פרעטענזיעס, וואס זיי מאהנען ביי קאזנא און ער זאל פאהרען קיין פעטערבורג דאס אויפמאהנען. עס זענען אויך געווען בריעף פון פערשיעדענע שטעדט, אין וועלכע ער איז געבעטען געווארען אריבערצוציהען זיך צו זיי אין די שטעדט, וואו זיי ווילען איהם אבגעבען גרויס כבוד. ער איז שוין דעמאלט געווען אויף דער עלטער.

דאס יונגע פאר-פאלק, ד. ה. מיין זיידע מיט דער באבע'ן זענען געווען אין עלטער פון עלף און צוועלף יאהר, און קעסט האבען זיי געגעסען ביים עלטער-זיידען אין קאמעניץ.

דער זיידע אהרן-לייזער, זענענדיג א גרויסער שטיפער, פלעגט ער זיך הוידען אין די הייזער, וועלכע מען האט געהאלטען אין אויפבויען. נאר די באבע, וואס האט איהם געהיט און מורא געהאט פאר זיין הוידען זיך, פלעגט איהם נישט לאזען. פלעגט ער זיך בעהאלטען פון איהר און געהן ערגעץ וויטער, אז זי זאל איהם נישט געפינען. איינמאל, האט זי דערצעהלט, האט זי איהם לאנג געזוכט און קוים מיט צרות ערגעץ געפונען. ער איז דעמאלט געזעסען אויף א הויכען ברעט און געהוידעט זיך, און אז ער האט זי דערזעהן, האט ער זיך דערשראקען און האט א שפרונג געטהאן. פון דעם שפרונג איז ער נעפאלען און האט זיך גוט צושלאגען. האט דאס „ווייב" אנגעהויבען וויינען, און ער האט איהר דעמאלט געשוואוירען, אז ער וועט זיך שוין מעהר נישט הוידען. צו צוועלף-דרייצעהן יאהר איז ער געווען זעהר א צולאזען און ווילד יונגעל. די באבע איז אבער געווען זעהר א קלוגע, נישט נאך איהרע יאהרען נאך, האט זי איהם פארזיכטיג און פאמעלעך אבגעוועהנט פון א סך שטיפעריען און צולאזענקייט. אז זיי זענען געווארען נאך דער חתונה פאטער און מוטער, האט זי איהם געזאגט, אז איצט דארף ער שוין אנהויבען פיהרען א שטאט, ווי עס פאסט פאר א פאטער פון קינדער, און אזוי ווי צום טאטען קומען דאך אזוי פיעל מענשען, וואס צווישען זיי געפינען זיך אנדערע גאר געהויבענע און עס ווערט גערעדט אין שטוב פון אזוי פיעל שטאדטישע ענינים, טא דארף ער זיך אנהויבען אריינצומישען אין דעם טאטענ'ס געשעפטען, מעשה מענש. האט ער איהר געפאלגט. און איהר צו פערדאנקען,

איז ער געוואָרען אַ מענש, האָט זיך אָנגעהויבען מישען אין דעם פאַמערם ענינים און אין שטאָדטישע ענינים, און האָט לפי ערך נושא-חן געווען בײַם עולם.

דער פאָטער ווידער איז געווען זעהר צופריעדען, וואָס זײַן זוהן אהרן-לײַזער, האָט אָנגעהויבען פיהרען אַ שטאַט און ער האָט שוין מיט וועמען צו רײַדען און אויסצופיהרען אַמאָל אַ שטאָדטישען ענין, וואָס פערנעהמט דאָס רוב זעהר פיעל צײַט. ער האָט נאָך געהאַט אײַגענע געשעפטען אויך. האָט ער אָנגעהויבען ביסלעכווײַז איבערצוגעבען דעם זוהן אַלע שטאָדטישע עסקים. ער האָט געזעהן, אַז דער זוהן ווערט מעהר לײַט און אַז פאַר דעם יונגען בעל-הבית׳ל הויבט מען אָן צו קריגען דרך-ארץ. אײַנמאָל האָט ער אַפילו פאַר אַ גרויסען עולם זיך אַרויסגעזאָגט:

— איך זעה, אַז איך האָב אויף וועמען איבערצוגעבען די שטאָדט (פונקט ווי די שטאָדט מיט די מענשען וואָלטען געווען זײַן אײַגענטום).

אַזוי האָט זיך דער זיידע, אהרן-לײַזער, אָנגעהויבען מישען אין אַלע שטאָדט-ענינים, איז געוואָרען אַ שטאָדט-מענש, וואָס איז געווען דער פונדאַמענט פון זײַן שפּעטערדיגער קאַריערע.

די באָבע, בײַלע-ראַשע, איז געווען, ווי מען האָט אַמאָל געזאָגט — קלוג, גוט און איידעל. זי, דאָס יונגע ווײַבעל, האָט זיך אַלץ צוגעקוקט, ווי איהר מאַן פיהרט זיך, און פאַר מענשען אין די אויגען האָט זי זיך גאָרנישט געמאַכט וויסען, אַז זי פערשטעהט עפּעס. זי האָט איהם נישט אָנגעוויזען, ווען ער האָט געהאַלטען בײַם טהאָן די גרעסטע נאַרישקײַט, ווי אַ יונגעל. נאָר בײַ זיך אין צימער האָט זי איהם אויפגעוויזען אַלע פעהלערן, וואָס ער האָט פאַר׳ן טאָג אָבגעטהאָן. נאָר פריהער פאַר׳ן אויפווײַזען, האָט זי איהם איבערגעבעטען און דערבײַ צוגעוואָרפען, אַז ער זאָל נישט נעהמען פאַר אומגוט, וואָס זי, אַ יודענע, לערנט איהם, אַ מאַנסביל, ווי צו טהאָן, און ווי צוּבּעגעהן זיך.

— אָבער דו ביזט דאָך נישט מעהר ווי אַ מענש, — האָט זי מיט איהם שטיל אײַנגעטענה׳ט, און דערצו נאָך יונג. יעדער מענש קאָן טהאָן אַ נאַרישקײַט. לכן איז גוט, אַז איך קוק זיך צו אויף דײַן

פיהרונג מיט אויגען פול ליעבע און וויל דיר מעהר נישט אנווייזען, וואס דו האסט געטהאן גוט, און וואס שלעכט.

און אזוי כסדר, און ווייטער, רוהיג און שטיל האט זי מיט איהם איינגע׳טענה׳ט.

איהרע גוטע קלוגע רייד פלעגען דעם יונגען בעל-הבית׳ל אזוי צונעהמען, אז ער פלעגט אפטמאל אנהויבען וויינען. דעמאלט פלעגט די באבע זאגען:

— נו שא, וויין נישט, מיין טייערער מאן, איך האף אז דו וועסט קענען טהאן פיעל גוטס. נאר ריידען ווי א גוטע, א געטרייע ווייב דארף איך דאך מיט דיר.

פון דעם אלעם איז ארויסגעקומען, אז דער זיידע פלעגט זיך שוין קיינמאל צו קיין זאך נישט נעהמען, אוואו ער פלעגט זיך פריהער נישט מישב זיין מיט דאס ווייב.

אלעמען פלעגט ער מודיע זיין, אז ער וועט זיך מישב-זיין ביז מארגען. ביינאכט פלעגט ער מיט ביילע-ראשע׳ן אלץ איבערריידען, און ווי עס פלעגט בלייבען בעשלאסען, אזוי פלעגט ער טהאן.

שטאדט האט שוין אבער געוואוסט, אז דאס פיהרט ער א ישוב-הדעת מיט זיין קלוגער ביילע-ראשע׳ן, און דאס איז איהם פערדע-לענט געווארען פאר א מעלה: א מאן דארף לעבען אין הסכם מיט׳ן ווייב.

מיט דער צייט, אז אהרן-לייזער איז געווארען עלטער און האט שוין געהאט א פאר קינדערלעך, האט ער אנגעהויבען צו קלערען פאר זיך עפעס א פרנסה. פרנסה פון שטאדט-זאכען איז אייגענטליך שווער געוועזען צו ציהען ביי די אמאליגע גראשענדיגע בעלי-בתים. אגב, האט ער די שטאדט-ענינים, וואס האבען זיך איהם אנגעהויבען צו צועסען, נישט געוואלט מאכען פאר א פרנסה. ווידער דעם פאטערס געשעפטען מיט וואלד, וואס זענען געוועזען אין קליינעם מאסשטאב, זענען איהם אויך נישט געוועזען געפעלען און דאס ברייזעל מיט די בהמות האט ער גאר פיינט געהאט.

זעהענדיג דאס ברייטע פריצ׳ישע לעבען, וואס ארום שטעדטיל, האט ער זיך א טראכט געטהאן, פארוואס זאל מען מיט אזוינע לייט נישט מאכען קיין געשעפט. די פריצים קענען דאך דעם פרנס-חודש׳ס

זוהן, מען קען איהם אומעטום צונעהמען בכבוד, אפשר וועט דערפון עפעס רעכטס אַרויסשפּרינגען. זענען דאָך פאַרהאַן אַזוי פיעל יודען, וואָס לעבען פון פריצים און זענען רייך, פאַרוואָס זאָל ער זיין ערגער פון זיי? (אין שטאָדט האָט מען געזאָגט, אַז דאָס איז אויך זיין ווייב'ס בּיילע-ראַשע'ס קאָפּ).

קורץ, דער יונגערמאַן האָט געבעטען ביים פאָטער אַ דריי הונ-דערט קערבלעך און האָט אָנגעהויבען אַרויסצופאָהרען צו די פריצים, געוועהנליך, פריהער צו יענע, וועלכע זענען געווען מעהר בעקאַנט און די נעהנטערע פריצים פון שטאָדט. אויפגענומען דעם יונגענמאַן האָבען זיי גאַנץ העפליך. ער האָט אַפילו ביי זיי נושא-חן געווען, און ביסלעכווייז, אין אַ קורצער צייט אַרום, האָט ער אָנגעהויבען מאַכען מיט זיי געשעפט. נאָר פערדיענט האָט ער ווייניג — ער איז ביי זיך געווען זעהר גדול'דיג און האָט נישט געוואָלט, אַז דער פריץ זאָל, חלילה, זאָגען אויף איהם, אַז ער האָט איהם אָפּגענאַרט. אַנ'אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט נעגאַנגען אין גאָלד, האָט מען געזאָגט. אַמאָל האָט ער דערויף געענטפערט:

—אַנ'אַנדערן אויף מיין אָרט וואָלטען די פריצים אויפ'ן שוועל נישט אַרויפגעלאָזען. נישקשה, איך וועל זיך ביסלעכווייז בעקענען מיט זיי, וועט נאָך זיין גענוג אָרט, וואו צו פערדיענען געלד. דערווייל דאַרף איך נאָך נישט קיין סך.

אַזוי איז ער זיך ביסלעכווייז געוואָרען פּאָפּולער ביי די פריצים. ער האָט זיך געהאַלטען מיט זיי טאַקטיש, רוהיג און ערנסט.

דער זיידע, אהרן-לייזער, האָט געהאַט נאָך איין ברודער, יונגער פאַר איהם מיט אַ יאָהר זעקס. נאָר יענעם האָט מען געהאַלטען פאַר אַ שלימזול'ניק, אין שטאָדטישע ענינים האָט ער זיך בכלל גאָרנישט געמישט, ביים פאָטער איז ער געזעסען און געגעסען קעסט און טייל-מאָל צוגעהאָלפען דעם פאָטער. דער עלטער-זיידע האָט איהם נישט ליעב געהאַט, נאָר איין אהרן-לייזער איז ביי איהם געווען דאָס לעבען, ער האָט אויך ליעב געהאַט די שנורה, אהרן-לייזער'ס ווייב און זי שטענדיג גערופען די צדקת.

צוויי טעכטער האָט ער געהאַט, און פאַר זיי האָט ער גענומען מאַנען גרויסע לומדים. די דאָזיגע לומדים האָבען איהם אָפּגעקאָסט

פיעל געלד. נאָך פערצייטען האָט ער זיך ערלויבט צו געבען אַ טאָכ־טער טויזענד רובל נדן, און גענומען איידעם׳ס עלוים, וועלכע ער האָט אויך געגעבען קעסט, און זיי זענען געזעסען יומם ולילה און געלערנט.

דער זיידע, אהרן־לייזער, האָט שוין דערנאָך נישט געוואָלט זיין ביים פאָטער און עסען מיט אַלע שוועסטער, איידעם׳ס קעסט. איז ער אוועק פאַר זיך, איבערגעבענדיג זיך איינגאַנצען צו די געשעפטען מיט די פריצים.

געוועזן איז דער זיידע פון דער נאַטור זעהר אַ ברייטער מענש, און זיין איינציגער פערלאַנג איז געוועזן, אַז פון זיינע קעשענעס זאָל זיך שיטען געלד און אַלע זאָלען קלייבען.

ער האָט שוין געהאַט עטליכע קינדער און אין שטאָדט האָט מען געוואָלט, אַז ער זאָל זיך מישען אין די שטאָדטישע ענינים; דער זיידע מיט זיין אויסזעהן, מיט זיין ברייטקייט האָט זיך זעהר געפאַסט פאַר אַ שטאָדט־מענש.

דער עלטער־זיידע, ר׳ וועלוויל, איז געשטאָרבען צו זעכציג יאָהר, אַז ער איז קראַנק געוואָרען, האָט זיך דערוואוסט דער איספראַווניק און איז שוין נישט אָבגעפאָהרען פון שטאָדט. ער האָט זעהר געזשאַלעוועט דעם חולה, וואָס איז געוועזן געפעהרליך. פאַר׳ן טויט האָט ר׳ וועלוויל געשיקט רופען דעם איספראַווניק צו זיך און געבעטען, אַז ער זאָל בעהמען אַ פרנס־חודש אויף זיין אָרט אַ קלוגען און אָרענטליכען מענשען, וואָס זאָל קענען פיהרען די שטאָדט, דערביי האָט ער איהם אָנגעוויזען אויף אַ פאָר קלוגע בעלי־בתים. דער איספראַווניק, וואָס האָט וואַהרשיינליך געהאַט אַ קוק אויפ׳ן זיידען, האָט געזאָגט:

— מיר איז געפעלען צו מאַכען דיין זוהן, אהרן־לייזער׳ן, פאַר אַ פרנס־חודש, חאָטש ער איז אַפילו זעהר יונג. אָבער ער איז מיר בעפעלען.

ר׳ וועלוויל האָט אָנגעהויבען צו וויינען און געזאָגט:

— לאָז צו־רוה מיין ליעבען זוהן, די שטעלע איז אַ שווערע, ווי מען זאָל נישט זיין גוט, איז מען אַלץ נישט יוצא. מען איז אַרום־בערינגעלט דורך פון שונאים.

דער איספראַווניק האָט זיך אָבגעזעגענט און איז אַוועקגעפאָהרען.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער פּרנס-חודש געשטאָרבן. דעמאָלט האָט דער אַסעסער אַוועקגעשיקט אַ שטאַפעט צום איספּראַווניק, אַז דער פּרנס-חודש איז געשטאָרבן. איז ער געקומען מיט'ן סטראַפּטשע און ביידע האָבן אים בעגלייט צוזאַמען מיט'ן אַסעסער ביז'ן בית-עולם.

אויף מאָרגען האָט דער איספּראַווניק געשיקט רופן דעם זיידן אהרן-לייזער'ן, וועלכער איז צו דער צייט אַלט געווען אַ יאָהר אַכט-און-צוואַנציג, און האָט אים פאָרגעלעגט דעם פּויטע"ס אָרט. דער זיידע האָט זיך איינגאַנצען אָבגעזאָגט דערפון, ערקלערענדיג דעם איספּראַווניק, אַז ער איז נאָך צו-יונג, פאַר אַזאַ פערענטוואָרטליכע שטעלע.

— איך האָב מיר מיינע געשעפטען, — האָט ער גערעדט צום איספּראַווניק — איך שלאָף רוהיג, עס רוהיג, און דאָס איז פאַר מיר אַ צו-גרויסע אַרבייט.

דער איספּראַווניק האָט זיך אָבער געהאַלטען ביי זיינס.

— הער-זשע, — האָט ער ערקלערט דעם זיידען — איך האָב נישט קיין אַנדערן אויסער מ., וועלכער איז אייך אַ דם-שונא. וועט ער זיין פּרנס-חודש, וועט דיין משפּחה געוויס דערפון ליידען. — דער איספּראַווניק האָט געוואוסט ווי צו ריידען מיט אַ יודען. — און אַזוי ווי איך האָב ליעב דיין טאַטען, — האָט ער גערעדט, — און ווייס, אַז דו ביזט אַ בראַווער יונגערמאַן און אַ חוואַט, דאַרפסטו זיך נישט אָבזאָגען. וועט ווערען מ. פּרנס-חודש, וועסטו זיכער ליידען, — האָט ער חבר'לעך געסטראַשעט.

דאָס האָט דעם זיידען שוין גאָרנישט געשמעקט. מ. איז געווען אַ שרעקליכער שונא דעם עלטער-זיידען און דער גאַנצער משפּחה. דאָס איז געווען דערזועלבער מ., וועלכען ר' וועלוויל האָט אַרעסטירט פאַר נישט וועלען געהן צו אַ דין-תורה. דעם זיידען האָט עס אינגאַנצען מוטלאָז געמאַכט, און ער האָט צוגעזאָגט דעם איספּראַווניק נאָך היינט צו געבען אַ תשובה.

ער האָט זיך לאַנג מישב געווען מיט זיין בעל-ראַשע'ן. עס איז געווען נישט אַהין, נישט אַהער. נעהמען די שטעלע איז געווען ביטער ווי דער טויט, נישט נעהמען איז ווייטער שלעכט. טראַכטענדיג און קלערענדיג, רעכענענדיג און איבערלעגענדיג, איז דאָך לסוף

געבליבען, אז מען מוז אננעהמען די שטעלע. עס פערשטעהט זיך, אז ווען מ. וואלט נישט געווען קיין קאנדידאט, וואלט דער זיידע זיכער זיך אבגעזאגט. דערביי איז געבליבען, אז דער זיידע, אננעהמענדיג די שטעלע, זאל זיך זעהן האלטען בנוגע צו דער שטאדט רוהיג, געלאסען, ארענטליך און פארזיכטיג.

דעמאלט האט אהרן-לייזער מודיע געווען דעם איספראווניק, אז ער נעהמט אן די שטעלע. דער איספראווניק האט איהם מיט אמאליגער אפענהערציגקייט א קוש געגעבען אין קאפ און צוגעוואונשען אלדאס גוטס אויף דער נייער שטעלע. ער האט באלד געהייסען מאכען אן אספה אין שטאדט און... אויסוועהלען דעם אלטען פרנס-חודש'ס זוהן, אהרן-לייזער'ן.

שטאדט האט איהם „אויסגעוועהלט", זאגאר מיט גרויסער צופרידענקייט. ער איז זיי געווען געפעלען פאר זיין שכל און געשיקטקייט.

דער איספראווניק האט גענומען אהרן-לייזער'ן, דעם נייעם פרנס-חודש, אין זיין קארעטע און איז אוועקגעפאהרען מיט איהם קיין בריסק, אבגעהאלטען איהם דארט ביי זיך עטליכע טעג, איבערגעגעבען אלע ארבייט בנוגע צו דער שטאדט. דערביי האבען איהם ממש ענטציקט די מיינונגען פון דעם יונגענמאן.

אהרן-לייזער איז געקומען קיין קאמעניץ און האט אנגעהויבען פיהרען די שטאדט ווי דער פאטער. ער איז אבער געווען קליגער פון פאטער און ענערגישער, און די פני-העיר, וואס פלעגען גאנצע אווענדען פטר'ן אויף די אספות מכח קהל'שע געשעפטען, האבען זיך איצט אליין געפונען פאר איבעריג. די ארבייט פון שטאדט האט אהרן-לייזער אויסגעפילט גרויסארטיג. עס איז אוועק אזוי גוט, אז עס איז לחלוטין איבעריג געווען יעדע אספה, וואס איז אזוי נויטיג געווען ביי יעדען פרנס-חודש.

אט אזוי האט זיך ביסלעכוויז אהרן-לייזער אבגעוועהנט פון די פני-העיר און פלעגט זיי שוין גארנישט רופען, אפילו אויף א ישוב-הדעת. סיידען אז עס פלעגט זיך מאכען זעהר א פערפלאנטערטער ענין. דעמאלט פלעגט ער שוין זיין געצוואונגען זיי צו רופען.

— אפשר האט איהר בעסערע עצות? — פלעגט ער זיי פרעגען — מיין עצה איז אזוי און אזוי...

אָבֶער דער גרעסטער בעל-יועץ איז בײַ איהם געװעזען זײַן װײַב, בײלע-ראשע. אין די אוועֶנדען פלעגט ער מיט איהר איבערשמועסען אויג אויף אויג, און אַ מאָדנע זאַך — ער איז געװעזען אַנ׳ענטשלאָסענער מענש, אַ מעלטיגער און אַ גרויסער דעספּאָט, דאָך האָט ער װאונדערליך געהערט דאָס װײַב, און דאָס גאַנצע לעבען איז בײַ איהם געװעזען הײליג דאָס, װאָס דאָס װײַב האָט געזאָגט אָדער געראַטען. זײַן פּרנס-חודש׳ערײַ האָט געדויערט צװײ יאָהר מיט אַ האַלב׳ס, ביז עס איז בטל געװאָרען אָט די אונבעגרענצטע ממשלה. דער פּרנס-חודש איז שוין מעהר נישט געװעזען די פערענטװאָרטליכע פּערזאָן פאַר דער גאַנצער שטאָדט און האָט געקראָגען אַ נײַעם נאָמען „איסבאָרשטשיק”, װאָס האָט נאָר בעדאַרפט אױפקלײַבען אַלע נאַלאָגען פאַר קאַזנאַ, און דאָס איז ער אויך נישט געװעזען פערענטװאָרטליך, נאָר די שטאָדט.

אהרן-לײַזער האָט נישט געװאָלט זײַן קײן איסבאָרשטשיק. דער איספּראַװניק האָט איהם װידער שטאַרק געבעטען און אַפילו איהם צוגעזאָגט, אַז זײַן ממשלה װעט אויף װײַטער בלײַבען דיזעלבע װי פריהער. פאַר דער שטאָדט איז אַזאַ שטעלע געװעזען גאָר אונבעקאַנט, זי האָט נישט געװאוסט, װאָס מען טהוט מיט איהר און װי עס דאַרף זיך איצט, למשל, אַזאַ איסבאָרשטשיק פיהרען, און די שטאָדט-לײַט האָבען איהם אויסגעװעהלט ברצון הטוב.

איז אהרן-לײַזער געבליבען איסבאָרשטשיק, אָבער געפיהרט האָט ער אַלעס װי פריהער, אַ האָהר נישט װעניגער, און איך װײס נישט, צי האָט נאָך אַ איסבאָרשטשיק אין דער ליטא געהאַט אַזאַ מאַכט, װי ער. אַנדערע בעלי-בתים האָבען אָנגעהויבען קוקען אויף איהם בײז. זײ האָבען געװאוסט, אַז די רעכט, װעלכע אהרן-לײַזער נעהמט זיך, האָט נאָך קײן איסבאָרשטשיק נישט. דערפון האָט ער אָנגעהויבען צו קריגען שונאים.

אהרן-לײַזער האָט זיך דערויף נישט אומגעקוקט. בײַ איהם האָבען זײ קײן ראָליע נישט געשפּיעלט. ער האָט דעם איספּראַװניק — און גענוג! נאָר פונדעסטװעגען האָט זיך עס איהם צוגעגעסען, און עפּעס אײַנעם, װעלכען ער זאָל קענען איבערגעבען די שטעלע, האָט ער נישט געפונען. אַגב װאָלט פון אַזאַ אַרבײט נישט געװעזען צופרידען דער איספּראַװניק. דער דאָזיגער איספּראַװניק האָט אויך געװאוסט, אַז

אהרן-לייזער איז אַ חוואַט אויף אויפצומאָהנען די שטייערן, וואָס אַנ׳אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט עס אפשר נישט געקענט, און דאָס איז פאַר איהם געווען בעזונדערס וויכטיג.

ביי אהרן-לייזער׳ן איז פערבליבען, ער זאָל נעהמען אַנ׳ענערגישען שרייבער און יענער זאָל פיהרען די שטאָדט-ענינים. דעמאָלט וועט ער אַליין, אהרן-לייזער, זיין אַ פרייער און וועט זיך רוהיג קענען פיהרען זיינע געשעפטען מיט די פריצים. מען דאַרף דאָך האָבען עפּיס אַ זייטיגע פרנסה אויך. אַ בעל-הוצאה איז מען אַ גרויסער.

ער איז געפאָהרען קיין בריסק צום איספּראַווניק, דערצעהלט איהם פון זיין פּלאַן, אַז ער זוכט אַנ׳ענערגישען, קלוגען מענשען. אפשר האָט ער עמיצען אין בריסק? דער איספּראַווניק האָט איהם געגעבען איינעם אַ יונגערמאַן: י. ח. פ., וואָס האָט געשריבען פּראָשעניעס און געפיהרט דיעלעס, אַ פּריוואַטער אַדוואָקאַט. ער איז געפעלען געוואָרען דעם זיידען און ער האָט איהם געבראַכט קיין קאַמעניץ. דעם פריהערדיגען שרייבער, וואָס איז געווען אַ פּשוט׳ער יוד און האָט געקאָנט שרייבען רוסיש מיט זיעבען גרייזען, האָט ער אָבגעזאָגט, געקויפט איהם אַ הויז פאַר צוויי-הונדערט רובל, געמאַכט איהם אַ שענק און געזאָגט:

— אַ פּאַטענט דאַרפסטו נישט, וועסטו האָבען מעהר פרנסה ווי פריהער.

דער נייער שרייבער איז געקומען קיין קאַמעניץ מעשה-אַריסטאָקראַט: קורץ געקליידט, מיט אַ רונג אויפ׳ן פינגער, און אין קהל-שטיבעל איז ער געזעסען אָהן אַ היטעל. דאָס האָט אויפגעבראַכט די שטאָדט. דער כעס, פערשטעהט זיך, איז געפאַלען אויפ׳ן זיידען. דער כעס איז געווען אַזוי גרוים, אַז אַנדערע האָבען איינגעפונען, אַז מען מעג אהרן-לייזער׳ן הרג׳ענען אין רעכטען יום-כפור. נאָר וואָס טהוט מען אָבער מיט׳ן איספּראַווניק?

ווי די מאָדע איז, האָט דער זיידע זיך גאָרנישט וויסענדיג געמאַכט און איבערגעגעבען די קאָמאַנדע דעם דאָזיגען י. ח. פ. דער לעצטער איז געווען אַ קלוגער יונגערמאַן, אַ וואויל-לערנער, האָט רעכט פערשטאַנען אַ בלאַט גמרא, נאָר ער האָט זיך גענומען צו קענטעניש, און ווערענדיג „אַנ׳אַדוואָקאַט“, איז ער געוואָרען „אַנ׳אַפּיקורס“.

דער שרײַבער האָט געפֿירט און דער זײדע האָט זיך גענומען צוריק האַנדלען מיט די פּריצים. אַ דרײַ טעג אין וואָך פֿלעגט ער אַרומפֿאָהרען אַרום די פּריצים, און די איבעריגע צײַט האָט ער זיך אָבגעגעבען מיט׳ן שרײַבער. פֿאַר די שׂונאים זײַנע האָט ער געהײסען דעם שרײַבער שטעלען שטײַער צעהן מאָל אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל זײ האָבען ביז אַהער געצאָהלט. דאָס איז געווען אַ מין נקמה, און ערשט דעמאָלט איז געוואָרען די רעכטע מהומה. דאָס פֿײַער פֿון מחלוקת האָט זיך צושפּרײט איבער דער גאַנצער שטאָדט, און געשריען האָט מען גאָר:

— סטײַטש, אהרן-לײזער האָט גענומען אַ גוי פֿאַר אַ שרײַבער!

בײלע-ראַשע, דעם זײדענס ווײַב, האָט זיך גענומען צום האַרצען. זי האָט בשום אופֿן נישט געקאָנט הערען די דאָזיגע טענות מיט די געשרײען, מיט׳ן שעלטען, און ווײנענדיג פֿאַר׳ן זײדען, האָט זי פֿערלאַנגט, אַז ער זאָל זיך אָבזאָגען פֿון איסבאָרשטשיקערײַ.

— די שטאָדט איז נישט דײַנע, — האָט זי געווײנט — און די יודען פֿון שטאָדט זענען אויך נישט דײַנע. דו זײַ נישט זײער פֿערזאָרגער און זאָלען זײ זיך אַלײן פֿיהרען ווי זײ ווילען. איך קען דאָך נישט צוזעהן, ווי דו זעהסט אוים! וואָס איז דאָס פֿאַר אַן׳אומגליק!

דעמאָלט איז אהרן-לײזער אַוועקגעפֿאָהרען צום איספּראַווניק און איבערגעגעבען איהם ווי די זאַך איז. דערבײַ האָט איהם דער זײדע דײַטליך אָנגעזאָגט, אַז ער וויל זיך בעפֿרײַען. שטאָדט איז נישט צופֿריעדען, און דאָס ווײַב ווײנט — ער קען מעהר נישט. זײ קענען איהם נישט מוחל זײַן דעם שרײַבער. דער איספּראַווניק האָט מסכים געווען.

— נאָר, — זאָגט ער, — זעה אָקאָרשט, דו זאָלסט ווידער בײַ מיר נישט ווערען קײן איסבאָרשטשיק. נישטאָ, נישטאָ קײן אַנדערער אויף דײַן אָרט.

דער איספּראַווניק איז ווירקליך אַראָבגעקומען קײן קאַמעניץ און געשיקט רופֿען די פּני-העיר. די פּני-העיר האָט ער געהײסען אויף מאָרגען אויסוועהלען אַנ׳אַנדער איסבאָרשטשיק אויף אהרן-לײזער׳ס אָרט. דער שרײַבער אָבער זאָל בלײַבען דער אײגענער. דאָס איז, פֿערשטעהט זיך, געווען אַ שפּיצעל.

— וואָס הייסט ? — האָט זיך שטאָדט אָנגעצונדען , — אַז דעם שרייבער ווילען מיר נישט ! מיר גיבען איהם צוויי-הונדערט רובל — און זאָל ער געהן !

דער איספּראַוונִיק האָט געשיקט רופען דעם שרייבער און איהם קאַלטבלוטיג געפרעגט, צי וויל ער בלייבען שרייבער, אָדער נעהמען די צוויי-הונדערט רובל און אַוועקגעהן. דער שרייבער האָט דערויף געגעבען גאָר אַן׳אונגעריכטען ענטפער :

— אַפילו אַז מען זאָל מיר גאָר קיין געלד נישט געבען, וויל איך אויך נישט זיין קיין שרייבער ביי אַזעלכע בהמות !

ער איז געווען אַן׳אַפּיקורס ...

אין שטאָדט איז געוואָרען ששון ושמחה : אַן׳אַנדער איספּראַווניק, אַן׳אַנדער שרייבער, און קאַמעניץ האָט זיך בערוהיגט.

דער זיידע האָט אָנגעהויבען מעהר פאָהרען צו די פּריצים, מאַכען מיט זיי געשעפטען און וואָס ווייטער, איז ער אַלץ מעהר מפורסם געוואָרען ביי זיי, אַזוי, אַז טייל מאָל פלעגען זיי איהם אַליין צו-וואַרפען אַ פערדיגענסטעל און ראַטען איינער דעם צווייטען, צו שליסען נאָר מיט איהם געשעפט.

מיט דער צייט איז ער ביי די פּריצים פון דריי אויעזדען געוואָרען דער גאַנצער רבי. ער האָט זיי געגעבען עצות, געהאָלפען דרעהען מיט׳ן קאָפּ (פּריצים דרעהען אַמאָל אויך מיט׳ן קאָפּ). און עס וועט נישט זיין קיין גוזמא, ווען איך וועל זאָגען, אַז מאַנכע פון זיי, געפאַלענע, וואָס האָבען זיך מסתמא אין קאָרטען פערשפּילט, האָט ער צוריק אויף די פיס געשטעלט. אָט דאָס, וואָס ביי זיי אין די הויפען האָבען זיך גענומען בעווייזען ברייזער פון בראָנפען און פון ביער, און אָליוונעס, און טאַרטאַקען, און וואַסער-מיהלען מיט צילינדערס — אין דעם אַלעם האָט געוויס געשטעקט זיין קאָפּ.

געוועזען ביים זיידען אָט דער אונפערשטענדליכער פעהלער : פאַר זיך האָט ער גאָרנישט געקוקט, פונקט ווי איהם וואָלט נאָר געלעגען אין זינען צו מאַכען פון די פּריצים לייט. מאָטאָווירט האָט ער עס אויך ווילד און אונפערשטענדליך : באשר די פּריצים וועלען זיין רייך, וועלען די יודען אויך האָבען פרנסה... וואָרום וואו וועט אַוועקגעהן זייער געלד ? אַלץ צו יודען ! און איצט איז פערשטענדליך, אַז ווען

צוויי פריצים האָבען געהאַט אַ מחלוקת, האָבען זיי אויסגעוועהלט אהרן-לייזער׳ן פאר אַ שליש אינ׳ם עהרנגעריכט. און אַז אַ פּריץ האָט זיך צוקריגט מיט׳ן ווייב, איז ער, דער זיידע, געוועזען דער שלום-מאַכער.

איצט האָט ער, אייגענטליך, גאַנץ היבש פערדיענט, נאָר פערלעבט האָט ער אויך אַ סך, אָבער ער מיט ביילע-ראַשען זענען געווען זעהר צופרידען, וואָס זיי זענען פּטור געוואָרען פון די שטאָדט-ענינים. אַ סוף! איצט איז שוין נישט זיין דאגה ווער עס געהט צום דין-תורה און ווער נישט, און צי די נגידים צאָהלען פּאָדאַטקעס צי נישט. אַזוי איז אַוועק אַ יאָהר דריי.

ביי די פּריצים פלעגט ער זיין אַלע טאָג. קומען צו זיי פלעגט ער אויף אַ בריטשקע מיט אַ פּאָר פערד, מיט אַ יוד אַ פוהרמאַן. דאָס רוב פלעגט ער קומען נעכטיגען אַהיים, פלעגט מען טרינקען טהיי און פערברענגען. ביי איהם אין שטוב זענען נאָך אַלץ געווען אַ סך מענשען, וואָס פלעגען קומען ריידען, פרעגען אַנ׳עצה און חאַפּען עפּעס אין מויל אַריין. און ביסלעכווייז האָט מען זיך ווידער צוגעבוגען צו איהם אין שטאָדט. האָט אַ יוד געהאַט עפּעס אַ קריוודע מיט אַ פּריץ, האָט מען אָהן אהרן-לייזער׳ן נישט געקענט אויסקומען. ווידער איז געווען איין זאַך, וואָס קיינער אין שטאָדט, אויסער איהם, האָט דאָס נישט געקענט אויספיהרען. דאָס איז געווען דער רעוויזאָר, וואָס פלעגט קומען רעווידירען די „סקאַזקע״, צי קאַמעניץ האָט טאַקי נישט מעהר ווי פיער-הונדערט-פופציג נפשות איינגעשריבענע אין דער „סקאַזקע״. „ריידען״ מיט׳ן רעוויזאָר איז שוין געווען דער זיידע אַ מייסטער ווי קיינער נישט. אַזאַ „ריידען״ האָט זיך שטענדיג געענדיגט מיט צוויי-הונדערט רובל, וואָס דער רעוויזאָר פלעגט געשווינד פערשלינגען אין קעשענע. אין דעם רעוויזיע-טאָג פלעגען צוגעמאַכט ווערען פיעל הייזער, דער עולם איז זיך אַרויסגעגאַנגען פון שטאָדט, יעדער וואו די אויגען האָבען געטראָגען און די שטאָדט האָט אויסגעזעהן טויט, ווי אויף אַ בית-עולם. מען האָט נישט אָנגעזעהן כמעט קיין לעבעדיגען נפש אין גאַס, דער רעוויזאָר איז געגאַנגען מיט דער גאַנצער שטאָדטישער פּאָליציי און געצעהלט די נפשות. געפונען האָט מען שטענדיג אַנ׳ערך פיער-הונדערט. פופציג האָבען געפעהלט. און

אויף זיי האָט מען געזאָגט, אַז זיי זענען אַוועקגעפאָהרען געשעפטליך. אַזוי פלעגט זיך דער רעוויזאָר אַלע יאָהר אַוועקפאָהרען, אָנשרייבענדיג אין פּראָטאָקאָל, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג.

און אָט דאָס טראַדיציאָנעלע „ריידען" מיט'ן רעוויזאָר האָט אָנגעהערט, ווי געזאָגט, דעם זיידען, אַפילו בעת עס איז געווען אַנ'אַנדער איסבאָרשטשיק. געווען אַפילו צייטען, ווען ער פלעגט זיך אָבזאָגען פון דעם שטיקעל אַרבייט, אוים כעס אויף דער שטאָדט, אָבער סוף-כל-סוף פלעגט ער נאָכגעבען. מען האָט דאָך נישט געקענט לאָזען אַ שטאָדט אין מיטען וואַסער.

דער נייער איסבאָרשטשיק מיט'ן נייעם שרייבער האָבען צוגענומען אַלע ביכער מיט די פּאַפּירען מיט'ן זיגעל צו זיך און אָנגעהויבען אַרבייטען. דער איסבאָרשטשיק האָט פערופען די דעפּוטאַטען, דאָס הייסט, די פני, וועלכע זענען אויסגעוועהלט געוואָרען צו פיהרען די שטאָדטישע ענינים, — און געמאַכט אַנ'אספה. האָט מען זיך צום ערשטען גענומען איבערקוקען דעם רייסטער פון די שטייערן נאָר פאַר די נגידים. פון דעם המון האָט ער גאָרנישט גענומען. איז פערבליבען, אַז מען זאָל אָנהויבען נעהמען פון די מיטעלע און אָרימערע קלאַסען, און די בעלי-בתים-חשובים זאָל מען פערגרינגערן.

און מען האָט אָנגעהויבען שיקען מאָהנען שטייערן פון די אָרימערע, פון בעלי-מלאכות. קיין איין אָרימאַן האָט מען נישט דורכגעלאָזען. איז ווייטער געוואָרען אַ מהומה אין שטאָדט. האָט יעדער גענומען לויפען טאָג-טעגליך אין קהל-שטוב אַריין און געשריען, און געפילדערט, און ווייבער זענען געקומען מיט געוויינען און מיט קללות: סטייטש, זיי האָבען קיין ברויט נישט, און וועניג נגידים זענען דאָ, וואָס זיי קענען צאָהלען! עס האָט געקאָכט!

עס האָט אָבער נישט געהאָלפען, פערקעהרט, מען האָט אָנגעהויבען שלעפּען משכנות פון די אָרימע-לייט: פּאַנען, לייכטער, געשיר און נאָך אַזעלכע שטוב-זאַכען, און די געשרייען האָבען דערגרייכט ביז אין הימעל אַריין. ביז דער אַסעסער האָט געמוזט קומען אין קהל-שטוב און אַרעסטירען די קבצנים. (ביים אַסעסער זענען געווען צוויי שטאַהלען, איינער אַ קלענערער פאַר פערד און דער צווייטער איז געווען אַ מין אַרעסט-הויז), דעמאָלט איז געוואָרען רוהיגער. דער אָרימער

עולם האָט געקרעכצט, געקריצט מיט די ציין און געצאָהלט. עס פערשטעהט זיך, אַז די נגידים און די בעלי-בתים זענען געווען צופריעדען מיט'ן נייעם איספּראַווניק.

אָבער דאָס גוט-לעבען פון די נגידים מיט'ן איספּראַווניק האָט לאַנג נישט געדויערט. די פּני-העיר האָבען אינגאַנצען געוואָלט פערשטיקען דעם איספּראַווניק. זיי זענען געווען נגידים און יחסנים, טאָ פאַרוואָס זאָל ער נישט זיין בלויז ביי זיי אַ געציַיג אין די הענד, און זיין דעה, אַלס איספּראַווניק, זאָל אויך געהערן צו זיי? דער איספּראַווניק האָט געוועהנליך נישט געוואָלט אינגאַנצען איינגעשלונגען ווערען, ווי שוואַך ער איז נישט געווען. און עס איז נישט אַוועקגעגאַנגען קיין איין אספה, וואָס מען זאָל זיך נישט קריגען. האָט מען זיך שטענדיג אַרומגעקריגט און אַרומגעריסען, און דער אַסעסער, וואָס האָט דאָס אַלץ געוואוסט, האָט געשריבען דעם איספּראַווניק, אַז מען טהוט כסדר און מען קריגט זיך.

דער סוף איז געווען, אַז די פּני האָבען זיך צוטיילט אויף צוויי לאַגערן: די האָבען געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט נעהמען ביי די אָרימע-לייט און די האָבען געזאָגט, אַז מען דאַרף יאָ נעהמען. יעדערער פון די פּני האָט זיך גענומען צו הילף זיין צד און דערפון איז אַרויסגעקומען אַ גראַנדיעזע שטאָדט-מחלוקת, אַ מין מלחמה.

און די דאָזיגע מחלוקת האָט געוואַקסען אַלץ גרעסער און גרעסער, און דעמאָלט ערשט איז געקומען דער איספּראַווניק. האָט מען אַרעסטירט אַ דריי פון די פּני און אַ פינף פון המון, אַוועקגעשיקט זיי קיין בריסק און דאָרט זענען זיי אָבגעזעסען אַ חודש. דעמאָלט איז געוואָרען רוהיגער אין שטאָדט, אויב נישט אינערליך, איז לכל הפּחות, אויסערליך.

דער איספּראַווניק האָט זיך געביטען, ער איז אַוועק אין סלאָנימער אויעזד און יענער איז געקומען קיין בריסק. געוועהנליך, האָט איינער דעם צווייטען איבערגעגעבען דעם חאַראַקטער פון די שטעדטישע יודען ווי אויך פון די פּריציב. דער בריסקער איספּראַווניק האָט זיך, אַפּנים, אָבגערופען שלעכט וועגען די קאַמעניצער יודען און האָט געמוזט אָנווייזען אויף אהרן-לייזער'ן ווי אויף אַ יוד, וואָס פערשטעהט אַן'עסק, וואָרום אַז דער נייער איספּראַווניק איז געקומען צום ערשטען

מאָל קײַן קאַמעניִץ, האָט ער געשיִקט רופען פריִהער דעם איִסבאָרשטשיִק מיִט די פּני, זיי אויסגע'מוסר'ט און האָט זיי געזאָגט: אַז יענער איִספּראַווניִק האָט זיך שלעכט אויסגעדריִקט וועגען זיי, און דערנאָך האָט ער געשיִקט בעטען אהרן-לייזער'ן, ער זאָל קומען צו איִהם. דעם זיידען האָט ער פאָרגעלעגט די שטעלע פון איִסבאָרשטשיִק. דער זיידע האָט זיך פער'עקשנ'ט אָבגעזאָגט. דעמאָלט האָט איִהם דער איִספּראַווניִק בעמערקט:

— אַז דו וועסט זײַן איִן בריִסק, זאָלסטו אַרײַנגעהן צו מיִר.

איִן דערזעלבער צײַט האָבען בעדאַרפט זײַן נײַע וואַהלען אויף אַ נײַעם איִסבאָרשטשיִק מיִט דעפּוטאַטען. אויסגעוועהלט האָט מען אײַנעם אַ ב.

דער נײַער איִסבאָרשטשיִק, אַ מעהר ענערגיִשער מענש, האָט אָנגעהויבען פיִהרען מיִט די פּני פון אָנפאַנג בשלום. עס איִז אָבער ניִשט אַוועק אַ האַלב יאָהר, ווי מען האָט זיך אָנגעהויבען אַרומצורײַסען, וויִדער דאָסזעלבע ליִדעל. און אַז עס איִז געקומען צום נאַבאָר, בעת מען האָט בעדאַרפט געבען אַ זעלנער, האָט זיך דערפון אָנגעהויבען אַ גאַנצעס פײַער. מען האָט צוגענומען אײַנעם אַ שנײַדער, וואָס האָט געהאַט דרײַ קיִנדערלעך, און פערצײַטיִשער דיִענסט איִז געווען פיִנף-און-צוואַנציִג יאָהר. פערשטעהט מען, וואָס פאַר אַן'אומגליִק דאָס איִז געווען פאַר אַ מענשען, וואָס איִז געווען אַ פאָטער פון קיִנדער. האָט מען געמאַכט גרויסע גוואַלדען, מען האָט אויסגעשלאָגען אַלע שויבען פון קהל-שטוב און גענומען פּאַטשען דעם איִסבאָרשטשיִק מיִט די פּני. עס איִז אַוועק אַ שרעקליִכער געשלעג, דער אַסעסער האָט באַלד אַוועקגעשיִקט אַ שטאַפעט צום איִספּראַווניִק, ער זאָל וואָס גיִכער קומען. ער איִז געקומען און האָט אָנגעשריִבען אַ פּראָטאָקאָל אויף דרײַסיִג פּערזאָן, די סאַמע רעכטע פּני פון שטאָדט, און אַרעסטיִרט. האָט ער זיי אַלעמען געוואָלט אָבשיִקען קײַן בריִסק, דערבײַ איִז זיי אָנגעזאָגט געוואָרען, אַז אויב זיי וועלען ניִשט אויפנעהמען אהרן-לייזער'ן פאַר אַ איִסבאָרשטשיִק, וועט ער איִבערגעבען דעם אַסעסער מיִט זײַן געהיִלף, אַז זיי זאָלען פיִהרען די שטאָדט.

האָט מען געבעטען דעם איִספּראַווניִק, ער זאָל וואַרטען אַ טאָג. מען וועט מאַכען אַן'אספּה רבּה, וועט מען זעהן. נאָך לאַנגע געשרײַען

האָט מען זיך אויף דער אספּה אַרומגעזעהן, אַז זינט אהרן-לייזער איז אַוועק פון דער שטעלע, איז די שטאָדט געבליבען ווי אַ שיף אָהן אַ רודער, און אין שטאָדט איז קיין ברעקעל טאָלק נישטאָ. די בּתּי-מדרשים און, להבדיל, די באָד זענען אָבגעלאָזען. מען טהוט און מען לעבט אין קריג, אהרן-לייזער איז אָבער אַ גוטער בּעל-הבּית, פאַר איהם זענען נישטאָ קיין בעזונדערע צדדים, וואָס זאָלען זיך כּסדר אַרומרייסען, און אַגב איז ער גוט מיט'ן איספּראַווניק, וואָס איז געוויס וויכטיג.

דער איספּראַווניק האָט געקראָגען אַנ'ענטפער, אַז זיי ווילען אהרן-לייזער'ן.

— טאָ געהט איהם בעטען. — האָט זיי דער איספּראַווניק געהייסען, — וואָרום ער וויל נישט.

די פּני העיר, די בעלי-בּתּים-חשובים מיט'ן רב בּראש זענען געקומען בעטען אהרן-לייזער'ן, אַז ער זאָל נעהמען צוריק די לייצעס אין האַנד. אָבער ער האָט נישט געוואָלט. נאָר נאָכדעם ווי דער איספּראַווניק האָט איהם געסטראַשעט, אַז ער וועט איבערגעבען די פיהרונג צום אַסעסער און וועט צונעהמען איינעם פון דעם זיידענס משפּחה פאַר אַ זעלנער, האָט ער זיך ווידער געמוזט אונטערגעבען. נאָך די נאַכט האָט ער זיך מישב געווען מיט זיין בּיילע-ראַשע'ן און עס איז ביי זיי פערבליבען, אַז ער מוז אָננעהמען צוריק דאָס איסבּאָרשטשי-קעריי.

— נאָר זי זעהט איין, — האָט זי געקלאָגט, — אַז דאָס איז אַנ'אומגליק פון גאָט.

ער האָט געהייסען וואַרפען גאַלקעס און איז איינשטימיג אויסגע-קליבען געוואָרען. אַזוי איז ער צוריק געוואָרען איסבּאָרשטשיק.

האָט ער באַלד געשיקט נאָך יענעם שרייבער קיין בּריסק, וואָס האָט זיך דאָרט פערנומען מיט פּריוואַטער אַדוואָקאַטעריי. זיין ווייב און קינדער האָבען געוואוינט אין קאַמעניץ. דער זיידע האָט אָנגעהויבען אויף דאָס ניי צו פיהרען די שטאָדט ביד רמה. ווי פריהער, און עס איז אַוועק כּשורה. קאַמעניץ האָט אָבגערוהט.

זענענדיג געוועהנט צו געוועלטיגען, האָט ער ווייטער געפיהרט ווי אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען פּרנס-חודש, וואָס די שטאָדט האָט

עס שױן לאַנג פערגעסען. נאָר לפנים װעגען פלעגט ער אַמאָל אײַנלאַ-
דען די פּני אױף אַנ׳אספה. אױף דער אספה פלעגט מען זיצען און
שװײַגען, מען האָט מורא געהאַט אַמױל אױפצועפּענען און זאָגען עפּעס
דאַגעגען. מען האָט פּשוט מורא געהאַט פאַר זײַן שכל, פאַר זײַן
מאַכט, און דערבײַ האָבען אַלע געװאוסט, אַז ער נעהמט פון דער
שטאָדט קײַן געלד נישט, אַז ער פערדינט פון זײַנע געשעפטען גענוג
און אַז בכלל שפּיעלט בײַ איהם געלד קײַן ראָליע נישט. און װײַטער
קען מען זיך גלאַט אױף איהם פערלאָזען. זאָגט ער עפּעס, װעט ער
עס געװיס אױספיהרען.

דער זײַדע האָט שױן געהאַט אַזעלכע מענשען, װאָס פלעגען
איהם קומען דערצעהלען אַלץ, װאָס מען רעדט אױף איהם אין שטאָדט,
און טאָמער האָט אײנער געזאָגט אַ שלעכטע מײנונג אױף איהם, האָט
מען איהם שױן געשטעלט אין אַזאַ מין „שװאַרצען צעטעל”. יענער
זאָל צאָהלען צעהן מאָל אַזױ פיעל, װי ער צאָהלט, און די מענשען,
װאָס זענען איהם געװען איבערגעגעבען, דאָס הײסט, זײַנע אמת׳ע גוטע
פרײַנד, זענען כמעט געװען פרײַ פון אַלע אָבצאָהלונגען אין שטאָדט
און אױך פרײַ פון מיליטער-דיענסט.

די געשעפטען מיט די פריצים האָט ער נישט אַװעקגעװאָרפען,
און די שטאָדט-ענינים האָט געפיהרט דער שרײַבער. דאָסמאָל איז
אַװעקגעגאַנגען אַ צאָהל יאָהרען כמעט אָהן קריעגערײַ.

איך האָב שױן געזאָגט, אַז אהרן-לײזער האָט געפיהרט אַ ברײט
לעבען, ער האָט געהאַט אַ חלק אין דער קאָראָבקע און פלײש האָט
איהם קײן געלד נישט געקאָסט. אַז ער האָט בעדאַרפט חתונה מאַכען
אַ טאָכטער, האָט ער פאַר דער חתונה געשיקט אין אַלע שטעדט אַרום
אױסרופען אין די בתי-מדרשים, אַז אַלע אָרימע-לײַט זאָלען קומען קײַן
קאַמעניץ צו איהם אױף אַ סעודה, לכבוד דער טאָכטער׳ס חתונה, און
דרײַ טעג האָט מען געפראַװעט סעודות. ער האָט געקױלעט אָקסען,
און אָרימע-לײַט האָבען געגעסען פלײש גאַנצע בערג.

אױף צװײַ בערג — אױפ׳ן סלופּ-בארג און אױפ׳ן אָראָליענער-
בארג — האָט מען געקאָכט קעסלען, װי סאָלדאַטען, פאַר די אָרימע
לײַט, און עס איז געװען געפּאַקט פון זײ. די שטאָדט האָט אױסגעזעהן
װי אַ לאַגער פון קבצנים.

אויף דער חתונה זענען געווען קאָברינער כּלי־זמר און צו די מאָהלצייטען פון גאַנץ שבעת ימי המשתה האָט קיין איינער פון די שטאָדט־בעלי־בּתּים נישט געטאָרט פעהלען.

# דריטעס קאַפּיטעל.

## די „כּהלה". — אײַזיק'ל דער קצב. —

אײַן טאָכטער האָט ער חתונה געמאַכט אין דער „כּהלה". פּלוצלונג איז אַרויס אַ קלאַנג וועגען אַ נײַעם אוקאַז, אַז מײדלעך און יונגלעך טאָרען נישט חתונה האָבען פאַר צוואַנציג יאָהר. און אָט דער אוקאַז, וואָס איז אַרויס אין יאָהר תקצ"ב, 1842, האָט אַרויסגערופען די בעריהמטע כּהלה אין גאַנץ ליטאָ און וואָהלין. ווער עס האָט געהאַט אַ טאָכטער אָדער אַ זוהן בײַ אַכט יאָהר אַלט, האָט חתונה געמאַכט, און כּדי פּאָליציי זאָל זיך נישט דערוויסען, האָט מען די חתונות געמאַכט שטילערהייד, פערבאָרגען, אָהן קיינע צערעמאָניעס.

עס זענען זיך צונויפגעקומען מחותּנים און מען האָט געבראַכט דאָס יונגעלע מיט דאָס מײדעלע אין הויז פון אײנעם פון די מחותּנים, געשטעלט אַ חופּה אין שטוב מיט אַ מנין יודען, און פערטרונקען מיט בראָנפען, צוגעביסען מיט אַ שטיקעל לעקעך — און געענוג. נאָכדעם האָט דער פאָטער צוגענומען דאָס יונגעל צו זיך, געקויפט איהם אַ טלית און ער האָט שוין אויף מאָרגען געדאַווענט אין אַ טלית, אָהן תּפילין. דער פאָטער, ווידער, פון דער כּלה, האָט צוגענומען צו זיך דאָס „ווײַבעל", אָבגעגאָלט איהר די האָהר פון קאָפּ און איהר אָנגעטהאָן אַ האָרבאַנד מיט אַ טשעפּיק'ל, און דאָס „ווײַבעל" מיט'ן „מאַנדעל" האָבען נישט געוואוסט, אַז זיי זענען מאַן און ווײַב.

די מחותּנים פּלעגען אָפט צוזאַמען־ברענגען די קינדער, ד. ה. דעם „מאַן" מיט דעם „ווײַב", אַז זיי זאָלען מעהר בעקאַנט ווערען

אײנע מיט די אַנדערע. דאָס פּאָר־פאָלק פלעגט צווישען זיך, פערשטעהט זיך, שפּיעלען ווי קינדער און שטיפּען, און יענס פּאָר־פאָלק, וואָס איז געווען שכנים פון פריהער, האָבען זיך אודאי ווײטער געשפּיעלט צוזאַמען, ווי אַמאָל.

און אָפטמאָל פלעגט אין אַ געשלעג דאָס „מאַנדעל" אָבּרײַסען דעם טשעפּיק און דעם האָרבּאַנד פון דעם „ווײַבּעל", און לאַכען פון איהר, וואָס זי געהט מיט אַן'אָבּגעגאָלטען קאָפּ, שרײַענדיג, אַז זי האָט אַ פּאַרך. זי פלעגט קומען אַהײם מיט אַ געווײן, און מען פלעגט איהר אָנזאָגען, אַז זי טאָר נישט געהן מיט דעם בּלויזען קאָפּ, און צוריק אָנגעטהאָן איהר דעם האָרבּאַנד מיט'ן טשעפּיק, דערבּײַ איז איהר אָנגעזאָגט געוואָרען, אַז אויב זי וועט נאָכאַמאָל קומען מיט אַ בּלויזען קאָפּ אַהײם, וועט זי קריגען געשמיסען. אַז דאָס פּאָר־פאָלק איז אַלט געוואָרען אַ צוועלף יאָהר, האָט מען זײ אויסגעזאָגט, אַז זײ זענען מאַן און ווײַב, אָנגעוואונשען זײ, אַז עס זאָל פון זײ אַרויסקומען אַ גוטער דור. דאָס ווײַבּעל האָט מען אויסגעלערנט אַלע ווײַבּערשע דינים, דערבּײַ האָט מען זײ מיחד געווען און אויסגעלערנט דעם יחוד.

אין דעם יאָהר פון דער בּהלה, האָבּען אין קאַמעניץ חתונה געהאַט אַלע קלײנע קינדער. עס פלעגען זיך צונויפקומען אַ פּאָר בּעלי־בּתים אין אַן'אָוועגד און אָבּגערעדט צו ווערען מחותנים נאָך הײַנטיגע נאַכט. און בּײַנאַכט, צעהן אַ זײגער, האָט מען שוין אויפגעוועקט די יונגע קינדער פון שלאָף.

— שטעה אויף און געה צו דער חופּה, — האָט מען צו די שלאָפעדיגע קינדער גערעדט.

אײַזיק דער קצב האָט דערצעהלט, — איך געדענק עס — ווי אַזוי ער האָט חתונה געהאַט:

— איך בּין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָהר אַכט און בּין געלעגען אויפ'ן בּעט און געשלאָפען אין אָנטהאָן, האָט מיך די מאַמע אויפגעוועקט:

— אײַזיק'ל, אײַזיק'ל, שטעה אויף און געה צו דער חופּה.

ווײס איך נישט, וואָס חופּה, ווען חופּה, און וויל נישט אויפשטעהן. האָט די מאַמע גערופען דעם טאַטען, ער זאָל מיך וועקען. שרײַט ער שוין, ווי אַ טאַטע:

— שטעה אויף, איציק, וועסטו געהן צו דער חופה.
זאָג איך:
— איך וויל אין ערגעץ נישט געהן. איך וויל שלאָפען.
זאָגט דער טאַטע:
— שטעה אויף, זאָג איך דיר.
זאָג איך:
— איך וויל נישט.
האָט דער טאַטע מיר געגעבען אַ קניפּ מיט כּעס און אַ זאָג:
— שטעה אויף!
האָב איך אָנגעהויבען וויינען, נעהמט דער טאַטע דעם קאַנטשיק און שמייסט מיך אָב. בין איך שוין, פערשטעהט זיך, וואַך און שטעה שוין מיט פערוויינטע און פערשלאָפענע אויגען. פרעג איך:
— וואוהין געהן?
זאָגט דער טאַטע:
— צו דער חופה.
— וואו חופה? — פרעג איך.
זאָגט דער טאַטע:
— מען וועט געהן צום מחותן, דאָרט וועט זיין חופה.
פערשטעה איך נאָך אַליין נישט, וואָס דער טאַטע רעדט מיט מיר, „מחותנים", „חופה", זאָג איך נאָכאַמאָל:
— איך וועל נישט געהן.
האָט אָבער דער טאַטע גענומען נאָכאַמאָל דעם קאַנטשיק אין דער האַנד און איך בין אַנטשוויגען געוואָרען.
די מאַמע האָט מיך איינגעוואַשען, אָנגעטהאָן דעם קאַפּטעל, פערשפּילעט די הייזלעך און הייסט מיר אָנטהאָן דאָס היטעל. מיין היטעל איז נישט געווען, איך האָב עס ערגיץ פערלוירען שטיפענדיג, אַיידער איך בין געגאַנגען שלאָפען. איז אַוועק אַ סדרה מיט דעם היטעל, און דער טאַטע זאָגט:
— ווען דו וואָלסט נישט דאַרפען ערשט געהן צו דער חופה, וואָלט איך דיך פאַר'ן היטעל רעכט אָבגעשמיסען.
דערווייל זענען שוין געקומען שלוחים פון מחותן, פאַרוואָס געדויערט דאָס אַזוי לאַנג. האָבען אַלע אָנגעהויבען צו זוכען דאָס

היטעָל און אַלץ ניִשט געָפונעָן, איִז געָוואָרעָן אַ מהומה. וואָס טהוט מעָן? דאָ איִז שוין געָוואָרעָן אַרום צוועָלף אַ זייגעָר, און דעָר טאַטעָ מיִט דעָר מאַמעָן האָבעָן שטאַרק מורא, טאָמעָר וועָט דעָרווייַל דעָר מחותן חרטה קריִגעָן, איִז זיי געָוואָרעָן שלעָכט אויפ׳ן האַרצעָן.

הויבט מעָן אָן צו קלעָרעָן: וועָמעָן געהט מעָן אויפוועָקעָן און באָרגעָן אַ יונגעָל׳ס אַ היטעָל, ביִז איִן דעָר-פריִה. האָט מעָן געָקלעָרט, געָקלעָרט און ניִשט געָוואוסט צו וועָמעָן. אגב איִז געָוועָן שפּעָט.

בכן איִז שלעָכט, ניִשטאָ קיין היטעָל. דעָר טאַטעָ מיִט דעָר מאַמעָן האָבעָן ניִשט געָקעָנט איִבעָרטראָגעָן דעָם עגמת-נפש. עָס העָלפט אָבעָר ניִשט. אָהן אַ היטעָל קעָן מעָן ניִשט געהן צו דעָר חופּה. איִז דעָר טאַטעָ אַוועָקגעָגאַנגעָן צום מחותן און געָבעָטעָן אָבלעָנעָן דיִ חתונה אויף מאָרגעָן, ווייַל זיין ווייַב, דיִ מחותנת, איִז ניִשט געָזונד, און דיִ מאַמעָ האָט מורא געָהאַט, אַז דעָר מחותן זאָל דעָרווייַל קיין חרטה ניִשט קריִגעָן.

דעָר טאַטעָ האָט זיִך דאָרט פעָרזאַמט, און דיִ מאַמעָ האָט ניִשט געָקעָנט איינזיִצעָן. גאָט צו דאַנקעָן, דעָר טאַטעָ איִז געָקומעָן און געָזאָגט, אַז דיִ חופּה וועָט זיין מאָרגעָן צעָהן אַ זייגעָר ביינאַכט.

אויף מאָרגעָן האָט מעָן מיִר געָקויפט אַ היטעָל. איִן דעָר-פריִה ביִן איִך געָגאַנגעָן איִן חדר איִן דעָם טאַטעָנס יאַרמאָלקעָ, און האָב דעָרצעָהלט דיִ יונגלעָך איִן חדר, אַז דעָר טאַטעָ האָט מיִך געָוואָלט נעָהמעָן צו דעָר חופּה, נאָר איִך האָב ניִשט געָהאַט קיין היטעָל, ביִן איִך ניִשט געָגאַנגעָן. הייַנט וועָט מיִר דעָר טאַטעָ קויפעָן אַ היטעָל, וועָל איִך הייַנט געָהן צו דעָר חופּה.

זאָגט בייניִש דעָם בלעָכעָר׳ס יונגעָל, אַז עָר איִז געָוועָן געָלעָטעָן ביי דעָר חופּה. עָר איִז געָשטאַנעָן אונטעָר דעָר חופּה מיִט דבורה׳ן, ברוך דעָם סטאָלעָר׳ס מיידעָלעָ. אַרום זיי האָט מעָן זיִך געָדרעָהט און מעָן האָט עָפּעָס געָזאָגט, און מעָן האָט געָגעָבעָן אַ פיִנגעָריִל, און עָר האָט אָנגעָטהאָן אויף דבורה׳ס פיִנגעָר, און דעָר טאַטעָ האָט געָמאַכט מיִט איִהם אַ ברכה, און דעָרנאָך האָט מעָן געָטאַנצט, און מעָן האָט געָגעָסעָן לעָקעָך און קיִכעָל מיִט העָריִנג, און עָס איִז געָוועָן זעָהר געָשמאַק.

אַז איִך ביִן געָקומעָן פון חדר, האָט מיִר שוין דיִ מאַמעָ אָנגעָ-

טהאָן דאָס נײַע היטעלע מיט אַ פרענזועלע.

האָב איך געפרעגט דער מאַמען:

— ווען וועל איך שוין געהן צו דער חופה!

זאָגט די מאַמע:

— זאָלסט נאָר היינט נישט אַזוי אײַנשלאָפען, ווי נעכטען, מען האָט דיך נישט געקענט אויפרײַסען.

זאָג איך:

— איך וועל שוין היינט נישט געהן שלאָפען פאַר דער חופה.

אָבער נײַן אַ זײַגער בין איך ווידער אײַנגעשלאָפען, און מען האָט מיך קוים אויפגעריסען פון שלאָף. בין איך געגאַנגען מיט דעם טאַטען און מאַמען צו דער חופה. קום איך אַרײַן, זעה איך זיסלען, אַ מײַדעלע, וואָס מיט איהר האָב איך זיך פאַראַכטאָגען שבת צושלאָגען בײַ איהר פעטער אין שטוב. זי איז אַ שלעכטע, בין איך געווען מיט איהר ברוגז.

דערנאָך האָט מען אויפגעשטעלט די חופה. מען פיהרט מיך אונטער, און אין אַ ווײַלע אַרום ברענגט מען זיסלען אונטער דער חופה און מען שטעלט זי נעבען מיר. לויף איך אַוועק און זאָג:

— איך וויל נישט שטעהן מיט זיסלען אונטער דער חופה, איך בין ברוגז מיט איהר.

זאָגט די מאַמע:

— אײַזיק'ל, דאָס איז דאָך דײַן כלה.

זאָג איך:

— איך וויל נישט זיסלען פאַר אַ כלה, גיב מיר אַנ'אַנדער כלה.

און איך האָב נישט געוואָלט שטעהן מיט זיסלען אונטער דער חופה.

האָט שוין דער טאַטע אָנגעהויבען אויף זײַן שטײַגער צו רײַדען מיט מיר מיט כעס, אָבער איך האָב נישט געוואָלט, זאָגט דער טאַטע:

— איך וועל שיקען ברענגען פון דער-היים דעם קאַנטשיק און וועל דיר גוט אַרײַנלעגען, אויב דו וועסט נישט שטעהן אונטער דער חופה, אָדער גיט מיר אַהער אַ פאָר ריטער, וועל איך איהם באַלד, דעם חתן, מקיים-פסק זײַן.

זאָגט זיסעל:

— גוט, גוט. דאס איז דערפאר, וואס ער האט מיך געריסען שבת פאר די האהר און איך וויל מיט איהם נישט שטעהן אונטער דער חופה.

איז געווען די אייגענע געשיכטע מיט דער כלה. פריהער האט די מאמע געבעטען, דערנאך האט דער טאטע געסטראשעט מיט'ן קאנטשיק.

קורץ, עס איז אוועקגעגאנגען א פאר שעה צייט און די „חתן-כלה" ווילען נישט שטעהן אונטער דער חופה. די גערופענע געסט צום מנין ווילען שוין אוועקגעהן. האט מען אריינגענומען א בעזים און מען האט אנגעהויבען אויסצורייסען ריטער פאר מיר מיט זיסלען. האבען מיר זיך פונאנדערגעוויינט און, וויינענדיגע, ביידע געשטעלט זיך אונטער דער חופה.

האט מען מיר געהייסען נעהמען איהר פינגער און אנטהאן דאס פינגעריל. האב איך נישט געוואלט נעהמען איהר פינגער. האט מיר דער טאטע געגעבען א פאטש און ווייטער געסטראשעט מיט ריטער, האב איך שוין גענומען איהר פינגער און בין געווארען בייז, פארוואס מען נויט מיך אנצונעהמען איהר פינגער. האב איך איהר געגעבען א קניפ. האט זי אנגעהויבען צו וויינען. האט זיסעלעס טאטע איהר געגעבען צוויי גילדען און מיין טאטע האט מיר געגעבען צוויי גילדען, אז מען זאל ווערען שלום. האב איך שוין גענומען איהר פינגער און געמאכט די ברכה מיט'ן זיידען, געזאגט מזל-טוב און אנגעהויבען טאנצען. דערנאך האט מען מיך געזעצט ביים טיש מיט זיסלען און מען האט געגעסען לעקעך און איינגעמאכץ. האט זיסעל פלוצלונג אנגעהויבען צו וויינען. זאגט די מוטער:

— וואס וויינסטו זיסעלע?

זאגט זי:

— איך וויל פ...

האט מען איהר ארויסגעפיהרט.

זאג איך:

— איך וויל אויך.

האט מען מיך אויך ארויסגעפיהרט און דערנאך געזעצט אונז איינע נעבען די אנדערע. דערנאך זענען מיר איינגעשלאפען, האט

מײַן שװועסטער חיה מיך אַװעקגעפירט אַהײם און זיסלען האָט מען אױך געלעגט שלאָפען.

אױב איך האָב געהאַט אַ שטיקעל שמחה, איז עס געװען דאָס, װאָס איך בין אין דער װאָך נישט געגאַנגען אין חדר פון דינסטאָג ביז זונטאָג. אױף מאָרגען איז געקומען צו אונז אױף מיטאָג דער מחותן, די מחותנת'טע און זיסעל מיט אַנ'אָבגעגאָלטען קאָפּ און מיט אַ טשע־פּיק'ל ביז די אױגען. די מאַמע האָט געקאָכט אַ הוהן אױף מיטאָג. אַ הוהן, װײַל אַ גאַנצע װאָך איז קײן פלײש נישטאָ, סײַדען, אַז עס מאַכט זיך אַ שמחה. גיט דער בעל־שמחה דעם קצב געלד אױף אַ קוה, אָדער אַ קאַלב און װערט מיט איהם מושוה, װי טײַער ער װעט איהם רעכענען אַ פונט פלײש. פאַרהאַן אײן קצב, װאָס קױלעט פאַר דער גאַנצער װאָך אײן קיהעלע. דאָס איז בעשטעלטע פלײש פאַר די פּריצים, װי דער אַסעסער, דער שרײַבער, אַ פּאָר רײַכע מעשטשאַ־נעס. און טאָמער בלײַבט אױס פון דעם דאָזיגען בעשטעלטען קיהעלע, פערקױפט ער דאָס איבערגעבליבענע די עקאָנאָמעס פון די פּריצים.

נאָכ'ן עסען איז איבערגעבליבען זיסעלע בײַ אונז. זי איז מיר אָבער מיט איהר טשעפּיק נישט געפעלען געװאָרען. אַז מיר האָבען זיך גענומען שפּיעלען, האָב איך דאָס ערשטע אַראָבגעריסען בײַ איהר דאָס טשעפּיק'ל און איך טהו אַ קוק — אַ װײַסער אָבגעגאָלטער קאָפּ. האָב איך אָנגעהױבען שרײַען:

— פּע, אַ פּאַרך, אַ פּאַרך.

האָט זי זיך פערשעמט און אָנגעהױבען צו װײנען. איז דער טאַ־טע געװאָרען בײז אױף מיר און האָט מיך אָבגעשמיסען פאַר זיסלען אין די אױגען. (דער טאַטע פלעגט מיך אָפט שמײַסען). בעת שמײַ־סען האָט ער מיר אױסגערעכענט מײַנע עבירות:

— אַ יונגעלע, אַ יונגעלע װעט װײַטער נישט אָברײַסען דעם טשעפּיק זיסלען, און נישט רופען זי פּאַרך...

שרײַ איך װײנענדיג אונטער די שמיץ:

— נײן, טאַטעלע, איך װעל שױן װײַטער דאָס נישט טהאָן.

און זיסעל האָט פון גרױס געװײן אָנגעהױבען צו לאַכען, בשעת מען האָט מיך געשמיסען. דערנאָך האָט מען איהר אַװעקגעפירט אַהײם און מיר זענען װײַטער געװאָרען ברוגז, ז׳ פאַר דער חרפּה,

וואָס איִך האָבּ איִהר אָנגעֶטהאָן און איִך פאַר די שמיִץ, וואָס איִך האָבּ צוּליִעבּ איִהר געֶקראָגעֶן.

אויף מאָרגעֶן איִז דעֶר טאַטעֶ מיִט דעֶר מאַמעֶן געֶגאַנגעֶן צוּם מחותּן אויף אַ מיִטאָג, און איִך האָבּ ניִשט געֶוואָלט געֶהן. האָבּעֶן זיִך נאָר די מחותּנים אַליין געֶפרעֶהט, אָבּעֶר איִך מיִט זיִסלעֶן זעֶנעֶן זיִך ניִשט צוּנויפגעֶקוּמעֶן. שבּת האָט דעֶר מחותּן געֶמאַכט בּיַי זיִך אַ מנין און דעֶר טאַטעֶ האָט מיִך געֶנוּמעֶן צוּם דאַווענעֶן. מעֶן האָט מיִך אויפגעֶרוּפעֶן ששי, ווי עֶס קוּמט אַ חתן נאָך דעֶר חתונה. געֶבּעֶן טיִש, וואו מעֶן לייעֶנט, האָט מעֶן אַוועֶקגעֶשטעֶלט אַ בּעַנקעֶלעֶ און דעֶר טאַטעֶ האָט געֶמאַכט מיִט מיִר די בּרכה. אַ טליתל פאַר מיִר האָט שוין דעֶר טאַטעֶ בּעֶשטעֶלט דורך דעֶם בּעל-עגלה, עֶר זאָל מיִר בּרעֶנגעֶן פון בּריִסק, און נאָכ'ן דאַווענעֶן געֶגעֶבּעֶן לעֶקעֶך און בּראַנפעֶן. מעֶן האָט מיִך געֶזעֶצט בּיַים טיִש, אָבּעֶר זיִסעֶל האָט ניִשט געֶוואָלט זיִצעֶן בּיַים טיִש מיִט מיִר.

אַזוי איִז אַוועֶק אַ פּאָר חדשים, מיִר זעֶנעֶן געֶוועֶן בּרוגז. עֶס איִז געֶקוּמעֶן פּסח, האָט די מאַמעֶ געֶבּעֶטעֶן זיִסלעֶן צוּ זיִך אויף פּסח. מעֶן האָט געֶוואָלט, אַז מיִר זאָלעֶן שוין שלום ווערעֶן. די מאַמעֶ האָט אוּנז געֶגעֶבּעֶן ניִס און די שוויגעֶר האָט אוּנז אויך געֶגעֶבּעֶן ניִס צוּם שפּיִעלעֶן זיִך. איִך בּיִן געֶוועֶן אַ בּן-יחיד און האָבּ געֶפרעֶגט די פיִער קשיות. איִז זיִסלעֶן, ווי ס'וויַיזט אוּיס, געֶפעֶלעֶן געֶוועֶן מיַינעֶ קשיות פרעֶגעֶן, און דעֶרנאָך האָבּעֶן מיִר זיִך בּיַידעֶ געֶשפּיִעלט איִן ניִס, בּיַידעֶ טעֶג יום-טוב. אויף די אַנדעֶרעֶ טעֶג פּסח האָט מיִך פעֶרבּעֶטעֶן דעֶר שוועֶהר. האָט מיִך די מאַמעֶ אַוועֶקגעֶפיִהרט. דעֶם גאַנצעֶן טאָג בּיִן איִך געֶוועֶן בּיַים שוועֶהר, געֶשפּיִעלט מיִט זיִסלעֶן, און איִן אָוועֶנד איִז געֶקוּמעֶן די מאַמעֶ מיִך אָבּפיִהרעֶן אַהיַים שלאָפעֶן און איִן דעֶר-פריִה האָט זי מיִך וויַיטעֶר געֶבּראַכט צוּם שוועֶהר.

דעֶם לעֶצטעֶן טאָג פּסח האָבּ איִך פעֶרשפּיִעלט די גאַנצעֶ ניִס בּיַי זיִסלעֶן. זי איִז געֶוועֶן אַ קלוּגעֶ, און האָט כּמעט בּעֶסעֶר געֶשפּיִעלט פאַר מיִר, בּיִן איִך געֶוואָרעֶן בּיַיז, און וויַיטעֶר איִהר אַראָבּגעֶריִסעֶן דעֶם טשעֶפּיִק און ניִשט ווילעֶנדיִג אַ געֶשריַי געֶגעֶבּעֶן:

— פּאַרך! ...

דאָ האָבּ איִך זיִך געֶקויפט אַ מפטיר. זיִסעֶל איִז צוּגעֶלאָפעֶן צוּ

דער מוטער מיט אַ גרויס געוויין. האָט די מוטער מיר געגעבן אַ פּאַטש פון גרויס כּעס.

דער פאָטער האָט געזאָגט, אַז ער וועט מיר שוין צושטעלן אַ געשמיסעלטס בּיים רבּי'ן, בּין איך אַנטלאָפן אַהיים און דער שוועהר איז בּאַלד געקומען צום טאַטען מיט אַ „ספּראַווע” אויף מיר:

— סטייטש, אַזאַ צולאָזען יונגעל, מען מוז איהם איין מאָל פאַר אַלעמאָל אָנשמייסען, אַז ער זאָל האָבען צו געדענקען.

האָט מען שוין איבּערגעגעבן דעם רבּי'ן, אַז ער זאָל מיך גוט אָבּשמייסען פאַר מיין רייסען זיסלען דעם טשעפּיק און רופען פאַרך. דער רבּי האָט מקיים־פּסק געווען נאָך בּיתר־שאת, און פון דעמאָלט אָן האָבּ איך שוין קיינמאָל איהר נישט געריסען דעם טשעפּיק און נישט גערופען זי מיט'ן מיאוס'ען נאָמען. און מיר זענען געווען בּרוגז אַ גאַנץ יאָהר בּיז איבּעראַיאָהר פּסח.

האָט די שוויגער ווידער געבּראַכט זיסלען צו אונז אויף פּסח און בּיידע מאַמעס העבען זיך אַריינגעלעגט צו מאַכען צווישען דעם „פאַר־פאָלק” אַ שלום. מיר זענען שלום געוואָרען און האָבּען זיך שוין מעהר נישט געקריגט. די האָהר זענען בּיי איהר דערווייל אונטערגעוואַקסען, האָט זי שוין אַלעמאָל אויסגעטהאָן דעם טשעפּיק און מיר האָבּען אין דעם געשפּיעלט אין ניס. פריהער פלעגען מיר שפּיעלען אין מיין יאַר־מאָלקע.

אַז מיר זענען אַלט געוואָרען אַ יאָהר צוועלף, האָט מיין טאַטע מיר אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז מיר זענען מאַן און ווייבּ. דאָסזעלבּע האָט זיסלען געזאָגט איהר מאַמע, און מען האָט אונז צונויפגעבּראַכט.

די מאַמע האָט זיסלען אויסגעלערנט, ווי זי דאַרף זיך בּעגעהן מיט'ן מאַן און מיך האָט דער טאַטע אויסגעלערנט, ווי איך זאָל מיך בּעגעהן. זענען מיר געבּליבּען מאַן און ווייבּ און אַזוי לעבּען מיר בּיז אויף היינטיגען טאָג, געלויבּט דער אויבּערשטער. זי גיט מיר אַפילו קללות צייטענווייז, נאָר איך בּין שוין צוגעוועהנט. איך ענטפער איהר נישט, און איצט, געלויבּט דער אויבּערשטער, מאַכען מיר חתונה אַ טאָכטער, זאָל זיין מיט מזל.

אָט די אמת'ע מעשה, וואָס איך האָבּ זומישנע אויספיהרליך גע־בּראַכט, איז העכסט חאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט.

אַזוֹי האָבּעֶן זִיךְ אַלעֶ פאַר-פאָלק געֶפִיהרט. דאָס יונגעֶלעֶ האָבּעֶן זַיינעֶ עֶלטעֶרן צוּגעֶנוּמעֶן און דאָס מײַדעֶלעֶ — אִיהרעֶ עֶלטעֶרן. און מעֶן פלעֶגט זײַ שטעֶנדִיג צוּזאַמעֶנבּרעֶנגעֶן, אַז זײַ זאָלעֶן זִיךְ שפִּיעלעֶן, און אַז זײַ זעֶנעֶן געֶווען שכנים, האָבּעֶן זײַ זיך ווײַטעֶר געֶשפִּיעלט ווִי פרִיהעֶר. זײַ פלעֶגעֶן זִיךְ צוּשלאָגעֶן פִיעל מאָל און עֶר פלעֶגט אָבּרײַסעֶן דעֶם טשעֶפִּיק און דִי טאַטעֶס פלעֶגעֶן זײַ בּעֶשטראָפעֶן מִיט רִיטעֶר, ווִי פעֶרצײַטעֶנס.

שמײַסעֶן קִינדעֶר אִיז געֶווען אַ געֶוועֶהנלִיכעֶ זאַך. פאַר אַ מִינדסטעֶ קלײַנִיגקײַט פלעֶגט מעֶן בּאַלד שמײַסעֶן. מעֶן פלעֶגט שמײַסעֶן יונגלעֶך, בּעלי-הבּית'לעֶך, הײַסט עֶס, פוּן פעֶרצעֶהן-פוּפצעֶהן יאָהר, וואָס האָבּעֶן שוֹין אַלײַן קִינדעֶר, און שמײַסעֶן מאַמעֶס פוּן קִינדעֶר.

מעֶן מוּז אָבּעֶר אָנעֶרקעֶנעֶן, ווִי דאָס אִיז נִישט מאָדנעֶ, אַז דאָס רוֹב פוּן דִי דאָזִיגעֶ חתונה-געֶהאַטעֶ האָט זִיךְ דעֶרנאָך, אוֹיסוואַקסעֶנדִיג, גאַנץ גוּט אײַנגעֶלעֶבּט. מאַן און ווײַב האָבּעֶן אײַנעֶ דִי אַנדעֶרעֶ געֶשעֶצט און זִיךְ האָלט געֶהאַט. נאָר אַ מעוּט האָט זִיךְ דעֶרנאָך אַרוּמגעֶרִיסעֶן פאַר דִי נעֶזעֶר און האָט זִיךְ געֶמוּזט גט'ן.

דִי בּהלה האָט, ווִי געֶזאָגט, מעֶהר נִישט געֶדוֹיעֶרט ווִי אײַן יאָהר.

אַז דעֶר קלאַנג וועֶגעֶן אוּקאַז אִיז געֶקוּמעֶן אִין קאַמעֶנִיץ, זעֶנעֶן שוֹין דִי פּני געֶקוּמעֶן פרעֶגעֶן דעֶם זײַדעֶן וועֶגעֶן דעֶם. מחמת דִי זאַך אִיז געֶווען זעֶהר אַ ווִיכטִיגעֶ פאַר יעֶנעֶר צײַט, אִיז אהרן-לײַזעֶר געֶפאָהרעֶן קײַן בּרִיסט און אָנגעֶפרעֶגט דעֶם אִיספּראַווניִק. דעֶר לעֶצטעֶר האָט געֶעֶנטפעֶרט, אַז עֶפּעֶס אַזוֹינס אִיז יאָ אָנגעֶקוּמעֶן פוּן מִינִיסטעֶר, למשל, עֶס אִיז געֶקוּמעֶן פוּן פּעֶטעֶרבּוּרג אַ פּאַפִּיר צוּ דִי גוּבּעֶרנאַטאָרעֶן, אִין וועֶלכעֶן עֶס ווערט געֶבּעֶטעֶן מעֶלדעֶן דעֶר רעֶגִירוּנג צוּ ווִיפִיעל יאָהר האָט מעֶן בּײַ יודעֶן חתונה, ווײַל מעֶן האָט זִיךְ דעֶרוואוּסט, אַז דִי יוּדִישעֶ זעֶלנעֶר זעֶנעֶן כּמעט אַם-מײַנסטעֶן פאָטעֶר'ס פוּן עֶטלִיכעֶ קִינדעֶר, און לוֹיט דעֶם אִיספּראַווניִק'ס השערות, וועֶט דעֶר מִינִיסטעֶר אַוודאַי אַרוֹיסגעֶבּעֶן אַנ'אוּקאַז, אַז פאַר צוואַנצִיג יאָהר זאָלעֶן יוּנגלעֶך נִישט חתונה האָבּעֶן, און אַזוֹי אוֹיךְ, פעֶרשטעֶהט זִיךְ, מײַדלעֶך, און אַז אהרן-לײַזעֶר אִיז געֶקוּמעֶן קײַן קאַמעֶנִיץ, האָט זִיךְ בּאַלד אָנגעֶהוֹיבּעֶן דִי בּהלה.

אין בריסק האָט זיך די בהלה אָנגעהויבען פריהער, און די קאַמעניצער האָבען גאָרנישט פאָרגענומען. זיי האָבען געקוקט אויף אהרן־לייזער'ן. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אָבשטעהן פון אלע יודען און האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער צו עלף יאָהר.

## פיערטעס קאַפּיטעל.

מיין פאָטער משה. — זיין נייגונג צו חסידות. — דער שידוך. — ר׳ לייזער דער גראָדנער רב. — מיין מוטער. — מיין פאָטער אַלס הייסער חסיד. — זיין אַנטלויפען צום רבי׳ן. — זיין קאַמפף מיט׳ן זיידען. — די אַרענדע. — דער רעוויזאָר. — קאַמעניצער חסידים.

אהרן-לייזער האָט געהאַט אַ זוהן משה, וואָס איז געוועזען אַ גערא-טען יונגעל. צו צוועלף יאָהר האָט שוין דער זיידע אָנגעהויבען צו צולאָזען שדכנים, וועלכע ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל פאַר זיין זוהן משה׳ן נעהמען אַ רב׳ס אַ טאָכטער, און דוקא אַ גרויסען רב׳ס.

דער שדכן, ר׳ בעריל-מיכל, האָט איהם מודיע געוועזען, אַז דער היגער רב האָט אַ ברודער, גראָדנער מורה-הוראה, ר׳ לייזער, וואָס איז ר׳ הילל׳ס אַנ׳איידעם. ר׳ הילל אַליין איז ר׳ חיים וואָלאָזשינער׳ס אַנ׳איידעם. אַלזאָ, איז דאָס גאָלע יחוס. דער דאָזיגער ר׳ לייזער האָט אַ טאָכטער. אַ מיידעל, וואָס שטעהט אין שדוכים. ווייס ער אָבער נישט, דער שדכן, צו יענער וועט זיך לאָזען רעדען אַ שידוך מיט אַ איסבאָר-שטשיק׳ס אַ זוהן.

— איהר וואָלט דאָס געקענט אפשר אויספיהרען, — האָט דער שדכן גענעבען צו פערשטעהן, — מיט אונזער רב, אַז ער זאָל וועלען, קען אפשר זיין דער שידוך.

אהרן-לייזער׳ן איז דאָס געפעלען געוואָרען, האָט ער געשיקט דעם שדכן צום רב. דער רב האָט דעם שדכן אַרויסגעטריבען.

אַ העזה אַבּיסעל — האָט דער רב גע׳כעס׳ט, — צו רײַדען מײַן ברודער, דעם גאון, מיט אַ קאַמעניצער איסבּאָרשטשיק.

אהרון-לײַזער האָט קײַן סך נישט געקלערט, איז אַלײַן אַוועק צום רב און האָט איהם געזאָגט בזה הלשון:

— איהר ווײַסט, רבּי, אַז איך האָב זעהר אַ גוט יונגעל פון צוועלף יאָהר... איהר האָט אַודאַי פון איהם געהערט...

דער רב האָט גוטמוטהיג געענטפערט:

— איך האָב געהערט, אַז אײַער יונגעל האָט אַ גוט קעפּעל.

— איך האָב אָבער געהערט, — רעדט ווײַטער אהרון-לײַזער, — אַז אײַער ברודער, ר׳ לײַזער, דער גראָדנער רב, האָט אַ מײַדעל, וואָס שטעהט אין שידוכים, וויל איך זיך מיט איהם מתחתן זײַן. געלד, פיעל מען ווערט מיר הײַסען, וועל איך געבען. בעט איך אײַך טאַקע, אַז איהר זאָלט זײַן דער שדכן פון דעם שידוך. וואָרום איך ווײס, אַז ווען איהר וועט ראַטען אײַער ברודער, וועט ער אײַך פאָלגען. דער שדכן בעריל-מיכל האָט מיר אַפילו איבערגעגעבען, אַז איהר האָט זיך שטאַרק „אָנגעבײַזערט״ אויף איהם, — האָט זיך דער זײַדע ווײַטער גערעדט, — ווי קומט ער רײַדען זײַן ברודער דעם גאון מיט אַ איס-באָרשטשיק? זאָג איך אײַך אָבער, רבּי, קורץ: איך גיב אײַך צוויי ברירות, אָדער איהר זאָלט זעהן אויספיהרען דעם שידוך, אָדער איהר זאָלט זיך זוכען אַן׳אַנדער שטאָדט. איך גיב אײַך צײַט ביז איבער שבת. אויב איהר וועט מיר אָבזאָגען דעם שידוך, זאָלט איהר גלײַך אין דעמזעלבען טאָג אַרויספאָהרען פון קאַמעניץ.

אין דעם פאַל האָט זיך, פערשטעהט זיך, אַרויסגעוויזען דער זײַדע מיט זײַן גאַנצען דעספּאָטיזם און ווילדקײַט.

דער רב איז געבליבען טויט ווי די וואַנד. ער האָט געוואוסט, אַז קוים האָט אהרון-לײַזער אַרויסגעזאָגט, וועט ער זיך שוין האַלטען אָן דעם, וואָרום בײַ איהם איז געזאָגט — געטהאָן, און ווער קען זיך דאָס נעגען איהם שטעלען?

האָט דער רב געבעטען, אַז אהרון-לײַזער זאָל איהם וואַרטען צוויי וואָכען צײַט, וועט ער זאָגען אַ תשובה. דערמיט איז אהרון-לײַזער מסכים געוואָרען.

דער רב האָט געשיקט רופען אַ פּאָר בעלי-בתים חשובים, האָט

זײ פערטרױט די גאנצע געשיכטע און האט זיך מיט זײ געהאלטען אנ׳עצה. די בעלי-בתים האבען בעװאונדערט דעם זײדענ׳ס אכזריות, אז עס איז א רציחה׳דיגע זאך צו נויטען אזא גאון, װאס איז אויסגעקנאטען דורך און דורך מיט די גרעסטע גאונים: דער גרויסער גאון ר׳ ליב-איטשע איז דער רבי׳צענס א ברודער, ר׳ הילל איהרער א פאטער, ר׳ חיים װאלאזשינער — א זײדע, ר׳ איצעלע װאלאזשינער — א פעטער, דער גרויסער גאון ר׳ יחזקאל, װעלכער איז געװען פריהער דעם װילנער גאונ׳ס אנ׳איידעם, איז ר׳ לײזערס א פאטער, ר׳ שמואל מינסקער גליל-רב איז זײנער א זײדע, ר׳ שמחה, גראדנער געװעזענער רב אויך א זײדע און נאך א דרײ ברידער זענען גאונים און רבנים אין די גרעסטע שטעדט — זאל טהאן א שידוך מיט א איסבארשטשיק. נאר פערפאלען. אהרן-לײזער זאגט, װעט ער אויספיהרען זײנס, װארום װאס פיהרט ער דען נישט אויס? און זײ האבען איהם קײן עצה נישט געקענט געבען.

דאך איז געבליבען, אז ער זאל שרײבען דעם ברודער, ר׳ לײזער׳ן, קײן גראדנע מכה דעם און װי יענער װעט זאגען, אזוי װעט ער טהאן. ער האט געשיקט א בריעף און בעקומען גאר אנ׳אונגעריכטע תשובה, אונגעפעהר מיט אזא אינהאלט:

„איך זעה, ברודער, אז דאס איז בעשערט פון גאט. מסתמא װיל אזוי גאט. דארפען מיר זײן צופריעדען מיט זײן משפט. איז דער חתן חאטש א גוט יונגעל? אויב עס קען פון איהם ארויסקומען א רעכטער למדן, קען מען דעם שידוך טהאן״.

דער רב האט אבגעטראגען דעם בריעף צו אהרן-לײזער׳ן און געװיזען איהם. אהרן-לײזער איז געװיס געװארען מלא שמחה.

— איצט, קריגט איהר בײ מיר, רבי, נאך א רובל א װאך שכירות — האט ער געריבען די הענד מיט התפעלות, — איך װעל פאהרען קײן גראדנע זעהן דאס מײדעל. טאמער איז דאס מײדעל, חלילה, א קאליקע, אדער זעהר א העסליכע? איך האב מײן משה׳ן זעהר ליעב, װײל איך איהם געבען א רעכט װײב, אויסער דעם יחוס.

קײן גראדנע איז ער געפאהרען צוזאמען מיט׳ן רב און דאס מײדעל איז איהם געפעלען געװארען. מען האט געשריבען תנאים און צוגעזאגט טויזענד רובל נדן. דרײ יאהר קעסט דארף ער זײ געבען בײ

זיך אין קאמעניץ און האלטען דעם זוהן א מלמד און דערנאך זאל ער זיי אבשיקען קיין גראדנע, אז דער איידעם זאל לערנען ביים שוועהר און ער וועט שיקען געלד פאר די קעסט.

דער חתן משה איז אלט געווען צו די תנאים דרייצעהן יאהר און די כלה שרה אכצעהן אדער נייצעהן יאהר. נישט אומזיסט האט איהר פאטער אזוי גיך איינגעשטימט.

צו דער חתונה זענען אראבגעפאהרען רבנים פון דער גאנצער פאמיליע, און די חתונה איז געווען אזוי גרויס, אז די גאנצע אלט טאג האט שטאדט געטהאן און געהוליעט. בראנפען איז געווען גאנצע פעסער. דער עולם האט געטרונקען אויף וואס די וועלט שטעהט.

די מחותנים מיט די רבנים זענען אוועקגעפאהרען צופריעדען, זיי האבען נאך קיינמאל נישט געזעהן אזא בריטע חתונה און האבען נאך קיינמאל נישט געזעהן, אז א גאנצע שטאדט זאל הוליען אויף א שמחה. אבער זיי האבען נישט געוואוסט, אז כמעט אלע, וואס זענען געקומען צו די מאהלציטען, האבען דאס נאר געטהאן פון אימה און נישט פון אהבה.

פאר משה'ן האט אהרן-לייזער געזוכט עפעס א גרויסען למדן פאר א מלמד. ער האט געוואלט, אז זיין זוהן זאל אויך ווערען א רב. עפעס א קלייניגקייט, ער פאלט איצט אריין צו אזא חברה רבנים און גאונים. האט ער אראבגעבראכט פון בריסק איינעם א ר' ארעלע, א זעלטענער למדן, האט צוגעקליבען צום זוהן נאך א דריי נגיד'ישע און גוטע יונגלעך, און מען האט געגעבען ר' ארעלע'ן הונדערט רובל א זמן, ער זאל לערנען מיט די פיער יונגלעך, וועלכע זענען שוין געווען חתנים. און אין יענע צייט איז פינף-און-צוואנציג רובל פאר א זמן געווען א שלל מיט געלד.

אבער אהרן-לייזער האט זיך אינגאנצען אבגענארט. ער האט נישט געוואוסט, אז ר' ארעלע איז א גרויסער חסיד, און ער וועט נאר מאכען זיינע תלמידים פאר חסידים און נישט פאר רבנים. ר' ארעלע האט איינגעפלאנצט אין זיינע תלמידים חסידות און האט זיי געמאכט פאר הייסע חסידים, און אז זיי וועלען חתונה האבען, וועלען זיי גאר באלד מאכען א היידא צום רבי'ן, ר' משה'לע קאברינער, וואס איז געווען ר' ארעלע'ס רבי.

אהרן-לײזער איז, פערשטעהט זיך, געװען אַ גרױסער מתנגד און דער רב נאָך אַ גרעסערער, אַזױ, אַז צו איהם איז געקומען אַ יודענע פון זאַסטאַװיע און געקלאָגט זיך פאַר איהם, אַז דער זוהן איהרער איז געװאָרען אַ חסיד, האָט דער רב געהײסען דער מוטער רײַסען קריעה און זיצען שבעה. און דער ברודער, ר׳ לײזערקע, דער גראָדנער רב, איז אַודאַי געװען אַ פערקאָלטער מתנגד, דאָס איז דאָך עפּעס פון ר׳ חיים װאָלאָזשינערס קינדער!

און טאַקע באַלד, נאָך דער חתונה, האָט זיך דער זוהן משה אַרױסגעגנב׳עט פון דער-הײם און אַװעקגעפאָהרען קײַן קאָברין צום רבי׳ן. משה האָט געװאוסט, װאָס פאַר אַ מלחמה ער װעט דאָ האָבען מיט זײַן פאָטער, ער האָט איהם גוט געקענט.

ער האָט אױך געװאוסט, אַז ער מאַכט-אָן אַ חורבן בײַם שװעהר׳ס פאַמיליע, די מתנגד׳ישע גאונים, אַז ער גיט ממש אַ קלאַפּ דערמיט זײַן שװעהר דעם צדיק, װאָס װיל, אַז זײַן אײדעם זאָל זײַן אַ רב, װאָס איז גאָר אונמעגליך פאַר אַ חסיד. פונדעסטװעגען אָבער האָט ער אױף קײַן זאַך נישט געקוקט און האָט געטהאָן זײַנס. ער איז נישט געװען עהנליך אין פאָטער. ער איז אפשר געװען דער היפך, ער איז געװען אַן׳אידעאַלעס קינד, אַ שטילס און זעהר אַ רעליגיעזעס, און אַז װען ער װאָלט עמיצען פערשאַפט נאָך אַ גרעסערן עגמת-נפש דערמיט, װאָס ער האָט זיך איבערגעגעבען צו חסידות, װאָלט ער אױך דערױף נישט געקוקט. אַזױ האָט איהם געטריבען דאָס האַרץ, און ער האָט געמוזט.

עס איז איבעריג צו זאָגען, װאָס פאַר אַ קלאַפּ דאָס איז געװען פאַר אהרן-לײזער׳ן. דער זוהן האָט איהם דאָ איבערגעדרעהט אַלע זײַנע פּלענער. יענער האָט מיט אַזאַ ענערגיע אױסגעאַרבײַט צו האָבען מחותנים גאונים און אַ זוהן אַ רב — דאַרף מען דען בעסער? און פּלוצלונג — נאַ דיר!

ער האָט גלאַט קײנמאָל נישט משער געװען, אַז מיט זײַן זוהן זאָל זיך דאָס טרעפען, דאָס איז פאַר איהם געװען שרעקליך אונערװאַרטעט. ר׳ אָרעלע, דער רבי, האָט געװאוסט, אַז קוים װעט משה׳לע אַװעקפאָהרען צום רבי׳ן, װעט איהם אהרן-לײזער אױסרײַסען דערפאַר, און ער האָט טאַקע די רגע געמאַכט פּליטה.

פון דער פּליטה האָט אהרן־לײזער נישט געוואוסט, האָט ער געשיקט צװײ דיעסיאַטניקעס צו ר׳ אָרעלען ברענגען איהם. אָבער אַז מען האָט איהם געזאָגט, אַז ר׳ אָרעלע איז אַנטלאָפען, האָט ער באַלד געשיקט צום אַסעסער, ער זאָל איהם געבען זעקס דיעסיאַטניקעס און דערבײַ זאָל ער זײ אָנזאָגען, אַז וואָס אהרן־לײזער וועט זײ הײסען, זאָלען זײ טהאָן. אַזאַ זאַך טאָר דער אַסעסער נישט טהאָן. אָבער בעהמענדיג אין אַלט, אַז דער זײדע האָט אַזוי גוט געלעבט מיט׳ן איספּראַווניק, האָט דער אַסעסער ערפילט די בקשה.

האָט אהרן־לײזער געשיקט די דיעסיאַטניקעס אַראָבנעהמען דעם דאַך פון ר׳ אָרעלעס הויז, וואָס ער האָט געקויפט באַלד ווי ער איז געקומען קײן קאַמעניץ. נאָר אהרן־לײזער׳ס ברודער, מרדכי־ליב, האָט עס נישט דערלאָזט. מען טאָר דאָס נישט טהאָן. עס איז נישט יודישליך. עס פערשטעהט זיך, ווען מרדכי־ליב פערשפּעטיגט אײן שעה צײַט, וואָלט שוין אָרעלע׳ס הויז געווען צונומען.

דעמאָלט האָט אהרן־לײזער אַוועקגעשיקט אַ שליח, אײנעם אַנ׳אָנגעזועהענעם בעל־הבית קײן קאָברין, אָנזאָגען דעם רבי׳ן, אַז אויב ער וויל זיצען אין קאָברין רוהיג און פיהרען דאָרטען זײַנע רבי׳רײַען, טאָ זאָל ער איהם שוין, די מינוט, אָפּשיקען דעם זוהן און שווערען, אַז ער וועט איהם שוין מעהר קײנמאָל נישט פערנאַרען צו זיך.

אָבער דער רבי האָט, נעבעך, דאָ גאָרנישט געקענט העלפען. דער יונגער פערצעהן־יעהריגער משה איז געוואָרען אַ פערברענטער חסיד און האָט מיט גרויס מסירת־נפש געזאָגט:

— רבי, נפשי קשורה בנפשך, איך וועל נישט אָפּטרעטען פון אײַך, סײַדען מיט׳ן טויט.

דער שליח האָט דעמאָלט קײן אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי אָנזאָגען משה׳ן אין נאָמען פון פאָטער, אַז אויב ער וועט נישט קומען גלײַך אַהײם און וועט נישט שווערען, אַז ער וועט מעהר קײן חסיד נישט זײַן, טאָ זאָל זײַן פוס מעהר נישט איבערטרעטען דעם טאַטען׳ס שוועל.

אָבזועענדיג אַ פּאָר וואָכען בײַם רבי׳ן, איז משה געוואָרען נאָך פערברענטער אין חסידות. אַז אַהײם קען ער נישט קומען, האָט ער געוואוסט. פלעגט ער שרײַבען צום פאָטער׳ס מחותן ר׳ זעליג אַנדאַר-

קעם און פרעגען, צי קען ער קומען צו זיי און צי נעהמט ער זיך אונטער אָבצוהיטען איהם פון פאָטערס צאָרן. זעליג האָט געשריבען, אַז ער נעהמט איהם אויף זיינע פּלייצעס, ער מעג קומען קיין קאַמעניץ און גלייך פערפאָהרען צו איהם. אַזוי איז משה אָבגעווען עטליכע חדשים ביי זעליג'ן און ביים רבי'ן אין קאָברין.

דער שוועהר זיינער, ר' לייזער דער גראָדנער מורה-הוראה, האָט פון דעם נישט געוואוסט. מען האָט נישט געוואָלט איהם מצער זיין.

דערווייל האָט שרה, משה'ס ווייב, געהאַט אַ יונגעל, און מען האָט געגעבען צו וויסען ר' לייזער'ן. איז ער געקומען אויפ'ן ברית קיין קאַמעניץ און פערפאָהרען צום ברודער, צום רב. דאָ איז ער געוואָהר געוואָרען פון דער גאַנצער מעשה און עס האָט איהם געקאָסט אַ סך געזונד. מאָרגען איז ער אַריינגעפאַלען מיט דער טאָכטער: אַ מחותן אַ איסבאָרשטשיק, און אַ חסיד אַנ'איידעם, וואָס איז ערגער פון אַלץ אין דער וועלט. עס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז קוים ווערט איינער אַ חסיד, וועלען דאָך זיינע קינדער, זיינע אייניקלעך א. ז. וו. אויך זיין חסידים. און אַזוי וועלען דורות אַוועקגעהן מיט חסידים, און ביי איהם איז בעשלאָסען געוואָרען אָב'גט'ן דער טאָכטער מיט'ן מאַן, אויב זי וועט וועלען. אַז ער איז געקומען צו אהרן-לייזער'ן זעהען זיך מיט דער טאָכטער, האָט איהם אהרן-לייזער צוגענומען מיט גרויס פאַראַד און דער גראָדנער רב האָט געפּרובט אַ רעדט טהאָן מיט דער טאָכטער, זעהן וואָס פאַר אַנ'איינדרוק דאָס וועט מאַכען אויף איהר. נאָך אַלע רייד האָט ער אָבער איינגעזעהן, אַז די טאָכטער שרה האָט שרעקליך ליעב דעם מאַן, אַז זי קלאָגט גאָר דערויף, וואָס ער וואַלגערט זיך אין דער פרעמד און דער שוועהר לאָזט איהם אויפ'ן שוועל נישט אַרויף, און איצט, אויפ'ן ברית, וויל איהם דער שוועהר אויך נישט צולאָזען.

דאָ האָט ר' לייזער דייטליך געזעהן, אַז דאָס איז פערפאַלען. און אננעהמענדיג ווידער, אַז דאָס איז אַ שטראָף פון גאָט, און אַז ווי גאָט טהוט, אַזוי דאַרף זיין, האָט ער, דער גרויסער מתנגד, זיך גענומען מאַכען אַ שלום צווישען מחותן מיט זיין זוהן. נאָך גרויס מאַטערניש און מיה האָט זיך איהם קוים איינגעגעבען מפצה זיין דעם מחותן, אַז ער זאָל זיך לאָזען איבערבעטען פון זוהן.

און אַז דער רב מיט ר׳ לייזער׳ן מיט משה׳ן זענען געקומען צו אהרן־לייזער׳ן, איז משה צוגעפאַלען צום פאָטער מיט אַ געוויין, זיי פערצייטען, און געבעטען, ער זאָל איהם זיין אַ פאָטער ווי געוועזן. מכּח די חסידות איז שוין פערפאַלען, דאָס איז אזא זאַך, וואָס מען קען נישט אַרויסרייסען, נישט איבערמאַכען אַפילו מיט׳ן טויט. דעמאָלט האָט דער פאָטער זיך געלאָזט איבערבעטען און עס איז געוואָרען שלום.

אהרן־לייזער האָט, פערשטעהט זיך, געמאַכט אַ ברית אַנ׳אויסגעצייכענטען, כּיד־המלך, נאָר אַז עס איז געקומען צו אַ נאָמען געבען דאָס יונגעלע, האָט ר׳ לייזער געוואָלט, מען זאָל עס רופען נאָך זיין פאָטער ר׳ יחזקאל, דעם ווילנער גאון׳ס איידעם, און אהרן־לייזער האָט געוואָלט, אַז מען זאָל איהם אַ נאָמען געבען נאָך זיין טאַטען דעם פרנס־חודש, ר׳ וועלוויל. איז מען ענדליך דורכגעקומען אויף צוויי נעמען: יחזקאל זאב. דאָס יונגעלע, פאַר וועלכען מען האָט זיך געקריגט, בין איך געוועזן, און מיין פאָטער איז עלטער געוועזן פאַר מיר מיט פערצעהן־און־אַ האַלב יאָהר.

דער זיידע האָט דעם טאַטען צוריק ליעב געקריגען און דער טאַטע האָט שוין פראַנק און פריי געפיהרט זיין חסידות. ער איז געגאַנגען אַלע טאָג ווינטער־צייט אין דעם קאַלטען ברונעם, וואָס אין באָד, זיך טובל׳ען אויף די אַכט שטיגלעך, וועלכע זענען געוועזן גראָב געפרוירען מיט אייז, מיט די שפּאַרעס און גרויסע לעכער אין די ווענד. ער איז אַפילו געפאָהרען צום רבי׳ן קיין קאָברין בעטען איהם, אַז ער זאָל עקסטרע פאָהרען צום פאָטער אין קאַמעניץ, אום יענער זאָל ערלויבען ר׳ אָרעלע׳ן זיך אומקעהרען צוריק אין שטאָדט אַריין לערנען מיט קינדער.

ר׳ משה׳לע, דער רבי, האָט אַזוי געטהאָן. ער איז אַרויסגעפאָהרען קיין קאַמעניץ און פערפאָהרען גלייך צו אהרן־לייזער׳ן צוזאַמען מיט׳ן זוהן. דעם רבי׳ן האָט מען פיין אויפגענומען און אַפילו אָנגענומען זיין בקשה. דער קאָברינער רבי, ר׳ משה׳לע, האָט געשפּיעלט זעהר אַ גרויסע ראָליע צווישען די רביים. מען האָט געשריבען ר׳ אָרעלע׳ן, אַז ער מעג קומען, און יענער האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטען. ער איז געקומען און פון דאָס ניי אָנגעהויבען

לערנען מיט בעלי-הבית'לעך, פון וועלכע ער האָט זיך אַזוי פּאַטשעלעך און פּאָרזיכטיג „געמאַכט" אַ צוועלף חסידים, צווישען זיי אויך דעם קאַמעניצער רב'ס זוהן, יחזקאל, וואָס איז געווען אַן'עילוי, זעהר אַ געראָטענער, ממש אַ גאון'ישער קאָפּ.

דעמאָלט האָבען זיך די פריש-אויסגעבאַקענע יונגע-לײַט-חסידים געדונגען אַ בעזונדער שטיבעל צום דאַווענען. דער טאַטע האָט גע'פועל'ט בײַם פעטער, אַז ער זאָל ערלויבען די חסידים דאַווענען אין אַ בעזונדער שטיבעל. דער טאַטע האָט שוין אַוועקגעוואָרפען לערנען גמרא. ער האָט זיך בעסער גענומען צום זוהר און דעם מדרש, און געפּראַוועט חסידות מיט מקוואות און מיט זינגערײַ. אָט אַזוי האָט ער שוין פערבראַכט די גאַנצע טעג און נעכט — און פון אַ רב ווערען האָט גאָר קיין רייד נישט געקענט זײַן.

דער זיידע האָט איהם געוואָלט אָנהויבען פיהרען מיט זיך צו די פּריצים. דער זוהן האָט אָבער נישט געוואָלט ריידען מיט די פּריצים—און מיט די פּריצ'טעס אַודאַי און אַודאַי נישט. פאַר אַיין ברירה האָט שוין דער זיידע אָנגעהויבען קלערען פאַר משה'ס וועגען עפּעס אַ געשעפטעל.

דערווײַל האָט דער זיידע חתונה געמאַכט אַ צווייטען זוהן יאָסעל. דאָ האָט ער זיך שוין אויסגעקליבען אַ מחותן אַן'אַריסטאָקראַט, פון ביאַליסטאָק. גערופען האָט מען איהם ר' שמעון „דײַטש", ווײַל ער האָט שוין דעמאָלט געפיהרט אַן'אַריסטאָקראַטיש לעבען. ער האָט געהאַט שענע טעכטער. זײַן עלטסטע טאָכטער יוכבד איז געווען אַ בעריהמטע שענהײַט, און ווײַל מײַן זיידענס ערשטע שנור, די בת הרב, איז נישט געווען קיין שענע, וועלכע ער האָט נישט ליעב געהאַט, האָט איהם שוין געצויגען צו טהאָן אַ שידוך גאָר מיט אַן'אַנדער אַרט משפחה, וואו מען האָט געטראָגען בריליאַנטען אויף די הענד און אַ נוטען שנור פּערל אויפ'ן האַלז.

יאָסעל איז אויך געווען אַ חסיד, האָט מען פאַר בײַדען בעדאַרפט עפּעס אָנזעהן אַ געשעפט. דעמאָלט איז דעם זיידען אַרויפגעקומען אויפ'ן זינען אַ גאַנצער פּלאַן.

קיינער האָט אין קאַמעניץ ערגעץ נישט געטאָרט קויפען קיין בראָנפען, ביער, אויסער בײַ אָסערעווסקי'ן, דעם פּריץ פון שטאָדט.

אויך האָט איהם געקומט, ווי עס איז פריהער געשריבען, דער אָבצאָהל פון זאַלץ, פון טאַבאַק, פון ליכט א. ד. גל. און אַזוי אויך די פינף קאָפּיקעס פון פערד, וואָס זענען אַריינגעפאָהרען אין שטאָדט, זונטאָג יריד-צייט, און אויך די דריי וואַסער-מיהלען. דאָס אַלץ האָט געהערט צו אָסערעווסקי׳ן, און איבער דעם אַלעם איז געווען געשטעלט אַ פער-וואַלטער. אָבער דער פערוואַלטער האָט מיט דעם אַלעם אַזוי פער-וואַלטעט, אַז דעם פריץ איז כמעט גאָרנישט אַריינגעקומען. דער פער-וואַלטער האָט עס בעסער צו זיך אין קעשענע אַראָבגעלאָזט, און אָסע-רעווסקי׳ן האָט ער, ווי די מאָדע איז, אויסגענאַרט.

איינמאָל, בעת אָסערעווסקי איז געקומען אין זיין גוט „פּרוסקע״, איז דער זיידע אַוועק צו איהם און פאָרגעלעגט, ער זאָל איהם איבער-געבען די אַרענדע אויף אַט די אַלע זאַכען. פאַר דער אַרענדע גיט ער איהם צוועלף הונדערט רובל אַ יאָהר, בעת איצט האָט ער פון איהר אַ קדחת. אָסערעווסקי׳ן איז עס געפעלען געוואָרען און מען האָט געמאַכט אַ קאָנטראַקט אויף דריי יאָהר.

דער זיידע האָט איבערגענומען די אַרענדע, וואָס איז פאַר דאָס שטעדטיל געווען אינגאַנצען אַ נייעס. דערביי האָבען אַלע בעוואונדערט זיין מוט. וואָרום ווער קען זיך דאָס איינרייסען מיט אַ גאַנצער שטאָדט און ווי איז, אַז מען וועט יאָ גנב׳ענען בראָנפען און אַז מען וועט נישט וועלען צאָהלען? ווער האָט דאָס כח צו אַזאַ שווערע אונטער-נעהמונג — איינהיטען אַ גאַנצע שטאָדט, אַז מען זאָל צאָהלען פּינקט-ליך, און אַז מען זאָל נישט גנב׳ענען, ווי מען האָט שטענדיג גע-גנב׳עט.

בעקומען דעם קאָנטראַקט, האָט דער זיידע געהייסען אויסרופען דעם שמש אין אַלטען בית-המדרש, אַז דינסטאָג אָווענד זאָלען אַלע קומען אויף אַנ׳אספה. געוועהנליך, איז געקומען די גאַנצע שטאָדט. אַז אהרן-לייזער מאַכט אַנ׳אספה, מוז מען קומען, אַנישט וועט מען צאָהלען מעהר שטייערן.

האָט ער געשיקט דעם שרייבער י. ח. אויסרופען אויף דער בימה, אַז פון היינט אָן טאָר קיינער אין ערגעץ אַנדערש נישט קויפען קיין בראָנפען, אויסער ביי ר׳ אהרן-לייזער׳ן, און עס קאָסט אָבצאָהל-געלד פון יעדען טאָפּ — זיעבען-און-צוואַנציג גראָשען פאַר די שענ-

קערם — און אַלצעהן גראָשען פאַר אַזוי מענשען. אַזוי אויך פון ביער און פון אַלץ, ווי עס איז געצאָהלט געוואָרען ביז אַהער דעם פריץ'ם פערוואַלטער. איצט געהט איבער די אַרענדע צו איהם. און דערביי גיט ער אויף צדקה פאַר דער שטאָדט דריי הונדערט רובל, אַ סומע, וואָס ער איז גרייט צו געבען אַלע יאָהר.

עס איז געוואָרען אַ מהומה. נאָר שטאַרק שפּרינגען אין די אויגען האָט מען מורא געהאַט. איז מען זיך ביסלעכווייז צוגאַנגען.

דערנאָך האָט ער געשיקט רופען צו זיך אַלע שענקערם און אָנגעזאָגט זיי, אַז דעם האַנדעל מיט בראָנפען דאַרף מען אַנדערש אַוועקשטעלען, וואָרום ביז איצט האָבען אַלע, ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ הויז, געהאַלטען בראָנפען צו פערקויפען פאַר די פויערים. דערפון איז געפאַלען דאָס געשעפט, פאַר אַ גלעזיל האָט מען גענומען אַ וואָסערע פיער גראָשען. איצט אָבער אַז ער נעהמט איבער די אַרענדע, וועט מען בראָנפען נעהמען ביי איהם און ער וועט צורעכענען אַ וואָסערע זיבען-און-צוואַנציג גראָשען אויפ'ן טאָפּ. זיי זאָלען אָבער היטען, אַז מען זאָל נישט אַריינפיהרען קיין גע'גנב'עטע בראָנפען, ווילען זיך די דאָזיגע זיבען-און-צוואַנציג גראָשען זעהר לייכט זיי אומקעהרען.

און דערנאָך האָט ער זיי שוין מתרה געווען:

— פריהער, אַז דער רואַנצע פּאָטשאָשע האָט אייך געחאַפּט, האָט איהר געקריגען געשלאָגען. איך וועל אייך, חלילה, נישט הייסען שלאָגען, נאָר דער וועט זיין אויס שיינקער, וואָס וועט אַריינ'גנב'ענען בראָנפען. און לייזען זאָלט איהר צו דריי קאָפּיקעס אַ גלעזעל. איך האָב געבראַכט פאַר אייך גלעזלעך פון בריסק, וואָס זעהען אויס גרויסע, אָבער אין אַ גלעזעל געהט אַריין גאַנץ ווייניג. איהר זאָלט אַלע האַלטען נאָר די גלעזלעך און נישט קיין אַנדערע. אַלע גלייכע גלעזלעך, וועט איהר האָבען פּרנסה. איבערהויפּט דאַרף מען וואָס ווייניגער קאָנקורירען איינע מיט די אַנדערע, וועט זיין פּרנסה.

די שענקערם האָבען זיך ביים זיידען אויפגעקליבען און בעשטימט אַ צאָהל אויף גאַנצע דריי יאָהר צייט, מעהר טאָרען נישט זיין. יעדער שענקער דאַרף נעהמען אַ פּאַטענט, אום מען זאָל קענען פערקויפען פראַנק און פריי. דערביי האָט זיך דער זיידע מתחיב געווען אויסלייהען געלד יענע שענקערם, וואָס ווילען נישט האָבען קיין געלד אויף אַ

פאַטענט. דער זיידע האָט געוואוסט ווי אַוועקצושטעלען אַנ'עסק.

אַז אַלץ איז איינגעאָרדענט געוואָרען, האָט דער זיידע איבערגע-געבען דעם טאַטען, ער זאָל פיהרען די אַרענדע און צוגענומען אין שותפות דעם ברודער, מרדכי-ליב. עס איז אָבגעמאַכט געוואָרען מיט'ן פריץ, אַז יענער דאַרף איהם צושטעלען בראָנפען, וויפיעל ער וועט פאָדערן.

מיט'ן אַקציז פון בראָנפען איז דעמאָלט געווען איינגעפיהרט אַזוי: ביים איינענטימער פון ברויז איז געזעסען אַנ'אויפזעהער פון אַקציז (סמאָטריטעל), וואָס האָט בעדאַרפט אויפקוקען וויפיעל בראָנפען עס ווערט פערקויפט. אַז מען איז געקומען קויפען בראָנפען מיט אַ פעסעל, האָט דער אויפזעהער אויסגעמאָסטען דאָס פעסעל, וויפיעל עמער עס האַלט און האָט פערזיגעלט מיט'ן אַקציז-זיגעל און אַרויסגעגעבען אַ מין שיין דעם איינענטימער, אַז זיין פעסעל האַלט אַזוי פיעל און אַזוי פיעל עמער. דערנאָך האָט ער פערציילענט, אַז עס איז פערקויפט געוואָרען אַזוי פיעל עמער. דעם אַקציז-אָבצאָהל פלעגט דער ברויז-איינענטימער אַריינטראָגען אַלע חודש אין בריסק אין אַקציזנע פּאַלאַטע.

אין שטאָדט, ווידער, איז אויך געווען אַזאַ אויפזעהער, וואָס האָט בעדאַרפט אויפקוקען, צו די שענקערס פערקויפען ריכטיג דעם בראָנפען פון דעם פערזיגעלטען פעסעל. און אַז ער האָט געטראָפען אַ פעסעל משקה אָהן דעם אַקציזנעם זיגעל, האָט דאָס געהייסען גע-גנב'עטע בראָנפען.

דער זיידע האָט געעפענט אַ שענק אין קאַמעניץ און מען פלעגט ברענגען גרויסע קויפען בראָנפען—צו פופציג עמער אַ קויף ד. ה. צוויי הונדערט טעפּ. נאָר אַזוי ווי ער איז געווען אַ ג ר ו י ס ע ר אָבנעהמער, האָט דער פּריץ נישט געוואָלט נעהמען אויף זיך די אַקציז-רעכענונג, האָט עס דער זיידע גענומען אויף זיך. פלעגט ער אַריינשיקען קיין בריסק יעדען חודש דאָס אַקציז-געלד און אין שפּייכלער פלעגען שטעהן גרויסע זעק מיט קופּער- און זילבער-געלד צום אָבפיהרען מיט אַ פאָר פערד.

פרייטאָג פלעגט קומען די גאַנצע שטאָדט קויפען בראָנפען אויף שבת. דעם טאָג האָט געהאָלפען לייזען די גאַנצע פאַמיליע. גאַנצע באַליעס מיט בראָנפען פלעגען שטעהן און פון דאָרטען פלעגט מען

שעֶפּעֶן צום מעֶסטעֶן אין די פלעֶשעֶר אַרײַן.

איצט, אַז דער זײַדע האָט זיך איבערגענומען צו פירען די אַקציז־רעגנונג, איז שוין דער אויפזעהער בײַ אונז געזעסען און האָט פּערזינגלט די קויפען מיט די קראַנען מיט'ן אַקציז־זיגעל. און אַז די שענקערס פלעגען קומען, יעדער מיט זײַן פעסעל, האָט דער סמאָטרי־טעל פּערזיגעלט די פעסער און אַכטונג געגעבען, אַז די שענקערס זאָל נישט גנב'ענען קײַן אַקציז. און דער טאַטע ווידער האָט פּערזיגעלט די פעסער מיט זײַן זיגעל, אַז דער שענקער זאָל נישט גנב'ענען ערגעץ אַנדערש בראָנפען אָהן אַרענדע; און אַזוי האָט יעדעס פעסעל געהאַט צוויי זיגלען מיט אַ לאַנגען שטעקעל, וואָס מיט איהם האָט מען אויסגעמאָסטען, וויפיעל עמער דאָס פעסעל האַלט.

און דער טאַטע מיט'ן אויפזעהער פלעגען איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין וואָך, ווי עס האָט זיך פערגלוסט, מאַכען אַ רעוויזיע איבער'ן שטאָדט. פלעגט מען בײַ די שענקערס אויפרײַסען די זיגלען פון שטאָפּעק און אָבמעסטען מיט די שטעקלעך, צו זעהן, וויפיעל בראָנפען איז נאָך געבליבען אין פעסעל.

אַזוי האָט זיך שטענדיג געפיהרט. אַמאָל פלעגט זיך פערוועלען מאַכען אַ פלוצלונגע רעוויזיע, פלעגט געהן דער „מענש" חצקיל מיט אַ פּאָר גוים, וואָס דער רזאָנצע האָט געגעבען, פיעל מען האָט בעדאַרפט. אין דיעסיאַטניקעס האָט מען זיך קײנמאָל נישט גענויטיגט. דורכ'ן איספּראַווניק האָט דער זײַדע גענומען בײַם אַסעסער וויפיעל דעסיאַטניקעס ער האָט געוואָלט, מען האָט איהם קײנמאָל נישט אָבגעזאָגט. אָבער די שענקערס האָבען זיך גוט געהיט, דאָס איז אײנס. צווייטענס, פלעגען זיי שטענדיג זיצען בײַ אונז אין קאַנטאָר און האָבען זיך געסטאַרעט אויסצוגעבען זיך פאַר אײגענע מענשען, גוטע פרײַנד, וואָס דאָס איז געווים געוועזען אַ מניעה צו רעוויזיעס.

אַז די שענקערס זיצען בײַ אונז אין קאַנטאָר און בראָנפען איז פאַרהאַן — האָט מען געשיקט נאָך געבראָטענע גענזלעך, און ס'איז שטענדיג געוועזען ליהודים. מען מוז דערבײַ בעמערקען, אַז די אַלע שענקערס איז פאַר'ן זײַדען ווירקליך אַוועק זעהר גוט, און אַנדערע שענקערס זענען געוואָרען נגידים.

אויף די איבעריגע אָבצאָהלונגען, ווי למשל, זאַלץ, ליכט,

טאַבאַק און אַנדערע זאַכען — דאָס איז איהם וועניג אָנגעגאַנגען. אַזוי איז זיך אָבער אַלץ געגאַנגען אין אָרדנונג.

---

איינמאָל איז דער זיידע געווען אין בריסק ביים איספראַווניק. האָט איהם דער איספראַווניק דערצעהלט, אַז עס ווערט אַראָבגעשיקט פון גובערנאַטאָר אַ בעזונדער רעוויזאָר מיט בעזונדערע גרויסע פאָלמאַכטען צו קאָנטראָלירען די סקאַזקע פון דער גאַנצער גובערניע. וואָרום עס זענען ערהאַלטען געוואָרען אַ סך מסירות, אַז מעהר ווי צוויי דריטעל מענשען זענען אומישנע נישט צוגעשריבען. לכן האָט ער, דער איספראַווניק, מורא, אַז ביי איהם אין אויעזד וועט דער רעוויזאָר געפינען גרויסע גנבות אין דעם פרט, און ער קען נאָך אַמאָל צוליעב אַזאַ מעשה פערלירען די שטעלע.

פרעגט איהם דער זיידע, צי קען ער דעם רעוויזאָר, און וואָס פאַר אַ מענש איז ער. דער איספראַווניק האָט געענטפערט, אַז ער קען איהם גוט. דאָס איז אַ גרויסער בעל-גאוה, נישט קיין קלוגער, בעליידיגט זיך באַלד פאַר יעדע האָהר, נאָר אַן אָרענטליכער און אַן אָנשטענדיגער.

— נו, אויב אַזוי — האָט דער זיידע געזאָגט, — דאַרפסטו זעהען, אַז די ערשטע רעוויזיע אין בריסקער אויעזד זאָל ער מאַכען אין קאַמעניץ. עס וועט זיין גוט.

ויהי היום, און דער רעוויזאָר האָט אָנגעהויבען פאָהרען איבער דער גובערניע, און מען האָט שוין געהערט, אַז ער האָט אין פיעל שטעדט געפאַקט פאַלשע „סקאַזקעס" און עס שטעהט פאַר, אַז די פני פון די שטעדט זאָלען אַוועקגעשיקט ווערען קיין סיביר... עס פערשטעהט זיך, אַז עס איז געפאַלען אַן אימה מיט אַ פחד אויף דער גאַנצער גובערניע. מען האָט גערעדט, אַז דער רעוויזאָר האָט פראָסט אָנגעמאַכט אַ חורבן.

דער איספראַווניק, וואָס האָט אַפילו געלעגט האָפנונגען אויפ'ן זיידען, האָט זיך דאָך שטאַרק דערשראָקען פאַר דעם רעוויזאָר. אַ קלייניגקייט, ער קען איהם מאַכען פאַר אוים איספראַווניק, ווען די סקאַזקע וועט זיך אַרויסשטעלען פאַר פאַלש. האָט ער אַריינגעשריבען צום

קאמעניצער אסעסער, אז ווען דער רעוויזאר וועט קומען קיין קאמעניץ, זאל ער, דער אסעסער, איהם צוגרייטען א וואוינונג ביי יאנע טרינקאווסקי'ן און נישט ביי זיך, ווי עס פיהרט זיך אלעמאל. דער אסעסער זאל אויך זיך האלטען נאר אין דער זייט פון איהם, און דעסיאטניקעס, וואס זאלען שטעהן ביי זיין טהיר, זאל ער איהם אויך נישט געבען. מיט איין ווארט, ער זאל זיך מאכען גארנישט וויסענדיג, דאס אלץ איז געווען לויט דעם זיידענס עצה.

ענדליך איז דער רעוויזאר טאקי געקומען. דער אסעסער איז איהם באלד אנטקעגען געפאהרען און האט איהם געבראכט צו טרינקאווסקי'ן אויף סטאנציע. דארט זענען געווען פיינע מעבלירטע צימערן מיט זילבערנע געשיהר פאר פריצים.

פון זיין קומען האט דער זיידע שוין געוואוסט נאך מיט צוויי טעג פריהער. דעמאלט האט ער פעררופען די פני העיר, פאר וועלכע ער האט פארגעלעגט זיין עצה, אז אלע נישט קיין צוגעשריבענע זאלען שוין טאקי מיט א טאג פריהער פערלאזען די שטאדט, אפילו מאמעס מיט קליינע קינדער. ער טאר נישט געפינען קיין איין מענשען נישט קיין צוגעשריבענעם, און אזוי ווי מען גיט שטענדיג א רעוויזאר צוויי הונדערט רובל, וועט ער, דער זיידע, איהם דאסמאל געבען דריי הונדערט רובל און ער פערהאפט, אז עס וועט זיך ענדיגען גוט.

די עצה איז אנגענומען געווארען, און די פני זענען אוועק ארויסשיקען פון שטאדט די אלע נעלמים. געקומען איז דער רעוויזאר אין אן'איינענער קארעטע מיט דריי פערד א זייגער צעהן אין דער-פריה. זייגער צוועלף האט שוין דער זיידע אריינגעשיקט דעם לאקיי, א יוד, צום רעוויזאר אין צימער אריין — מעלדען, אז דער איסבארשטשיק איז געקומען און וויל מיט איהם עפעס ריידען. דער רעוויזאר האט געהייסען אריינגעהן.

דער זיידע, וואס האט נאך פריהער אנגעזאגט טרינקאווסקי'ן, דעם בעל-הבית פון גאסט-הויז, אז יענער זאל אכטונג געבען, אז קיינער זאל זיך נישט געפינען אין די ארומיגע צימערן, בעת ער וועט ריידען מיט'ן רעוויזאר, איז ער אריינגעגאנגען און האט צוגעמאכט די טהיר הינטער זיך.

אנגעהויבען האט דער זיידע זעהר דרייסט און זעהר אריגינעל, ווי זיין שטייגער איז:

— פריצ׳ל, די סקאזקע איז טאקע ביי יודען א פאלשע און עס וויים אפילו דער קיסר אויך פון דעם, וואס דאס איז די בעסטע ראיה, אז מען קען דערצו נישט העלפען. אזוי פיהרט זיך עס שוין פון שטענדיג אן. נאר די אלע רעוויזארען, וואס קומען קאנטראלירען אלע יאהר די סקאזקע, נעהמען צוויי הונדערט רובל און חתמ׳ענען זיך אונטער, אז זיי האבען געפונען אלץ אין ארדנונג און פאהרען בשלום אוועק, און דו ביזט עפעס אנ׳עקשן. גיב איך דיר דריי הונדערטער און לאז אונז געמאך, ווארום, ווי דו זעהסט מיך א יודען, אז דו וועסט דא גאר נישט אויספיהרען. און אויב דו ווילסט, וועט עס טאקע זיין אנ׳עולה, אויב דו וועסט דא אנמאכען א חורבן און ברענגען עמיצען צו טורמע.

דער רעוויזאר איז אויפגעקאכט געווארען:

— איך וועל אייך אלעמען, מאשעניקעס, פערשיקען קיין סיביר, — האט ער געשריען, — און דיך דעם ערשטען!

האט דער זיידע נישט לאנג געטראכט און האט איהם אראבגעלאזט צוויי הייסע פעטש און דערביי, פון דער זייט, גיפטיג און שטיל בעמערקט:

— זאלסט וויסען, אז ביים טהיר שטעהען גרייט מיינע מענשען, מען וועט דיך אין לייל־עבער אוועקטראגען, ממש דיין סוף איז געקומען... נאר אויב דו ווילסט זיך ראטעווען, פערלאנג איך פון דיר איין זאך: דו זאלסט מיר שווערען, אז דו פאהרסט באלד אוועק און זאלסט זיך אינגאנצען אבזאגען פון אזא מין גזלנ׳ישער שטעלע.

און כדי נאכמעהר איהם צו דערשרעקען, האט דער זיידע אנגעהויבען שרייען:

— קיווקע, חצקיל, מאשקע, בערקע — סקארייַ!

דער רעוויזאר, וואס איז געווען אינגאנצען צוטרייסעלט פון די פעטש, איז געשטאנען אויף ציטערדיגע פיס, און א טויטער, אנ׳איינגעהויקערטער, האט ער געגעבען זיין עהרנווארט דעם זיידען, אז ער פאהרט שוין אוועק.

ברענגענדיג זיך עטוואס אין ארדנונג, איז ער גלייך ארויס מיט׳ן זיידען פון צימער און געהייסען שפאנען די פערד. אין א האלב שעה

ארום איז ער שוין נישט געוועזן אין קאמעניץ.

און דערנאך, אין א פאר טעג ארום, האט דער איספראווניק אריינגעשיקט דעם זיידען א בריוו מיט א דאנק, מיט א סך קאמפלימענטען, און האט פארבעטען איהם קומען קיין בריסק.

אין בריסק האט ער איהם דערצעהלט, אז דער רעוויזאר איז געקומען צו איהם, צום איספראווניק, און איבערגעגעבען זיינע איינדריקען פון דער רייזע. פון די פעטש האט ער נישט דערצעהלט. זיין מיינונג איז געוועזן, אז די סקאזקע איז אומעטום א פאלשע און אז כדי זי צו ברענגען אין ארדנונג, מוזען אנגענומען ווערען גאר אנדערע מיטלען. עס דארף אין גרונד איבערגעאנדערשט ווערען דער ארט פערשרייבען זיך. פאהרען איין מאל אין יאהר קאנטראלירען האט קיין ממשות נישט. אפילו איינער א יוד, דער איסבארשטשיק פון קאמעניץ, האט איהם דייטליך געזאגט, אז די סקאזקע איז פון אייביג אן א פאלשע...

דא האט איהם שוין דער זיידע דערצעהלט די גאנצע מעשה מיט די פעטש און סטראשונקעס, פון וואס דער איספראווניק איז אריין אין אזא התפעלות, אז ער האט דעם זיידען עטליכע מאל נאכאנאנד א קוש געטהאן אין קאפ, טרייסלענדיג זיך פון געלעכטער.

— ביזט קלוג ווי די וועלט! — האט ער נישט געקענט זיך אבלויבען פון זיידען, — קיין גלייכען האסטו נישט! אבער זאג מיר נאר פונדעסטוועגען, ווי אזוי האסטו זיך געקענט איינשטעלען און טהאן אזא געפעהרליכע זאך?

דערויף האט איהם דער זיידע געענטפערט, אז ער האט אייגענטליך געבויט אויף דעם איספראווניק'ס רייד. דער איספראווניק האט געזאגט, אז ער איז נישט איבעריג קלוג, א בעל-גאוה, און אזא בחור איז שטענדיג גוט אנצופאטשען און דערשרעקען. דאס לייכסטע איז, אייגענטליך, געבען פעטש, אויג אויף אויג, ווארום ער וועט זיך דאך שעמען אויסצוזאגען. דער איספראווניק איז געוועזן ענטציקט.

אין א פאר מאנאטען ארום איז געקומען אנ'אנדער רעוויזאר. דער זיידע האט איהם געגעבען צוויי הונדערט רובל און יענער איז אוועקגעפאהרען בשלום.

דער זיידע האט פערפעסטיגט די ארענדע אויף די בראנפען. די

איבעריגע פערדיענסטען פון די אָבצאָהלונגען מיט די מיהלען און נאָך אַזוינע זאַכען, האָט ער פערדונגען פאַר נײַן הונדערט רובל אַ יאָהר. אַזוי איז איהם נעבליבען די גאַנצע אַרענדע אין דרײַ הונדערט רובל.

דער זיידע אַליין האָט געהאַלטען אַ שענק, און זיין ברודער אַ שענק, און בײַדע האָבען קײַן פאַטענטען נישט געהאַלטען... מען האָט געלייזט פראַנק און פרײַ. פאַר אָט דער פרײַהייט און פאַר געבען הילף ווען מען דאַרף, האָט דער זיידע געצאָהלט דעם אַסעסער פינף רובל אַ מאָנאַט.

קויפען אין אַ גרויסער מאָס בראָנפען — דאַרף מען אויך אַרײַנ־טראָגען אַקציז־געלד אַ גרויסע סומע, און אָפטמאָל איז עס געווען שווער. פלעגט דער זיידע קויפען מאַסען בראָנפען אין פוילען, וואָס דאָרט איז קײַן אַקציז נישט געווען און פלעגט די משקה בײַנאַכט אַרײַנגיסען אין די קויפען, און דעם זיגעל פלעגט מען נעהמען בײַם אויפזעהער מיט דעם אויסרײַד, אַז מען וויל איהם דאָ פערשפּאָרען אַ טרחה. דערווײַל פלעגט מען אָנגרייטען אַ סך זיגלען אויף אַזוינע בלעטלעך טריוואַקס, וועלכע מען פלעגט אָנקלעפּען אויף די שפּונטען. אויף אַזאַ אופן זענען שטענדיג געווען פערזיגעלט די קויפען מיט'ן אַקציז־זיגעל. נאָר אַמאָל פלעגט דער סמאָטריטעל גלאַט איבערלאָזען פאַר'ן אַהיים־געהן, בײַנאַכט, דעם זיגעל. צו־וואָס זאָל ער איהם אײַגענטליך שלעפּען מיט זיך, אַז ער בעקומט פופצעהן רובל אַ חודש פון זיידען, אויסער זײַן געוועהנלי־כע פענסיע...

אַזוי־ערנאָך האָט מען געבראַכט פון פוילען שפּירט, וואָס פלעגט פערקויפט ווערען צוזאַמען מיט די בראָנפען, פאַר וועלכען מען האָט געצאָהלט אַקציז.

דער פּוילישער בראָנפען האָט געהאַט אַ בעסערן ריח. דאָס איז אַפילו אַ חסרון, דאָס קען אַרויסגעבען. האָט מען עס בעוואָרענט דער־מיט, וואָס מען האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז אין'ם שפּירט ווערט אַרײַנגעלאָזט אַזאַ שמעקענדיגער טראָפּען, און דעם עולם האָט זיך גע־וואָלט נאָך מעהר טרינקען.

אַלע צוויי וואָכען פלעגט קומען אַן'אַנדער בראָנפען־רעוויזאָר אויף אַ רעוויזיע. זיי זענען אָבער געווען גרויסע שוחד־נעהמער, און בעקו־

מעֶנדיִג איִן יד אַריַין, פלעֶגעֶן זיֵי אונטעֶרשריַיבעֶן, אַז אַלץ איִז איִן אָרדנונג.

צו דעֶר אַרעֶנדעֶ האָט דעֶר זיֵידעֶ צוגעֶנומעֶן אַלעֶ קיִנדעֶר. מעֶן האָט אמת גוט געֶלעֶבט. דעֶר גאַנצעֶר פיִהרעֶר פון געֶשעֶפט און בוכהאַלטעֶר איִז געֶוועֶן מיַין טאַטעֶ, משה. דעֶר זיֵידעֶ פלעֶגט זיִך מיִשעֶן מעֶהר איִן היִטעֶן דאָס געֶשעֶפט, איֵידעֶר איִן פיִהרעֶן.

איִן דעֶר צייַט, האָט זיִך דעֶר זיֵידעֶ איִבעֶרגעֶגעֶבעֶן מעֶהר דעֶר שטאָדט. אַפיִלו דיִ געֶשעֶפטעֶן מיִט דיִ פּריִצים האָט עֶר אויך פעֶרוואָרפעֶן. געֶוועֶן איֵיניִגעֶ פּריִצים, וואָס האָבעֶן זיִך געֶהאַלטעֶן נאָר מיִט איִהם.

דיִ אָוועֶנדעֶן פלעֶגט עֶר איִצט פעֶרברעֶנגעֶן איִן דעֶר=היֵים. עֶס פלעֶגט זיַין פול דיִ שטוב מיִט מעֶנשעֶן, וואָס פלעֶגעֶן קומעֶן נאָך פעֶרשיִעדעֶנעֶ עצות. דעֶר האָט בעֶדאַרפט אַ פעֶרזעֶנליִכעֶ זאַך, יעֶנעֶר אַ שטאָדט-זאַך, אַ דריִטעֶר איִז געֶקומעֶן מיִט אַ כעס, אַ פעֶרטעֶר האָט בעֶדאַרפט האָבעֶן אַנ'עצה, און אַזוֹי איִז געֶשטאַנעֶן איִן שטוב אַ הו-האַ, און עֶס האָט געֶרוֹישט פון מעֶנשעֶן.

דעֶר טאַטעֶ האָט געֶשפּיִעלט גאָר אַנ'אַנדעֶר ראָליעֶ איִן שטאָדט. עֶר איִז געֶוועֶן אַ שטיִלעֶר און אַ גוטעֶר מעֶנש, און אַ זעֶלטעֶנעֶר עֶהרליִכעֶר מאַן. רייֵדעֶן פלעֶגט עֶר גאַנץ וועֶניִג, ממש געֶצעֶהלטעֶ ווערטעֶר, אָבעֶר דאָס, וואָס עֶר האָט געֶזאָגט, איִז שטעֶנדיִג ווערט געֶוועֶן צו הערעֶן. עֶפּעֶס אַ טיִעפעֶ בּוררות — האָט מעֶן שטעֶנדיִג דעֶם טאַטעֶן געֶנומעֶן פאַר אַ שליש. מיִט זיַין געֶלאַסעֶנקייַט, אויסגעֶרעֶכעֶנטקייַט און מיִט זיַינעֶ וויֵיכעֶ רייֵד איִז עֶר שטעֶנדיִג דעֶרגאַנגעֶן, ווער דעֶר שולדיִגעֶר איִז, און האָט שטעֶנדיִג געֶקעֶנט מאַכעֶן, אַז בייֵדעֶ זאָלעֶן בּליַיבעֶן צופריִעדעֶן: איִ דעֶר שולדיִגעֶר, איִ דעֶר בעֶשולדיִגעֶר. איִן דעֶם פּרט איִז עֶר שוין געֶוועֶן אַזוֹי מפורסם, אַז מעֶן פלעֶגט קומעֶן צו איִהם אויף בּוררות פון בּריִסק און זאָגאַר פון ביאַליִסטאָק, דריַיצעֶהן מיַיל וויַיט פון קאָמעֶניִץ.

אויפ'ן טאַטעֶנס פּנים איִז שטעֶנדיִג געֶוועֶן עֶפּעֶס אַ ליִעבעֶר שמייכעֶל, און ניִשט וויִלעֶנדיִג האָבעֶן איִהם אַלעֶ ליִעב געֶהאַט. האָט עֶר עֶפּעֶס געֶזאָגט, האָבעֶן זיִך אַלעֶ צוגעֶהערט און מעֶן האָט געֶוואויגעֶן זיַין וואָרט...

זײַן פירהרונג אין שטוב איז געוועזן אַ חסידישע. געדאַווענט האָט ער אין חסידיש שטיבעל, און פרײַטאָג צו נאַכט, פלעגען שוין קומען צו איהם צום טיש אַ פּאָר מנינים מענשען — אַלע חסידים. האָט מען געזונגען און געגעסען, און געטאַנצט ביז נאָך האַלבע נאַכט. שבת צו מיטאָג איז מען ווידער געקומען, געגעסען פערשידענע קוגלען, גע־טרונקען בראָנפען און געזונגען און געטאַנצט ביז פאַר-נאַכט. דעמאָלט איז מען געגאַנגען אין שטיבעל דאַוונען מנחה, און נאָך מנחה האָט מען שוין אין שטיבעל געגעסען שלוש-סעודות. פון טאַטען האָט מען געבראַכט אַ גרויסע חלה מיט הערינג, מיט עטליכע פלאַש בראָנפען און דערנאָך האָט מען אָבגעזונגען אין שטיבעל ביז מעריב. אַ שעה נאָך מעריב זענען שוין אַלע חסידים געוועזן ווידער בײַם טאַטען, מען האָט געקאָכט אַ קרופּניק מיט פלײַש, משקה איז געוועזן צו באָרען זיך, האָט מען פון דאָס נײַ אָבגעזונגען און אָבגעטאַנצט די גאַנצע נאַכט, און פאַרטאָג, אַז די חסידים זענען געגאַנגען אַהײם, האָבען זײ אויפ'ן וועג אויפגעוועקט אַלע בעלי-בתים פון שלאָף.

איך געדענק, אַז יונגעלווײַז פלעג איך נאָכלויפען נאָך זײ. מיר איז זעהר געוועזן געפעלען, וואָס מען וועקט אַלעמען אויף פון שלאָף אויף אַזאַ אופן: מען האָט געוואוסט, וועלכער פריץ עס האַנדעלט מיט וועלכען בעל-הבית, פלעגט מען אויפוועקען, אַ שטײַגער, ר' לײַזער פרוסקער, אַ שענער ייד און אַ נגיד:

— ר' לײַזער, — פלעגט מען איהם אָנקלאַפּען אין די לאָדען — דימאַנסקי דאַרף אײַך האָבען.

עס פערשטעהט זיך, אַז ר' לײַזער פלעגט באַלד אויפשטעהן, ניט טויט נישט לעבעדיג, און עפענען די טהיר. דעמאָלט פלעגט ער בעגעגענען אַ גרויס געלעכטער פון די חסידים, וואָס פלעגען איהם הײַסען טהאָן אַזאַ זאַך, וואָס עס איז נישט שען אָנצורופען בײַם נאָ־מען...

אַזוי פלעגט מען אויפוועקען די גרעסטע בעלי-בתים און קײַנער פלעגט זיך דאָס רוב נישט בעלײַדיגען. עס איז געוועזן פרעהליך, פלע־גען די אויפגעוועקטע בעלי-בתים אויך לאַכען.

בײַם טאַטען האָט פרײַטאָג צו נאַכט געברענט אַ מאַסע ליכט און די שמחה, די הלולי וחינגא, וואָס עס איז געוועזן בײַם טאַטען אַ גאַנץ

שבת'דיגען טאג, איז אין לשער ולספר. איך ווייס נישט, צי עס איז ערגעץ געווען נאך אזא פרעהליכקייט, ווי ביי אונז שבת.

קיין קאמעניץ פלעגען קומען חסידים—געסט פון די מפורסמים, א זעקס, אכט א יאהר, און אלע זענען, פערשטעהט זיך, איינגעשטאנען ביים טאטען. יעדער האט זיך פערבראכט א וואך צייט, און אין שטוב פלעגט דעמאלט זיין א מין יום-טוב.

דער איז אוועקגעפאהרען, און אין עטליכע וואכען ארום איז שוין ווידער דא א צווייטער גאסט. ווידער דאסזעלבע. און איינמאל אין יאהר פלעגט קומען דער רבי אליין. צו זיין קומען פלעגט מען זיך גרייטען גאנצע דריי וואכען צייט, ווארום עס פלעגען אנפאהרען חסידים פון בריסק און פון אלע שטעדטלעך ארום. און אז ער פלעגט קומען, פלעגט דער פחד זיין אזוי גרויס, פונקט ווי פאר א קיסר. א פאר הונ-דערט מענשען זענען געלאפען אנטקעגען דער בויד, אין וועלכער דער רבי איז געפאהרען, און אין שטאדט פלעגט מען איהם אריינפיהרען מיט א געוואלדיגען פאראד. איך האב שוין געזאגט, אז יעדער חסיד האט געציטערט פאר'ן רבי'ן אימת המלכות. פערפאהרען פלעגט ער צום טאטען. אזא מעשה פלעגט קאסטען דעם טאטען עטליכע הונדערט רובל. מען פלעגט אנקוילען אקסען, גענז און ענדיקעס און עס פלעגט זיין סעודות פאר גאנצע דריי הונדערט פערזאן. מען האט געגעסען, געחאפט שיריים און געזונגען.

אין די עטליכע טעג, וואס דער רבי פלעגט פערברענגען, האט קיין איין חסיד נישט געטראכט פון זיין געשעפט. דער אויסגעהאלטע-נער טאטע פלעגט דאסמאל זיין פערהיצט מיט'ן אורח הגון, און עס איז מיר לחלוטין שווער איבערצוגעבען די שמחה מיט דער בעגייסטע-רונג פון די חסידים, יעדען חסיד האט זיך געווים געדאכט, אז ארום רבי'ן דרעהען זיך מלאכים און שרפים. עס האט זיי געציטערט הענד און פים פון ליבשאפט צו איהם, און געקוקט האט מען אויף איהם, ווי אויף א גאט.

און אז דער רבי פלעגט אוועקפאהרען, פלעגען מיט איהם מיט-פאהרען אלע חסידים און דער טאטע פלעגט אנידערפאלען טויט-מיעד, א קלייניגקייט, ער האט אבגעהארעוועט אכט טאג צייט, סיי טאג און סיי נאכט.

חסידים האָבען זיך אין קאַמעניץ געמעהרט. ביסלעכווייז האָבען זיך צונויפגעקליבען אַ דריי מנינים חסידים, דאָס רוב סלאָנימער. עס זענען געוועזען אַ דריי קאָצקער, און אַ פיער קאַרלינער, אַ פאָר סוכאָווי-זשער.

שטענדיג זענען ביי זיי געוועזען עפּעס אַזוינע עסקים, וואָס פלעגען זיין ענהליך אָן יום-טוב. דאָס איז דעם רבי'נס יאָהרצייט, און דאָס איז יענעם רבי'נס, און דאָ איז משה רבינו'ס יאָהרצייט. און דאָ איז חנוכה, ראש-חודש, עשרה בטבת, חמשה-עשר בשבט, פורים, שושן-פורים, פסח, ל"ג בעומר, שבועות! תשעה-באב האָט מען אויסגעגאָסען עמער'ס וואַסער אונטער די זאָקען, מען האָט געהאַט גרייט אַזעלכע בערעלעך (שיסקעס), וואָס אַז מען האָט דאָס אַריינגעזעצט אין באָרד אַריין איז געווען שווער אָבצורייסען. האָבען זיי שוין איינע די אַנדערע אין די בערד אַריינגעפּלאָנטערט אַזעלכע בערעלעך און מען פלעגט זיך קייקלען לאַכענדיג. דערנאָך פלעגט מען געהן אויפ'ן בית-עולם. דאָרטען וואַקסען ווידער די בערעלעך, האָט מען זיך פון דאָס ניי געפּלאָנטערט בערעלעך אין די בערד. און דער תשעה-באב איז געווען אַ טאָג פון געלעכטער און שטיפעריַיען; חמשה-עשר באב — וויַיטער סעודות, צו די ערשטע סליחות אַ סעודה — קרופּניק.

ראש-השנה, האָבען די, וואָס זענען געפאָהרען צום רבי'ן, גאַנצע טעג געטרונקען וויַין, פון נאָכ'ן דאַווענען ביז האַלבע נאַכט. יום-כפור ביַינאַכט האָט מען געזונגען, סוכות, שמחת בית השואבה און דעם גאַנצען חול-המועד האָט מען גע'שכור'ט און געזונגען, און דאָס אָרט איז אַלץ געווען ביַים טאַטען.

דער טאַטע האָט געריַיכערט אַ ליולקע. די ליולקע האָט ער נישט אַרויסגעלאָזען פון מויל גאַנצע טעג. אויפ'ן פּנים איז ביַי איהם געלעגען אַ שמייכעל, און אָט דער שמייכעל פלעגט נישט אַראָב פון זיַין פּנים סיַי אויף אַ שמחה און סיַי אין דעם גרעסטען טרויער. מען האָט איהם קיינמאָל נישט געזעהען וויינענדיג. אַודאַי האָט ער געטרויערט אין אַ טרויער, און שטאַרק געטרויערט, נאָר ער האָט עס קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזען.

אַ חסיד איז ער געווען לויט איבערצייגונג, אַן'אמת'ער און אַ

נוטער, און פאַר אײַן שעה זײַן געבען רבי'ן, װאָלט ער אָבגעגעבען די גאַנצע װעלט.

מען האָט בײַ איהם קײנמאָל נישט געזעהן קײן תמונה פון קײן כעס, און מיט דער ליולקע אין מויל פלעגט ער שטענדיג אַרומגעהן אַ שמײכלענדיגער, אַ גוטער און אַ האַרציגער. און קײן צבועק איז ער נישט געװען: מיט פרויען, מײדלעך, װײַבלעך איז ער געװען העפליך, פלעגט זײ מאַכען קאָמפּלימענטען, חוזק'ן און װערטלען זיך.

קײן דאגות פרנסה האָט ער נישט געהאַט, דאָס הײסט, ער האָט נישט צוגעלאָזען קײן דאגות, װאָרום ער האָט אינערליך געהאַלטען, אַז די װעלט איז אַ פּרוזדור, און די צרות, װאָס דער מענש האָט אויף דער װעלט און אויך דאָס גוטס מיט די אַלע גליקען — איז אַלץ הבל הבלים, און אפילו אין געשעפט האָט ער דאָס נישט פער-געסען, און האָט זיך קײנמאָל נישט געהאַלטען, װי אַ געשעפטס-מענש-

# פינפטעס קאַפּיטעל.

ר' ישראל. — זיין געזאַנג. — זיינע קאָמפּאָזיציעס. — זיין ראָל צווישען חסידים. — ר' ישראל אַלס מאַטעמאַטיקער. — דאָס געוועט. — זיין פּוילישער פּאַטריאָטיזם. — זיינע מאַרשען לכבוד דעם פּוילישען נצחון. — דער אָבמאַך מיט אַ חסיד. — דער געווינס. — ר' ישראל'ס טויט.

איינער פון די סאַמע אינטערעסאַנטסטע חסידים אין קאַמעניץ איז געוועזען ר' ישראל. ער האָט געוואוינט ביים זיידען מיט אַ פרוי און אַ טאָכטער. דער דאָזיגער ר' ישראל האָט געהאַט אַ גאון'ישען קאָפּ און יונגעלווייז איז ער געהאַלטען געוועזען פאַר אַן עלוי. נאָך פערציַיטען האָט ער נעקראָגען צוויי טויזענד רובל נדן און קעסט פינף יאָהר, און דעם שוועהר, אַ גרויסער גביר, האָט זיך געוואָלט צו האָבען אַן איידעם אַ רב. ער האָט זיך געריכט, אַז ישראל וועט זיין אַ רב אין אַ גרויסער שטאָדט, וועט ער האָבען פון זיין בת־יחידה נחת.

אָבער ישראל איז נאָר געוואָרען אַ קאָצקער חסיד, האָט אַוועקגעוואָרפען דאָס לערנען, איז געפאָהרען צום רבי'ן און אָבגעוועזען כמעט דאָס גאַנצע יאָהר ביים רבי'ן. צוליעב זיינע גרויסע מעלות און למדנות, צוליעב זיין זעלטען קלאָרען כאַראַקטער און די אונערהערטע פעהיגקייטען, איז ער געוואָרען ביים רבי'ן דער פיהרער פון די חסידים.

איינס פון זיינע פעהיגקייטען איז געווען גענאַנג, „מוזיק-קאמפאזיציעס". ער האט אַליין געקענט פערפאַסען אַ נגון. אַז דער רבי האט געהייסען, ער זאל צוגרייטען אַ נגון אויף שבת, האט ער צוגעגרייט דריי נגונים, און יעדער נגון איז געווען גאַנץ, זעלבסט-שטענדיג און איינהייטליך. קיין נאטען האט ער נישט געקענט, און דאך איז יעדער נגון זיינער געווען פערענדיגט און האט בעצויבערט.

כל זמן ר' אליעזר, זיין שוועהר, האט געלעבט, איז ר' ישראל געזעסען מעהר ביים רבי'ן ווי אין דער-היים. אבער נאך ר' אליעזר'ס טויט, האט זיין ווייב שרה-ביילע געירשנ'ט זעקס-טויזענד רובל. איהרע צוויי ברידער האבען בעקומען מעהר — צו פופצעהן טויזענד. דעמאלט האט מען אין ליטא גארנישט געגעבען קיין ירושה א טאכטער, נאר דער פאטער האט זי דאך נישט פערטיילט.

האבענדיג די ירושה, איז זי געפאהרען צום רבי'ן בעטען, אַז יענער זאל הייסען ישראל'ן פאהרען אַהיים און מאַכען עפעס אַ געשעפט. האבען זיי עפעס יא „געמאַכט" אַ טוך-געשעפט, אבער אַזוי ווי ר' ישראל איז נאר געלעגען אין חסידים-שטיבעל די גאַנצע וואך און שבת ביי מיין טאַטען, און פון געשעפט האט ער גארנישט געוואלט וויסען, האבען זיי גיך גע'פטר'ט דאס געלד; האט מען זיך געמאַטערט און טיילווייז האט זיי געשטיצט די פאמיליע.

איצט איז ער שוין צום רבי'ן געפאהרען נאר צוויי מאל אין יאהר: אויף ראש-השנה און שבועות. דאס חסידות האט ער געפראַוועט אין דער-היים.

שרה-ביילע איז געווען זעהר אַ פרומע. זי פלעגט פאַסטען אַלע תענותים מיט הפסקות און שובבי"ם ת"ת, ד. ה. יעדע וואך פון די פרשות: שמות, וארא, בא, בשלח, יתרו, משפטים, תרומה און תצוה פלעגט זי פאַסטען מאנטאג און דאנערשטאג. ווייטער האט זי געדאַווענט מנחה און מעריב אין בית-המדרש, געציילט ספירה און געזאגט סליחות, נישט פערפעהלט קיין איין סליחה און קיין מנחה און מעריב, און שטענדיג געוויינט אויפ'ן תהילים און טייטש-חומש און דעם צאנה-וראנה.

און ער, ר' ישראל, האט געדאַווענט אין שטיבעל. אין קנאַפּע צעהן מינוט האט ער שוין אבגעדאַווענט, און דער עולם האט געווארט

און אַז עָר האָט געָענדיגט, האָט מעָן באַלד גענומען טרינקען לחיים און ר׳ ישראל האָט אַלעָ חסידים געמאַכט פרעהליך. עָר האָט געזונגען זײַנעָ נגונים און די חסידים האָבען געלעקט די פינגער. עָר האָט אָבער אויך געקענט שען ריידען סײַ פון וועלט-זאַכען און סײַ פון תּורה און חסידים פלעגען זיך אַרומשטעלען אַרום איהם און הערען זײַן שעָנעָ חסידיש-לומדישעָ תּורה.

בײַ די לומדים אין שטאָדט האָט עָר געשפּיעלט אַ בעזונדערעָ ראָליעָ. אַז עָס האָט זיך געמאַכט אַ שווערעָר מהרש״א, אָדעָר עפּעָס אַ שווערעָ קשיא אין תלמוד צי אין פּוסקים, איז מען געקומען צו ר׳ ישראל׳ן. מיט זײַן גאונ׳ישען קאָפּ האָט עָר אַלץ פערענטפערט, ווי דער שטײַגער איז, מיט פּשט׳לעך מיט שפּיצלעך, געדרעהט אַזוי הויך, אַז מען האָט קוים געקאָנט פערשטעהן זײַנע הויכעָ געדאַנקען און סברות, אין יעָדען פּשט׳ל האָט מען געזעהן גרויסעָ גאונות און בקיאות.

די לומדים האָבען געהאַט גרויס הנאה פון זײַנעָ פּשט׳לעך, אָבער זיי האָבען נישט געהאַט מיט וואָס אַוועקצוגעהן. די קשיא איז בײַ זיי געבליבען קשיא, נאָך שווערער ווי פריהער, און זײַנע אַלעָ תּרוצים און דרײַדלעך מיט די גאונ׳ישעָ סברות האָבען דעם רעכטען תּמצית קיינמאָל נישט געקענט אײַנגאַנצען אַרויסגעבען, און די לומדים זענען אַוועקגעגאַנגען פון איהם זעהר געפאַלען בײַ זיך: עָר ווייס און זיי נישט, און קיין תּירוץ האָבען זיי ערשט נישט.

ר׳ ישראל איז געווען אַ סעדלעצער, דאָס הייסט, אַ יוד פון פּוילען, האָט עָר געלעזען גוט פּויליש און שטענדיג געלייענט וואַרשאָווער פּוילישעָ צײַטונגען, און אַז עָר איז אָנגעקומען אין ליטאָ, האָט עָר אין אַ קורצער צײַט פערשטאַנען גוט רוסיש, און האָט אויך געלעזען אַ רוסישעָ צײַטונג. אין פּאָליטיק איז עָר געווען אַ גרויסער מומחה און האָט ווירקליך געוואוסט, וואָס עָס טהוט זיך אין דער וועלט-דיפּלאָמאַטיעָ. אויסערדעם האָט עָר געוואוסט, וויפיעל יעָדעָ רעגירונג האָט מיליטער און די מינים פונ׳ם מיליטער: ווי אַרטילעריעָ, און גוואַרדיעָ, און פעָהאָטעָ, און די אַלעָ געָנעראַלען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט אין מלחמה, א. אַ. וו.

עָר האָט געהאַט אַ לאַנד-קאַרטעָ און איז געווען קלאָר אין

געאָגראַפיע. אַז מען האָט איהם געפרעגט, וואו שטעהט די און די שטאָדט, האָט ער גלייך מיט'ן פינגער אָנגעוויזען דאָס אָרט. דערצו איז ער נאָך געוועזען אַ געניאַלער מאַטעמאַטיקער. די גרעסטע חשבונות, די סאַמע שווערסטע אויפגאַבען און אויסמעסטונגען האָט ער געמאַכט אויפ'ן קאָפּ און אין אַ סעקונדע. גענומען אַ פּען דערצו איז פאַר איהם געוועזען איבעריג.

בעזונדערס האָט ער ליעב געהאַט צו זיצען ביים זיידען אין שטוב, בעת עס זענען דאָרט געווען פיעל מענשען. דער זיידע האָט איהם אָבגעגעבען גרויס כבוד און ליעב געהאַט מיט איהם צו פערברענגען אין פּאָליטיק. צוויי קלוגע מענשען, זענען זיי זיך איינע די אַנדערע געווען אינטערעסאַנט.

ער פלעגט זיך צוהערען, וועגען וואָס עס ווערט גערעדט אין שטוב און אַ שמייכעל פלעגט הענגען אויף זיין פּנים. אהרן-לייזער האָט פערשטאַנען, וואָס דער שמייכעל בעדייט. דאָס האָט בעדייט: ווי נישטיג די מענשען זענען און ווי נישטיג זענען זייערע געשעפטען און זייערע רייד.

איינמאָל, געדענק איך, איז געווען ביים זיידען אַ פולע שטוב מיט מענשען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען די אַלע פּני-העיר און די קאַמעניצער קלוגע קעפּלעך. האָט מען געשמועסט וועגען רעכענען. ר' ישראל האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט, אַז ער נעהמט זיך אונטער אין אַ געוועט צו מאַכען די גרעסטע רעכענונג, עס מעג זיין ווי צודרעהט, מניה וביה, אין איין רגע. געדענק איך דאָס אַזוי — מען האָט איהם געפרעגט:

— ראָטשילד גיט אַוועק אַ מיליאָן מיט דריי הונדערט פינף-און-זעכציג טויזענד רובל אויף צוויי און-אַ-האַלב פּראָצענט אַ יאָהר. וויפיעל בעטרעפט דער פּראָצענט אַ חודש?

ישראל האָט אַ רגע אַ טראַכט געטהאָן און געזאָגט וויפיעל. האָט מען גענומען די פּענעס און געשוויצט, און גערעכענט, און געקנייטשט די שטערענס און אויסגערעכענט, אַז עס שטימט. האָט מען איהם ווידער אויפגעגעבען אַ חשבון:

— טויזענד פּוד זאַפּרען צו פיער-הונדערט-פינף-און-צוואַנציג רובל אַ פּוד. געלייזט האָט מען אַ לויט צו זיעבען-און-דרייסיג מיט אַ האַלבס,

אַכט-און-דרײַסיִג מיִט אַ האַלבּס און נײַן-און-דרײַסיִג מיִט אַ האַלבּס. וויִפיִעל האָט מען פערדיִענט איִן כּלל?

ר׳ ישראל האָט בּוּכשטעבּליִך בּאַלד גענטפערט, אפשר אַ רגע האָט געדױערט.

בּײַם טאַטען פלעגט ער זײַן כּמעט אַלע אָװענד און פערבּרענגען מיִט׳ן טאַטען איִן חסידוֹת בּיִז נאָך האַלבּע נאַכט. פון פרײַטאָג צו נאַכט בּיִז זונטאָג פריִה פלעגט ער שוין כּמעט די גאַנצע צײַט זײַן בּײַם טאַטען. זיִנגען פלעגט ער נאָר זײַנע אײגענע נגונים, װעלכע דער גאַנצער כּולל האָט געזונגען, פון פרעמדע, ניִשט זײַנע, חסידיִשע נגונים פלעגט ער, װי די מאָדע איִז פון קיִנסטלער, ניִשט האַלטען.

בּײַם זיִנגען זײַנע נגונים מיִט די חסידיִם, האָט ער געמאַכט מיִט׳ן האַנד צו די זיִנגער און זיִך אײַנגעהערט, טאָמער נעהמט עמיִצער ניִשט ריִכטיִג דעם טאָן, און האָט געטופעט מיִט׳ן פוס.

זײַנע נגונים זענען געװען געדרעהטע און הויך אַרויפגעצויגען, בּאַלד לאַנג און ניִדעריִג און דערנאָך װיִדער אַרויף, הויך, און אַזוי װײַטער, און עס פלעגט זיִך צוגיִסען איִן אַלע גליִדער.

אַז דער טאַטע האָט איִהם געבּעטען מאַכען אַ נגון אויף שבּת-צו-נאַכט׳ס, אָדער אויף יום-טוב, האָט ער שוין געמאַכט; און אַמאָל פלעגט טרעפען, אַז דער טאַטע פלעגט איִהם בּעטען, בּעת מען פלעגט זיִצען צוזאַמען אַ סך חסידיִם, מאַכען עפּעס אַ שענעם נגון, עקספּראָמט, מיִט אַמאָל, און נאָר אויף היינטיִגע נאַכט צו זיִנגען. פלעגט ער אָנהויבּען אַרומצוגעהן איִבּער׳ן שטוב היִן-און-צוריִק, געדרעהט מיִט׳ן פיִנגער און אויסגעדרעהט איִן אַ האַלבּע שעה צײַט אַ שענעם נגון, װאָס האָט ממש אַלעמען פער׳כּשופ׳ט. דאָס איִז געװען אַ זעלטענער יוד און אַ זעלטענער מענש.

איִן פויליִשען אויפשטאַנד פון דרײַ-און-זעכציִגסטען יאָהר איִז ער געװען דורכאויס בּונט. ער איִז געװען אַ פערבּרענטער פּאָליאַק, אַ שרעקליִכער פויליִשער פּאַטריאָט, און איִז בּנוגע צו פוילען געװען העכסט אָפּטיִמיִסטיִש געשטיִמט. ער איִז געװען זיִכער, אַז פוילען װעט איִצט װערען נאָך אַ גרעסערע מלוכה, װי זי איִז געװען פריִהער. ער האָט אַלץ געלעגט האָפנונג אויף נאַפּאָלעאָן דעם דריִטען. קוים, האָט ער געהאָפט, װעלען די פּאָליאַקען „פערמאַטערן" דעם רוס, װעט

קומען נאַפּאָלעאָן מיט זיין מיליטער און העלפען די פּאָליאַקען אָבנעהמען זייער לאַנד. דערביי וועט רוסלאַנד פערלירען אַ שטיק פון זיין לאַנד...

די פּאָליאַקען, האָט געהאַלטען ר׳ ישראל, האָבען מיליאַרדען געלד. זיי האָבען שוין נאַפּאָלעאָנ׳ען געגעבען דריי-הונדערט-מיליאָן פראַנק און זיי וועלען אויספיהרען זייערס. ער האָט געוואוסט, וואו עס שטעהט דאָס רוסישע מיליטער און וואו דאָס פּוילישע, און וויפיעל מאַן עס געפינט זיך אויף יעדען צד.

דאָס רוסישע מיליטער איז פּראָסט און קען נישט קיין תכסיסי מלחמה, און נאַפּאָלעאָן האָט שוין אַריינגעשיקט זיינע אָפיצירען צו די פּאָליאַקען, און די פּאָליאַקען וועלען דערגעהן צו זייער ציעל.

ער איז געווען ביי זיך זעהר פעסט, ווען ער האָט געלעזען אין ציימונג, אַז די פּאָליאַקען האָבען געמאַכט בעסער אין זייערע צוואָרפענע שלאַכטען, האָט זיך געפרעהט, און האָט אַרויסגעוויזען אַזאַ שמחה, ווי מען וואָלט אָבגענומען ירושלים, און אַז ער האָט געלעזען, אַז די פּאָליאַקען האָבען געהאַט ערגיץ אַ מפלה, האָט ער געטרויערט און האָט זיך דאָך נישט אונטערגעגעבען. ער האָט אַלץ גע׳טענה׳ט, אַז ביי איהם איז זיכער, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער, אַז פּוילען וועט פּאָרט געווינען די מלחמה.

און ער האָט שוין צוגעגרייט דריי מאַרשען פאַר׳ן נצחון פון די פּאָליאַקען. דער ערשטער מאַרש איז געווען פערפאַסט דערויף, ווען דער קיסר וועט אונטערשרייבען, אַז ער גיט אָב פּוילען, און דאָס פּוילישע מיליטער וועט אַריין אין וואַרשאַ מיט נצחון; דער צווייטער מאַרש — צו בעגלייטען דאָס פראַנצויזישע מיליטער, ווען זיי וועלען זיך צוריקקעהרען פון וואַרשאַ קיין פראַנקרייך, און דער דריטער מאַרש — צו דער פייערונג פון פּוילישען קעניג מיט דער נייער קאָנסטיטוציע...

און ער האָט שוין מבטיח געווען אַלעמען, אַז אין פּוילען וועט זיין זעהר אַ ליבעראַלע קאָנסטיטוציע, פּונקט ווי זיי זענען געווען די ערשטע קאָנסטיטוציאָנאַליסטען אין דער וועלט.

צעהן וויאָרסט אַרום קאַמעניץ זענען אין וואַלד „טשעמערי״ פאָרגעקומען קליינע שלאַכטען צווישען רוסען און פּאָליאַקען און די שאָסען



פון די אלע ר׳ ישראל׳ס קאמפאזיציעס, וואס זענען ביי מיר פער־בליבען אין זכרון, גיבען מיר דא איבער די נאטען פון צוויי מאר־שען זיינע, וועלכע זענען געווידמעט פוילען. דעם סמך, צוליעב וועל־כען די דאזיגע מארשען זענען פערפאסט געווארען, וועט דער לעזער



געפינען דערבײַ אויף די זײַטלעך פונ׳ם בוך.

מיר געפינען דאָ פאר נויטיג צו בעדאנקען דעם ה׳ פסח קאפּלאַן, וועלכער האט זיך גענעבען די מיה צו פערשרײַבען אין נאָטען די מארשען, וועלכע איך האָב איהם פאָרגעזונגען פון זכרון.

פון ביקסען האָבען זיך, געדענק איך, געהערט ביי אונז אין שטעטיל.

אין ליטאָ האָט זיך אויסגעצייכענט דער פוילישער אויפשטאַנד־אָנפיהרער אָגינסקי. ער איז געווען אַ גרויסער בריה אין תכסיסי מלחמה, אַזוי, אַז ער האָט געוואָרפען אַ שרעק אויף דאָס רוסישע מיליטער. אין טשעמערי זענען געווען צוויי פאָלקען רוסישע זעלנער מיט אַרטילעריע, וועלכע האָבען זיך געשלאָגען מיט דעמזעלבען אָגינסקי'ן. אָגינסקי האָט, דאַכט זיך, געהאַט אינגאַנצען דריי טויזענד פוילישע זעלנער, אָהן האַרמאַטען. אָגינסקי'ן איז אַוועק שלעכט און ער איז אַנטלאָפען, רייטענדיג אויפ'ן פערד, און דריי קאָזאַקען האָבען איהם נאָכגעיאָגט. ער האָט זיך אויסגעדרעהט, זיצענדיג אויפ'ן פערד, און דערשאָסען אַלע דריי קאָזאַקען. אַנטלאָפען איז ער קיין פינסק. די רוסען האָבען גענומען און געפאַנגעשאַפט די אַלע גרויסע חראַביעס, וועלכע זענען געווען מיט אָגינסקי'ן. דאָס פוילישע מיליטער האָט מען אינגאַנצען אויסגע'הרג'עט און די פוילישע אָפיצירען, געפאַנגענע, האָט מען געבראַכט אין קאַמעניץ. איך געדענק, אַז מ'האָט זיי געבראַכט אין אַ שענעם שבת'דיגען טאָג און זיי זענען געזעסען אויף דער ערד אין מיטען מאַרק, אונגעפעהר ביי אַ זיבעציג מאַן, מיט געבונדענע הענד און אַרום זיי זענען געשטאַנען רוסישע זעלנער.

אַז אין קאַמעניץ זענען אַריינגעקומען צוויי פאָלקען זעלנער, מיט דער אַרטילעריע, איז געווען פול די שטאָדט. און ר' ישראל, וואָס האָט געזעהן די פוילישע מפלה מיט זיינע אייגענע אויגען, האָט זיך צעוויינט ווי אַ קינד. שבת־צו־נאַכט'ס, געדענק איך, איז געווען ביים זיידען אַ סך מענשען און ר' ישראל האָט געמאַכט אויפ'ן טיש מיט קרייד אַ רעכענונג פון דעם רוסישען און פוילישען מיליטער אין די ערטער, וואו עס ווערט געפיהרט דער אויפשטאַנד.

— דאָס איז איצט אַנ'אָנהויב, — האָט ער געזאָגט, — און די איצטיגע טשעמעריער מפלה איז גאָרנישט, די פריצים וועט טאַקי מוראַוויאָוו אויפהענגען, אָבער עס איז גאָרנישט. נעגען דער גרויסער קראַפט און רייכקייט פון די פּאָליאַקען, — האָט ער גערעדט, מעקענדיג מיט'ן האַנד דאָס רוסישע מיליטער, וואָס ער האָט פריהער אָנגעצייכענט מיט קרייד — זענען די רוסען גאָרנישט שבגאָרנישט...

דערווײַל זענען געקומען זעלנער און אָנגעקלאַפּט אין טהיר. זיי האָבען געוואָלט טרינקען שנאַפּס, און דאָ איז אַ שענק. די טהיר איז געווען פערריגעלט, און מען האָט בעדאַרפט עפענען; האָט מען אָבער מורא געהאַט נישט צו עפענען זיי. אַ קלײניגקײַט, סאָלדאַטען! האָט זיך ר׳ ישראל געשטעלט נעבען טהיר און נישט געלאָזט עפענען זי פאַר די רוסען. די סאָלדאַטען האָבען באַלד אויפגעריסען די טהיר און געטראָפען, פערשטעהט זיך, דעם ערשטען ר׳ ישראל׳ן. דערפאַר האָט ער בעקומען פון זיי צוויי פּעטש, אַז איהם איז אַרויס בלוט פון די צייהן.

אַז די סאָלדאַטען זענען שוין אַוועק, האָט עמיצער געזאָגט ר׳ ישראל׳ן:

— איהר האָט דאָך איצט, ר׳ ישראל, געמאַכט אַ רעלענונג, אַז די רוסען זענען גאָרנישט, אַז עס איז גאָר נישטאָ קיין רוסישע סאָלדאַטען?...

— אַפּנים, דאָס איז אַ סאָלדאַט, וואָס? דאָס איז דאָך אַ ראַזבאָיניק! — האָט ר׳ ישראל ביטערליך און פערקלעמט געענטפערט.

דערנאָך, אַז די פּאָליאַקען האָבען בעקומען איין מפּלה נאָך דער אַנדערער און עס איז געוואָרען דײַטליך, אַז עס איז שוין גאָר קיין האָפנונג נישטאָ, האָט עס ר׳ ישראל גענומען שטאַרק צום האַרצען. ער האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו טרינקען בראָנפען, כדי אַרויסצושלאָגען פון זיך די מרה־שחורה. דאָס האָט איהם פערשאַדט און ער איז געפאָהרען צום רבי׳ן.

פון רבי׳ן איז ער געקומען מיט שמחה. דער רבי האָט איהם געגעבען אַן׳עצה צו טרינקען בראָנפען מיט בוימאײַל אײַנאײַנעם, וועט זײַן אַי רפואת הנפש — ער וועט האָבען שמחה, אַי אַ רפואת הגוף — דאָס בוימאײַל וועט איהם היילען דאָס האַרץ. פלעגט שוין שטענדיג ר׳ ישראל ברענגען צום טאַטען אַ פלעשעלע בוימאײַל, און ווען ער האָט געמאַכט מיט די חסידים לחיים, האָט ער זיך אַרײַנגעגאָסען אין זײַן גלעזעל אַ פּאָרציע בוימאײַל. צוליעב דעם האָט ער נאָך מעהר געטרונקען און דערווײַל געמאַכט נײַע נגונים.

אײַנמאָל, זענענדיג אין קאָצק בײַם רבי׳ן, האָט ער מיט זײַנעם אַ גוטען ברודער פון איין שטעדטיל פונאַנדערגערעדט זיך בײַ אַ גלעזעל

וויין. ווי דער שטיינער איז ביי יודען, האט ר' ישראל דערציילט, אז ער האט א מיידעלע, א בית-יחידה פון דריי יאהר און מיט קיין קדש האט איהם גאט נישט בעשערט, וואלט ער געוואלט, אז די טאכטער, ווען זי וועט אויסוואקסען, זאל טהאן עפעס א רעכטען שידוך מיט אנ'ערהליכען יודען.

זאגט יענער, אז ער האט א יונגעל פון א יאהר דריי, וואס האט זעהר א גוט קעפעל, בכן, זאלען זיי שוין שליסען א שידוך, און פון דעם יונגעל, ווידער, וועט מען שוין מאכען א רעכטען חסיד.

די זאך איז ר' ישראל'ן געפעלען געווארען. ביידע האבען גע־מאכט א תקיעת-כף, אז דעם'ס זוהן מיט יענעם'ס טאכטער זענען חתן-כלה, תנאים זאל זיין בעת די קינדער וועלען אלט ווערען צוועלף יאהר, און אז דוד, דער חתן, וועט ווערען בעל-מצוה זאל זיין די חתונה. אזוי איז געמאכט געווארען דער תקיעת-כף, וואס איז פער־טרונקען געוועהן מיט עטליכע כוסות גוטען וויין. דערנאך איז מען אוועק צום רבי'ן, נעהמען א ברכה אויפ'ן זיווג. ר' ישראל מיט דעם יודען, וואס האט געהייסען ברוך, זענען געוועהן פון די ערשטע חסידים ביים קאצקער רבי'ן און זענען געזעסען שטענדיג אויבענאן ביים טיש. האט דער רבי אליין אנגעגאסען דריי כוסות וויין און מען האט געטרונקען לחיים, אז דער זיווג זאל עולה ליפה זיין, און דוד, דאס יונגעלע, זאל זיין אנ'ערהליכער יוד און פון זיי זאל ארויסקומען א דור פון גאלע חסידים און צדיקים.

ר' ישראל איז געקומען קיין קאמעניץ פון רבי'ן און אבגעגעבען דעם ווייב מזל-טוב פון דעם שידוך, וואס איז ביים רבי'ן געשלאסען געווארען. שרה-ביילע זיין ווייב, א ניכטערע יודענע, איז אין כעס גע־ווארען, און פון גרויס אויפרעגונג האט זי איהם געגעבען די ערשטע קללה:

— א שווארצער חלום אויף דיין קאפ! משוגענער קאפ! דו נעהמסט דריי-יעהריגע קינדער, וואס האבען נאך נישט געמאזעלט און נישט געפאקט, — און ביזט משדך!

ר' ישראל איז אויך ארויס פון געדולד און האט דאס ערשטע מאל מסתמא אויפ'ן לעבען איהר געזאגט:

— דו ביזט אַ חצופה! אַז איך דערצעהל דיר, אַז דער רבי אַליין האָט אונז געגעבען אַ ברכה, דאַרפסטו האָבען אמונה, דו חצופה איינע!

איז מען געוואָרען ברוגז, און ר' ישראל האָט אָבגעטראָטען, איז אַוועקגעגאַנגען צו מיין טאַטען און האָט איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה. עס פערשטעהט זיך, אַז דער טאַטע האָט אויך געגעבען שרה-ביילע'ן אונגערעכט דערפאַר, וואָס זי האָט נישט קיין אמונה אין רבי'ן. נאָר דער טאַטע האָט געוואָלט מאַכען אַ שלום, וואָס ער האָט באין אופן נישט געקאָנט, און ר' ישראל האָט געזאָגט, אַז ער וועט אַוועק-פאָהרען צום רבי'ן און דאָרטען פערבלייבען ביז די קינדער וועלען אויסוואַקסען. דעמאָלט וועט ער מאַכען שלום מיט דעם ווייב און חתונה מאַכען די קינדער.

דער טאַטע, וואָס האָט איהם משונה ליעב געהאַט, האָט איינגע-זעהן, אַז קוים וועט ר' ישראל אַוועקפאָהרען צום רבי'ן, וועט ער שוין חירקליך צוריק נישט קומען. וואָרום דאָרטען וועט איהם טאַקע זיין גוט, ער וועט זיך זיצען ביים רבי'נס טיש, וועט עסען, טרינקען, מאַכען נגונים און טאַנצען, און עס וועט איהם גאָרנישט פעהלען.

האָט איהם דער טאַטע פאָרגעלעגט צו זיין ביי איהם. ער וועט איהם אָבגעבען אַ צימער און זיי וועלען זיך זיין צוזאַמען, ווי פריהער. ר' ישראל'ן איז דאָס געפעלען געוואָרען, ער האָט אויך ליעב געהאַט דעם טאַטען, און שנאַפּס, ווידער, איז ביי אונז געווען ווי וואַסער, און חסידים האָבען אויך נישט געפעהלט ביי אונז, אלזאָ, איז ער געבליבען ביים טאַטען.

דעם טאַטענס כונה איז דאָך געווען צו מאַכען חאָטש מיט דער צייט אַ שלום, וואָרום שרה-ביילע, זיין ווייב, איז אייגענטליך געווען אַ זעלטענע יודענע, אַ קלוגע און אַ פרומע, און האָט פריהער געלעבט מיט'ן מאַן זעהר גוט, חאָטש אין דער יוגענד האָט זי געהאָפט, אַלס אַ גביר'ס אַ טאָכטער, צו זיין אַ רבי'צין, וואָס האָט זיך איהר, נעבעך, טראַגיש נישט איינגעגעבען.

העלפט דער אויבערשטער און פאַר ניי-יאָהר, אין חודש טבת, נעווינט דער מחותן, ר' ברוך, פופצינ-טויזענד רובל אויף דער פוילי-שער לאָטערייַ. ער האָט באַלד דערפעשירט וועגען דעם. שרה-ביילע

האָט אָן אַלץ פערגעסען און איז געקומען צולויפען צום מאַן, בײַ מײַן טאַטען אין שטוב, מיט אַ שמחה, און איבערבעטענדיג ר' ישראל'ן, האָט זי אָנגעזאָגט די בשורה און געזאָגט:

— איצט גלויב איך אין דײַן רבי'ן...

דעמאָלט איז געוואָרען שלום.

דער מחותן האָט געשיקט דער כלה גאָלדענע קײטעלעך און פינגערלעך און פערל און זײַדענס אויף קלײדלעך. און דאָס דרײַ-יעהריגע מײדעלע, זיסעל, איז אויסגעפוצט געוואָרען ווי אַ פּרינצעסין.

ר' ישראל איז געפאָהרען קײן מעזעריטש און פון דאָרטען זענען בײדע באַלד געפאָהרען צום רבי'ן אין קאָצק. דאָרט האָט מען אָבגעפרישט דעם תקיעת-כף בײַם רבי'ן, און ברוך האָט געגעבען דעם רבי'ן צוועלף טויזענד רובל אַ מתנה. ר' ישראל איז געקומען צופאָהרען אַהײם מלא שמחה און שרה-בײלע, פערשטעהט זיך, אויך דאָסזעלבע.

אַז זיסעלע איז אַלט געוואָרען צוועלף יאָהר, איז ר' ישראל מיט שרה-בײלע'ן און דער כלה געפאָהרען אויף תנאים. דעמאָלט איז אָבער שוין דער מחותן נישט געווען רײַך; ער האָט געגעבען נדן טויזענד רובל. און אַז זיי זענען אַלט געוואָרען דרײַצעהן יאָהר איז געווען די חתונה אין מעזעריטש, און זיסעלע איז געבליבען בײַם שווער אויף קעסט. ר' ישראל מיט שרה-בײלע'ן זענען געקומען אַהײם קײן קאַמענײץ. איצט איז ער געווען אינגאַנצען אַ פרײַער און האָט פערבראַכט גאַנצע טעג און נעכט בײַם טאַטען מיט די חסידים, געטרונקען שנאַפּס מיט בוימאײל און געמאַכט נגונים.

אַז שרה-בײלע איז געשטאָרבען, האָט ער אַוועקגעוואָרפען די חסידים מיט די בראָנפען, מיט די נגונים און גענומען שרײַבען אַ ספר: פשט'לעך אויף מסכת פסחים. מיט דעם ספר איז ער געפאָהרען צו גרויסע רבנים נעהמען הסכמות. ער האָט אָבער נישט געקראָגען, ווײַל נײַנציג בלעטער זענען אינגאַנצען פערנומען געווען מיט זעקס פשט'לעך. קײן רב האָט נישט געהאַט קײן געדולד איבערצולעזען אײן פשט'ל מיט זײַנע הויכע, טיפע און געדרעהטע סברות.

ר' אײַזיק, דער סלאָנימער רב, וואָס איז געווען אַ וויצלער, האָט איהם געזאָגט, אַז דער ספר איז פאַר מלאכים און נישט פאַר

קײן מענשען. האט ער זיך גענומען צום הארצען און פון צופיעל ארבײטען מיט'ן מוח, איז ער אין ווארשא קראנק געווארען און גיך געשטארבען. דער קאצקער רבי איז געקומען צו דער פטירה מיט א סך חסידים זײנע, און אויך די ווארשאווער חסידים האבען נישט גע־פעהלט אויף דער לויה.

# זעקסטעס קאַפּיטעל.

אונזער משפחה. — די באָבע. — איהר ליעבע צום מאַן. איהר שטיל און פרום בעגעהן זיך מיט מענשען. — ר' יוּדעל. — שטאָרטישע ענינים. — ר' ליפּע. — דער תקיעת־כף.

דער זיידע האָט ליעב געהאַט דאָס ווערטעל: „די ערד זאָל די ביינער אַרויסוואַרפען דעם, וואָס גיט אָב אַ קינד פון זיך". מיט'ן ברודער האָט ער געלעבט אויסגעצייכענט, און דער ברודער מיט זיין בן־יחיד און דעם בן־יחיד'ס קינדער זענען געווען צוזאַמען מיט'ן זיידענס קינדער און אייניקלעך, אַלע ווי איין מענש, און אַז עמיצער פון דער פאַמיליע איז קראַנק געוואָרען, זענען אַלע געווען אַרום חולה. מען האָט פּשוט נישט אָבגעטראָטען פון איהם.

אין אונזער משפחה האָט געהערשט אַ מאָדנער אחדות, וואָס איז מיט גרויס פיינקייט געפיהרט געוואָרען פון דער ליעבער און אונפערגעסליכער באָבען, ביילע־ראַשע. ביי אַלע קראַנקע פון דער פאַמיליע האָט זי געוואַכט, נישט אָבגעטראָטען. אַ שנוהר איז געגאַנגען צו קינד, איז באַלד געקומען די שוויגער; אַ טאָכטער — די מאַמע, אַ קינד, אַן אייניקעל קראַנק — די באָבע. דעם דאָקטאָר צו דעם פעלדשער — האָט זי אַליין געמוזט אויפנעהמען, און האָט מען בעדאַרפט עפּעס טהאָן דעם קראַנקען, האָט זי געמוזט זיין דערביי.

בײַ איהר אין הויז איז געווען שטענדיג גרײַט צו עסען פֿאַר אַלע קינדער און קינדס-קינדער, און אַז עמיצער איז אַרײַנגעקומען, האָט זי באַלד געגעבען עסען. זי האָט אַלײַן נישט געגעסען און אַלץ געוואַרט, טאָמער קומט דאָס קינד, טאָמער קומט יענס אײניקעל, די שנוהר, דאַרף מען אַלעמען געבען. און מיט דעם אַלײַן, וואָס אַנדערע האָבען געגעסען, איז זי געווען זאַט. מען האָט זי זעלטען געזעהן עסענדיג. מאַלעכדיג עפּעס אַ גוטען מאכל, האָט זי נאָר פֿון איהם פֿערזוכט, און דאָס איבעריגע פֿונאַנדערגעטיילט, און חאָטש זי האָט געהאַט צוויי דיענסטען, פֿונדעסטוועגען האָט זי שטענדיג אַלײַן געבאַקען און געבראָטען און געפּרעגעלט — און איז געווען אַ זעלטענע קעכין.

אויך האָט זי געהאַט אַ טבע אַוועקצושיקען אַלע טאָג אין הקדש אַרײַן טעפּלעך מאכלים, דערבײַ פֿלעגט זי נישט פֿערגעסען אָן געוועהנליכע אָרימע-לײַט, וואָס האָבען נישט געהאַט קײַן פּרנסה. זײַ פֿלעגט זי שטילערהייד אויך אַרײַנשיקען און מחיה זײַן.

אַלײַן איז זי געווען אַ מאָגערע און אַ קלײַניטשקע יודענע, וואָס די נשמה האָט זיך אין איהר קוים געהאַלטען, און ענערגיע האָט זי אפשר געהאַט ווי אַנ'אַנדער מאַנסביל.

דעם מאַן, אהרן-לײזער'ן, האָט זי געהאַלטען טײַער, ווי ווײַבער זאָגען: „ווי דעם טאָג פֿון שבת". דער זיידע איז געווען אַ גרויסער מפונק און האָט ליעב געהאַט גוט צו עסען. האָט זי פֿאַר איהם אַלע טאָג געמאַכט בעזונדערע שפּײַזען און דאָס גרעסטע אומגליק איז פֿאַר איהר געווען, ווען ער האָט, חס-ושלום, געפֿונען אַ פֿליג אין טעלער. דעמאָלט האָט ער שוין נישט געגעסען און זי איז באַלד אַוועקגעפֿלויגען צו דער שווענערין: טאָמער איז דאָרט פֿאַרהאַן עפּעס אַ גוטער מאכל פֿאַר איהם. אַז דאָרטען איז נישט געווען, פֿלעגט זי צושטעהן צו איהם, אַז ער זאָל נאָר וואַרטען אַ רגע, וועט זי איהם שוין מאַכען אַ טײַערן מאכל. נאָר ער פֿלעגט ווי אויף צו להכעיס נישט וועלען דעמאָלט וואַרטען, און זי פֿלעגט האָבען גרויס עגמת-נפש דערפֿון.

ער האָט ליעב געהאַט גוטען טהעע, האָט זי שוין אָבגעהיט, אַז זײַן גלאָז טהעע זאָל זײַן שטאַרק און פֿײַן. און אַז ער פֿלעגט אַוועק-

פאָהרען צום פּריץ, פלעגט ער איהר מוזען זאָגען, ווען ער וועט אַנ׳ערך קומען. אויב עס איז מעגליך — אפילו די שעה, און זי פלעגט שוין דעמאָלט צוגרייטען דעם סאַמאָוואַר. און אַז ער האָט בעדאַרפט, למשל, קומען מאָנטאָג ביינאַכט, צוועלף אַ זייגער, האָט זי שוין דעם סאַמאָוואַר אַרויפגענומען צו זיך אויפ׳ן אויבערשטיבעל (דאָרט איז געווען זייער שלאָפצימער). די דיענסט האָט שוין געשלאָפען, און די באָבע פלעגט זיצען נעבען סאַמאָוואַר אויפ׳ן אויבערשטיבעל און ווײַלע-וויַיז צו-וואַרפען אַ קויהל, דער סאַמאָוואַר זאָל נישט אָבקיהלען, כּדי אַז אהרן-לייזער וועט קומען, זאָל ער האָבען הייסען טהײַ. אָט אַזוי האָט זיך ביי יודען געפיהרט אַמאָל אַ ווײַב.

און אַזוי האָט זי אַלץ געהיט אַ גאַנצע נאַכט דעם סאַמאָוואַר, אַז ער זאָל כּסדר קאָכען און אַז אהרן-לייזער וועט קומען, זאָל ער באַלד האָבען טהײַ. עס האָט געטראָפען, אַז ער פלעגט זיך פערזאַמען ביי די פּריצים עטליכע נעכט מיט אַמאָל. פלעגט זי די גאַנצע צייט דרעמלען אין די זאַכען און אַמאָל זיך אויפכאַפּען און צולעגען אַ קויהל צום סאַמאָוואַר, ער זאָל קאָכען, און ווידער אַנדרעמעלט ווערען. בייטאָג האָט שוין די דיענסט געהיט דעם סאַמאָוואַר.

אהרן-לייזער איז געווען אַנ׳איינגעשפּאַרטער און האָט ער געזאָגט יאָ — איז געווען יאָ, און אַז ער האָט געזאָגט ניין, איז שוין קיין טענות מעהר נישט געווען. און אַז ער איז געזעסען צווישען מענשען און זי האָט איהם גראָד בעדאַרפט האָבען, איז זי צוגעגאַנגען צו איהם מיט גרויס דרך-ארץ, און האָט איהם קודם-כּל איבערגעבעטען, וואָס זי קומט איצט אין מיטען אַריין, ווען ער רעדט מיט מענשען. אין אַזוינע פאַלען פלעגט ער דאָס רוב אַנ׳אונגעדולדיגער אַ מאַך געבען מיט דער האַנד. דאָס האָט געהייסען, אַז זי זאָל אַוועקגעהן. זי פלעגט, פערשטעהט זיך, אַוועקגעהן און האָט זיך קיינמאָל נישט געפונען בעליידיגט.

נאָר פיעל מאָל פלעגט טרעפען, אַז מענשען פלעגען קומען פרעגען אהרן-לייזער׳ן אַנ׳עצה און האָבען בעת מעשה פערלאַנגט, אַז זי זאָל אויך זיין דערביי. זי איז געווען בעוואוסט אין שטאָדט מיט איהרע עצות, פלעגט ער זי אַ רוף טהאָן.

— די יודען ווילען ביי דיר פרעגען אַן׳עצה, — פלעגט ער איהר זאָגען.

האָט מען דערצעהלט די מעשה, און זי האָט געגעבען אַן׳עצה. אָבער פריהער האָט זי געזאָגט אַ שטיקעל הקדמה:

— איך בין דאָך אַפילו נישט מעהר, ווי אַ נאַרישע יודענע, נאָר מיר ווייזט אויס, אַז מען דאַרף טהאָן אַזוי און אַזוי.

און צו איהר עצה האָט מען דאָס רוב אײַנגעשטימט.

נעבען מאַן האָט זי זיך קיינמאָל נישט געזעצט, זי איז געשטאַנען פאַר איהם מיט דרך-ארץ, חאָטש זי האָט איהם זעהר, זעהר פיעל מיטגעהאָלפען אין זיין געזעלשאַפטליכער קאַריערע און אַזוי אויך אין זיינע געשעפטען מיט די פריצים. זי האָט זיך שטענדיג געסטאַרעט, אַז ער זאָל נישט בלײַבען צום נאַר אין זיינע געשעפטען און אַליין האָט זי זיך בכיון געמאַכט געגען איהם צום נאַר. ווי געזאָגט, האָט ער איהר אין אַ סך זאַכען געפאָלגט. אָבער זי האָט זיך גאָר נישט וויסענדיג געמאַכט, אַז זי ווייס, אַז ער פאָלגט איהר...

איהר פאָטער, ר׳ יודעל, איז געוואָרען אויף דער עלטער אַן׳אַלמן, און קיין קינד האָט ער נישט געהאַט ביי זיך. דרײַ זיהן זיינע זענען געווען לומדים, אָבער נישט קיין נגידים, און זיי האָבען געוואוינט יעדער אין אַן׳אַנדער שטאָדט. די באָבע, ביילע-ראַשע, איז געווען אַן׳ אײַנציגע טאָכטער, האָט זי איהם געבעטען צו זיך אין געסט. ער איז געווען זעהר אַ קלוגער יוד און האָט זעהר אויסגענומען אין שטאָדט, אַזוי ווייט, אַז אהרן-לייזער האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל שוין פערבלײַבען ביי איהם כל-זמן ער וועט לעבען, וואָרום ער וועט איהם פאַר קיין פאַל נישט אָבלאָזען פון זיך. דער אַלטער האָט פערקויפט אין סעמיאַטיטש זיין הויז מיט די אַלע כלי-בית און איז געקומען קיין קאַמעניץ צום איידעם, און דער זיידע, אהרן-לייזער, האָט געהאַלטען דעם שוועהר טייער ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

דער עלטער-זיידע, ר׳ יודעל, האָט זיך צוגעקוקט צו זיין איידעם׳ס געשעפטען און האָט אײַנגעפונען, וואָס איז אייגענטליך נישט שווער געווען, אַז די שטאָדטישע ענינים פערדרעהען איהם דעם קאָפּ. גאַנצע טעג און נעכט איז ביי איהם די שטוב געפאַקט מיט מענשען, און אַלץ צוליעב שטאָדטישע ענינים. איהם, דעם אַלטען, האָבען באַנג

געטהאָן אהרן-לייזער'ס פעהיגקייטען, וואָס געהען אַוועק אויף אַזוינע נישטיגע, קליין-שטעדטילדיגע ענינים, וואָס קאָפּ-דרעהעניש דאַרף מען צו זיי האָבען מעהר, ווי צו גרויס-שטאָדטישע עסקים.

לכן, וואָלט געווען גלייכער פאַר איהם, ער זאָל אַוועקוואַרפען אינגאַנצען די שטאָדטישע ענינים און זאָל זיך בעסער פערנעהמען מיט די פריצים, ביי וועלכע מען קען עפּעס פערדינען, אָדער ער זאָל אַרויספאָהרען קיין בריסק, וואו ער וואָלט זיך באַלד געקענט מאַכען אַ נאָמען מיט זיין געשיקטקייט און שכל, און בעסער פון דאָרטען זיין דער מנהיג, איידער דאָ אין קאַמעניץ. דאָרטען האָט ער לכל הפּחות עפּעס צו טהאָן מיט אַזאַ שטאָדט, מיט גבירים, חכמים, לומדים, געבילדעטע לייט.

דער אַלטער, ר' יודעל, האָט געקנעלט מיט זיין טאָכטער ביילע-ראַשע'ן, אַז זי זאָל דאָס געבען אַזוי צו ערקלערן דעם מאַן. דער זיידע, אהרן-לייזער, האָט אָבער דערויף געענטפערט, אַז ער וועט בשום-אופן נישט פערלאָזען קאַמעניץ, וואו עס ליגען זיינע עלטערן און עלטערנ'ס עלטערן, וואו ער האָט שוין באַלד „אָבגעשטופּט" אַ וועלט, וואו ער האָט אַוועקגעלעגט זיין ענערגיע מיט זיין יוגענד, און אז מען זאָל איהם געבען מיליאָנען, וועט ער פון קאַמעניץ נישט אַרויספאָהרען. וואָס אָנבעלאַנגט אָבער די שטאָדטישע ענינים, איז ער אַליין מסכים, אַז מען טאָר זיך דערמיט נישט פערנעהמען. דאָס איז צו-שווער; ער לעגט אַוועק אַ סך כּוחות און איז דאָך אַלץ נישט יוצא.

דעמאָלט איז פון דאָס-ניי בעשלאָסען געוואָרען, אַז ער זאָל זיך אָבזאָגען פון אַלע שטאָדטישע ענינים. מען האָט נאָר בעדאַרפט האָבען עפּעס אַ שטיקעל געלעגענהייט דערצו. נאָר אַז מען האָט דערהערט אין שטאָדט, אַז אהרן-לייזער וויל זיך אָבזאָגען פון די שטאָדט-זאַכען, זענען זיך באַלד צו איהם צונויפגעקומען די פּני-העיר און אַלע בעלי-בתים חשובים און געבעטען, ער זאָל בלייבען ווייטער. אַדרבה, אויב איהם איז צו-שווער, זאָל ער זיי איבערגעבען אַ טייל אַרבייט, וועלען זיי איהם מיטהעלפען.

די בעלי-בתים האָבען אַ סך גערעדט און גע'טענה'ט און ער איז דערווייל פערבליבען אויף אַ פּראָבע, זעהן צי ס'וועט איצט זיין גרינגער. אַזוי איז אַוועק אַ צייט, און ער האָט זיך שוין אַליין אָנגעהויבען

אויפפיִהרען אַנדערש. עֶר פלעֶגט שוין מאַכעֶן אספּות און פעֶררופעַן די פּני, וועֶלכעֶ עֶר פלעֶגט אויסטייִלעֶן אַרבייִט, און זיי האָבעֶן געֶטהאָן, וואָס עֶס איִז זיי אַרויסגעֶגעֶבעֶן געֶוואָרעֶן.

ווידעֶר איִז אהרן-לייִזעֶר בעֶפרייַט געֶוואָרעֶן פון אַ סך קאָפּ-דרעַ-העֶניִש דעֶרמיִט, וואָס זייַן שוועֶהר, ר׳ יודעֶל, וועֶלכעֶר האָט ניִשט געֶ-חאַט וואָס צו טהאָן, האָט זיִך פעֶרנומעֶן מיִט פיִעל מעֶנשעֶן, וואָס פלעֶ-געֶן אָנפּיִלעֶן דעֶם זייִדעֶנס שטוב. עֶר, ר׳ יודעל, פלעֶגט זיי שוין געֶ-בעֶן עצות, אויסהעֶרעֶן זייעֶרעֶ טענות א. ז. וו.

די באָבעֶ בייִלעֶ-ראַשעֶ, וואָס פלעֶגט פריִהעֶר פון דרך-ארץ ווע-געֶן צום מאַן, זיִך קייִנמאָל ניִשט אַרייַנמיִשעֶן איִן מיִטעֶן זייַנעֶ רייִד, סייַדעֶן אַז מעֶן פלעֶגט זי אַרוף טהאָן, האָט איִצט, ווען איִהר פאָטעֶר האָט זיִך בעֶשעֶפטיִגט מיִט די יודעֶן, אויך צוגעֶהאָלפעֶן מיִט אַנ׳עצה, מעֶהר ווי פריִהעֶר, און אַזוי אַרום האָט מען דעֶם זייִדעֶן איִנגאַנצעֶן בעֶפרייַט פון די דאָזיִגעֶ אַרבייִטעֶן.

דעֶר זייִדעֶ האָט זיִך ווידעֶר אָבגעֶגעֶבעֶן מעֶהר די פּריִציִם, און די באָבעֶ האָט זיִך קייִן נאַכט ניִשט אויסגעֶטהאָן און האָט נאָר האַלב געֶדרעֶמעֶלט. זי האָט בעֶדאַרפט אָפטעֶר אַראָבקריִכעֶן פון בעֶט און צו-וואַרפעֶן פריִשעֶ קויהלעֶן צום סאַמאָוואַר, אַז ווען אהרן-לייִזעֶר וועֶט קו-מעֶן, זאָל עֶר באַלד האָבעֶן הייִסעֶן טהיי.

דעֶר זייִדעֶ האָט געֶהאַט אַ שוואָגעֶר, אַ גרויסעֶן למדן, ר׳ ליִפּעֶ. דעֶר דאָזיִגעֶר ר׳ ליִפּעֶ איִז געֶוועֶן אַ גרויסעֶר אָריִמאַן, און אייִנמאָל האָט עֶר אַרייַנגעֶשיִקט אַ בריִעף צום זייִדעֶן, צום שוואָגעֶר, הייִסט עֶס, אַז עֶר זאָל זעֶהן איִהם געֶבעֶן עֶפּעֶס אַ פּרנסה. האָט דעֶר זייִדעֶ געֶ-שיִקט איִהם רופעֶן און געֶזאָגט, אַז עֶר האָט מיִט איִהם אָבצומאַכעֶן אַ געֶשעֶפט, פון וועֶלכעֶן עֶר וועֶט האָבעֶן פּרנסה און עֶס וועֶט איִהם קייִן זאַך ניִשט פעֶהלעֶן. ווידעֶר איִהם, דעֶם זייִדעֶן, וועֶט אויך אַרייַנפאַלעֶן עֶפּעֶס דעֶרפון. קוקט איִהם ר׳ ליִפּעֶ אָן, ניִשט פעֶרשטעֶהעֶנדיִג דאָס רעֶטעֶניִש.

וואָס הייִסט, עֶר וועֶט האָבעֶן פּרנסה און אהרן-לייִזעֶר וועֶט אויך ניִשט צולעֶגעֶן דעֶרצו?

זאָגט איִהם דעֶר זייִדעֶ:

— לאָמיִר „אָבמאַכעֶן״ אַזאַ געֶשעֶפט: איִך וועֶל דיִר געֶבעֶן פאַר

דײַן ווײַב און קינדער פון אַלעם גוטען און דו זאָלסט זיך זיצען און לערנען. נאָר דו וועסט מיר אַרויסגעבען אַ קוויטעל, אַז דו גיסט מיר אָב האַלב עולם-הבא פון דײַן לערנען. דאָס גאַנצע לעבען בין איך ברוך-השם אַ פּראָסטער עולם-הזה׳ניק, דאָס הייסט, קיין עולם-הזה האָב איך אויך נישט. אָבער לאָמיר כאָטש האָבען עולם-הבא! איך האָב מורא, אַז איך וועל קומען אויף יענער וועלט, וועט מיר זײַן ביטער און פינסטער, ווארום דאָרט איז נישטאָ קיין איספּראַווניק און קיין אַסעסער...

ר׳ ליפּע האָט אָבער נישט געקענט געבען כאַלד אַן׳ענטפער. בײַ איהם איז, אַפּנים, אויסגעקומען נישט גלײַך, אַז אהרן-לייזער, וואָס האָט אַזוי פיעל עולם-הזה, זאָל נאָך עולם-הבא אויך האָבען. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך מישב זײַן מיט פוריען, זײַן ווײַב, אהרן-לייזערס שוועסטער.

עס איז אַוועקגעגאַנגען אַזוי אַ פּאָר מאָנאַטען, און נישט ר׳ ליפּע און נישט זײַן ווײַב — האָבען נישט געוואָלט אַוועקגעבען אהרן-לייזער׳ן האַלב עולם-הבא פון לערנען. זיי האָבען שטאַרק געליטען נויט, זענען געווען זעהר געדריקט, מיט קליינע קינדער, וועלכע מען האָט בע-דאַרפט מאַכען קליידלעך, שיכעלעך, מלכּדות-געלד צאָהלען און נאָך אַזעלכע זאַכען, וואָס מען דאַרף האָבען צום לעבען. אהרן-לייזער האָט זיי לפי ערך צום עסען געגעבען, אָבער נאָר צום עסען. האָט מען זיך געמאַטערט און נישט געוואָלט מאַכען דעם שותּפות-געשעפט מיט דעם עולם-הבא. אהרן-לייזער האָט שוין פערקלענערט די פּאָרציע. איצט האָט ער נאָר געוואָלט אַ העלפט פון ר׳ ליפּעס לערנען אַליין און פון די אַלע מצוות זײַנע גאָרנישט.

געוועהנליך, האָט עס אהרן-לייזער׳ן פערדראָסען. ערשטענס, האָט זיך איהם שטאַרק געוואָלט עולם-הבא, און, צווייטענס, איז ער גלאַט נישט צוגעוועהנט, אַז מען זאָל איהם אָבזאָגען. האָט ער געטהאָן אַ קליינינקייט: ער האָט אויפגעהערט צו שיקען זיי אויף צום לעבען.

זענען, נעבעך, געבליבען ר׳ ליפּע מיט זײַן ווײַב און קינדער אינגאַנצען אָהן ברויט. עס איז נישט געווען קיין שטיקעל ברויט אין שטוב, אַפילו אַ קאַרטאָפעל איז אויך נישט געווען, ממש כאָטש נעהם און שטאַרב פון הונגער.

האָט מען זיך געמוטשעט, געראַנגעלט, זיך געוואָרפען, אָבער אַז מען האָט שוין מעהר נישט געקענט אויסהאַלטען, איז שוין פוריע, ר׳ ליפּע׳ס ווײַב, מסכּים געוואָרען:

— געה שוין, גיב שוין דעם רשע אַוועק דײַן האַלב עולם-הבּא. מען קען דאָך מיט קינדער נישט שטאַרבען פון הונגער.

איז ער געקומען אַ דערשלאָגענער צו אהרן-לײַזער׳ן און איבערגעגעבען, אַז ער בעשטעהט שוין אויף זײַן פאָרשלאָג. ער איז מסכּים...

אָבער אהרן-לײַזער איז שוין איצט געווען תקיף בײַ זיך. זאָגט ער:

— איצט וויל איך שוין נישט. דו האָסט מיר נישט געוואָלט געבען האַלב עולם-הבּא? ערשט איז פערפאַלען. געה אַוועק און גיב אָקאָרשט דײַן ווײַב פרנסה.

אהרן-לײַזער האָט, פערשטעהט זיך, זעהר געוואָלט די עולם-הבּא. ער האָט אָבער פערשטאַנען, אַז די גאַנצע מאַכערקע נעגען שותּפות איז געווען זײַן שוועסטער און איהם האָט זיך געוואָלט, אַז די שוועסטער זאָל דוקא קומען און בעטען זיך בײַ איהם, און ווידער זאָל זי אַליין זיך אויך חתמ׳ענען אויפ׳ן קוויטעל, אַז זי איז מסכּים צו דעם געשעפט.

ר׳ ליפּע האָט נישט פערשטאַנען אהרן-לײַזערס כּונה. קען מען זיך פאָרשטעלען מיט וואָס פאַר אַ האַרץ ער איז אַוועק אַהײם. עס איז געוואָרען אַ געוויין אין שטוב. קינדער ווילען עסען און נישטאָ וואָס צו געבען. זענען זיי בײדע געגאַנגען צו אהרן-לײַזער׳ן, מיט אַזאַ חשק ווי מען געהט צו דער שחיטה, און האָבען געוויינט און געבעטען, ער זאָל שוין מאַכען שותּפות.

— גוט, — זאָגט רוהיג אהרן-לײַזער, — לאָמיר געהן צום רב און אָבשרײַבען זיך אויף דעם גאַנצען לעבען. איך זאָל אײַך געבען פרנסה גלײַך ווי מײַנע קינדער, און ליפּע זאָל מיר געבען עולם-הבּא פון זײַן לערנען.

ר׳ ליפּע האָט אָבער געוואָלט דרײַ יאָהר, נישט דאָס גאַנצע לעבען, ביז מען איז געבליבען אויף פינף יאָהר.

איז מען אַוועק צום רב און געמאַכט אַ כּתב אויף דעם, וואָס זיי האָבען אָבגערעדט, און ר׳ ליפּע מיט פוריען האָבען זיך גע׳חתמ׳עט

און דער רב מיט'ן דין האָבען זיך אונטערגעשריבען פאַר עדות, און מען האָט זיך גענעבען אַ תקיעת־כף באילה ובשבועה, אַז אהרן־לייזער דאַרף איהם מיט זיין געזינדעל אויסהאַלטען כיד הנגידים, און דערפאַר בעקומט ער פון ר' ליפען האַלב עולם־הבא פון זיין לערנען. ר' ליפע מוז אָבער לערנען דעם גאַנצען טאָג און טאָר קיין אַנדער זאַך נישט טהאָן, והכל שריר וקים.

אהרן־לייזער איז געקומען פון רב מיט אַזאַ שמחה, וואָס עס איז זיך שווער געווען פאָרצושטעלען. אַ קלייניגקייט, אהרן־לייזערס גליק! ווען מען זאָל איהם געבען פאַר דעם האַלב עולם־הבא כל הון דעלמא, וואָלט ער געוויס נישט גענומען.

ר' ליפע מיט פוריען זענען שוין אַוועק אַהיים נישט אַזוי פרעהליך. דערפאַר אָבער האָט ביי ר' ליפען אין האַנד געבלישטשעט אַ פינף־און־צוואַנציגער.

איצט האָט אהרן־לייזער אָנגעהויבען שמעקען זיי פון אַלדאָס גוטס, פון חלב ודבש. און אַז ר' ליפע האָט דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען אָבגעגעסען צוזאַמען מיט זיין געזינדעל גאָר אַ געהויבענעם מיטאָג, האָט שוין דאָס געשעפט געקראָגען גאָר אַנ'אַנדער חן אין זיינע אויגען.

## זיבּעטעס קאַפּיטעל.

**דער** אַקציז. — דער באַראָן גינזבּורג. — דער בּן־יחיד. — **דער** סקאַנדאַל מיט'ן אַסעסאָר. — דער איספּראַווניק האַלט דעם זיידענ'ס צד. — ר' ליפּע צוריסען דעם תקיעת־כּף.

אין יענער צייט איז דער אַקציז איבּערגעגאַנגען פון דער רעגי־רונג צום באַראָן יאָזשע גינצבּורג. איבּערגענומען האָט ער דעם אַקציז פאַר אַ געוויסע סומע געלד צו צאָהלען יעהרליך דער רעגירונג, און פאַר בּעאַמטע אין די אַקציז־קאַנצעליאַריעס און אַנשטאַלטען האָט ער גענומען נאָר יודען: פון דער העכסטער שטעלע בּיז אַ קליינעם פּלאַץ ערגעץ אויף אַ דאָרף.

דעמאָלט האָט שוין דער זיידע אויפגעהערט צו בּרענגען געגנב'עטע בּראָנפען פון פּוילען. ער איז געווען איבּערראַשט פון שמחה, וואָס אַ יודען האָט די רעגירונג איבּערגעגעבּען אַזאַ מין פּאָדריאַד, און ווי ער איז נישט געווען אַריינגעטהאָן אין פּרנסה, האָט ער דאָך נישט געוואָלט אַריינבּרענגען גע'גנב'עטע בּראָנפען; טאָמער וועט, חלילה, פון אַזאַ מעשה בּאַנקראָטירען דער בּאַראָן!... דערפון קען אַרויסקומען אַ רעה פאַר אַלע יודען, וואָרום די שונאי־ישראל וועלען זאָגען, אַז אַלע יודען זענען גנבים.

ווידער האט זיך דער באראן געשטעלט אזוי פיין און אנגענומען יודען פאר בעאמטע, וואס דערמיט גיט ער פרנסה טויזענדער יודען. ווייטער איז גלאט שען, וואס יודען דינען אין קאזנא. האט שוין דער זיידע כסדר געקויפט בראנפען אין די ברויזער, און די פרנסה איז דעריבער שוואך געווארען. פון די פוילישע בראנפענ'ס פלעגט ער פערדינען טויזענדער רובל א יאהר!

און אזוי ווי אלע קינדער דעם זיידענ'ס מיט'ן ברודער האבען געלעבט נאר פון דער ארענדע, און איצט איז מען געווארען געדריקטער אין פרנסה, האט דער זיידע שוין אנגעהויבען פערקלענערן די הוצאה..

פערקלענערענדיג די הוצאה, האט דער זיידע איינגעפונען, אז די פינף רובל, וואס ער צאהלט א מאנאט דעם אסעסער, זענען איבעריג. ווארום ערשטענ'ס, גיט דאך דעם פריצ'ס פערוואלטער זיינע פויערים אלס הילף צו דער ארענדע און נאר זעלטען דארף מען אנקומען צום אסעסער. ווייטער האט ער פאר'ן אסעסער גלאט קיין מורא נישט — ער האט דאך עפעס דעם איספראווניק, געגען וועלכען דער אסעסער וועט נישט געהן.

דעם אסעסער האט עס אודאי פערדראסען, און איך געדענק, ווי דעמאלט, איך בין נאך געוועזען א קליין יונגעלע, איז אריינגעקומען דער קלוטשוואיט מיט דריי דעסיאטניטעס און געבעטען א פלעשעל בראנפען. עס איז געוועזען שבת-צו-נאכט'ס. ווי געוועהנליך איז ביים זיידען פול געוועזען די שטוב מיט מענשען און די באבע האט אלעמען דערלאנגט טהיי. אט די מצוה איז שוין געוועזען איהר מצוה, חאטש זי האט געהאט דינסטען, וואס האבען געקענט אהן איהר דערלאנגען, און זי איז נישט מיעד געווארען אונטערצוטראגען יעדערן א צווייטע גלאז טהיי, און א דריטע...

דעם זיידענ'ס פלימעניק, דער בן-יחיד, פלעגט שוין שטענדיג היטען דעם פעטער, דאס הייסט, מיין זיידען, און ער האט איהם געפאלגט אין פייער און אין וואסער. דער זיידע האט איהם ליעב געהאט און ער איז געוועזען דער גאנצער תקיף אין דער משפחה. האט איינער פון דער פאמיליע בעדארפט עפעס בעטען ביים זיידען, האט מען שוין

געזאָגט דעם בן-יחיד, אריה-ליב'ן, און אריה-ליב איז געווען דער פערמיטלער.

געווען איז ער אַ הויכער און אַ געזונדטער יונג, האָט אפילו געקענט לערנען, נאָר געוואָלט האָט ער גאַנץ ווענינ, און אַ גוטער. און אַז אריה-ליב האָט געזאָגט, אַז ער וועט שוין אויספיהרען בײַם פעטער, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס וועט מקוים ווערען. ווידער, אַז דער זיידע האָט בעדאַרפט עפּעס צום אַסעסער, האָט ער געשיקט אריה-ליב'ן, אַזוי אויך צום איספּראַווניק, און אַ צונג האָט ער געהאַט אַ געשליפענע, צוליעב וואָס ער איז געווען בעזונדערס געהויבען בײַ אַלעמען.

בשעת דער קלוטשוואָיט האָט געבעטען אַ פלעשעל בראָנפען, האָט אריה-ליב געפרעגט דעם פעטער, צי מען זאָל געבען. דער זיידע האָט געהייסען. און אַז מען האָט געגעבען, האָט דער קליוטשוואָיט געשווינד אַרײַנגעלעגט די פלאַש אין קעשענע אַרײַן און איז אַוועקגעגאַנגען צוזאַמען מיט זײַנע פּויערים. דאָס איז געוואָרען קשה'דיג, און אריה-ליב האָט געפרעגט דעם זיידען:

— זאָל איך לויפען אָבנעהמען?

— איך הייס יאָגען זיי און אָבנעהמען די בראָנפען מיט גוואַלד, — האָט דער זיידע געזאָגט.

געדיענט האָבען דעמאָלט בײַ אונז אַ פּאָר געזונדטע „מענשען": חצקיל און קיווקע. דער לעצטער איז געווען מפורסם פאַר אַ גבור. האָט אריה-ליב גענומען בײדען און געלאָפען יאָגען דעם קליוטשוואָיט מיט די דעסיאַטניקעס. אין אַ פיערטעל שעה אַרום קומט אריה-ליב מיט גרויס שמחה, דאָס פלעשעל בראָנפען אין האַנד און דערבײַ אַ סימן — דעם קליוטשוואָיט'ס היטעל. ער האָט דערצעהלט, אַז געפּאַקט האָט מען די חברה-לײַט אַזש בײַם אַסעסער אויפ'ן גאַניק. נאָך אַ רגע וואָלטען זיי שוין געווען אין שטוב, האָט מען זיי גוט אָנגעבראָכען די בײנער און אָט איז דעם קליוטשוואָיט'ס היטעל פאַר אַ סימן.

— האָב איך גוט געטהאָן, פעטער? — האָט געפרעגט אריה-ליב.

— גוט, — האָט דער זיידע געענטפערט.

זונטאָג פריה, אַז דער זיידע איז אַוועקגעפאָהרען צו די פריצים,

איז דער אסעסער געקומען מיטאג-צייט מיט אלצעהן דעסיאטניקעס צום פעטער אין שטוב אריין — מאלען א פראטאקאל, אז ער פיהרט א שענק אהן א פאטענט, האט אריה-ליב גענומען זידלען דעם אסעסער און אפען געזאגט, אז קוים וועט ער מאלען דעם פראטאקאל, קריגט ער פעטש, און ער האט אויפגעהויבען די האנד...

געוועהנליך, וואס טהוט אנ'אסעסער פאר אזא מעשה, בעת ער איז מיט אלצעהן דעסיאטניקעס? נעהמט מען אזא בחור און מען בינדט איהם און מען פערארעסטירט, און מען שיקט אב קיין בריסק. דער אסעסער האט עס אבער נישט געטהאן. ער האט זיך, אפנים, דערמאהנט אן דעם איספראווניק מיט אהרן-לייזער'ן. דאס איז א גרויסער כח. איז ער אוועק און אנגעשריבען א בריעף צום איספראווניק וועגען דער גאנצער געשיכטע.

אנשטאט אנ'ענטפער האט דער איספראווניק אנגעשריבען דעם אסעסער א מוסר-בריעף, דהיינו: ווי זאל דאס א מענש אזוי קיין שכל נישט האבען און פערפיהרען קריגע מיט אזא קלוגען יודען. און דערביי האט ער איהם אין בריעף געראטען איבערבעטען דעם זיידען און מאלען א שלום. און טאמער וועט ער איהם נישט פאלגען, טא זאל ער וויסען זיין, אז פון היינט אן פערפאהרט ער אין קאמעניץ נאר צו אהרן-לייזער'ן, און נישט צו איהם, ווי עס זענען זיך נוהג אלע איספראווניקעס, און דאס וועט זיין זעהר מיאוס פאר'ן אסעסער.

צום זיידען האט דער איספראווניק געשריבען, אז ער זאל אנגרייטען פאר איהם א דירה, ווען ער וועט קומען קיין קאמעניץ. דער זיידע האט באלד צוגעגרייט פאר איהם א שטיבעל ביים ברודער, מרדכי ליב'ן, מיט א בעזונדערן איינגאנג. און אז דער זיידע האט איהם געשריבען, אז אלץ איז שוין פארטיג, איז דער איספראווניק געקומען אויף פיער פערד מיט א גלאק, און פערפאהרען גלייך צום פעטער. דארט איז ער איינגעשטאנען אויך שפעטער — אמאל איין טאג, אמאל צוויי טעג, ווי עס האט זיך געמאכט.

דער אסעסער האט בחרפתו געמוזט קומען צו איהם, און דער איספראווניק האט עקסטרע אריינגערופען דעם זיידען צו זיך. זאל, הייסט עס, דער אסעסער זעהן, ווי ער איז מקרב דעם זיידען. אזוי איז אוועקגעגאנגען אנדערטהאלבען יאהר צייט ביז דער אסעסער האט

זיך געמוזט אונטערגעבען און איבערבעטען דעם זיידען פאר'ן איספראַווניק אין די אויגען. דעמאָלט איז שוין פערפאָהרען דער איספראַווניק ווידער צום אַסעסער, ווי שטענדיג.

אין דער צייט האָט דער זיידע איינגעפיהרט, אַז די פּני פון שטאָדט זאָלען פיהרען אַלע שטאָדטישע ענינים און נישט ער אַליין איינגאַנצען. ער האָט געבעטען דעם איספראַווניק, אַז ער זאָל איבערגעבען דעם זיגעל מיט די ביכער אַנ'אַנדער איזבאָרשטשיק, און ער וועט זיך אויך צו-מישען, וואו מען וועט דאַרפען. ער וועט זיך אַודאַי סטאַרען, אַז אַלץ זאָל געפיהרט ווערען אין אָרדנונג, און אַזוי איז געווען. דער זיידע איז שוין מעהר נישט געווען קיין איזבאָרשטשיק, נאָר ער איז גלאַט געבליבען דער בעל-יועץ פון איזבאָרשטשיק מיט די פּני-העיר, און אַז עס האָט געטראָפען עפּעס אַ שווערע זאַך, זענען געקומען צו איהם די פּני און האָבען זיך מיט איהם שואל-עצה געווען, און פון אַלע זייטען איז געווען שלום ושלוה.

אַז דער איספראַווניק איז געקומען, איז שוין דער איזבאָרשטשיק געגאַנגען צום זיידען, איידער ער איז געגאַנגען צום איספראַווניק, און אַז עס איז געווען אַ וויכטיגע זאַך, איז דער זיידע געגאַנגען מיט'ן איזבאָרשטשיק צום איספראַווניק און געמאַכט אַלץ אין אָרדנונג.

דער זיידע האָט זיך געפיהרט זיינע געשעפטען מיט די פּריצים, און ר' ליפּע'ס האַלב עולם-הבא האָט זיך געמעהרט. דאָס האָט איהם געגעבען נאָך מעהר מוט צו אַרבייטען, ער איז געווען רוהיגער, די עולם-הבא האָט איהם ביים לעבען דערהאַלטען. אָבער לאַנג האָט דעם זיידענס פערגניגען נישט געדויערט: זיין שוואָגער, ר' ליפּע, האָט איהם אַריינגעשיקט אַ בריעף ביים סוף פון פיערטען יאָהר, אַז ער זאָגט זיך אָב פון דער שותפות. ער ברעכט דעם תקיעת-כף, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אויף פינף יאָהר, ווייל ער איז געוואָרען דין אין שטאָדט, נאָך דעם געשטאָרבענעם דין, און איצט וועט ער שוין האָבען פּרנסה אָהן דעם שותפות, און ער דאַרף שוין זיין האַלב עולם-הבא נישט אַוועקגעבען.

דער בריעף האָט געמאַכט אויפ'ן זיידען זעהר אַ שווערען איינדרוק, און כמעט אַ האַלב יאָהר צייט איז ער, אַזאַ חכם אַ יוד,

געוועָן אין גרויס מרה-שחורה ביז יום-כפור. יום-כפור האָט עָר זיך גוט אויסגעָוויינט און דערנאָך איז עָר געָבליבעָן רוהיג. אָבעָר מיט דער שוועסטער איז ער געווען ברוגז דאָס גאַנצע לעבען. ער האָט געהאַלטען, אַז זי איז שולדיג אין דעם אַלעם.

# אַכטעם קאַפּיטעל

מיין ערשטער מלמד. — מיינע קשיות. — דער צווייטער מלמד. — מיין פעטער ישראל. — דער עלוי ישראל. — ווי דער עלוי ישראל האָט אונז געשמיסען אין פעלד. — ביי מאָטע דעם מלמד. — דער גיהנם. — די ווינטער-אָווענדען. — מעשיות מיט כשוף. — מיין פרומקייט. — דער דבוק. — ר' ליפּע צוקערמאַן. —

אַז איך בין אַלט געוואָרען צוויי-און-אַ האַלב יאָהר, האָט מיך די מאַמע אָבגעגעבען צו יעקב-בער דעם דרדקי-מלמד. זי האָט קיין צייט נישט געהאַט צו וואַרטען ביז זומער, ווען איך וועל אַלט ווערען דריי יאָהר, און אָבגעגעבען מיך אין חדר נאָך סוכות. איך האָב פון קינדווייז אָן געהאַט חשק צום לערנען און האָב פון יעקב-בער'ן דעם מלמד נישט געוואָלט אָבטרעטען, אַפילו געהן אַהיים. איך פלעג זיצען ביי איהם אויפ'ן אויווען, עס איז געווען וואַרים, אַנגענעהם. געלערנט האָבען ביי איהם אפשר אַ הונדערט יונגלעך, און ווען די יחסנ'ישע קינדער האָבען נישט געוואָלט מעהר לערנען, זענען זיי געזעסען אויפ'ן גרויסען אויווען, און מען האָט זיך דאָרט געשפּיעלט.

מיר איז געווען אויפ'ן אויווען אַזוי גוט, אַז איך האָב נישט געוואָלט אַראָבגעהן, נאָר אַז מען האָט אַראָבגענומען אַלע יונגלעך, האָב איך שוין נישט געקענט אַליין בלייבען, פלעג איך געהן מיט'ן בעהעלפער אַהיים.

נאָר יעקב-בער דער מלמד איז פון מיר נישט געווען צוכריעדען. איך האָב געהאַט פון קינדווייז אָן דעם פעהלער, וואָס איך בין געווען אַ מקשן, איך האָב נאָר געטהאָן און געפרעגט קשיות. און יעקב-בער, געבעך, האָט מיר נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. צום ביישפיעל, אַז ער האָט אָנגעהויבען לערנען מיט מיר אלף-בית, האָט ער מיט מיר געלערנט: קמץ אלף — „אָ“, קמץ „ב“ — באָ און קמץ „ב“ — באָ. פרעג איך ביי איהם, צו וואָס דאַרף מען צוויי מאָל קמץ „ב“ באָ און קמץ „ו“ — וואָ?

— אַז דו וועסט עלטער ווערען, — האָט געזאָגט דער רבי נישט צופריעדען. — וועסטו וויסען.

פאַרהאַן אַזעלכע קינדער, וואָס זיי פרעגען נאָר שאלות:

— טאַטע-מאַמע, צו וואָס דאַרף מען דאָס? צו וואָס דאַרף מען יענץ?

האָב איך געטהאָן און כסדר געפרעגט דעם רבי'ן:

— ווער מאַכט אַ טיש?

— אַ סטאָלאַר.

— און ווער האָט געמאַכט דעם סטאָלאַר?

— גאָט.

— און ווער האָט געמאַכט גאָט?

— גאָט! — האָט ער מיט כעס אַ געשריי געטהאָן — גאָט איז פון אייביג אָן און קיינער האָט איהם נישט געמאַכט.

— גאָט האָט זיך אַליין געמאַכט? — פרעג איך, און קוק דעם רבי'ן אין די אויגען אריין.

—דו ביזט נאָך אַ קליינער יונגעל און אַ נאַר! — האָט ער מיט רציחה אויסגעשריגען.

דער רבי האָט דערצעהלט דעם טאַטען, אַז איך טהו און פרעג קשיות. האָט איהם דער טאַטע געראַטען, אַז ער זאָל זיך אויף מיר אָנבייזערן, ווען איך וועל עפּעס פרעגען.

— זאָלסט איהם זאָגען, — האָט דער טאַטע געראַטען, — אַז אַ יונגעלע טאָר גאָרנישט פרעגען, אַז אַ יונגעלע דאַרף נאָר לערנען און שווייגען.

אָבער דעם טאַטען זענען די קשיות פון דעם קליין יונגעלע אריין

אין נאָז, און ער האָט געטראַכט, אַז פון אַזאַ קינד קען נאָך, חלילה, אַרויסקומען אַן אפיקורס. וואָלט זיין אפשר גלייכער, וואָס ווייניגער לערנען מיט'ן קינד און בעסער בעצייטענס איהם געבען צו מלמדים חסידים, וועלכע וואָלטען איהם געלערנט נאָר צו זיין אַ חסיד און אַן ערליכער יוד?...

ביי יעקב-בער'ן האָב איך געלערנט דריי זמנים. איך האָב שוין געדאַוונט גאַנץ גיך, ווי אַ גרויסער, און דעמאָלט האָט מיך דער טאַטע טאַקע אַוועקגעגעבען צו אַ מלמד אַ חסיד, שעיה-בצלאל, ביי וועלכען מען האָט געלערנט חומש און אָנפאַנגס גמרא.

ביי דעם רבי'ן האָב איך אָנגעהויבען לערנען חומש און דער טאַטע האָט געמאַכט אַ סעודה פאַר אַלע חסידים. מען האָט געזונגען און געטרונקען בראָנפען לרוב און געגעסען דעם גאַנצען טאָג, אָהן דעם זיידען, מחמת ער איז מיט די חסידים צוזאַמען קיינמאָל נישט געווען. געלערנט האָב איך גוט, און דער רבי האָט מיט מיר אָנגעהויבען רש"י. איך האָב אַלץ גיך איבערגענומען, און צו זעקס יאָהר האָב איך שוין געוואָלט אָנהויבען לערנען גמרא. דער רבי האָט אָבער איינגעפונען, אַז עס איז נאָך צו-פריה.

— עס וועט זיין צייט, אַז דו וועסט אָנהויבען גמרא צו זיבען יאָהר.

פלעג איך שטעהן נעבען טיש, וואו די קינדער לערנען גמרא, און פלעג זיך איינהערען און נישט וועלען געהן שטיפען מיט די חומש-יונגלעך. אַזוי האָב איך מיך אַלץ איינגעהערט, און אַז עס איז געקומען דאָנערשטאָג, האָב איך געזאָגט דעם רבי'ן, אַז איך וועל איהם איבערזאָגען דעם גאַנצען שיעור גמרא פון דער וואָך אויף אויסווענדיג. איך האָב געזאָגט ווי אַ וואַסער, געדענק איך, אַ שטיק פון לקח-טוב: אַז ראובן שגזל משמעון, אַז ראובן האָט גע'גזל'ט געלד פון שמעון'ען? דער רבי איז נתפעל געוואָרען, און ביינאַכט איז ער געגאַנגען צום טאַטען און איהם דערצעהלט, וואָס פאַר אַ וואויל יונגעל ער האָט: נישט לערנענדיג, נאָר איינהערענדיג זיך, האָט ער געזאָגט דעם שיעור אויף אויסווענדיג.

אָבער דער טאַטע האָט זיך מיט דעם גאָר ווייניג געפרעהט. ער איז געווען אַזאַ פאַנאַטיקער אַ חסיד, אַז ביי איהם האָט לערנען קיין

בעדינונג נישט געהאַט. ער האָט געוואָלט, איך זאָל נאָר קענען חומש און אַ שטיקעל מדרש. מעהר דאַרף מען נישט, און איך זאָל נאָר זיין אַנ'עהרליכער יוד, דאָס הייסט, אַ חסיד.

שעיה-בצלאל האָט שוין אָנגעהויבען מיט מיר לערנען גמרא און איך האָב זעהר גוט געלערנט. איך האָב אַלץ גיך בענומען. איך האָב געהאַט אַ תפיסה, אַלע דאָנערשטאָג האָב איך גוט געזאָגט דעם לקח-טוב, ווי אַ וואַסער.

אין אַ זמן אַרום איז שוין שעיה-בצלאל געווען פאַר מיר ווייניג מיט זיין שטיקעל לקח-טוב. איך האָב שוין בעדאַרפט אַריבערגעהן צו אַ גרעסערן מלמד, וואָס לערנט שוין מיט יונגלעך אַנ'עמוד גמרא, אָדער אַ גאַנצע בלאַט גמרא.

אָבער דער טאַטע האָט זיך נישט געאיילט. ער האָט מיך גע-האַלטען ביי שעיה-בצלאל'ן ניין זמנים און איך האָב אַלץ געלערנט דאָס איינענע צווישען קליינע יונגלעך. דער טאַטע האָט איינגעזעהן, אַז לערנען וועל איך קענען און קיין סך דאַרף מען נישט, און איבער-הויפט זאָל איך זיין אַ חסיד.

איך האָב געוויינט פאַר'ן טאַטען, אַז איך וויל שוין לערנען גמרא, נישט קיין לקח-טוב, אַז איך וויל לערנען מיט גרעסערע יונג-לעך, אָבער דער טאַטע האָט נישט געוואָלט צוליעב דעם בעוואוסטען טעם.

געהאַט האָט דער טאַטע אַ ברודער ישראל, וואָס איז געווען אין איין עלטער מיט מיר. האָט דער זיידע איבערגעגעבען זיין יונגעל ישראל אונטער מיין טאַטענ'ס השגחה, האָט ער אונז ביידען געגעבען אין איין חדר אַריין און געקליידט אונז אין דיזעלבע מלבושים, און מיר האָבען געשלאָפען צוזאַמען.

ישראל האָט נאָך געהאַט אַ בעסערן קאָפּ פאַר מיר. ער האָט אָבער נישט געוואָלט לערנען, און איהם האָט נישט געאַרט, וואָס אונזער רבי איז שעיה-בצלאל. פאַר איהם איז נאָך גלייכער געווען: ער האָט זיך נישט בעדאַרפט מאַטערן. מיט זיין גוטען קאָפּ האָט ער אפילו דעם שטיקעל לקח-טוב דאָנערשטאָג נישט געוואוסט, וואָרום ער איז געווען אַריינגעטהאָן אין שטיפען.

אין אונזער פאַמיליע איז געווען נאָך אַ יונגעל ישראל, מיט צווי

יאָהר עֶלטעֶר פאַר מִיר, וואָס האָט געֶהאַט אַ גאונ׳ישעֶן קאָפּ. זיַין פאָטער איז געֶוועֶן ר׳ יוזיל ווישניאַק, אַ גרויסעֶר למדן, אַ מושלם און דעֶם זיידעֶן ר׳ יודעֶל׳ס אַ ברודעֶר׳ס זוהן. עֶר איז געֶוועֶן אויף אַ שטעֶלעֶ אין לובלין, און זיַין וויַיב באַשעֶ-פייגעֶ מִיט די קינדעֶר זעֶנעֶן געֶוועֶן ביַי איהר פאָטעֶר ר׳ זעֶליג.

דעֶר יונגעֶל זייעֶרעֶר, ישראל, האָט צו אַכט יאָהר אַלט פעֶרמאַטעֶרט די בעֶסטעֶ מלמדים. אויף יעֶדעֶן שטיקעֶל גמרא האָט עֶר געֶפרעֶגט האַרבעֶ קשיות און די לומדים האָבעֶן איהם נישט געֶקעֶנט עֶנטפעֶרן. דעֶרפאַר, פעֶרשטעֶהט זיך, האָט איהם די גאַנצעֶ פאַמיליעֶ אונזעֶרעֶ זעֶהר ליעב געֶהאַט און עֶר פלעֶגט שטעֶנדיג זיַין ביַי אונז, עֶסעֶן און טרינקעֶן און שטיפעֶן מִיט אונז, און צוליעב איהם האָט מעֶן מיך מִיט ישראל׳ן פעֶרשטויסעֶן. אַלעֶ האָבעֶן זיך געֶצאַצקעֶט נאָר מִיט איהם און מִיט איהם.

אָבעֶר איך און מיַין חבר ישראל, וואָס איז צו גליַיכעֶר ציַיט געֶוועֶן אויך מיַין פעֶטעֶר, האָבעֶן געֶהאַט צו איהם אַ שנאה אין האַרצעֶן, וואָרום ווען נישט עֶר, וואָלטעֶן מיר דאָך געֶוועֶן גאַנץ גוטעֶ יונגלעֶך: איך וואָלט אפשר געֶוועֶן דאָס בעֶסטעֶ יונגעֶל אין שטאָדט, און די פאַמיליעֶ וואָלט מיך נאָכמעֶהר האָלט געֶהאַט.

אָבעֶר נישט קוקעֶנדיג אויף אונזעֶר שנאה צו איהם, האָבעֶן מיר דאָך דרך-ארץ געֶהאַט פאַר איהם, און ביַי אונז איז געֶוועֶן אַ זכיה, אַז עֶר האָט געֶרעֶדט מִיט אונז. בטבע איז עֶר געֶוועֶן אַ שלעֶכטעֶר און אַלעֶ יונגלעֶך פון שטאָדט האָבעֶן פאַר איהם שרעֶקליך אָבשיַי געֶהאַט. אַז עֶר פלעֶגט אונז שלאָגעֶן, פלעֶגעֶן מיר זיך לאָזעֶן, אַזוי ווי תלמידים לאָזעֶן זיך שלאָגעֶן פון רבי׳ן.

איינמאָל, געֶדעֶנק איך, אַ פריַיטאָג, ווען מיר זעֶנעֶן געֶוואָרעֶן פריַי פון חדר, איז איהם איַינגעֶפאַלעֶן אויסקלויבעֶן די בעֶסטעֶ יונגלעֶך פון שטאָדט און פעֶרהעֶרעֶן זיי אין אַ שטיקעֶל גמרא. האָט עֶר געֶנומעֶן בבא מציעא, געֶדעֶנק איך, און איז מִיט אַ צוועֶלף יונגלעֶך אַוועֶק אויף די לאָנקעֶס צו ר׳ שמחה-ליַיזעֶר׳ן.

עֶס איז געֶוועֶן אַ שעֶנעֶר זומעֶרדיגעֶר טאָג. ישראל האָט אויסגעֶגיטעֶן מִיט אַ קאָלײַטשיקעֶל גוטעֶ, וויַיכעֶ ריטעֶר אין די לאָנקעֶס, און האָט געֶנומעֶן די גמרא אין האַנד. יעֶדעֶן יונגעֶל האָט עֶר געֶגעֶבעֶן

א בעזונדער שטיקעל גמרא, און ווער עס האט נישט געוואוסט, האט זיך אליין געמוזט אנידערלעגען און ישראל האט איהם געשמיסען מיט די וועלכע ריטער, וויפיעל ער האט אליין געוואלט; וויינען האט מען נישט געווינט, מען האט זיך איינגעהאלטען, ווארום מיר האבען דאס אנגענומען פאר ליעב, און בעת מעשה מיט אנ'אמת געמיינט, אז עס קומט אונז שמיץ. ווארום מיר זענען אזעלכע גוים און קענען נישט די גמרא, און ער, ישראל, איז אזא למדן. אבער אז מען האט שוין נישט געקענט איבערטראגען די שמיץ, האט מען אנגעהויבען וויינען אויך, און ישראל האט נישט געהערט און ווייטער געשמיסען. דערביי האט ער געזאגט:

— נא דיר, גוי איינער, נא דיר!...

און ער האט אונז געמאכט בלויע צייכענס, פערלאפענע מיט בלוט.

מיר האט ער געגעבען איבערזאגען המפקיד. איך האב אבער נאך דעמאלט קיין גמרא נישט געלערנט, נאר לקח-טוב, און איך האב נישט אנגעהויבען צו ויסען די משנה המפקיד. האט ער מיר געגעבען אכצעהן שמיץ, ח"י שמיץ, צום לעבען—זאגט ער, אבער אזוי שטארק, אז איך געדענק זיי נאך היינט.

דערנאך זענען מיר אלע, אבגעשמיסענע, געגאנגען מיט דעם שמייסער אהיים, מיט פערוויינטע אויגען, פערשעמטע, אראבגעפאלענע, אבער דאך אהן פרעטענזיעס: מיר האבען דאך עס פערדיענט! די יונגלעך האבען שוין אנגעהויבען מורא האבען מעהר פאר ישראל'ס שמיץ, ווי פאר'ן רבי'נס, ווארום דער רבי גיט פארט מיט רחמנות, און האט גארנישט אזעלכע וועלכע, פרישע און לאנגע ריטער, ווי ישראל, וועלכע ער האט אויסגעשניטען פון דער לאנקע.

דער אויבערשטער האט געהאלפען און אין א קורצער צייט האט ר' יוזעל ווישניאק צוגענומען זיין יונגעל צו-זיך קיין לובלין, ווארום דא אין קאמעניץ, איז פאר איהם נישט געוועען קיין מלמד.

איז געווארען אויף אונז א שמחה: מיר זענען פטור געווארען פון דעם ישראל'ן!

אז איך בין אלט געווארען אכט יאהר, האט מיך שוין דער טאטע אבגעגעבען צו מאטע מלמד, וואס איך האב שוין בעדארפט

בײַ איהם לערנען מיט צוויי יאָהר פריהער. דאָס איז געוועזען אַ גוטער מלמד. ווידער האָט ער נישט אַזוי געשלאָגען די יונגלעך, און זיי האָבען געהאַט בײַ איהם אַ גוטע פּעולה אין לערנען. געלערנט האָט ער מיט די יונגלעך גמרא און איז געוועזען אַ גרויסער פּועל. אויך פלעגט ער אַ שעה אין טאָג דערצעהלען די יונגלעך מעשיות פון גאונים און פון דעם אַלעם, וואָס עס טהוט זיך אָב אויף יענער וועלט, דהיינו: ווי רשעים מאַטערן זיך נאָכ'ן טויט הונדערטער יאָהרען כסדר. ווײַטער האָט ער דערצעהלט באריכות דעם מאַרשרוט פון די טויטע, ווי אַזוי עס בעגעגענען אַ רשע די מלאכי-חבלה אויפ'ן וועג אין גיהנם, די מאָס פון גיהנם און ווי מען ברענט די רשעים א. ז. וו.

לויט ער האָט דערצעהלט, מוז יעדער צדיק לײַדען חבוט הקבר (וועגען דעם האָב איך שוין אויבען געשריבען). נאָך דער פּאַרציטע הײַסט מען איהם געהן אין גיהנם, און יעדער צדיק, אַפילו דער גרעסטער, מוז זײַן צוועלף חדשים אין גיהנם. אויפ'ן וועג אין גיהנם בעגעגענען איהם מלאכי-חבלה, וועלכע שמײַסען איהם מיט אײַזערנע ריטער און וואַרפען איהם אַרײַן אין אַ באַרג פײַער. פון באַרג פײַער וואַרפט מען איהם אַרויף אויף אַ באַרג אײַז. אַזוי וואַרפט מען איהם פון באַרג אײַז אין באַרג פײַער, און ווידער צוריק. דערנאָך, אויב ער איז אַ גרויסער רשע, וואַרפען איהם די מלאכי-חבלה אײַנער צום צווײַטען אויף גאַנצע צוועלף הונדערט יאָהר די ווײַטקײַט, דאָס הײַסט, עס געדויערט צוועלף הונדערט יאָהר, ביז ער פאַלט אין יענעם באַרג פײַער. טאָמער איז דאָס וועניג, בעגעגענט ער אויפ'ן וועג ששים רבוי מלאכי-חבלה, און יעדער שלאָגט איהם מיט אײַזערנע און געברענטע שטעקענס. דערנאָך הײַסט מען איהם געהן אין גיהנם. דאָרט דאַרף ער זיך שוין אָבלײַטערן צוועלף חדשים. מעהר צײַט איז קײַנער אין גיהנם נישט געוועזען. אַז מען קומט אין גיהנם, איז שוין גוט. אָבער אײדער מען קומט, מאַטערט זיך אָב דער מענש הונדערטער יאָהרען אין פײַער און אין וואַסער, און אין אײַז און אין אַנגסט...

און דער רבי אונזערער, וואָס האָט געוואָלט זײַן זעהר רעאַל, האָט אַפילו אויסגעצײַכענט מיט טינט און פעדער אויף אַ פּאַפּיר די גרויס פון גיהנם. לויט זײַן רעכענונג, האָט דער גיהנם די לענג —

צוועלף הונדערט יאָהר גאַנג, און די ברייט — פיער-הונדערט יאָהר גאַנג.

נאָך אַ צרה איז מיט'ן גיהנם, וואָס דער מענש ווייסט נישט, וואו עס געפינט זיך די טהיר פון איהם. וואָלט ער געוואוסט, וואָלט ער געגאַנגען גלייך צום טהיר און אויסגעמידען דערמיט אַ סך קלעפּ פון די מלאכי חבלה. דרעהט ער זיך, אַהין און צוריק, זוכט די טהיר און כאַפּט קלעפּ דערביי.

און דער רבי ווייזט אונז אָן מיט'ן פינגער, אַז דער מענש שטעהט, דאַכט זיך, נעבען דער טהיר און געהט דוקא צוריק. האָט ער שוין צו געהן פיער הונדערט יאָהר די ווייטקייט אין איין זייט און צוועלף הונדערט יאָהר די לענג; און ווייטער פיער הונדערט יאָהר די ברייט און ווייטער עלף הונדערט ניין-און-ניינציג יאָהר מיט עלף חדשים. ווארום די טהיר איז אַ שמאָלע אין עק. אַלזאָ, געהט ער נעבעך אַרום און אַרום דעם גיהנם, צווישען די מלאכי-חבלה, דריי טויזענד הונדערט ניין-און-ניינציג יאָהר.

אָבער אַ צדיק טרעפט דאָס רוב באַלד צו דער טהיר אין גיהנם און דאַרף נישט געהן אַרום און אַרום אַזוי פיעל יאָהרען לאַנג.

ווייטער האָט דער רבי ליעב געהאַט צו דערצעהלען נסים ונפלאות פון ווילנער גאון, אַז ער האָט געקענט אַלע שבע חכמות, אַז ער איז געווען אַ שטערען-זעהער און אַז ער האָט געוואָלט וויסען ווי גרויס איז אַ שטערען און וואָס טהוט זיך אויפ'ן שטערען, האָט ער אַראָבגענומען אַלע שטערען צו זיך אויפ'ן טיש און האָט זיי גוט בעטראַכט און אַרומגעקוקט.

אַמאָל, האָט דערצעהלט דער רבי, איז דער ווילנער גאון געגאַנגען אויף אַ חתונה צו אַ גרויסען גביר, האָט דער מחותן געבעטען דעם גאון, ער זאָל משמח זיין חתן-כלה.

— איך וועל זיך זעצען נעבען די כלי-זמר, — האָט דער גאון געזאָגט.

דער גאון האָט זיך געזעצט נעבען די כלי-זמר און זיך צוגעהערט ווי זיי שפּיעלען. זאָגט ער דערנאָך, אַז ווען מען זאָל מאַכען אין דעם קלאַרנעט, אויף וועלכען דער כלי-זמר שפּיעלט, אויף דעם

און דעם אָרט אַ לעכעל, וועט דאָס שפּילען זעהר גוט, און אַלע געסט וועלען הנאה האָבען.

האָט מען געמאַכט אַ לעכעל אויף דעם אָרט, וואו ער האָט אָנגעוויזען. האָט דאָס אָנגעהויבען אַזוי צו שפּיעלען, אַז פון זיסקייט האָבען אַלע אָנגעהויבען צו חלש'ען. האָט מען געמוזט פערשטאָפּען דאָס לעכעל. אַזעלכע מעשׂות האָט אונז מאָטקע דער מלמד אַלע טאָג דערצעהלט און מיר פלעגען זיצען, ווי פערכשופ'טע...

אין די ווינטער-אָוועגדען פלעגען מיר קומען פון חדר אַכט, ניין אַ זייגער. פלעג איך אָפּעסען וועטשערע און אַוועקגעהן צו דער באָבע ביילע-ראַשע, אין צימער, וואו זי און די גאַנצע פאַמיליע זענען דאָרט דאָס רוב געזעסען. נאָר אַממיינסטען האָבען זיך דאָרט געפונען ווייבער מיט ליב'קען דעם שוהל-רופער, וואָס האָט געוואוינט ביי דער באָבען אין קיך, מיט זיין ווייב, די קעכין. און אָט דער לייבקע פלעגט אויך דערצעהלען דאָס רוב מעשׂות פון שדים און טייוולאָנים, און פון כשוף-מאַכערס, און פון וואַסער-מענשען א. ז. וו.

ער האָט דערצעהלט, אַז אַמאָל איז געפאָהרען אַ בעל-עגלה מיט אַנ'עדה יודען. האָבען זיי דערזעהן אויפ'ן וועג אַ גאַנז, אַ דיקע און אַ שעגע; געוועהנליך, האָט דער בעל-עגלה צוגענומען די גאַנז און האָט זי געבראַכט אַהיים. איז ביינאַכט, בעת אַלע זענען געשלאָפען, האָט די גאַנז אָנגעהויבען אַלץ צו שליידערן און צו וואַרפען; האָט דער בעל-עגלה אָנגעצונדען אַ ליכט, האָט ער דערזעהן, אַז אָט די גאַנז, וואָס האָט איצט אויסגעזעהן האַלב מענש, האַלב גאַנז, שליידערט דאָס אַלץ אַרום. איז ער אַרויסגעלאָפען, נישט טויט נישט לעבעדיג, צום רב. האָט דער רב געשיקט אַ מנין מענשען און מען האָט געזאָגט תּהילים בקול רם. און אַז מען האָט אָבגעזאָגט גאַנץ תּהילים, האָט די גאַנז אַ מאַך געטהאָן מיט די פליגלען און אַוועקגעפלויגען.

— שדים, האָט ער דערצעהלט — האָבען ליעב צו רייטען אויף פערד, און נישט קיין פּריצ'ישע פערד, נאָר דוקא יודישע. קומען די יודישע בעלי-עגלות אין דער-פריה אין שטאַהל אַריין, זעהען זיי, אַז די פערד זענען נאַס, עס גיסט פון זיי שווייס, און זיי סאַפּען און זענען אַזוי פערמאַטערט, פונקט ווי זיי וואָלטען געקומען איצט פון אַ וויייטען וועג. און אַמאָל געפינט דער בעל-עגלה אין דער-פריה אין

שטאַהל דאָס פערד געפּגר׳ט, די רעדער פון וואָגען צובראָכען, די לײצעם — צוריסען . . .

מעשיות מיט כשוף האָט ער געהאַט גאַנצע פּעק. אײנמאָל, האָט ער דערצעהלט, איז געװעזען אין קאַמעניץ אַ יודענע, װאָס דער מאַן איהרער, אַ שנײדער, איז אװעקגעפאָהרען קײן אָדעס. לכתחילה האָט ער געשיקט געלד און בריעף. דערנאָך אָבער, האָט ער איהר אויפגעהערט צו שיקען — נישט קײן בריעף און נישט קײן געלד. איז זי געפאָהרען קײן שערשאָװ, אַ שטעדטיל נעבען קאַמעניץ, צו אַ מכשף, האָט ער איהר געזאָגט, אַז װען זי זאָל איהם געבען צעהן רובל, װעט איהר מאַן קומען צו פאָהרען אויף אַ קאָטשערע. און אַזוי איז געװען. אויף מאָרגען בײנאַכט האָט דער מאַן אָנגעקלאַפּט אין פענסטער און געװײנט און געבעטען, אַז זי זאָל איהם גיכער אַרײנעהמען אין שטוב אַרײן, װאָרום ער איז זעהר מיעד פון דער רײזע, אָט-אָט צום חלש׳ען. האָט זי איהם גיכער געעפענט די טהיר, איז ער אַרײן צו איהר אויף אַ קאָטשערע און איז געפאַלען אויף דער ערד און גע׳חלש׳ט. האָט זי געמאַכט אַ גװאַלד, זענען אָנגעלאָפען מענשען און מען האָט געזאָגט תהולים. איז ער אויפגעשטאַנען און דערצעהלט, אַז בײנאַכט האָט איהם אין אָדעס אָנגענומען אַ גרויסע אײזערנע האַנד און געגעבען אַ שלעפּ פון בעט און איהם אַרויפגעזעצט אויף אַ קאָטשערע און געזאָגט:

— פאָהר אַהײם. איבער נאַכט זאָלסטו קומען צו דײן װײב און איבערבעטען זי.

האָט ער אָנגעהויבען צו װײנען, װי װעט ער דאָס קענען אײנפאָהרען אין אײן נאַכט אַזאַ גרויסען מהלך? מען דאַרף דאָך פאָהרען אפשר זעקס װאָכען? איז איהם געזאָגט געװאָרען:

— מען הײסט!

האָט ער גענומען פאָהרען — נישט פאָהרען, נאָר פליהען איבער בערג און איבער טהאָלען, אויף דעלער און טײכען און אָט איז ער קוים מיט דער נשמה געקומען . . .

אײן מעשה, געדענק איך, איז געװעזען זעהר אַ טשיקאַװע. אַמאָל איז אײנער געשטאָרבען, און אַז ער האָט זיך אָנגעליטען הונדערטער יאָהרען פאַר אַלע זײנע עבירות, האָט מען איהם געבראַכט צום בית-דין של מעלה, זעהען, צי מען קען איהם שוין אַרײנלאָזען אין גן-עדן,

אַרײַן. דער ראש בית-דין האָט שוין געוואָלט פּסק'ענען, אַז ער מעג שוין גײן אין גן-עדן אַרײַן, נאָר אין דער רגע איז געקומען דער שטן און געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַ גרויסען חטא, דהיינו, ער האָט אויפגעגעסען צוויי פּוד חלב. הויבט דער מענש אָן וויינען און זאָגט:

— סטײַטש, איך, חלב צוויי פּוד? ווען, וואָס, דאָס איז דאָך אַן עלילת שוא?

האָט דער שטן אויפגעוויזען, אַז ווען ער האָט געראָכערט די ליולקע, האָט ער שטענדיג זי אָנגעצונדען בײַ אַ ליכט, פון דעם ליכט האָט זיך שטענדיג אַרײַנגעקאַפּעט חלב אין ליולקע בײַם פאַררויכערן. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אין זײַן גאַנצען לעבען אָנגעזאַמעלט צוויי פּוד חלב. האָט מען איהם באַלד געגעבען אַ שטויס צו די מלאכי-חבלה און מען איהם אָנגעהויבען אויף דאָס נײַ צו פּײַניגען, ער זאָל אָבקומען פאַר די צוויי פּוד חלב, וואָס ער האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך מיט'ן רויך.

אָט אַזעלכע מאוים'דיגע מעשיות האָב איך זיך אָנגעהערט בײַ דער קלוגער באָבען פון לייבקען דעם שוהל-רופער. מען קען זיך איצט פאָרשטעלען אין וואָס פאַר אַ שרעק עס האָט אַרומגעשוועבט מײַן יונגעלש לעבען. מען איז עפּעס געווען אַזוי אָנגעשראָקען פון שדים און מזיקים און פון יענער וועלט, וואו די גרעסטע צדיקים מוזען לײַדען חבוט-הקבר און צוועלף חדשים גיהנם, וואו מען ברענט און מען בראָט, מען הענגט אויף די צינגער און די פרויען פאַר די ברוסט און פאַר די האָהר, און מען פרעגעלט זיך אויפ'ן בראַנד-פײַער, וואָס איז גרויס אַן ערך בײַ אַ פיער הונדערט יאָהר גאַנג.

אײַנמאָל, געדענק איך, איז בײַ מיר פּסול געוואָרען אַ ציצה, און איך האָב זיך פערגעסען בײַטאָג אָנצומאַכען אַן אַנדערע, איך בין געווען פערשטיפט. און בײַנאַכט, בײַם שלאָפען גײן, האָב איך זיך אומגעקוקט, אַז איך טראָג נאָך אַלץ די פּסול'ע ציצה. דאָס איז געווען אַרום ימים-נוראים, און יום-כפור, אַ פרומער בין איך געווען, האָב איך זיך שטאַרק צעוויינט פאַר מײַן גרויסען זינד פון דער פּסול'ער ציצה.

יום-כפור בײַנאַכט, אַז איך בין געקומען פון חסידים-שטיבעל און האָב געגעסען וועטשערע נאָכ'ן תענית, חאָטש איך בין אַלט געווען ניסט מעהר ווי אַכט יאָהר, בין איך נאָך אַלץ געווען צוטומעלט פון

דעם חטא מיט דער פסול'ער ציצה. נאָך דער וועטשערע בין איך גע־גאַנגען צום זיידען. די הײַזער זענען געשטאַנען אײַנע נעבען די אַנדע־רע בעגאָסען מיט ליכט, עס איז געווען אַ לבנה־שײַן, אַ ליכטיגע נאַכט, און אַז איך בין געקומען צום זיידענס שטוב, און וויל אַרויפגעהן אויפ'ן גאַניק, האָב איך דערזעהן דעם שכן הערשיל מײַערטשעס שטעהט נע־בען זײַן קליין גאַניק'ל פון זײַן הויז.

ווערט מיר פרעהליכער, וואָס הערשיל מײַערטשעס שטעהט נאָהענט פון מיר; נאָר ווי איך וויל אַרויפשטעלען אַ פוס אויפ'ן גאַניק, דערזעה איך, ווי אָט דער הערשיל מײַערטשעס הויבט זיך, הויבט זיך און ווערט הויך־הויך, אַוש ביז איבערן דאַך און איז ווײַס, ווי שניי. איך האָב זיך דערשראָקען און געמײַנט, אַז דאָס איז גאָר אַ שד און נישט הערשיל מײַערטשעס. מיט די לעצטע כחות האָב איך גענומען לויפען אויפ'ן גאַניק און נישט דערלויפענדיג אײַנגאַנצען, בין איך גע־פאַלען און גע'חלש'ט. אין זיידענס שטוב האָט מען געהערט דעם קלאַפּ פון מײַן פאַלען, מען איז אַרויסגעלאָפען פון שטוב און מיך געפונען אַ גע'חלש'טען. עס איז געוואָרען, פערשטעהט זיך, אַ גוואַלד, עס זענען אָנגעלאָפען מענשען און מיך אָבגעמינטערט, אַרײַנגעלעגט אין בעט, וואו איך בין אײַנגעשלאָפען. מען האָט געבראַכט דעם גרויסען דאָקטאָר מיט יאָסלען דעם פעלדשער, וועלכער האָט נעבען מיר גענעכטיגט צוזאַמען מיט דער באָבען. אויף מאָרגען איז מיר בעסער געוואָרען און איך האָב דערצעהלט דער באָבען די גאַנצע מעשה מיט דעם שד, וואָס איז פריהער געווען הערשיל מײַערטשעס, און דערבײַ האָב איך געזאָגט, אַז איך ווייס שוין פאַרוואָס דער שד איז צו מיר געקומען: איך בין געגאַנגען אין פסול'ע ציצית...

אין יענער צײַט איז געווען דער בעוואוסטער אוואַראָקער דיבוק, וואָס איז געזעסען אין אַ מויד און מען איז מיט איהר אומגעפאָהרען צו אַלע רביים און גרויסע רבנים, אַז זיי זאָלען אַרויסטרײַבען דעם דיבוק. פון דעם דיבוק האָט געקעהרט גאַנץ ליטאָ און פיעל מעשיות האָבען זיך געדרעהט אַרום איהם.

דאָ האָט דער דיבוק געזאָגט תהילים, דאָ האָט ער געלערנט משניות, דאָ גמרא און מדרש, און אַזעלכע מעשיות זענען געגאַנגען דערמאָלט אַ סך, מען האָט זי געפיהרט פון שטאָדט צו שטאָדט און

לסוף געקומען קיין קאמעניץ צום רב. דער רב האָט אָבגעשיקט אויפ׳ן בית-עולם און דאָרט איז געקומען די גאַנצע שטאָדט מענשען, מאַנסבּיל ווייבּער און קינדער. און דער רב האָט געשיקט דעם שמש, ר׳ בּיינוש, אַז ער זאָל דאָרט, אויפ׳ן בּית-עולם, זאָגען די און די פּסוקים און הייסען דעם דיבּוק אַ ר ו י ס ג ע ה ן מיט אַ גזרה פון רב און אין נאָמען פון אַלע רבּנים.

איך האָב אויך געוואָלט געהן אויפ׳ן בּית-עולם — זעהען ווי דער דיבּוק וועט אַרויס, אָבּער דער טאַטע האָט מיך נישט געלאָזט געהן, וואָרום אַרום דיבּוק זענען פאַרהאַן פיעל רוחות רעות.

דער שמש, ר׳ בּיינוש, איז געקומען אויפ׳ן בּית-עולם און געזאָגט די פּסוקים מיט די אַלע גזירות, און דער דיבּוק שרייט:

— איך וויל נישט אַרויס. מיר איז דאָ גוט.

איז מען אוועקגעפאָהרען מיט דער מויד קיין בּריסק צום רב, ר׳ יעקב-מאיר. ער איז געווען אַ גרויסער גאון און אַ צדיק. ר׳ יעקב-מאיר האָט אויך געהייסען אוועקפיהרען דעם דיבּוק אויפ׳ן בּית-עולם. זענען, געוועהנליך, ווי אומעטום, גאַנץ בּריסקער יודען, אנשים, נשים וטף געקומען זעהן דעם וואונדערבּאַרען דיבּוק, וואָס האַלט זיך אַזוי לאַנג אין דער מויד און וויל בּשום אופן נישט אַרויס.

ר׳ יעקב-מאיר האָט געשיקט דעם בּית-דין-שמש, ר׳ ליבּ, צום דיבּוק, און זאָל זאָגען בּגזירות הרב דמתא, אַז ער זאָל די מינוט אַרויס. דער רב האָט אָנגעזאָגט ר׳ ליבּ׳ן, אַז ער זאָל הייסען דעם דיבּוק אַרויסגעהן דורכ׳ן מינדסטען פינגער פון האַנד. אַזוי איז איבּער-געגעבּען בּקבּלה, אַז בּיים דיבּוק איז דאָס לייכטסטע אָרט אַרויסצוגעהן דורכ׳ן מינדסטען פינגער.

האָט אַזוי ר׳ ליבּ געזאָגט דעם דיבּוק. האָט דער דיבּוק אָנגע-הויבּען וויינען, אַז ער וויל נ י ש ט אַרויס. האָט ר׳ ליבּ איהם אויפ-געוויזען, אַז קוים וועט ער נישט פאָלגען, וועט דער רב מיט אַלע רבּנים איהם מחרים זיין, ער וועט שוין אייבּיג פערפאַלען ווערען אין כּף-הקלע, און קיינמאָל קיין תקומה נישט האָבּען.

זאָגט דער דיבּוק מיט גרויס געוויין:

— איך וועל שוין אַרויס, אָבּער זאָל דער רבי מיר זאָגען, וואוהין זאָל איך אַריינגעהן...

איז ר׳ ליב געבליבען שטעהן און האָט אַלײן נישט געוואוסט צו זאָגען וואוהין. האָט ער זיך אומגעקעהרט און וויל געהן צוריק צום רב און פרעגען, וואוהין דער דיבוק זאָל אַרײַן.

אָבער דערבײַ איז געשטאַנען ר׳ ליפּע צוקערמאַן, אַ גרויסער גביר, אַ יוד אַ למדן און אַ שטיקעל אַפּיקורס, וואָס איז צו יענער צײַט זעהר געשעצט געווען בײַם גובערנאַטאָר און איז בעזונדערס געווען בערימט מיט דעם, וואָס ער האָט געקענט כמעט אויסווענדיג עטליכע הונדערט בלאַט גמרא. איז זיך אָט דער צוקערמאַן, וואָס האָט אויך ליעב געהאַט אַ וויץ, אומישנע געקומען אויפ׳ן בית-עולם אַ ביסעל חוזק מאַכען. און אַז ער האָט דערהערט, ווי דער דיבוק וויינט און פרעגט, וואוהין זאָל ער אַרײַן און ר׳ ליב וויל לויפען פרעגען בײַם רב, זאָגט פלוצלונג צוקערמאַן אַרויס:

— שטעה! שטעה! איך וועל איהם ווײַזען, וואוהין ער זאָל אַרײַן. איך האָב אַ גוטען אָרט פאַר איהם...

און ער איז צוגעגאַנגען. עפענענדיג ברײַט דאָס מויל, האָט ער געזאָגט:

— געה אַרײַן צו מיר, אין מויל אַרײַן.

דאָס מויל האָט ער געהאַלטען אָפען סאַמע נעבען דעם מײדעל׳ס פּנים.

ר׳ ליב האָט זיך דערשראָקען, אַז דער דיבוק זאָל נישט אַרײַן אין דעם אַפּיקורס, אָבער דער דיבוק ענטפערט גאָרנישט. עס האָט אויסגעוויזען, אַז ער „וויל נישט״ אַרײַן צו איהם. אָבער די מענשען, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, זענען נבהל ונשתומם געוואָרען, אַז אַ יוד זאָל זיך אײַנשטעלען און זאָגען דעם דיבוק, ער זאָל אַרײַן צו איהם, און אָנשטעלען איהם זײַן אָפען מויל!

און ווען דאָס וואָלט נישט געווען צוקערמאַן, וואָלט מען איהם גע׳הרג׳עט און בעגראָבען אויפ׳ן אָרט. פאַר צוקערמאַנ׳ען אָבער האָט די שטאָדט מורא געהאַט, און דעם רב האָט פערדראָסען, פאַרוואָס דער דיבוק איז טאַקי נישט אַרײַן צו דעם אַפּיקורס, זאָל ער וויסען ווי חוזק צו מאַכען. אגב האָט זיך דער רב אַ ביסעל פערשעמט אויך. האָט ער געהײסען פאָהרען מיט׳ן דיבוק צום לעכעוויטשער רבי׳ן, און וואָס דער סוף איז געווען מיט דבוק געדענק איך שוין נישט.

## ניינטעס קאפיטעל.

די „חאפערס". — אהרן־לייבעלע, חאצקיל און מאשקעי. — יאסעלע. — אמאליגע דיענסט. —

אקוראט צו מיין אלט־יעהריגער עלטער איז ארוים דער בעריהמ־טער אוקאז, אז מען זאל נעהמען זעלנער פון יודען אלט־יעהריגע יונג־לעך, כדי מען זאל זיי קענען טויפען. אזוינע עופה'לעך האט מען נאר איין יאהר גענומען. דערנאך האט מען זיך ארומגעזעהן, אז עס א שטיקעל טעות. אפשר איין פראצענט פון די אלע קינדער האט זיך געטויפט און דאס איז אויך אנגעקומען מיט גרוים נויט. מען האט זיי אנגעטהאן גרויסע יסורים, ביז מען האט געקענט פועל'ן, אז איינער אפשר פון הונדערט זאל זיך טויפען.

די מוטערס פון די קינדער האבען זיי פריהער מיט אלע כחות צוגעגרייט צו דעם, אז זיי זאלען זיך נישט טויפען, און מיטגעגעבען יעדען קאנטאניסטעל א פאר תפילים'לעך. עס איז ביי זיי געבליבען אין הארצען דער מוטערס פערזאג מיט'ן געוויין און זיי האבען אויף קיין פאל נישט געוואלט טוישען די יודישע אמונה.

דעמאלט זענען געווען אין קאמעניץ דריי „חאפערס” און איינער פון זיי, אהרן-לייבעלע, איז געווען ממש א מערדער, האט לחלוטין נישט געהאט אין הארצען קיין פונק פון רחמנות. צו איהם זענען גע-ווען נאך צוויי, א חצקיל און א מאשקע; אט די חאפערס האבען בעדארפט אויפחאפען א קליין אלט-יעהריג יונגעלע פאר א זעלנער.

ביי אונז אין חדר, ביי מאטע מלמד, האט געלערנט צווישען די גרויסע בעלי-בתי׳שע יונגלעך איינער. א יונגעל, א יתום פון א רייכען בעל-עגלה, יאסעלע. מחמת ער איז געווען זעהר א גוט און א געראָ-טען יונגעל, און די מוטער די אלמנה איז געווען א נגידה, האט זי געצאהלט טייער מלמדות-געלד פאר איהר יונגעל, אבי ער זאל לער-נען ביי א גוטען מלמד, צווישען די יחסנ׳ישע קינדער.

איינמאל אין מיטען טאג זענען אריינגעקומען צוויי חאפערס צו אונז אין חדר; געעפענט די טהיר און געשטאנען אויפ׳ן שוועל און איבערגעקוקט די יונגלעך. איך מיט מיין פעטער ישראל האבען באלד פערשטאנען, אז זיי זענען געקומען נעהמען יאסעלע׳ן פאר א זעלנער, האבען מיר געחאפט דער רבי׳צינס לייכטער און געוואלט זיי ווארפען אין די קעפ אריין. דערביי האבען מיר געשריען צו זיי, אז באם זיי וועלען קומען צו אונז אין חדר, וועלען מיר זיי פלעטען די קעפ. גע-סטראשעט האבען זיי קינדער, דאך זענען זיי אנטלאפען.

נאר איינמאל זענען מיר, יונגלעך, געגאנגען פון חדר מיטאג עסען, האט אהרן-לייבעל געוואלט חאפען יאסעלען. יאסעלע האט עס באלד בעמערקט, האט ער זיך ארויפגעחאפט צו מיר אויפ׳ן פלייצע. האט שוין אהרן-לייבעל אבגעטראטען. דערביי האב איך אבער אין איהם געווארפען א שטיין און געטראפען אין פלייצע, און ער האט זיך לאנג געהאלטען מיט דעם קלאפ.

דערנאך האב איך שוין יאסעלען אנגענומען פאר׳ן האנד און אוועקגעפיהרט צו זיך אהיים און געבעטען דער מאמען, אז זי זאל איהם האלטען ביי אונז אין שטוב, געבען איהם עסען, און שלאפען וועט ער מיט מיר, ביז דער נאבאר וועט אריבער. מיר אלע יונגלעך, ווידער, האבען זעהר ליעב געהאט יאסעלען פאר זיין חכמה און ווייל-קייט, אגב איז ער געווען זעהר א שען יונגעלע, ממש בלוט און מילך.

די פּני האָבען אָבער פאָרט איבערגעגעבען די חאַפּערס צו חאַפּען נאָר יאָסעלען. און קיין אַנדערן אויף זיין אָרט האָבען די חאַפּערס נישט געהאַט קיין רעכט צו חאַפּען. האָבען זיי אַלץ געלויערט אַרום יאָסעלען. איינער האָט זיך פער'גנב'עט און געזעסען אין אַ שטעלכיל געגענאיבער טאָג און נאַכט און געהיט, טאָמער וועט יאָסעלע אַרויס פון משה, אהרן־לייזער'ס שטוב, וועט ער איהם חאַפּען.

דריי וואָכען איז יאָסעלע געוועזען בעהאַלטען ביי אונז אין שטוב, אָבער, ליידער, האָט זיך יאָסעלע פערבענקט נאָך דער מוטער און אַרויסגעחאַפּט זיך אין דרויסען. קיינער האָט איהם נישט בעמערקט און ער איז גיכער געלאָפען צו דער מוטער. דעמאָלט האָט איהם מאָשקע געחאַפּט. עס האָט שוין קיין זאַך נישט געהאָלפען. די מוטער, האָט פערשטעהט מען, ביטער געוויינט. מען קען זיך פאָרשטעלען: אַ קליין קינד געהט אַוועק צווישען זעלנער, גרויסע גוים, און ביז צוואַנציג יאָהר וועט ער דאַרפען ערגעץ פאַשען חזירים, דערנאָך ערשט וועט ער דינען פינף־און־צוואַנציג יאָהר!

אַ פּאָר וואָכען איז יאָסעלע געזעסען אין שטיבעל נעבען גרויסען בית־המדרש, וואו עס איז געוועזען אַ פענסטער מיט אייזערנע קראַטען און אַן'אייזערנע טהיר. דאָרט פלעגען זיצען אַלע יאָהר די נאָוואָבראַנצעס, ביז מען האָט זיי אַוועקגעפיהרט קיין בריסק צום איספּראַווניק.

יאָסעלע האָט ביטער געוויינט אין שטיבעל, און די מוטער נעבען שטיבעל איז שיער נישט צוריסען געוואָרען וויינענדיג.

דערנאָך האָט דער אַסעסער גענומען דריי דעסיאַטניקעס מיט אַ פּוהר און אַוועקגעזעצט דאָס קליינע יונגעלע. פון קאַמער האָט ער נישט געוואָלט געהן, ער האָט זיך שטאַרק געריסען, האָט מען איהם געבונדען און דערביי נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ. די מאַמע איז ווילעוויי געפאַלען אין חלשות. זי האָט בעוויינט דאָס קינד און געקלאָגט דערויף, ער זאָל זיך, חלילה, נישט שמד'ן, חאָטש מען זאָל איהם ברעגען און בראָטען און שמייסען און רייסען זיין לייב מיט צוואַנגען; ער מוז אַלץ איבערטראָגען, ביז זיין הייליגע נשמה וועט אַרויף אויפ'ן הימעל.

די געוויינען פון דער מוטער מיט'ן קינד האָבען זיך געהערט אין גאַנץ שטאָדט. אין שטאָדט איז געוועזען אַ חורבן. אַלע ווייבער און

שוואַכע מענער האָבען מיטגעוויינט, און אַלע יונגלעך פון אונזער חדר (פון יענע חדרים האָבען די מלמדים נישט געלאָזען געהן) זענען אויך געקומען, ווען מען האָט איהם אַרויסגענומען פון שטיבעל אויפ׳ן גרויסען וואָגען מיט אַ פּאָר פערד — אַוועקצופיהרען.

די מוטער איז מיטגעפאָהרען קיין בריסק מיט אַן׳אַנדער פוהר, און האָט אַ גאַנצען וועג גע׳חלש׳ט. די גוים האָבען איהר געמינטערט, דאָס קינד האָט שוין קיין כח נישט געהאַט צו וויינען און ער איז געלעגען אַ האַלב טויטער אין וואָגען. וועגען דעם, אַז ער האָט שוין נישט פערזוכט פון עטליכע טעג קיין עסען, איז איבעריג צו דערמאָהנען.

אז מען האָט איהם געבראַכט קיין בריסק, האָט דער קליוטשוואָיט דערצעהלט דעם איספּראַווניק, וואָס ער מיט די העלפער האָבען אַנגעליטען פון דער מוטער מיט איהר וויינען און חלש׳ען. דערויף האָט דער איספּראַווניק געהייסען אַ דעסיאַטניק אָפּפיהרען זי באַלד קיין קאַמעניץ. אַז זי איז געקומען אַהיים, איז זי אָפּגעלעגען צוויי טעג און געשטאָרבען.

ביים איספּראַווניק איז געווען אַ בעפעהל, אַז קיינער טאָר נישט וויסען, וואוהין ער שיקט אָב די קאַנטאָניסטען. אָבגעשיקט האָט מען זיי אין טיעף רוסלאַנד.

מיר האָט אַ געטויפטער קאַנטאָניסט דערצעהלט, ווי אַזוי מען האָט אויסגעטויפט אין סאַראַטאָוו מיט איין מאָל זעקס קאַנטאָניסטען פון דרייסיג. דאָס איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: אַז קיין שמיץ האָט נישט געהאָלפען, איז געפאַלען דער פּאָלקאָווניק אויף אַ נייעם שכל ווי אַזוי צו נויטען, זיי זאָלען זיך טויפען: מען האָט אַריינגעפיהרט די דרייסיג קאַנטאָניסטען אין באָד און מען האָט אָנגעהויבען געבען „פּאַרע“ אַלעמאָל מעהר און מעהר. דאָס איז געווען אונמעגליך איבערצוטראָגען. זעקס האָבען נישט אויסגעהאַלטען און זיך געטויפט. די איבעריגע זענען געבליבען פער׳חלש׳טע. אַז מען האָט זיי דערנאָך אָבגעמינטערט, זענען דריי געבליבען טויט.

מיין קאַנטאָניסט איז געווען זעהר בייז אויף גאָט. לויט זיין מיינונג, האָט גאָר קיין גאָט נישט געקאָנט זיין, קוים האָט ער געקענט צוזעהן אַזוי פיעל יסורים און פיין. און אויב עס איז דאָ אַ גאָט, איז

ער נאָר דער גאָט פון שלעכטס...

ווי געזאָגט, האָט מען אַלט־יעהריגע יונגלעך גענומען נאָר אין תרט״ו. באַלד האָט מען זיך אַרומגעזעהן, אַז דאָס איז נישט פּראַקטיש פון איין זייט, און פון דער צווייטער — איז שווער צו טויפען אַ יודיש יונגעלע אַפילו אַן׳אַלט־יעהריגעס. און דאָס איז בטול געוואָרען.

יאָסעלע איז פערפאַלען געוואָרען, ווי אין וואַסער אַריין, נאָר אין אַ יאָהר אַרום, חנוכה־צייט, איז געקומען קיין קאַמעניץ אַ ראָטע זעלנער, וואָס האָבען בעדאַרפט שטעהן דאָ אַ פּאָר חדשים, ווי עס איז שטענ־דיג איינגעפיהרט געווען. פלעגט אַלע צוויי, דריי מאָנאַטען קומען אַן׳אַנדער ראָטע זעלנער, פערבּרענגען אַ פּאָר מאָנאַטען און אַוועקגעהן. אויף זייער אָרט ווידער אַן׳אַנדער ראָטע זעלנער.

ווי ערשטוינט זענען מיר געוואָרען, ווען מיר האָבען זיך דער־וואוסט, אַז די ראָטע זעלנער האָט מיטגעפיהרט יאָסעלען, דעם יתום. אריה־ליב האָט גלייך געבעטען דעם אָפיציר, אַז יענער זאָל ערלויבען ברענגען יאָסעלען צו אונז. זענען עטליכע סאָלדאַטען געקומען מיט יאָ־סעלען צום זיידען אין שטוב אַריין. יאָסעלע איז אַריינגעקומען אַ באָר־פעסער, אין אַ גרויסען גראָבען, גוי׳אישען העמד, לאַנג ביז די טריט, אָהן הויזען, אין אַ פּעלציל. דאָס פנים פערשוואָלען, בלאַס, ווי אַ טויטער. אַז מיר האָבען איהם דערזעהן, איז געוואָרען אַ געוויין און מעהר פון אַלעמען האָב איך געוויינט, ווייל איך האָב איהם ליעב גע־האַט און ער איז מיין חבר געווען.

איך בין צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט:

— יאָסעלע, יאָסעלע...

אָבער יאָסעלע היינט, יאָסעלע מאָרגען, ער ענטפערט נישט. ער איז געוואָרען אַן׳אידיאָט, און וואָס איך האָב נישט גערעדט צו איהם און געבעטען, און געוויינט:

— יאָסעלע! יאָסעלע! יאָסעלע!

איז געווען אין קול ואין עונה. אַז מען האָט איהם געגעבען טהיי מיט זעמיל, האָט ער נישט געוואָלט עסען און נישט טרינקען, און עס איז נישט געווען מיט וועמען צו ריידען.

קען מען זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ קלאָג עס איז געוואָרען אין גאַנץ שטאָדט. קיין סך מענשען האָבען איהם נישט געקענט זעהן.

ווייל דער אָפיציר האָט אָנגעזאָגט, אַז קיין סך זאָל נישט קומען. און איך בין געבליבן אַ צובראָכענער און געוויינט נאָך איהם וואָכען און חדשים.

מען האָט געפרעגט דעם אָפיציר, פון וואַנען קומט דאָס קאַנטאָניסטעל אַהער, האָט ער דערצעהלט, אַז ווען מ׳האָט אַוועקגעשיקט אַלע קאַנטאָניסטען אין טיעף רוסלאַנד, איז יאָסעלע געווען קראַנק, ווייל ער האָט נישט געוואָלט עסען און נאָר געוויינט, איז ער געלעגען אין לאַזאַרעט אין פעסטונג. געלעגען איז ער דאָרטען לאַנג, און פון נישט עסען און פון וויינען איז ער געוואָרען אַנ׳אידיאָט.

מען דאַרף אָבער רעכענען, אַז מעהר פון אַלץ האָט אויף איהם געווירקט די שרעק פון די חאַפערס. אַ קליינינקייט, אַ קינד פון אַכט יאָהר האָט שוין בעדאַרפט פיהלען, אַז ער דאַרף זיך היטען, אַנישט וועט מען איהם חאַפען, ווי אַ קאַץ חאַפט אַ מויז. דאָס איז נאָכמעהר ווי שרעקליך. פאַרוואָס מען וויל איהם חאַפען, האָט ער נישט פערשטאַנען. ער האָט נאָר געפיהלט, אַז אָט וועט איהם חאַפען, חאַפען, חאַפען.

אַז ער איז געוואָרען אַ תם, האָט ער שוין געקאָנט עסען און געהן אויף די פיס. דעמאָלט האָט מען איהם אויסגעשריבען פון לאַזאַרעט און מען האָט איהם אַריינגעגעבען צו די זעלנער. שלעפט מען זיך מיט איהם אַרום, אָבער דער קאַפיטאַן האָט איהם אָבגעשיקט צוריק אין פעסטונג. וואָס וועט ער זיך אַרומשלעפען מיט אַנ׳אידיאָט. די סאָלדאַטען וועלען איהם נאָך פער׳הרג׳ענען, דעם „זשידאָטשעק״.

אינ׳ם צווייטען יאָהר (תר״טז) איז שוין דאָס געזעץ בטול געוואָרען, איז אָבער געקומען אַ צווייטע צרה אויף יודען: עס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ פעראָרדנונג, אַז איין שטאָדט קען אָבגעבען פאַר זעלנער יודען פון אַנדערע שטעדט.

דעמאָלט איז געוואָרען אַנ׳אמת׳ע חאַפערײַ ביי יודען. מען האָט זיך געשפּיעלט אין חאַפערײַ. אָבער דאָס שפּיעל איז געווען אַ גראַנדיעזעס בלוט-שפּיעל. חאַפערס זענען געקומען פון אַ ווייטער שטאָדט און געחאַפט זעלנער. זיי פלעגען קומען ביינאַכט און אַרויסנעהמען די רייכסטע און שענסטע יונגע-לייט, וועלכע האָבען שוין געהאַט צו עטליכע קינדער.

אָט דיִ סצענעס זענען געווען פון דיִ שוידערהאַפטעסטע סצענעס בײַ יודען. דיִ חאַפּערס זענען געקומען אין אַ שטאָדט בשתיקה, קײנער זאָל נישט וויסען. געמאָלדען האָבען זיי זיך בײַ דער פּאָליציי, מיט אַ פּאַפּיר פון זייער איספּראַווניק מיט'ן אַסעסער. אין פּאַפּיר איז געווען געוויזען, אַז זיי זענען חאַפּערס. פּאָליציי האָט זיי געגעבען דעסיאַטניקעס און סאָלדאַטען, וויפיעל זיי האָבען געפאָדערט און חאַפּען פלעגען זיי אין מיטען נאַכט, אָנקלאַפּענדיג אין טהיר.

און טאָמער האָט מען אַזוי גיך דיִ טהיר נישט געעפענט, האָבען זיי שוין מיטגעהאַט אַזעלכע אינסטרומענטען אויף צו האַקען טהירען מיט שלעסער, זענען בּאַלד אַריין, אַרויסגעשלעפּט פּשוט און מיט גרוים אַכזריות דעם יונגענמאַן און אַוועק.

און אַז מען האָט דערהערט אין אַ הויז, אַז פּאָליציי קלאַפּט אין טהיר, איז געפאַלען אויף דער גאַנצער פאַמיליע אַ טויט-שרעק. אַמאָל האָט מען זיך שטאַרק געוועהרט געגען דיִ חאַפּערס מיט דער פּאָליציי. דעמאָלט האָט מען געחאַפּט אין דיִ הענד העק, מעסערס, אײַזענס, האַמערס, אָדער מען האָט זיך שוין צוגעגרייט פון פריהער. און ווי זיי זענען אַרײַנגעקומען, איז דאָס גאַנצע הויזגעזינד בּעפאַלען דיִ חאַפּערס, געהרג'עט זיי צום טויט.

אָבער דיִ חאַפּערס פון זייער זייט האָבען אויך נישט געשוויגען. זיי האָבען געהאַט מיט זיך לאָמען און אײַזערנע שטעקענס און אין שטוב פלעגט פאָרקומען אַנ'אמת'ע מלחמה. עס האָבען זיך געגאָסען טײַכען בלוט, מען האָט זיך געשלאָגען בּיז דיִ לעצטע קרעפטען, און אויף וועמענס צד עס איז געווען מעהר כח, דער האָט מנצח געווען. עס פערשטעהט זיך, אַז דיִ חאַפּערס האָבען דאָס רוב געזיעגט.

האָבען זיי זיך שוין אָנגעזועצט אויף אַ יונגענמאַן איהם צונעהמען, האָט שוין קיין זאַך נישט געהאָלפען. דאָס האָט געמעגט קאָסטען פיעל קרבנות. דיִ חאַפּערס האָבען זייער לעבען אײַנגעשטעלט און אָדער זיי האָבען **גענומען**, אָדער זיי זענען אַרוים קאַליקעס.

דיִ מוטערס פון דיִ רעקרוטען זענען דאָס רוב געשטאָרבען פון גרוים צער, דיִ פאָטערס זענען געבליבען קאַליקעס, דיִ ווײַבער קאַליקעס — פון דער הויז-מלחמה. דיִ געוויינערײַ און דיִ רײַסערײַ פון דער שטוב-פאַמיליע האָט דערגרייכט בּיז'ן הימעל. דערנאָך ערשט האָט

מען געהאַט אויף זיך קרימענעלע פראָצעסען פאַר שטעלען זיך געגען פּאָליצײַ און הרג'ענען, שלאָגען זיך מיט אײַזענס א. ז. וו.

איז מען געזעסען אין די טורמעס און מען האָט זיך גע'משפט. מען איז אָרים געוואָרען און אַ תל פלעגט ווערען פון אַ גרויסער, צו-מאָל רײַכער פאַמיליע.

אויסער אַלעמען איז קיין וואונדער נישט געווען, וואָס אַ פאַמיליע פלעגט אײַנשטעלען איהר לעבען מיט איהר האָב און גוטס, אַבי צו ראַטעווען דאָס קינד פון די זעלנער. דעמאָלט איז אַלעמען גוט בע-קאַנט געווען די צרות מיט די אַכזריות, וואָס אַ זעלנער האָט בע-דאַרפט אויסשטעהן אין זײַנע פינף-און-צוואַנציג יאָהר דינסט.

איך געדענק, ווי בײַ אונז איז געשטאַנען אַ האַלבע ראָטע זעלנער און איך האָב געקענט זעהן, ווי אַזוי עס געהט צו דאָס מיליטער-דינסט פאַר ניקאָלאַי'ען.

די זעלנער פלעגט מען מושטירען אין מאַרק, און טאָמער האָט דער זעלנער נישט אַזוי גוט געמאַכט מיט דער ביקס, אָדער ער איז נישט אַזוי גוט געשטאַנען, האָט דער אונטער-אָפיציר גענומען דרעהען דעם זעלנער פאַר די אויערן, פאַר'ן נאָז און געפּאַטשט אָהן רחמנות, אַזוי, אַז מיר האָבען געמיינט, אַז דאָס אויער, די נאָז בלײַבט בײַ דעם אונטער-אָפיציר אין האַנד. אָדער ער האָט איהם מיט'ן אײַזערנעם שטעקעל פון ביקס געשלאָגען מכות אַכזריות, אַז דער זעלנער האָט זיך געבויגען אין פיערען און איז אַזש געוואָרען בלוי.

געשמיסען האָט מען אַכזריות'דיג פאַר אַלעמען אין די אויגען פאַר אַ מינדסטע זאַך. די ריטער זענען געווען אַלע טאָג פרישע, ערשט אויסגעשניטען פון וואַלד און געבראַכט אין שטאָדט אַרײַן, און יעדער שמיץ פון אַזאַ רוט, פלעגט אויסרײַסען אַ פּאַס פלייש פון לײַב.

בײַ מאָשקען אין קרעטשמע, געדענק איך, איז אײַנגעשטאַנען אַנ'אָפיציר, אַ גרויסער מערדער. דאָס איז געווען אַ שען הויז מיט אַ גרויסע סטאָדאָלע, וואו עס זאָלען קענען אַרײַנפאָהרען אַ סך פוהרען.

בײַ מאָשקען איז דאָס אַלץ אָבגעדונגען געוואָרען פאַר די אָפי-ציר'ען. פלעגט מען אין מאָשקעס סטאָדאָלע שמײַסען די זעלנער. גע-דענק איך דײַטליך די ריטער, און יעדען טאָג האָט מען געהערט דעם

קנאַל פון שמיץ. אַמאָל איין זעלנער, און אַמאָל דריי זעלנער מיט אַמאָל. און נאָכ׳ן שמייסען, אַז מיר יונגלעך, פלעגען זיך אַרייננאַפּען אין סטאָדאָלע, פלעגען מיר געפינען די ערד אויסגעווייקט מיט בלוט.

איינמאָל האָט דער אָפיציר פערשמיסען דריי זעלנער צום טויט. ער האָט געהייסען געבען צו פינף הונדערט שמיץ, און ביי אַלציג, נייַנציג שמיץ זענען זיי געבליבען טויט. דער אָפיציר אַליין איז געשטאַנען און געשריען:

— פּאָקרעפּטשע, שטאַרקער!

אַז ער, דער אָפיציר, האָט אַרויסגערעדט מיט׳ן מויל פינף הונדערט, האָט שוין געמוזט זיין פינף הונדערט. צוויי האָבען געשמיסען און איינער האָט געצייהלט די שמיץ.

דאָס זעלנערשע ברויט איז געווען גראָב, שוואַרץ, אָהן זאַלץ, אָהן טעם, און מען האָט נישט געקענט דאָס ברויט נעהמען אין מויל אַריין. די אָפיצירען האָבען געלעבט אַ גוטען טאָג, האָבען אינגאַנצען גע׳גנב׳עט ביי די זעלנער, וועלכע מען האָט קיין פלייש נישט געגעבען, און אַז זיי האָבען שוין אַמאָל נעגעסען פלייש, איז דאָס געווען ביינער פון פאַדלע. די אָפיצירען האָבען אַלץ פערקויפט.

זיי האָבען געגעבען די פּאָדריאַדטשיקעס קוויטונגען, אַז זיי האָבען צוגענומען ביי זיי כך וכך מעהל, כך וכך פלייש, אָבער זיי האָבען נישט צוגענומען קיין דריטעל פון די עסען-פּראָדוקטען. די זעלנער זענען שטענדיג געווען טויט-הונגעריג.

און דעריבער זענען זיי געווען אַממיינסטען גנבים, עס האָט נישט געהאָלפען קיין שמיץ, ווייל זיי זענען געווען הונגעריג, פערמאָרדעוועט פון וועניגען און שלעכטען עסען און פון די קלעפּ און שמיץ. צוזעהענדיג דאָס פינסטער, ביטער לעבען פון די ניקאָלאַיעווסקע זעלנער צוזאַמען מיט לאַנגע שווערע יאָהרען דינסט, איז שוין קיין וואונדער נישט, וואָס אַ גאַנצע פאַמיליע האָט זיך מוסר-נפש געווען אַבי נישט צו-צולאָזען זייערס אַ קינד אַרייַנפאַלען אין אַזעלכע אַכזריות׳שע הענד כמעט אויף אייביג.

דער סאָרט „חאַפּעניש״ דורך פרעמדע חאַפּערס איז אויך מעהר נישט געווען ווי צוויי יאָהר, ביז מען האָט איינגעזעהן, אַז דאָס טויג נישט און מען האָט עס מבטל געווען. איצט האָט נאָר יעדע שטאָדט

בעדאַרפט געבען זעלנער בלויז פון איהרע נפשות און נישט פון קיין פרעמדע.

נאָר אַזוי ווי אַ סך מענשען האָבען געוואוינט נישט אין זייער שטאָדט גופא, נאָר אין אַנדערע, האָט מען אַרויסגעשיקט פון יעדער שטאָדט חאַפּען זייערע נפשות. דאָ איז אייגענטליך צוגעגאַנגען שווינדעל, ווארום אַנדערע שטעדט האָבען אָנגעגעבען נעמען, וועלכע זענען ביי זיי גאָרנישט געווען פערשריבען, וואָס זענען בכלל אין ערגעץ נישט פערשריבען געווען, און מען האָט זיי געחאַפּט אַלס צוגעשריבענע און אָבגעגעבען אין סאָלדאַטען. ווייטער האָט יעדער שטאָדט אַרויסגעשטעלט אַ סך נעמען אין רייכטער, דאָ איז אויך געווען שווינדעל, און צוגעגאַנגען איז עס גאַנץ פשוט. יעדער יוד האָט אַמאָל געהייסען, דאָס רוב, מיט צוויי, דריי נעמען, צום ביישפּיעל, איינער האָט געהייסען יעקב-יאָסעל-ליב, האָט מען איינעם געגעבען אַ פּאַספּאָרט: יעקב מינץ, דעם אַנדערן יאָסעל מינץ, דעם דריטען ליב מינץ, און אַ פיערטען האָט גלאַט אויסגעטראַכט אַ נאָמען. אַזוי האָט זיך געפיהרט די יודישע וועלט אין רוסלאַנד ביז 1874-טען יאָהר.

און אַז מען האָט אָבגעגעבען פאַר אַ זעלנער אַזעלכען, וואָס איז נישט געווען אָבגעפאָהרען, האָט מען איהם אויך בעדאַרפט חאַפּען. אַליין שטעלען זיך האָט מען נישט בעדאַרפט, נאָר אַז מען האָט איהם געחאַפּט איז געווען פערפאַלען. קען מען פערשטעהן די הריגות מיט די נעשלעגעריי, וואָס עס זענען פאָרגעקומען צווישען דער פאַמיליע פון רעקרוט מיט די חאַפּערס. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלען, וואָס פאַר אַ שטיינערנע הערצער עס האָבען בעדאַרפט האָבען די חאַפּערס. זיי זענען געווען אַ סך עקעלהאַפטער פון אַ היינטיגען תלין, מען האָט זיך שטענדיג בעדאַרפט שלאָגען, הרג'ענען, און די געוויינעריי פון די טאַטעס מיט די מאַמעס, שוועסטער און ברידער און פון דער גאַנצער פאַמיליע — אַט די אַלע האַרצרייסענדע סצענעס האָט זיי אויף אַ האָהר נישט גערירהט.

דער חאַפּער אהרן-לייבעל איז געווען עפּעס אַ חיה אין דער מראה פון אַ מענשען. אויפ'ן פּנים איז געלעגען — רוצח. אַלע האָבען איהם שרעקליך פיינט געהאַט. מיט איהם האָט מען געסטראַשעט קינדער און ער האָט געדינט אַלס אַ העסליך ביישפּיעל פאַר אַלעמען.

ווען אײנער האָט געוואָלט זידלען מיט די שמוציגסטע זידלערייען האָט ער געזאָגט:

— דו ביזט דאָך אהרן-לייבעלע.

דאָס איז געווען אַזאַ בעליידיגונג, וואָס עס איז זי שווער געווען צו שענקען.

איך האָב שוין דערצעהלט, ווי איך האָב „געקעמפפט" יונגעלווייז מיט די חאַפּערס, „געקעמפפט" פון זיך אַליין, פון עקעל, פון נישט קענען צוזעהן. אָט איז נאָך אַ מעשה:

אײנמאָל, געדענק איך, בין איך געשטאַנען נעבען דעם מגיד'ס שטוב מיט נאָך אַ פּאָר יונגלעך. אין דערזעלבער צייט איז מאָדנע האַסטיג פאַרבײַיגעלאָפען דוד דער סטאָליאַר. דערפון האָב איך באַלד פערשטאַנען, אַז אהרן-לייבעלע יאָגט איהם און וויל איהם געוויס חאַפּען פאַר אַ זעלנער. אַזוי איז טאַקע געווען. באַלד נאָך איהם איז געלאָפען העגדום-פעגדום אהרן-לייבעלע. אינסטינקטיוו, פון זיך אַליין, בין איך אונטערגעלאָפען און אונטערגעשטעלט אהרן-לייבעלע'ן אַ פוס. איז ער געפאַלען, און האָט זיך צובלוטיגט די נאָז, ווי אַ חזיר. יענע יונגלעך זענען בעת מעשה זיך צולאָפען, און איך בין געשטאַנען און געשריען:

—אהרן-לייבעלע, ווען וועסטו שוין אַ מיתה-משונה אײַנעהמען!...

ער איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך אָבגעווישט דעם טריפה'נעם דם מיט זײַן גרויסען שמוציגען נאָז-טיכעל. און ער האָט מיר נישט געוואַגט אַ וואָרט צו זאָגען. ער האָט נאָר דערצעהלט מײַן טאַטען דערפון, און דער טאַטע האָט מיר געגעבען אַ פּאַטש און געזאָגט:

— ער איז טאַקע אהרן-לייבעלע, נאָר דו דאַרפסט איהם נישט אונטערשטעלען אַ פוס, ער זאָל פאַלען.

דער זיידע האָט זיך ביסלעכווייז אָבגעוועהנט אינגאַנצען פון די שטאָדטישע ענינים, נאָר אַז זיי האָבען בעדאַרפט עפּעס האָבען צום איספּראַווניק איז מען שוין פון די פּני געקומען בעטען דעם זיידען, אַז ער זאָל שרײַבען צום איספּראַווניק. און יענער האָט אַלץ געטהאָן, וואָס דער זיידע האָט געבעטען.

נאָר בשעת רעקרוטען-צייט, איז די פאַמיליע פון דעם אַרײַנגעפאַלענעם רעקרוט שטענדיג געקומען בעטען און וויינען בײַ דער באָבע

בײלע-ראַשע, אַז זי זאָל פועל'ן בײַם מאַן, מען זאָל בעפרײַען דעם רעקרוט. זיי זענען נישט געגאַנגען װײנען פאַר'ן איספּראַווניק און נישט פאַר קײנעם פון די פּני, נאָר פאַר דער באָבען, װאָרום זיי האָבען געװאוסט, אַז חאָטש אהרן-לײזער האָט זיך נישט געמישט אין דעם נאַבאָר. און נישט ער װײס אַפילו װעמען מען האָט געהײסען נעהמען פאַר אַ זעלנער, נאָר אַז ער װעט זאָגען, אַז דעם דאָזיגען רעקרוט, װאָס מען האָט שוין צוגענומען, מוז מען בעפרײַען, װעט מען איהם גלײַך בעפרײַען אָהן שום טענה ומענה; עס װעט שוין געהן אַנ'אַנדערער אויף זײַן אָרט. עס זענען שוין געװען אַזעלכע פאַקטען אײניגע מאָל, דעריבער האָט מען שטענדיג דער באָבען בעװײנט, און זי האָט פשוט נישט געהאַט קײן כח צו לעבען.

## צעהנטעס קאַפּיטעל.

**זאַסטאַוויע. — די גרויסע מחלוקת. — די שבועה. — אויסגענאַרט. — דעם זיידענס קאַמפף! — דער שלום. — די פּריצים מיט די פּויערים. — דאָס שמייסען פּויערים. —**

דער זאַסטאַוויער יונגער דור איז אין כּלל בעשטאַנען פון גרויסע אינטריגאַנטען. זיי איז געווען גוט אויפ'ן האַרצען, זיי זענען געווען נגידים, האָבען זיך אויפגעפיהרט פּראָסט, גראָב און קיין זאַך האָט זיי נישט געפעהלט. מאַכען אינטריגעס אין שטאָדט — איז ביי זיי געווען אַ מין ספּאָרט.

האָבען זיי נישט פערגונען, וואָס אהרן-לייזער מיט אַלע קינדער לעבען פון דער אַרענדע אַזאַ ברייט לעבען, פאַרוואָס זאָל מען דאָס לאָזען אהרן-לייזער'ן האָבען אַזאַ גוטס, בעת ער צאָהלט פאַר דער אַרענדע כּמעט גאָר קיין געלד נישט; און אַז עס איז געקומען נאָהנט די צייט, וואָס אָסערעווסקי, דער פּריץ, האָט בעדאַרפט קומען צופאָהרען, האָבען זיי זיך צוגעגרייט אַ גאַנצע קאָמפּאַניע, געהן צו אָסערעווסקי'ן און זאָגען, אַז זיי גיבען איהם דריי טויזענד רובל אַ יאָהר, אָנשטאָט די צוועלף הונדערט, וואָס אהרן-לייזער צאָהלט. די קאָמפּאַניע האָט זיך געשטאַרקט, ווייל מען האָט געוואוסט מיט וועמען מען

הויבט דא אן צו שטרייטען. צו דער דאזיגער קאמפאניע זענען צונויפגע-
שטאנען אלע עזות-פנים'ער, אלע תקיפים, און געשלאסען א שותפות;
און זיי זענען אריין אין אזא גדלות, אז זיי האבען זיך צוגעגרייט אבצו-
נעהמען די ארענדע מיט גוואלד, זיי מעגען צולעגען זייער גאנץ פער-
מעגען און עס זאל זיך אפילו גיסען בלוט, אבי די ארענדע זאל אבגע-
נומען ווערען ביי אהרן-לייזער'ן.

אז דערפון איז געוואהר געווארען דער זיידע, איז ער געפאהרען
צום איספראווניק און איהם געזאגט, אז ער וויל ווערען איסבארשטשיק.
דער איספראווניק איז באלד געקומען קיין קאמעניץ, האט אבגענומען
דעם זיגעל מיט די ביכער ביים איסבארשטשיק ב. און אבגעגעבען
דעם זיידען. איצט האט שוין דער זיידע אנגעהויבען ארבייטען.
צום ערשטען, האט ער געשיקט דעסיאטניקעס שלעפען ביי דער זאס-
טאווער „אפאזיציע" די פאנען מיט די לייכטער, מיט די זייגערס—אלץ,
וואס ביי זיי האט זיך נאר געפונען און זאגאר בעטגעוואנד, וואס דע-
רויף איז גאר קיין רעכט נישט געווען צו נעהמען. נאר וועמען הערט
דער זיידע? ער האט דעם איספראווניק. דערביי האט ער איינגעפונען
אלטע חובות, וואס די שטאדט איז געבליבען שולדיג, וויל ער, מען
זאל דאס איצט אבצאהלען און די גאנצע סומע מיט אמאל. ווידער
האט ער צוגעשטעלט יעדערן זעהר גרויסע אבצאהלונגען, וואס איז זיי
טיילווייז אונמעגליך געווען צו געבען. איז געווארען אין שטאדט א
מהומה, און מען האט זיך ארומגעזעהן, אז מיט אהרן-לייזער'ן איז זיך
שווער צו ראנגלען. אגב זענען זיי זיך געגען איהם בעגאנגען נישט
גאר יושר'דיג. אבנעהמען ביי איהם אומזיסט-אומנישט די ארענדע.

האבען זיי געשיקט דעם רב צו אהרן-לייזער'ן למען השלום בע-
טען איהם, אז ער זאל ווערען אויס איסבארשטשיק און זיי וועלען
דערביי שווערען מיט כל השבועות שבעולם, אז זיי וועלען די ארענ-
דע נישט אויסדינגען. דער זיידע האט אפילו נישט געוואלט מאכען
קיין שלום, נאר דער טאטע מיינער מיט'ן פעטער מרדכי-ליב און אויך
דער זיידע ר' יודעל מיט דער גאנצע בעלע-ראשען — אלע האבען זיך
אריינגעלעגט מען זאל מאכען שלום.

איז געבליבען, אז די אלע חברה-לייט, וועלכע האבען געהאט
בדעה אויסצודינגען די ארענדע, וואס זענען בעשטאנען, ווי דער זיידע

האָט אויסגערעכענט אויף אַ צעטעל, פון אַ זיבעציג פּערזאָן, זאָלען שווערען אין גרויסען בית-המדרש אין טליתים און קיטלען מיט ספרי-תורות אין די הענד — מען זאָל בלאָזען שופר און אָנצינדען ליכט, — אַז זיי וועלען שוין מעהר זיך נישט אונטערנעהמען צו טהאָן אַזוינע עולות דעם זיידען. דאָס איז געווען פון די שווערסטע שבועות.

איך געדענק, ווי די גאַנצע שטאָדט איז געקומען אין אַלטען בית-המדרש. עס האָט געהאָגעלט מיט מענשען אַרום בית-המדרש, אויף דער גאַס. דער זיידע איז געקומען, ווען די „אָפּאָזיציע" איז שוין געווען און מען האָט אַזוי געשוואוירען, ווי דער זיידע האָט פאָרגעלעגט. ביי דערזעלבער שבועה איז גערעדט געווען, אַז נישט בלויז זיי, נאָר קיינער טאָר נישט געהן צו אָסערעווסקי'ן אויסדינגען די אַרענדע. אויף מאָרגען האָט דער זיידע אַריינגעשיקט אַ בריעף צום איספּראַווניק, אַז ער וויל ווערען אויס איסבאָרשטשיק. דער איספּראַווניק, וועלכער האָט גרויסאַרטיג געוואוסט פון אַלץ, האָט איינגעוויליגט.

דעם זיידען האָט מען אָבער דאָך אויסגענאַרט. אַז עס איז געקומען די צייט, און אָסערעווסקי איז אָנגעפאָהרען, האָבען די זאַסטאַוויער געבראַכט צוויי יודען פון ביאַליסטאָק, וואָס זענען געגאַנגען צו אָסערעווסקי'ן און געגעבען גלייך אַכצעהן הונדערט רובל פאַר דער אַרענדע.

אַז עס איז געקומען דער זיידע, פרעגט איהם אָסערעווסקי:

— דו צאָהלסט אַכצעהן הונדערט רובל?

— יאָ — האָט דער זיידע געזאָגט.

האָבען די יודען באַלד געהעכערט:

— צוויי-טויזענד פיער-הונדערט רובל!...

נאָר אָסערעווסקי האָט דערויף געענטפערט:

— ביי מיר שפּיעלט נישט קיין ראָליע די עטליכע הונדערט רובל. זאָל די אַרענדע בלייבען פאַר'ן אַלטען אַרענדאַר. ער האַלט שוין אַזוי לאַנג ביי מיר די אַרענדע, זאָל ער זי שוין האַלטען כל זמן איך וועל לעבען...

די אַרענדע איז, אַלזאָ, געבליבען ווייטער ביים זיידען שוין נישט אויף דריי יאָהר, נאָר אויף אייביג, דאָס הייסט, כל זמן אָסערעווסקי וועט לעבען, נאָר די זעקס הונדערט רובל מעהר, וואָס איז

איצט געהעלערט געװאָרען צוליעב די יודען האָט דעם זײדען זעהר שטאַרק באַנג געטהאָן און פערדראָסען. זײ האָבען דײַטליך עובר שבועה געװעזען. דער זײדע איז װידער געװען צוקאָלט, האָט ער אָנגעהויבען אויפצוװוכלען אין קאָנטראַקט מיט'ן פריץ די אַלע אָבצאָהלונגען, װאָס שטאָדט דאַרף איהם צאָהלען.

אין קאָנטראַקט האָט ער געפונען אַן'אָבצאָהל פון פעל, װאָס איז נישט אַרײַנגעטראָגען געװאָרען. דאָס האָט איהם פרײַ געמאַכט די הענד. ער האָט אַרײַנגעשיקט צו די קצבים, אַז באַם זײ װעלען עפעס װאָס קוילען, זאָל מען קומען צו איהם נעהמען אַ קװיטעל דערויף און אָבצאָהלען נײַנציג קאָפּיקעס פון אַ גרויסער בהמה און דרײַסיג קאָפּיקעס פון אַ קאַלב. די קצבים האָבען שוין געװאוסט, אַז קוים האָט אהרן-לײַזער געהײסען, װעט עס אַנדערש נישט זײַן. האָבען די קצבים אויפגעהויבען דעם פרײַז אויף פלײש, װאָס האָט אַרויסגערופען אַזאַ בהלה אין שטאָדט, װאָס זינט קאַמעניץ שטעהט, איז נאָך אַזוינס נישט געװען.

די זאַסטאַװיער „אָפּאָזיציע" האָט אויפגעבונטעװעט די גאַנצע שטאָדט. זײ האָט נישט אַזוי געאַרט, װאָס פלײש איז טײַערער, װי דער ענין פון טומעל און געשרײַ. אויב זײ האָבען נישט געקענט שטרײַטען בעת דער אַרענדע, אין װעלכער זײ האָבען געהאַנדעלט נישט יושר'דיג, האָבען זײ דאָ געקענט טהאָן, װאָס זײ האָבען געװאָלט. דאָ נעהמען זײ זיך כלומר'שט אָן פאַר דער קריװדע פון דער גאַנצער שטאָדט. די מחלוקת איז געװאָרען אַזוי גרויס, אַז עס האָט ממש אויסגעזעהן װי אַ מלחמה. מען האָט אויפגעהערט צו קויפען בראָנפען בײַ אונז. אַ באַנדע פון פופציג נפשות איז אַרוים פון שטאָדט און אַרײַנגעפיהרט אַ פאַס בראָנפען, אַװעקגעשטעלט אין מיטען מאַרק און פערקויפט פרײַ פאַר אַלעמען.

אַרום דעם פאַס בראָנפען האָבען זיך אויפגעקליבען אַ פאָר הונדערט מאַן. מען איז געװען גרײַט צו שלאָגען זיך אויף טויט און אויף לעבען מיט אהרן-לײַזער'ס פּאָליציי. דער זײדע האָט גענומען בײַם רזשאָנצע אַ דרײַסיג גוים און בײַם אַסעסער אַ צעהן דעסיאַטניקעס און זײַנע צװײ מענשען — חצקיל און קיװקע, און איז מיט זײ אַװעק אָבנעהמען דאָס פאַס בראָנפען. האָט מען זיך, פערשטעהט זיך, געשלאָגען,

וואָס עס האָט אויסגעזעהן אונגעהויער העסליך פאַר ביידע צדדים.

דער זיידע האָט אַראָבגעבראַכט עפּעס אַ שרייבער, איינעם אַ טווערסקי, וואָס האָט בעדאַרפט אַלע טאָג שרייבען פּראָטאָקאָלען און אַוועקשיקען צום איספּראַווניק. דאָס פאַס האָט מען פיעל מאָל צובראָכען און אַרויסגעלאָזען די בראָנפען. אין צוויי שעה אַרום איז שוין געשטאַנען אַ נייע פאַס בראָנפען, אָבגעהיט פון אַ הונדערט מאַן, און אַלע טאָג האָט מען זיך געשלאָגען.

דער זיידע האָט געשיקט אַלע פּראָטאָקאָלען צום איספּראַווניק, לויט זיין פערלאַנג. זיי האָבען געשיקט מסירות צום גובערנאַטאָר, אַז אהרן-לייזער בעראַבעוועט די שטאָדט פון אַ צייט מיט יאָהרען: ער נעהמט ביי זיי געלד פאַר אַזעלכע זאַכען, וואָס דער פריץ האָט דאָס נישט אין קאָנטראַקט א. ז. וו. דער גובערנאַטאָר האָט אָנגעפרעגט ביים איספּראַווניק, יענער האָט מסתמא אָבגעענטפערט, אַז דער אַרענדאַר איז גערעכט און זיי זענען בונטאָווששיקעס. האָט מען אָנגעהויבען שרייבען מסירות אויף ביידען: אויף אהרן-לייזער'ן און אויפ'ן איספּראַווניק, אַז ביידע טיילען זיך מיט דעם אָנגעראַבעוועטען געלד.

דער קריעג האָט זיך אַזוי אַוועקגעצויגען אַ האַלב יאָהר צייט; גאַנצע טעג איז געווען געשלעגערייען. נאָר אויף אונז האָבען זיי מורא געהאַט אַ פינגער אַרויפצולעגען. אונזער גאַנצע פאַמיליע איז געגאַנגען אין גאַס און אין בית-המדרש און קיינער האָט נישט געוואַגט אונז צו רייידען אַ שלעכט וואָרט, וואָרום די אימה פאַר אהרן-לייזער'ן איז געווען זעהר גרויס.

פון גובערנאַטאָר איז דאָך געקומען אַ קאָמיסיע פון זעקס פערזאָן מיט'ן איספּראַווניק בראש, אויסצופאָרשען ווער איז דאָ שולדיג, און ווער נישט. געוועהנליך, אַ פּאָר וואָכען פאַר דער קאָמיסיע האָט שוין דער איספּראַווניק געגעבען צו וויסען דעם זיידען, אַז ער זאָל זיך גוט צוגרייטען און מאַכען ביי זיך אַנ'אָרט אויף סטאַנציע פאַר צוויי פערזאָן פון דער קאָמיסיע: פאַר איהם און נאָך וועמען. פיער פערזאָן וועלען האַלטען קוואַרטיר ביים אַסעסער.

אינ'ם קאַמפף האָט דער זיידע אויסגענוצט אַלע מיטלען. קודם כל האָט ער פעררופען צו זיך דעם המון, וואָס האָט שטענדיג געהאַלטען זיין צד און איז גרייט געווען צו געהן פאַר איהם אין פייער און

אין וואסער. האט מען זיי געגעבען שנאפס לרוב. פערביסען האבען זיי מיט געזונדע „פאלקעס" — עס איז געווען ליהודים. מען האט מיט זיי איינגע׳טענה׳ט, ווי זיי זאלען רעדען און מען האט זיי אויך געגעבען פלעשלעך שנאפס אהיים.

דער בן־יחיד אונזערער האט מיט זיי א גאנצען טאג געקנעלט, אויסגעלערנט זיי, ווי צו רעדען און די, וואס האבען קיין רוסיש נישט געקענט, האט מען זיי די עטליכע ווערטער, וואס זיי דארפען זאגען, אויך אויסגעלערנט. דער בן־יחיד האט שוין געהאט מיטהעלפער לעהרערס, וועלכע האבען אלץ געלערנט, ווי צו רעדען, און דער בן־יחיד איז געווען דער נאטשאלניק.

דער זיידע האט געמאכט א צעטעל פון אלע זיינע עדות און אוועקגעשיקט צום איספראווניק. זיי, ווידער, די געגנער, האבען אויך געמאכט א צעטעל פון זייערע עדות און דאס געהאלטען ביז עס וועט קומען די קאמיסיע, פאר וועלכער זיי וועלען פארשטעלען דאס צעטעל.

די קאמיסיע איז געקומען קיין בריסק און געמאלדען זיך צום איספראווניק. דער איספראווניק האט אבגעהאלטען די געעהרטע געסט עטליכע טעג ביי זיך. האט מען, ווי די מאדע איז, געגעסען און גע׳שכור׳ט. און לסוף האט ער מיט זיי איינגע׳טענה׳ט, ווי ער האט בעדארפט.

ענדליך איז די קאמיסיע געקומען. דער איספראווניק מיט איינעם פון דער קאמיסיע זענען פערפאהרען צום פעטער מרדכי־ליב׳ן, און נאך פיער פערזאן צום אסעסער. דעם ערשטען טאג האט דער אסעסער געמאכט אנ׳אפיציעלען מיטאג פאר דער קאמיסיע, און אויף מארגען האט זיך דאסועלבע איבערגע׳חזר׳ט ביים איספראווניק, ביי מרדכי־ליב׳ן אין שטוב. דאס געלד אויף דעם איספראווניק׳ס מיטאג איז, פערשטעהט זיך, געווען דעם זיידענס, און עס האט איהם טאקע געקאסט נענוג, ווארום ער האט נישט געזשאלעוועט אויף די טייערסטע געריכטען און די טייערסטע ווייגען און קאניאקען.

אויפ׳ן דריטען טאג האט די קאמיסיע אנגעהויבען צו פיהרען די אויספארשונג, צו וועלכער עס איז געקומען די גאנצע שטאדט מענשען. דער קליוטשוואיט האט אויסגערופען אלע עדות לויט׳ן

צעטעל, וואס דער זיידע האט אויפגעגעבען. די דאזיגע עדות האבען אנגעפילט דעם אסעסערס אלע צימערן, דעם קארידאר, און עס איז געווען געפאקט מיט דעם זיידענ׳ס עדות. איינציגוויי האט מען זיי ארייינגערופען אין דעם קאמיסיע-צימער, וואו מען איז זיך בעגאנגען מיט זיי ווייך און איידעל: דעם זיידענס עדות!...

די שטאדטישע עדות אבער זענען געשטאנען אויף דער גאס, נעבען אסעסערס הויז. דריי טעג זענען זיי אבגעשטאנען אויף די פיס אונטער׳ן רעגען און ווינד — עס איז געווען הערבסט-צייט.

ביים אסעסער אין הויף איז שוין געווען צוגעגרייט פאר די נויטיגע עדות שנאפס מיט גוטע פערבייסינג. די שטאדטישע האבען דאס פערשטעהט זיך, נישט געהאט, און זענען פערהונגערט און פערמאטערט געווארען ווארטענדיג. דאס האט געווירקט שלעכט אויף די עדות, און ווען מען זאל נאך צוגעבען, אז מיט די שטאדטישע עדות, נאך אזא לאנגען ווארטען, איז מען זיך גראב און שלעכט בעגאנגען, אז ביים אויסהערען זיי, האט מען זיי געזידעלט און פערשריען — וועט ווערען קלאר די שווערע לאגע פון דעם צד פון שטאדט.

אין שטאדט איז געווארען חושך, און דעם שולדיגען אין דעם האט מען איינגעפונען דעם איספראווניק. דאס עדות זאגען פון שטאדט איז אינגאנצען נישט אויסגעהערט געווארען.

דער האס צום איספראווניק האט דערווייל געוואקסען, און איינמאל, בעת דער איספראווניק איז געגאנגען פון אסעסער צו זיך אויפ׳ן סטאנציע, האט מען איהם ביים כאמע גאניק פערווארפען מיט שטיינער און בלאטע. דער איספראווניק האט זיך שנעל ארויפגעכאפט מיט׳ן צווייטען טשינאווניק אויפ׳ן הויכען גאניק אין שטוב אריין, און די גאנצע ווענד זענען געווען פערשמירט מיט קויט.

געוועהנליך, איז באלד געקומען דער אסעסער מיט דעסיאטניקעס און זעלנער. דער איספראווניק איז ארויס אויפ׳ן גאניק און געהייסען די אלע, וואס זענען געשטאנען אויפ׳ן מארק נעבען דער שטוב, בינדען און אבשיקען קיין בריסק. דער ערשטען האט מען געכאפט א מלמד, שלמה, א שלימזול און א קבצן. אז מען האט איהם גענומען בינדען, האט ער זיך געמאכט צו חלש׳ען. דער עולם האט גענומען שרייען, אז שלמה מלמד איז געשטארבען. די דעסיאטניקעס האבען

איהם דער׳הרג׳עט; דעמאָלט האָט דער איספּראַװניק געהײסען אַרײַנגעהמען דעם מלמד צו חצקיל דעם רופא, אַ דערבײַאיגער שכן, צו מען האָט איהם אָבער נישט געקענט דערמינטערן בײַם רופא, האָט דער איספּראַװניק געהײסען, אַז מען זאָל איהם נעהמען צוריק אין מאַרק אַרײַן און חצקיל זאָל איהם מאַכען אַ קליסטיר... דער מלמד האָט זיך באַלד אויפגעחאַפּט...

דער איספּראַװניק האָט זיך שוין מכין געװען אַװעקצופאָהרען. איצט, הײסט עס, האָט ער שוין נישט געהאַט צו טהאָן מיט אַנ׳אויכפאָרשונג, נאָר מיט „מיאַטעזשניקעס..." אַלזאָ, איז עס גאָר אַנ׳אַנדערע דיעלע.

זענען צוגעפאַלען אַלע בעלי-בתּים צום זײדען, אַז ער זאָל זעהן די דיעלע צורײַבען, אַז זײ בעטען איהם איבער, און דאָס געלד, װאָס ער האָט געהאַט היזק פאַר דער גאַנצער צײַט און אויך די אַלע זײַנע קאָסטען — װעלען איהם אומגעקעהרט װערען.

דער זײדע האָט מיט זײ נישט געװאָלט אַרײַנגעהן אין קײן רײד װעגען שלום. זענען זײ צוגעפאַלען צו מײַן טאַטען, צום פעטער, צום זײדען ר׳ יודעל און איבערהױפּט צו דער באָבע בײלע-ראַשען. זײ האָבען אַזוי לאַנג געאַרבײַט און געבעטען בײַ דער משפחה, ביז מען איז נעקומען צו אַ שלום. אין דעם דאָזיגען שלום האָבען זיך נאָך אַרײַנגעמישט זײַטיגע מענשען אויך. די ערשטע פאַר שלום איז געשטאַנען די טײַערע האַרציגע באָבע בײלע-ראַשע.

נאָכ׳ן שלום האָט מען אהרן-לײזער׳ן אַרײַנגעטראָגען דאָס גאַנצע געלד, לויט דיעם רעכענונג, װאָס ער האָט דערלאַנגט, און מען האָט אָנגעשריבען אַ כתב, אַז מען איז זיך מוחל אײנע די אַנדערע. עס האָבען זיך אונטערגעשריבען אַ זעכציג פערזאָן אונטער׳ן כתב, װאו עס איז געװען געזאָגט, אַז זײ װעלען איהם קײנמאָל נישט זײַן דערגעגען אין קײן זאַך און װעלען נאָך איהם שטענדיג קומען צו הילף, װען ער װעט זײ דאַרפען. דערמיט האָט זיך די מהומה געענדיגט און דער אָבצאָהל פון פעל איז אויך צוריבען געװאָרען נאָכ׳ן שלום.

איצט האָט דער זײדע געלעגט פיעל מיה בײַם איספּראַװניק, אַז יענער זאָל זעהן דעם גאַנצען ענין מאַכען צו גאָרנישט; די פּאַפּירען זענען נאָך געװען אַפילו אין בריסק, װײַל די קאָמיסיע האָט נאָך נישט

צונויפגעשטעלט דעם אויספאָרשונגס-מאַטעריאַל, און דער זיידע האָט געפּועל'ט ביים איספּראַווניק.

פון דעמאָלט אָן איז שוין דער שלום נישט געבראָכען געוואָרען. דער זיידע האָט זיך געפיהרט זיינע געשעפטען, און אַז די שטאָדט האָט בעדאַרפט עפּעס פערריכטען אַ שטאָדטישע זאַך, האָבען זיי דורך איהם אַלץ אויסגעפיהרט. מישען זיך אין שטאָדט-זאַכען, האָט ער זיך אַבסאָלוט אָבגעזאָגט.

אַזוי האָבען מיר געהאַלטען די אַרענדע ביז'ן פּוילישען אויפשטאַנד פון 1863-טען יאָהר, ווען עס זענען בטול געוואָרען אינגאַנצען די אַרענדעס פון די פּריצים.

ווי געזאָגט, האָט מיך דער זיידע ליעב געהאַט, ווייל איך בין געוועזען אַ יונגעל, וואָס האָט געהאַט אַ טבע זיך צו צוהערען וואָס גרויסע ריידען, וואָס דער זיידע רעדט מיט מענשען, און פאָלגען. אַלעמען איז געפעלען געוואָרען, וואָס איך שטעה און קוק יעדערן אין מויל אַריין, וואָס יענער רעדט, און האָב געוואוסט אַלע פּרטים פון דער גאַנצער מחלוקת.

אַז דער זיידע איז געפאָהרען צו אַ נאָהנטען פּריץ, האָט ער ליעב געהאַט מיך מיטצונעהמען און האָט אויך ליעב געהאַט מיט מיר צו ריידען און דערצעהלען, וואָס עס פאַסט פאַר אַ קינד. געדענק איך, אַז מיר זענען אַמאָל געקומען קיין רימעניטש, אַזאַ הויף, צום פּריץ (איך האָב פערגעסען ווי מען רופט איהם). זענען מיר צוגעפאָהרען צום פּאַלאַציל אַ זייגער איינס נאָך מיטאָג, איז געשטאַנען דער קאָמיסאַר נעבען גאַניק, פרעגט דער זיידע:

— וואו איז דער פּריץ?

זאָגט יענער מיט אַ שמייכעל:

— ער שמייסט ערשט אַ גוי פאַר'ן עסען...

עס טרעפט אַמאָל, אַז דער פּריץ האָט נישט קיין אַפּעטיט צום עסען, שמייסט ער אָב אַ פּויער, עסט ער שוין דערנאָך געשמאַקער.

מען האָט אונז אַריינגעבעטען אין אַ צימער; מיר האָבען געוואַרט אַ שעה צייט. דער פּריץ איז געקומען אַ צוהיצטער און אַ רויטער, די אויגען האָבען איהם געברענט, נאָר אַז ער האָט דערזעהן דעם זיידען, איז ער פרעהליכער געוואָרען און האָט איהם געגעבען די האַנד.

— יאַק סיִע מאַ, פאַן קאָטיִק, מאָי קאָחאַניִ. ווער איִז דאָס יונגעלע ?

— דאָס איִז מיַינער אַנ'איַיניִקעל, — זאָגט דער זיַידע.

גיִט מיִר דער פּריִץ אַ גלעט פאַר'ן בּעקעל און זאָגט:

— אַזוי יונג בּיִזטוּ און האָסט שוין אַזאַ שענעם איַיניִקעל.

זיִי זענען בּאַלד אַריַינגעגאַנגען איִן אַ צוויַיטען ציִמער און אָבּגערעדט וועגען זייערע געשעפטען. דערנאָך זענען מיִר אַוועקגעפאָהרען.

איִך האָבּ ניִשט פערשטאַנען, וואָס דער קאָמיִסאַר האָט דערצעהלט דעם זיַידען וועגען שמיַיסען און איִך האָבּ אויפ'ן וועג געפרעגט דעם זיַידען:

— וואָס איִז ער דאָס אַזוי אַריַינגעקומען, דער פּריִץ, אַ רויטער און צוקאָכט ? וואָס פעהלט איִהם ?

האָט מיִר דער זיַידע דערצעהלט אַ לאַנגע געשיִכטע פון די פּריִצים און די פּויערים, און איִך האָבּ זיִך דערוואוסט פון לייַבּ-קנעכט און פון צרות, און פון דעם, וויִ אַזוי מען שמיַיסט די פּויערים אָהן אַ שום רחמנות און נאָך, און נאָך אַזוינע זאַכען. האָבּ איִך געזאָגט צום זיַידען:

— גלאַט שמיַיסען אַ מענשען אומזיִסט, וויִ האָט ער דאָס קיין מורא ניִשט פאַר גאָט, און וויִ האָט מען דאָס אַזאַ שטיינערן האַרץ. איִך וואָלט מיִט אַזאַ פּריִץ ניִשט געהאַנדעלט.

האָט דער זיַידע געענטפערט:

— אויבּ אַזוי, דאַרף מען מיִט קיין פּריִץ ניִשט האַנדלען. מען מוז אָבּער, מיַין קיִנד לעבּען, וואָס זאָל מען טהאָן ?

איינמאָל בּיִן איִך געפאָהרען מיִט'ן זיַידען קיין פּרוסקע, צו וויִליִווינסקיִ'ן. אַז מיִר זענען געקומען צופאָהרען, איִז דער פּריִץ מיִט'ן זיַידען געגאַנגען איִן בּרויז, וואו מען האָט געמאַכט בּראָנפען און איִך בּיִן מיִטגעגאַנגען. נעבּען בּרויז האָט דעמאָלט אַ גוי געהאַקט האָלץ. באָר וויִ ער האָט דערזעהן דעם פּריִץ, האָט ער איִן דער גיִך אַוועקגעוואָרפען דעם האַק און האָט זיִך געגעבּען אַ שטעל-אויף אַ בּלאַסער, אַ טויטער, מיִט אַזאַ ציִטערניִש איִן גוף, פּונקט וויִ ער וואָלט דערזעהן אַ וואָלף. דאָס איִז עפּעס געווען אַ שרעקליִכע סצענע און איִך וועל עס קיינמאָל ניִשט פערגעסען. דעמאָלט האָבּ איִך דיַיטליִך געזעהן,

וואָס הײַסט פּריץ און וואָס הײַסט פּויער, לײַב־קנעכט.

און נאָך אַ שרעקליכען פאַל געדענק איך, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט נאָך אַ שטאַרקערן רושם, אַזוי, אַז מיך נעהמט נאָך איצט דורך אַ קעלט, אַז איך דערמאָהן מיך אָן איהם.

אין דעמזעלבען יאָהר, האָט דעם פּריץ'ס קאָמיסאַר פּאַטשאָשע, אַ הויכער און אַ גראָבער גוי (ער האָט געמוזט וועגען אַ צוועלף פּוד), פּעררינכט די גרעבלע מיט די דרײַ בריקען, וואָס צווישען קאַמעניץ און זאַסטאַוויע. ער האָט געהײַסען אַרויספאָהרען פינף הונדערט פוהרען מיט ערד און צווײַגען, צו פּערשיטען די גרעבלע, וועלכע האָט זיך איבערגעריסען פאַר פּסח אין די גרויסע געוויסערס. שבת, געדענק איך, אַ זייגער צעהן, בין איך געגאַנגען זעהן, ווי מען פּעררינכט די גרעבליע, און ווי די אַלע פוהרען האָבען געבראַכט די נויטיגע מאַטער־יאַלען. פּאַטשאָשע איז געשטאַנען און האָט נאָכגעקוקט. נאָר איין פּויער איז געקומען שפּעטער מיט אַ שעה. באַלד האָט איהם פּאַטשאָשע געהײַסען זיך לעגען און, נעהמענדיג בײַ דעמזעלבען פּויער די בײַטש, וואָס יענער האָט געהאַט צום פערד, גראַדע אַ גוטע בײַטש, האָט איהם פּאַטשאָשע אַליין אַרײַנגעשמיסען. בײַם פופציגסטען שמיץ איז דער פּויער געבליבען טויט. פּאַטשאָשע'ן האָט עס אָבער גאָרנישט גע־אַרט, און קאַלטבלוטיג האָט ער געהײַסען דעמזעלבען פּויער'ס זוהן מיט זײַן ווײַב, אַז זיי זאָלען אַוועקפיהרען אויף דערזעלבער פוהר דעם מת... קיינער האָט נישט געטאָרט וויינען און קרעכצען...

---

איך בין אַמאָל מיט'ן זיידען געוועזען אין אַ הויף, אַ פּאָר וויאָרסט פון קאַמעניץ. דער מאַיאָנטיק איז אַפילו אַ קליינער געוועזען, וועניג פעלדער מיט לאָנקעס, נאָר די ערד איז געוועזען „עפרות זהב". אַ הונדערט דעסיאַטין, מיט גרויסאַרטיגע גערטנער, אַ קליין ריין וואַסער'ל מיט פיש און דאָס פּאַלאַציל אַפילו אַ קליינס, נאָר אַ שענס.

אַוועקפאָהרענדיג פון דעם הויפעל, האָב איך געזאָגט, אַז עס איז מיר זעהר געפעלען און עס איז אויך נישט ווײַט פון שטאָדט. האָט מיר דער זיידע דערצעהלט, אַז מיט נײַן יאָהר צוריק איז דאָ געוועזען אַנ'אַנדער פּריץ, וואָס האָט קיין קינדער נישט געהאַט, האָט ער־

פאַר'ן טויט געשיקט רופען דעם גלח און דעם זיידען, צו שרייבען אַ צואה אין זייער געגענוואַרט. דער דאָזיגער פּריץ האָט נאָך געהאַט מאַיאָנטקעס אויסער דעם. האָט ער דאָס מאַיאָנטיק'ל „סטאַרשעווו" געוואָלט אַוועקשענקען דעם זיידען. דער זיידע האָט זיך אָבער ענטזאגט. האָט איהם דער פּריץ אָבגעשריבען דריי טויזענד רובל געלד.

— איצט, — זאָגט דער זיידע, — וואָלט איך געדונגען דעם מאַיאָנטיק אין אַרענדע, ווייל עס איז נעבען שטאָדט, און וואָלט גענעבען טויזענד רובל אַ יאָהר...

אויף מיין פראַגע, פאַרוואָס האָט ער נישט געוואָלט האָבען אַזאַ שענעם מאַיאָנטיק אומזיסט, האָט דער זיידע געענטפערט, אז עס איז עפּעס דעמאָלט געווען אַ חרפה צו וואוינען אין אַ הויף, נישט אין שטאָדט. אין צוואַנציג יאָהר אַרום, נאָך דער פויערים-בעפרייאונג און נאָכ'ן פוילישען אויפשטאַנד, האָט דאָס טאַקי דער זיידע געהאַלטען אין אַרענדע און געצאָהלט פופצעהן הונדערט רובל אַ יאָהר.

## עלפטעס קאפיטעל.

מיין מוטער. — ר' לייזער. — מיין מוטער'ס ליידען. — דער קאמעניצער רב. — דער באבע'ס עצה.

מיין מוטער איז געווען ביים זיידען אין הויז ווי אנ'אנשיקעניש פון גאט. זי האט זיך נישט געפאסט צו דעם הויז. זי איז געהאדעוועט געווארען ביי אזא טאטען, ווי ר' לייזער גראדנער, וואס ער האט אין עלטער פון אכט יאהר שוין נישט געקוקט אויף ווייבער, און בעת ער איז געווען אין גראדנע מורה-הוראה, נאך זיין שוועהר ר' הלל פריד, וואס איז געווען ר' חיים וואלאזשינערס איידעם, פלעגט איהם אין גאס געהן א שמש פאראויס און אוועקטרייבען אלע ווייבער פון טראטואר.

און אז דער זיידע, ר' לייזער, פלעגט געהן אלע פרייטאג אין באד אריין, האט ער זיך אויסגעטהאן נעבען די ארימע לייט. און אז ער האט דערזעהן ביי אנ'ארימאן צוריסענע שטיוועל, האט ער זיך מיט איהם געטוישט, אזוי אויך מיט א צוריסען העמד, הויזען; ער האט אוועקגעגעבען דעם ארימאן די אייגענע און אנגעטהאן דעם ארימאנ'ס. קומענדיג אהיים, פלעגט איהם די באבע נישט דערקענען, קרוע-

בלוע, אויסער די קאפאטע מיט'ן שטריימעל. דאס האט ער שוין נישט געטארט טוישען, אזוי האט ער געזאגט. די באבע, געווענליך, פלעגט פאר אזוינע מעשים אונטערשרייען, דאס איז געווען פאר איהר אזא הוצאה, וואס איז נישט געווען נאך די כחות נאך, ווארום שטארט האט אין יענער צייט געגעבען דעם רב ווייניג שכירות, אזוי, אז זיי האבען קוים געהאט צום לעבען; און אז זי וועט נעהמען מאכען דעם מאן אלע פרייטאג נייע מלבושים, וועט איהר אויף דעם דער קאפ נישט סטייען. ער פלעגט איהר אבער בערוהיגען דערמיט, וואס דער ארימאן דארף בילכער האבען גוטע שטיוועל איידער ער, ווייל יענער דארף, נעבעך, געהן פערדיענען געלד; אין א צוריסענעם מלבוש און צוריסענע הויזען קען ער דאך זיך, ערשטענס, פערקיהלען, און, צווייטענס, קען מען גאר אין אזוינע בגדים לאנג נישט זוכען קיין ארבייט.

די באבע האט איהם נישט געוואלט מצער זיין, פלעגט זי אריין צו איהר אין צימער און וויינען. די זאך איז אבער בעוואוסט געווארען אין שטאדט. האט זיך געפונען א גביר, וואס האט זיך געהאלטען פאר א קרוב און יענער פלעגט שוין דער באבען פרייטאג פאר־נאכט אריינשיקען מלבושים, אויב דער רב האט זיינע צוטיילט.

ער האט געהאט א סך ספרים, וואס האבען דערגרייכט אין די טויזענדער רובל'ס. די דאזיגע ספרים האט ער גע'ירשנ'ט פון פאטער ר' יחזקאל און פון שוועהר ר' הלל, און זיי האבען פול געמאכט די שטוב.

דאס רוב פלעגט ער זיצען אין א צימער מיט א פערקייטעלטער טהיר און פלעגט לערנען. אין צימער איז געווען א קליין טהירעלע, וואס ער פלעגט עפענען, ווען זיין ווייב, די רבי'צין, האט אנגעקלאפט. ווען ווייבער זענען געקומען מיט א שאלה, האט די רבי'צין אויסגעהערט די שאלה און איבערגעגעבען דעם מאן דורכ'ן טהירעלע און ער האט שוין דערביי גע'פסק'ענט. אז עס איז געווען א טרפות־שאלה, אדער א שאלה מיט עופות, פלעגט איהם די רבי'צין דערלאנגען דורכ'ן טהירעלע דעם אביעקט פון דער שאלה און ער האט איבערגעזעהן און גע'פסק'ענט. די רבי'צין איז שוין דעריבער געווען א גרויסער בקי אין שאלות און אממיינסטען פלעגט זי אליין פסק'ענען.

דער מאן פלעגט זי אויסהערען און אויספרובען, [illegible] שפעטער

האָט ער איהר אַרויסגעגעבען סמיכה צו פּסק'ענען די גרינגערע שאלות. זי האָט אויך געקענט גוט לערנען אַ בלאַט גמרא, מען האָט זי געהאַלטען אַפילו פאַר אַ למדן.

דער זיידע ר' לייזער פלעגט נאָר קריאת-שמע און שמונה-עשרה דאַווענען מיט'ן עולם. דאָס איז אויך געווען פאַר'ן עולם שווער. מען האָט בעדאַרפט לאַנג וואַרטען, אוודאי ביי אַ שעה צייט. די איבעריגע תפילות האָט ער שטענדיג געדאַווענט „פאַר זיך", און דאָס האָט געדויערט צוויי שעה. בענטשען האָט ביי איהם געדויערט אַ שעה. ביי יעדען וואָרט האָט ער זיך פער'דבוק'עט מיט די אויגען צו גאָט און זיך איבערגעגעבען די כונות התפלות. ער איז געווען אַ גרויסער בקי אין שאלות-ותשובות און צו איהם פלעגען קומען רבנים פון גאַנץ ווילנער אָקרוג. ווידער האָט ער געהאַט אַזעלכע ספרים בנוגע צו שאלות ותשבות, וואָס מען מען קריגט דאָס גאָרנישט אין ערגעץ צו קויפען.

שטענדיג איז ביי איהם געווען פול די שטוב מיט רבנים און לומדים. די גראָדנער לומדים האָבען ליעב געהאַט זאָגאַר צו ריידען מיט דער רבי'צין פון תורה, ווייל צו איהם איז זיי געווען שווער אָנצוקומען. זי האָט געהאַט זעהר אַ גלייכען שכל אין לערנען, און דאָס, וואָס איהר איז אויסגעקומען שווער, האָט זי דאס איבערגעפרעגט ביי איהם, ווען קיינער איז נישט געווען.

מיין מוטער האָט מען אָנגעהויבען ריידען שדוכים, ווען זי איז אַלט געוואָרען צוועלף יאָהר; נאָר דער זיידע, וואָס האָט זיך פערשטאַנען אויף מענשען, האָט עפּעס נישט געקאָנט צוקלויבען. ער האָט, וואַהרשיינליך, געזוכט אַזאַ חתן, וואָס זאָל זיין אי גרויס אין למדנות, אי אין יחוס. און אַזאַ, אויב עס האָט זיך שוין געפונען, איז ער דער באָבען נישט געווען געפעלען. זי האָט נישט געוואָלט, אַז איהר טאָכטער זאָל האָבען אַ שלימזול פאַר אַ מאַן, זי פלעגט זאָגען, אַז אַ שלימזול'ניק אַ רב איז אויך נישט גוט פאַר אַ ווייב און קינדער.

זי האָט געהאַט אַ גרויסע דעה ביי איהם, איז געווען אַ גרויסע יחסנ'טע, אַ חכמה און דורך איהר האָט ער אייגענטליך געקענט זיין אַנ'ערליכער יוד, ווי ער האָט געוואָלט. זי האָט זיך פיעל אָנגעליטען פון זיין פרומקייט און גוטסקייט, און אַז אָרימע-לייט פלעגען קומען צו איהם איז שטוב אַריין בעת'ן עסען, האָט ער זיי אַלעמען געבעטען צום

טיש און אַוועקגעגעבען די בעכטע חלקים. ער האָט געזאָגט, אַז דער אָרימאַן איז, נעבעך, אַזוי הונגעריג, איז נעבעך, אַזוי זשעדנע אַ שטיקעל ברויט, אַז עס נעהמט אָן אַ צער צו קוקען... און אַזוי האָט ער געקענט בעטען צום טיש אַ צעהן-צוועלף אָרימע-לײַט. זענען אַלע שטובינע אַוועק פון טיש הונגעריג, און טאָמער האָט נאָך פאַר אַ פּאָר אָרימע-לײַט אויסגעפעהלט, האָט ער געשיקט דערקויפען ברויט מיט זעמעל און נישט אַוועקגעלאָזט זיי הונגעריג.

די רבי'צין האָט שטענדיג געוויינט און געקלאָגט, אַז זי קען קיינמאָל נישט אויסקומען מיט דער הוצאה, חאָטש זי האָט געהאַט פיעל שטיצע פון איהרע רבנים-משפחה, וואָס זיי האָבען געוואוסט די לאַגע, און גבירים זענען אויך געווען, וועלכע האָבען פיעל געשטיצט. אָבער עס איז אַלץ ר' לײַזער'ן געווען ווייניג פאַר זיינע אָרימע-לײַט, וואָס ער וויל זיי מחיה זיין. זי מיט די קינדער האָבען כמעט געליטען הונגער.

אַז זיי האָבען געטהאָן מיט מײַן טאַטען דעם שידוך, איז די טאָכטער שוין דעמאָלט געווען „אַנ'אַלט מיידעל": אַכצעהן יאָהר אַלט און אפשר אַ סברה אַז נײַנצעהן... די מוטער האָט געוויינט, ווי געוועהנליך פערצײַטען, אַז מען האָט אַזאַ אַלט מיידעל און נאָך אין אַ פאַמיליע פון לויטער גאונים. דעם שידוך האָבען זיי שוין מקבל באהבה געווען, ווײַל דער חתן איז געפעלען געוואָרען בײדע צדדים, אי דעם רב, אי דער רבי'צין. נאָר איין חסרון: דער מחותן איז געווען אַ פּראָסטער בשר ודם, אַ בעל-הבית אַ תקיף, אַ פרנס-חודש—דאָס איז פאַר זיי געווען אַ גרויסער קלאַפּ, אַ שרעקליכער פלעק אין דער פאַמיליע.

אָבער צוליעב די צוויי וויכטיגע אורזאַכען: די טאָכטער איז שוין „אַנ'אַלט מיידעל" און דער ברודער וועט פערלירען די רבנות האָט מען געמוזט זיך בעשליסען צו נעהמען דעם חתן אויף פערהער. האָט דער זיידע, ר' לײַזער, אײַנגעזעהן, אַז דער חתן האָט אַ גוטען קאָפּ און קען אַרויסקומען אַ גרויסער למדן. דער טאַטע איז געווען אַ קלוג יונגעל און זײַן טאַטע, דער זיידע אהרן-לײַזער, האָט איהם אויסגעלערנט ווי ער זאָל זיך האַלטען בײַם אָנקומען אין גראָדנע צום מחותן, און דער טאַטע האָט זיך געמאַכט פאַר אַ צדיק תמים, וואָס ווייס נעבעך

ניִשט צוווײַ צו צײַהלען, אויסער די תּורה און עבודת השם.

פאַר'ן פאָהרען קײַן גראָדנע אויף די תּנאים, דעמאָלט אַ צוועלף־יעהריג יונגעל, האָט ער איבּערגעקוקט דעם גאַנצען ספר יסוד־שורש־העבודה און איז געקומען צום מחותּן אַ פרומיטשקער, מיט אַנ'איינגעקנייטשט פּנים'ל, חאָטש ער איז געווען אַ פריש און אַ געזונד יונגעל.

קורץ, ער האָט נושא־חן געווען אין בּײַם מחותּן ר' לייזער'ן, אין בּײַ דער מחותּנת. זי האָט געזעהן, אַז ער איז אַ קלוג, אַ שעהן, און זי איז געווען זיכער, אַז פון איהם וועט געוויס אַרויסקומען אַ גוטער רב.

די מאַמע, וועלכע האָט זיך געהאָדעוועט אין אַזאַ פרומען הויז פון אַזעלכע גאונים און צדיקים, איז, נעבּעך, אַנגעקומען אין אַ הויז, וואו מען האָט ניִשט געהערט אַ וואָרט תּורה. צווישען די מענשען, וועלכע קומען צום שוועהר, האָט מען ניִשט געזעהן קיין איין רב, קיין איין למדן, קיין איין צדיק, נאָר אַלץ עפּעס יודען, יודען, יודען, און אַ יוד, ניִשט קיין רב, האָט בּײַ איהר קיין ווערט ניִשט געהאַט. און נאָכמעהר, זי האָט זיי גאָר פאַר קיין מענשען ניִשט געהאַלטען. גלאַט עס דרעהען זיך אַרום יודען און מען לערנט ניִשט און מען דאַווענט ניִשט, אָהן דרך־ארץ און יודישקייט, פּראָסטע שלש־סעודות'ן, און מען רעדט נאָר פון ניבול־פּה, פון לשון הרע און דעסגלײַכען.

דערצו איז נאָך די מאַמע, זכרונה־לברכה, געווען ניִשט קיין איבּעריגע קלוגע, קען מען זיך פאָרשטעלען ווי זי האָט זיך ניִשט גע־פּאַסט צו אונזער הויז.

דעם מאַן האָט זי ליעבּ געהאַט, ווי איהרע עלטערן, וואָרום אויסער אַלעם איז ער געווען זעהר אַ גוטער, אַ גרויסער בּעל־מידה און אַ שטילער. דער זיידע אהרן־לייזער האָט די שנוהר ניִשט איבּעריג ליעבּ געהאַט, איז געווען מיט איהר פון ווײַטען. די באָבּע בּיילע־ראַשע, ווידער, איז אויך געווען פון איהר ניִשט צופרידען. די מאַמע איז ניִשט געווען קיין בּריה, האָט ניִשט געקאָנט קאָכען און באַקען, ווי די פער־צײַטישע ווײַבּער האָבּען געקענט, אַפילו די גרעסטע גביר'טעס פלעגען אַליין קענען אַלץ טהאָן. זי האָט אַפילו ניִשט געקענט נייהען, וואָס קליינע מיידעלעך פלעגען אַמאָל קענען. די מאַמע האָט קיין זאַך ניִשט געקענט.

דערפאַר איז זי אָבער געווען זעהר אַ פרומע, קיין גמרא האָט די מאַמע נישט געקענט, נאָר אין דעם חובת הלבבות און מנורת המאור איז זי געווען קלאָר, כמעט אויף אויסוועניג. שטענדיג האָט זי געלערנט דעם חובת הלבבות און איז געווען אַזוי פערטהאָן דערין, אַז איהר האָט כמעט גאָרנישט געאַרט, וואָס איהר מאַן איז געוואָרען אַ חסיד, און אַז דער טאַטע, וואָס איז געוואָרען אַ חסיד באַלד נאָך דער חתונה, האָט געזעהן, אַז דאָס ווייב שטערט איהם נישט, האָט ער זי בעזונדערס געשעצט דערפאַר.

אין אַ געוויסער צייט אַרום איז די מאַמע צוגעוועהנט געוואָרען צום הויז מיט אַלע זיינע בעזוכער, און כדי אָבצוהיטען די געסט פון לשון-הרע, רכילות, לצנות און ניבול-פה, פלעגט זי האַלטען דעם קליינעם חובת הלבבות ביי זיך, און ווי נאָר עמיצער האָט אָנגעהויבען צו ריידען לשון-הרע, פלעגט זי באַלד אָוועקלעגען אַ מוסר און אָבזאָגען אַ שטיק חובת הלבבות, אין וועלכען עס ווערט גערעדט פון דער גרויסער עבירה לשון-הרע. זי האָט פראָסט נישט געלאָזען זיי לעבען. פון אָנפאַנג איז זיי געווען שווער, אַ געשעפט מיט אַ פרומען ווייבעל! דערנאָך אָבער זענען זיי צוגעוועהנט געוואָרען און פלעגען זיך טאַלוויי אָבהאַלטען פון די אַלע שלעכטע רייד.

אָפט פלעגט זי בעזוכען דער קאַמעניצער רב, איהר פעטער. ער פלעגט פשוט קומען צו איהר אין שטוב אַריין, וואָס דאָס איז געווען אַנ׳אויסערגעוועהנליכע זאַך. ער פלעגט צו קיינעם נישט געהן. אַגב האָט איהם זיין ברודער געבעטען, אַז ער זאָל מקרב זיין זיין טאָכטער און זי בעזוכען. איהר פאָטער האָט פערשטאַנען, אַז זי איז אַריינגעפאַלען אין אַ שטוב, וואָס דאַרף איהר זיין פרעמד, לויט איהר ערציהונג, און איהם איז געווען וויכטיג, אַז זיין ברודער זאָל אויף איהר אַכטונג געבען. מיט זיין אָפטען קומען האָט ער אפשר ווייכער געמאַכט דעם שוועהר׳ס האַרץ, וואָס איז צו איהר נישט זעהר גוט גענויגט געווען.

אין דריי יאָהר אַרום האָט דער זיידע זיך שוין מיאש געווען פון זיין געדאַנק מתחתן צו זיין זיך מיט גרויסע רבנים. ער האָט געזעהן, ווי ער איז איינגענטליך אַריינגעפאַלען מיט דער שנוהר, די בת-הרב, און האָט גלאַט איינגעפונען, אַז ס׳איז נישט קיין יושר

צוליעב יחוס טהאָן אַ רעה זיינע זיהן און געבען זיי אַזעלכע שלימזל־ניצעס פאַר ווייבער.

מיט זיין יאָסעלען האָט ער שוין געטהאָן אַן׳אַריסטאָקראַטישען שידוך פון גרויסען שטאַנד. דאָ האָט ער שוין געזוכט בלויז וועלטליכע מעלות: שענקייט, גדולה, פעהיגקייט — און אַזאַ האָט ער געפונען.

דאָס איז געווען אַן׳אָנגעזעהענעם נישט־היגען סוחר׳ס אַ טאָכטער און זעהר אַ שענע.

עס איז געווען מיט מזל די חתונה און די שענע שנוהר איז געקומען צופאָהרען קיין קאַמעניץ אין אַ קאַרעטע מיט פיער פערד, מעשה־פריצ׳טע. אויף דער כלה׳ס שענהייט איז געלאָפען קוקען די גאַנצע שטאָדט און מען איז געווען ענטציקט פון איהר רייץ, פון איהר עלעגאַנטישקייט, פון איהרע טייערע ציהרונג, וואָס זי האָט געטראָגען. אהרן־לייזער׳ס פרייד איז נישט מעגליך געווען אָבצושאַצען. דערצו איז זי געווען אַ קלוגע, אַ וואויל־ערצויגענע, אַ טאַקטישע, האָט זיך דעליקאַט בעצויגען צו מענשען און איז געווען אַ גרויסע בריה.

דער זיידע האָט זי משונה ליעב געהאַט, ער האָט זי שטענדיג געהאַלטען נעבען זיך און זי איז ביי איהם געווען טייערער פאַר אַלע קינדער.

מיט יוכבד׳ס אָנקומען האָט זיך זעהר פערערגערט מיין מאַמע׳ס לאַגע. אויב מען האָט זי פריהער נישט ליעב געהאַט, האָט מען זיך חאָטש מיט איהר גע׳יחסנ׳ט, און איצט אָבער, ווי די נייע שענע שוועגערין איז אָנגעקומען, האָט שוין דער רב אויפגעהערט צו בעזוכען זיין פלימעניצע און דער זיידע האָט זי אָנגעהויבען פשוט צו האַסען. איצט האָט ער געזעהן דעם אונטערשיעד צווישען דעם רב׳ס טאָכטער מיט ר׳ שמעון דייטש׳ס טאָכטער, און די לעצטע האָט איהם ממש פער׳כשופ׳ט.

דער מאַמען איז געווען אונערטרעגליך, אַגב אויך די קנאה, וואָס אַלע ליעבען די יונגערע שוועגערין, אַלע מאַכען איהר קאָמפּלימענטען, און דער שוועהר, וואָס צאַצקעט זיך מיט יוכבד׳ן, וויל אַפילו אויף איהר קיין קוק נישט געבען. פלעגט זי שטענדיג זיצען און וויינען. זי האָט אויפגעהערט אַריינצוקומען אין שטוב אַריין, וואו דער

שוועהר מיט די אַלע קאַמעניצער לײַט האָבען זיך געפונען. די קאַמעניצער לײַט זענען גלאַט געווען צופריעדען, וואָס זיי זענען פטור געוואָרען פון איהר, וואָס האָט שטענדיג זיי געשטערט דאָס לעבען און ניט געלאָזט ריידען, וואָס זיי האָבען געוואָלט.

די יונגע שנוהר האָט אַרײַנגעבראַכט נײַע אָרדנונגען אין שטוב און אין דער ווירטשאַפט, גאָר אויפ'ן אַריסטאָקראַטישען אופן. זי האָט געמאַכט נײַע גערילכטען מיט נײַע פערשידענע געבעקסען און דערצו האָט זי ניט געקאָנט זיצען ליידיג. דאָ האָט זי גענייהט און דאָ געאַרבײַט, פערריכט אַלעמענס וועש, גענייהט פאַר ווײַבער קליידער און פאַר מאַנסביל הויזען. די שטוב האָט גאָר געקראָגען אַנ'אַנדער אויסזעהן, עס איז געוואָרען ריינער און ציכטיגער אין שטוב און די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך אָנגעטהאָן ריינער, פערפוצטער.

די מאַמע איז אַלעמאָל געלאָפען צום רב זיך אויסווײַנען איהר הארץ. און דער רב האָט איהר געטרייסט און אײַנגערוהיגט דערמיט, וואָס איהר מאַן איז אַ סך טײַערער פאַר יוכבד'ם.

יאָסעל איז אַפילו אויך געווען אַ גאַנץ פײַנער יונגערמאַן, אַנ'אָרענטליכער, אַנ'ערליכער, ער האָט אויך געקענט לערנען, אָבער משה, מיין פאָטער, איז געווען קליגער און בענאַבטער פאַר איהם, און אַ גרעסערער בעל־מידה.

אַז די מאַמע האָט געווײַנט בײַ איהר אין צימער גופא, האָט זי דער טאַטע געטרייסט מיט דיזעלבע ווערטער, וואָס איהר פעטער, דער רב. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. איז געבליבען בײַם טאַטען ער זאָל אַרויס אינגאַנצען פון פאָטער'ס הויז אין אַ בעזונדערע דירה, וועט זיך ענדיגען די גאַנצע שנאה מיט די קנאה. זי וועט זיך לערנען איהר חובת הלבבות מיט'ן מנורת-המאור און דעם ספר החסידים— און עס וועט זײַן רוהיג אין שטוב.

האָט ער אָבער מורא געהאַט אויסצוזאָגען דעם פאָטער אַזאַ זאַך און איז געגאַנגען צו דער מוטער זיך מישב זײַן. געוואוסט האָט ער, אַז די מוטער האָט אַ גרויסען אײַנפלוס אויפ'ן פאָטער און ער פאָלגט איהר אין גרעסערע זאַכען.

האָט די מוטער איהם געגעבען אַנ'עצה, אַז ער זאָל אָנשרײַבען אַ גוטען בריעף צום פאָטער, דערצעהלען איהם, ווי זײַן שרה ווײַנט ווי

טאָג, אַזוי נאַכט, און אַז ער וויל זיך אַרויסציהען אין אַנ'אַנדער דירה, אַלזאָ, האָט ער זעהר מורא פאַר איהרע טרעהרען, וואָרום איהר פאָטער איז שוין געשטאָרבען, אַ יתומה, און לכן געפינט ער קיין אַנדער וועג נישט צו בערוהיגען זיין ווייב, ווי נאָר אַז זיי זאָלען אַרוים בעזונדער.

— דו שרייב אָן אַזאַ בריעף דעם טאַטען, — האָט זי איהם געראַטען, — וועט עס איהם אַריין אין האַרצען. ער איז דאָך אַנ'ערהר-ליכער יוד, און אַז דו וועסט איהם אַריינוואַרפען די ווערטער: טרעה-רען, געשטאָרבענע עלטערן, צדיקים, וועט דאָס אויף איהם שטאַרק ווירקען. ער וועט מיר אוודאי דערציהלען פון דעם בריעף, און וועט מיך געוויס פרעגען אַנ'עצה; וועל איך איהם שוין וויסען, וואָס צו זאָ-גען.

ער האָט אַזוי געטהאָן. דער זיידע האָט בעקומען אַ בריעף. פון אָנפאַנג איז ער געוואָרען בייז אויף זיין זוהן, וועלכער וויל ענדערן זיין כלל, צו וואוינען שטענדיג צוזאַמען מיט אַלע קינדער, וואָס אַז מען זאָל איהם געבען כל הון דעלמא, וואָלט ער פון דעם כלל נישט אָבטרעטען. נאָר די טרעהרען פון דער בת-גדולים איז איהם אַריין טיעף אין האַרצען, און ער האָט מורא געקראָגען, ער זאָל, חלילה, נישט קריגען קיין קללה פון איהרע עלטערן, די צדיקים. ער האָט זיך קיין עצה נישט געקענט געבען און איז זיך געגאַנגען מישב זיין מיט זיין ווייב ביילע-ראַשע'ן.

ביילע-ראַשע די חכמה, האָט איהם דערויף געזאָגט אַז זי איז טאַקע אויך זעהר אונרוהיג, ווייס שרה וויינט שטענדיג און מען דאַרף זיך גלאַט רעכענען מיט אַזעלכע גרויסע צדיקים, עס זאָלען, חלילה, איהרע טרעהרען נישט אָנקומען צו זיי.

— איך ציטער זעהר פאַר זיי, — האָט די באָבע געזאָגט, — און אַגב איז דאָך אַ רחמנות אויף אונזער משה'ן. פאַרוואָס זאָל איהם פערשטערט ווערען זיין לעבען צוליעב איהרע טרעהרען?

דערנאָך האָט די באָבע געזאָגט, אַז מען איז מיט איהר אַריינ-געפאַלען אויפ'ן פיינעם אופן. זי איז דאָך אַ שלימזול און קען אַ קאַץ דעם וויידעל נישט פערבינדען. נאָר וואָס זאָל מען טהאָן, פערפאַלען, דאַרף מען זעהן, אַז זיי זאָלען כאָטש לעבען אָהן צער.

די באָבע האָט געקענט ריידען און האָט געווירקט אויפ'ן זיידען, ווען זי האָט בעדאַרפט.

דער טאַטע האָט אויסגעפיהרט. ער האָט געדונגען אַ דירה ביי שלום יאָרעס; דריי צימערן מיט אַ קיך פאַר צוואַנציג רובל אַ יאָהר, און פאַר דער מאַמען האָט זיך געעפענט אַ נייע וועלט. איצט האָט זי אָנגעהויבען צו לעבען לויט איהר רצון און איהר געשמאַק, דאָס הייסט, זי איז שטענדיג געזעסען אויף איהרע ספרים און האָט נישט אָנגעזעהן אין די אויגען יוכבד'ן מיט'ן שוועהר, מיט די אַלע קאַמעניצער לייט. אַמאָל פלעגט זי געהן צו איהר פעטער און פלעגט שעה'ן-לאַנג פער-ברענגען מיט דער רבי'צין.

די מאַמע האָט קיינמאָל נישט גע'דאגה'ט פאַר פרנסה, ווי אַנ-דערע ווייבער, און ס'איז איהר גלאַט קיין זאַך נישט אָנגעגאַנגען. זי האָט נישט געוואוסט, וואָס עס קאָכט זיך מיטאָג, ווען וועט ער זיין פאַרטיג — דאָס איז נישט איהר עסק. וועגען נייהען און פערריכטען אַ העמד איז גאָר קיין רייד נישט. אַפילו שבת און יום-טוב איז אויך דורכגעגאַנגען אָהן איהר האַנד, פונקט ווי זי וואָלט גאָר קיין בעל-הבית'טע נישט געווען.

אַזוי האָט די מאַמע אָבגעלעבט מיט'ן טאַטען אַ יאָהר דרייסיג, רוהיג, רעגולער, ניין חדשים געשוואַנגערט, צוויי יאָהר געזויגען, אַלע דריי יאָהר פון דאָס ניי אַ קינד. זי האָט נאָר אַלטונג געגעבען אויף דאָס קינד, וואָס זי זויגט און אויפ'ן חובת-הלבבות.

דער טאַטע האָט מיט איהר קיינמאָל נישט גערעדט פון געשעפט און נישט געפרעגט, וואָס פאַר אַ מיטאָג וועט היינט זיין. ער האָט געוואוסט, אַז זי וועס נישט, און אַז ער פלעגט קומען אַהיים פלעגט זי איהם דערצעהלען מעשיות פון מנורת-המאור, ווי אַזוי מען דאַרף דינען גאָט לויט דער חובות הלבבות און אַנדערע הייליגע ספרים. דער טאַטע פלעגט אויסהערען די מעשיות און שווייגען.

## צוועלפטעס קאַפּיטעל.

די פּריצים. — בעריל בענדעט. — טשעכטשאָווע. — סיחאָווסקי. — בעריל בענדעט'ס טרייַקייַט. — דער בלבול. — דער קריגן צווישען דעם פּריץ מיט דער פּריצ'טע. — באָנאָסלאַווסקי. — דער סוף פון בלבול. —

דער זיידע האָט געוואָלט מחנך זייַן זייַנע זיהן צווישען די פּריצים. דאָס איז איהם נישט אייַנגעגאַנגען. מייַן פאָטער האָט נישט געוואָלט קענען די פּריצים; ער האָט פייַנט געהאַט די שאַרלאַטאַנעס און האָט נישט געוואָלט זייער פּרנסה. ער האָט זיך בעשעפטיגט מיט דער אַרענדע. דער ברודער יאָסעל, ווידער, האָט אויך נישט געטויגט צו זיי. מאַכען קאָמפּלימענטען, חנפה'נען, ווי אַ הונד, די פּריצים האָט ער נישט געקענט און ער האָט זיך אויך געהאַלטען בייַ דער אַרענדע.

דער זיידע האָט אָבער פאָרט געוואָלט איבערגעבען זייַנעם אַ קינד די געשעפטען מיט די פּריצים, מאַכען בעקאַנט מיט זיי. האָט ער אויסגעקליבען פון זייַנע צוויי אייַדעמס דעם עלטערן, בעריל-בענדעט'ן, וואָס האָט חתונה געהאַט אין דער בהלה צו עלף יאָהר. דאָס איז געווען אַ חוואַט אַ יונג. נאָך דעמאָלט איז ער געווען אַ גאַנצער פראַנט און האָט זיך געפּוצט און געציירט און געהאַט אַ גלאַט צינגעלע.

און דער זיידע האָט איהם אָנגעהויבען מיטנעהמען צו די פּריצים, און בעריל-בענדעט האָט ביי זיי נושא חן געווען.

איינמאָל איז דער זיידע מיט איהם געווען אין הויף טשעלטשאָווע, ביים פּריץ סיחאָווסקי. ביי דעם דאָזיגען פּריץ האָט בעריל-בענדעט זעהר אויסגענומען, אָבער אַזוי ווייט, אַז ער האָט איהם פאַרגעלעגט די שטעל פון אַ קאָמיסאַר איבער'ן הויף. ביז איצט איז די שטעל בעזעסען אַ קריסט, אַ שיכור, פון וועלכען דער פּריץ איז אויסגעריסען געוואָרען. ער איז געווען אַ קלוגער פּריץ, און איהם איז איינגעפאַלען נעהמען בעסער אַ יוד אויף זיין אָרט, אַ יוד איז שטענדיג ניכטער און בעריל-בענדעט איז פּאַסיג דערצו.

דער זיידע האָט איהם, פערשטעהט זיך, פערלויבט בעריל-בענדעט'ן, נאָר פונדעסטוועגען האָט ער בעמערקט דעם פּריץ, אַז זיין איידעם איז נאָך צו-יונג פאַר אַזאַ שטעלע.

סיחאָווסקי איז דערמיט נישט מסכים געווען. ער, דער איידעם, איז זיך יונג, אָבער ער טויג און וועט טויגען.

— און, — האָט דער פּריץ געזאָגט, — אויב דו ווילסט, טאָ פערבלייב דו מיט'ן איידעם ביי מיר אַ קורצע צייט. וועסט איהם די ערשטע צייט צו-ווייזען, האָטש דאָס איז אייגענטליך איבעריג. זאָל ער שוין בלייבען. און איך וועל אַרויסשיקען אַ קאַרעטע צו ברענגען זיין ווייב און די קינדער מיט די זאַכען. איך וועל איהם אָבגעבען דאָס הויז, וואו דער אַלטער קאָמיסאַר האָט געוואוינט, מיט דריי בהמות, דריי דינסטען און אַ לאָקיי, און די קאַרעטע מיט פיער פערד פון יענעם קאָמיסאַר וועט זיין פאַר איהם.

דעמאָלט, אין יענער צייט, איז פאַר אַ לייטישען מענשען געווען אַ חרפּה צו וואוינען אין אַ דאָרף, זיין, הייסט עס, אַ ישובניק. נאָר אַזאַ שענע שטעלע און נאָך ביים פּריץ סיחאָווסקי'ן, וואָס ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גוטען מענשען בכלל, — און פאַר אַ יודען-פריינד בפרט, איז דעם זיידען געפעלען געוואָרען. ער האָט אָבער געזאָגט סיחאָווסקי'ן, אַז ער מוז זיך וועגען דעם מישב זיין אין דערהיים מיט'ן מחותן זעליג אַנדאַרקעס און מיט די ווייבער, און די צווייטע וואָך וועט ער שיקען אַ בריף מיט אַנ'עקסטרע-מענשען.

אַז דער זיידע איז געקומען אַהיים, האָט ער זיך באַלד מישב

געוועזן מיט זיין ווייב ביילע-ראשע. איהר איז געפעלען געוואָרען די שטעלע, ווידער איז זי געוועזן זיכער, אַז בעריל-בענדעט וועט זיין אַ גוטער בעל-הבית און וועט ביי סיחאָווסקי'ן געוויס נושא חן זיין. איז שוין איהר טאָכטער, הייסט עס, פערזיכערט מיט פרנסה, ווי אַ פריצ'טע. ווייטער איז גאָר קיין חרפה נישט צו זיין אַ ישוב'ניק, עס איז זיך נישטאָ וואָס צו שעמען. שענער און בעסער איידער צו האַלטען די אַרענדע און שטענדיג זיך רייסען מיט דער שטאָדט, האָבען אַנ'עסק מיט די שענקערס, מיט שכורים און אַלערליי אויסוואורפען. דאָס אַלץ האָט אייַנגעפונען די באָבע און עס איז בעשלאָסען געוואָרען אָנצונעהמען די שטעלע.

דער זיידע האָט אַוועקגעשיקט אַ בריעף צו סיחאָווסקי'ן, אַז זיין איידעם נעהמט אָן די שטעלע. דער פריץ האָט געענטפערט, אַז דער יונגערמאַן זאָל זיך צוגרייטען מיט דעם ווייב און קינדער צום פאָהרען, אין דריי טעג אַרום שיקט ער פוהרען נאָך זיי. מיטוואָך איז געקומען פון פריץ סיחאָווסקי אַ קאַרעטע מיט פיער פערד, און דריי פוהרען צו צוויי פערד פאַר די זאַכען. דער זיידע איז מיטגעפאָהרען.

אַז זיי זענען געקומען, האָט דער פריץ געשיקט דעם עקאָנאָם העלפען אייַנאָרדנען זיי אין דער נייער וואוינונג. דערנאָך האָט סיחאָווסקי גענומען דעם זיידען צו זיך אין צימער אַריין און איבערגעגעבען איהם אַלע אַרבייטען, מיט וועלכע עס וועט זיך דאַרפען בעשעפטיגען דער איידעם.

— קודם כל, — האָט ער געזאָגט דעם זיידען, — בעדאַרף מען זיך האַלטען שטאַלץ מיט די עקאָנאָמען און מיט די פויערים, פונקט ווי ער וואָלט געווען אַליין דער פריץ. ער בעדאַרף זיך פערגעסען, אַז ער איז אַ יוד און דאַרף מוטהיג פיהרען די געשעפטען.

דער זיידע, וואָס איז געוועזן זעהר אַ הייסער צו זיין פאַמיליע, האָט צוגעזאָגט דעם פריץ צו פערברענגען אַ וואָך צייט מיט'ן איידעם און אין דער צייט וועט ער איהם צולערנען, ווי אַזוי מען בעדאַרף זיך אָבגעבען און אַרבייטען אויף אַזאַ שטעלע.

סיחאָווסקי איז געוועזן בטבע אַ רוהיגער מענש, ער איז געוועזן זעהר רייך און האָט ליעב געהאַט צו לעבען אינגאַנצען רוהיג, ער זאָל גאָרנישט האָבען וואָס צו טהאָן און וועגען וואָס צו טראַכטען. די

אײנציגע תאוה זײנע איז געװען — יאַגד, צו װעלכער ער האָט געהאַט פערשידענע געװעהר, מיט הױכע גרױסע יאַגד-הינד, װאָס האָבען זיך אױסגעצײכענט אין דער גאַנצער געגענד. צו דעם האָט ער געהאַט אַ בעזונדערע גרױסע שטוב, װאו די טײַערע יאַגד-אינסטרומענטען זענען געװען אױסגעהאָנגען אױף די װענד, אױף טײַערע יאַגד-קאַװיאָרען, און צװײ שטאַהלען מיט שפּאַנען און בעזונדערע יאַגד-פערד, װאָס האָבען אָבגעקאָסט צעהנדליגער טױזענדער.

די פּריצ'טע איז געװען זעהר אַ שלעכטע, אַ גרױסע װירטין, האָט פײַנט געהאַט אַ יודען און האָט אָבער בײַם מאַן קײן דעה נישט געהאַט.

דער פּאַלאַץ איז געװען גאָר אַ פירשטליכער. אין גרױסען זאַל האָבען געקענט טאַנצען אַ פּאָר הונדערט מאַן. אױף די װענד האָט געבלישטשעט גאָלד. שטענדיג זענען בײַ זײ געװען געסט פון די אַרומיגע הױפען, און מען האָט גאַנצע נעכט פערבראַכט אין עסען און טרינקען, אָבער שנאַפּס װעניג. דער פּריץ האָט פײַנט געהאַט שכורים, דאָסזעלבע מיט קאָרטען. און האָט מען געשפּילט, האָט ער זיך געסטאַרעט, אַז מען זאָל קײן כך נישט פערשפּילען. ער האָט גרױסאַרטיג גוט געשפּילט מיט דעם װײַב ראָיאַל. אָפט האָט מען געטאַנצט, און זײ האָבען געשפּילט.

װי געזאָגט, האָבען זײ געפיהרט, לפי ערך, אַ שטיל לעבען, אַלץ מיט אַ מאָס און מיט אַ טאַלק, און דעריבער זענען בײדע געװען געזונד װי די שטײנער. געהאַט האָבען זײ נאָר אײן-אײנציגען זוהן. אַלע טאָג נאָך מיטאָג האָט ער מיט דער פרױ געריטען אױף צװײ שענע פערד, געריטען גלאַט, פון געזונד װעגען, און מען האָט געלעבט אַ טאָג.

אױסער דאָס גוט, אין װעלכען ער אַלײן האָט געװאױנט, האָט ער געהאַט נאָך צװײ גיטער מיט אַ סך פעלדער, װעלדער, שײַערן, שפּײַכלער, אַמבאַרען און אַ סך פּױערים.

דער זײדע איז אָבגעװען מיט בעריל-בענדעט'ן אַ װאָך צײַט און זיך מעהר אָדער װעניגער בעקאַנט מיט'ן מאַיאָנטיק און מיט די פּױערים, װאָס עס פאָדערט זיך פון אַ קאָמיסאַר. זײ האָבען באַלד אַרױסגעגעבען די עקאָנאָמעס נײַע פעראָרדנונגען און האָבען אין אַלץ אַרײַנגע-

בראַכט נײַעס. אויך איז מען געקומען פון יענע צוויי הויפן נאָך פּעראָרדנונגען. און דער זיידע מיט'ן אײדעם האָבן נישט געשלאָפן.

מיט זײַן קלוגען אויג האָט דער זיידע באַלד איינגעזעהן, אַז בעריל-בענדעט איז פעהיג און טיכטיג און וועט גאָר גוט טויגען צום עסק, ער האָט איהם נאָך צוגעגעבען מוט, וואָס יענעם האָט עס, אפּנים, אַזוי אויך נישט געפעהלט.

דער פּריץ פון זײַן זײַט האָט זיי טעגליך בעזוכט און איז געווען צופריעדען. ער האָט געזעהן, אַז מען סטאַרטעט זיך און אַז אין אַלץ ווערט אַרײַנגעטראָגען אַנ'אָרדנונג, וואָס איז געווען פערלאָזען נאָך יענעם קאָמיסאַר.

ענדע וואָך איז בײַם זיידען געבוירען געוואָרען אַ פּלאַן, אַז סיחאָווסקי זאָל מאַכען בײַ זיך אין הויף אַ ברויז פון בראָנפען און פון ביער, מחמת אין הויף איז דאָ אַ סך בודינקעס, וואָס שטעהען לעדיג און מען דאַרף קיין זאַך נישט בויען, נאָר אײַנריכטען אינווייניג, דער פּריץ וועט גוט פערדינען. קאַרטאָפלעס האָט ער, און אַז מען וועט דאַרפען האָבען צום ברויז מעהר, איז בײַם פּריץ פאַרהאַן גענוג ערד, און גוטע, קען מען זייהען וויפיעל מען וויל. אַרבייטער איז אויך פאַרהאַן גענוג — לײַב-קנעכט, חאָטש באָד זיך! ער האָט זיי מעהר ווי אַרבײַט אין די פעלדער, אַגב וועט אפשר בעריל-בענדעט האָבען דערפון אַ בעזונדערע פּעולה. דער פּריץ האָט איהם בעשטימט פינף הונדערט רובל אַ יאָהר מזומן, אויסער אַלע פּראָדוקטען, וועט ער איהם איצט אַוודאי געבען טויזענד רובל אַ יאָהר, אָדער ער וועט איהם געבען אַ פּראָצענט פון עטער בראָנפען; עס וועט זיך גלאַט אָנהויבען אַ גרויס געשעפט, צו וואָס בעריל-בענדעט טויג זיך, און אַגב, אַז דעם פּריץ וועט צוקומען עטליכע טויזענד רובל פערדינסט אַ יאָהר, וועט ער אויך זײַן צופריעדען.

דער זיידע האָט עס פאָרגעלעגט סיחאָווסקי'ן, וואָס איז בעשטאַנען דערויף. מען איז באַלד צוגעטראָטען צו דער אַרבײַט און אין אַ משך פון אײניגע חדשים איז פאַרטיג געוואָרען אַ פאָלקאָמענער ברויז. צום ערשטען האָט מען בעדאַרפט אײַנקויפען אַ זיבעציג אָקסען, וואָס זאָלען שטעהן אויף בראַגע און בעריל-בענדעט איז אין אַ זונטאָג געפאָהרען אויפ'ן מאַרק אין קאַמעניץ. מעשה-גראָף, אין אַ קאַרעט מיט

פיער פערד אין דער ברייט און איינגעקויפט די דאָזיגע אָקסען.

מיט דער קניה איז דער פריץ געווען צופרידען. בעריל-בענדעט האָט געקויפט ביליג און גוט, און איבערהויפט אָרענטליך, כשר. נאָכדעם, אז זיי זענען געשטאַנען אַ וואָך צוזען אויף פּאַשע און מען האָט זיי פערקויפט, האָט מען פאַר יעדען אָקס גענומען נייַנציג רובל, בעת פריהער האָט אַנ'אָקס געקאָסט פיערציג רובל.

פאַר'ן ווינטער האָט מען צוויי מאָל געקויפט און פערקויפט אָקסען און ביידע מאָל גוט פערדינט. דער עסק מיט בראָנפען איז געגאַנגען, און פאַר'ן ווינטער האָט דער פריץ פערדינט העכער צוואַנציג טויזענד רובל ריין געלד. דאָס איז געווען אַ היבשע סומע אַפילו פאַר אַ רייכען פריץ!

עס פערשטעהט זיך, אַז ער איז געווען פון בעריל-בענדעט'ן זעהר צופריעדען און ער האָט איהם איבערגעגעבען דעם פערקויף פון אַלע תבואות. אויך די סוחרים, וואָס פלעגען שטענדיג קומען צום פריץ קויפען תבואה, פלעגט ער אָבשיקען צום יונגען יודישען קאָמיסאַר, און אַזוי איז ער געוואָרען אין הויף די דער קויפער, די דער פערקויפער. סיחאָווסקי פלעגט זיך אומגעהן אין הויף מיט דער לאַנגער ליולקע אין מויל, אַ רוהיגער און אַ זאָרגלאָזער און די איינציגע אַרבייט זיינע איז געווען יאַגד און געסט צונעהמען.

די איינציגע, וואָס איז נישט געווען צופריעדען פון די אַלע גליקען, איז געווען די פּריצ'טע. איבערהויפט האָט איהר געקרענקט, וואָס אַ יוד פיהרט דאָס גאַנצע רעדעל, איז עפּעס געוואָרען אַ מין פריץ און אַ גאַנצער בעל-הבית איבערן הויף. ווידער איז בערקע געווען זעהר אַ שענער יונג, אַ הויכער און אַ שלאַנקער, און געקליידט האָט ער זיך נאָך שענער פאַר'ן פריץ, וואָס האָט געהאַט אַ נאַטור נישט צו קוקען אויף זיך, איז אַרומגעגאַנגען אָבגעלאָזען און אַפּאַטיש און האָט זיך געפוילט אַפילו צו נעהמען אַ מאָס ביים שניידער. דאָס האָט איהר אויך געשטאָכען די אויגען.

בעריל-בענדעט האָט אָבער מיט איהר געהאַט ווייניג געשעפטען. ער האָט נאָר געהאַט עסקים מיט'ן פריץ — און נישט מעהר.

נאָר זי האָט נישט געשוויגען. זי האָט געזוכט אויף איהם בלבולים האָט גערעדט אויף איהם און האָט נאָכגעפרעגט ביים עקאָנאָם, ווי

עֶס פִיהרט זִיךְ אוֹיף דעֶר יוּנגעֶר קאָמִיסאַר, צִי עֶר גנב'עֶט נִישט א. אַ. וו.

דעֶר עֶקאָנאָם האָט דעֶרהעֶרט, אַז דִי פּרִיצ'טעֶ זוּכט אוֹיף בּעֶרִיל־בּעֶנדעֶט'ן בּלבּוּלים, האָט עֶר פעֶרשטאַנעֶן, אַז זִי וויִל פוּן אִיהם פּטור וועֶרעֶן, אוּן עֶר האָט שוֹין געֶעֶפענט דאָס מויל אוּן אָ נ ג עֶ ר עֶ ד ט אוֹיף אִיהם הרים וגבעות, אַז עֶר אִיז דעֶר גאַנצעֶר פּרִיץ, אַז עֶר האַלט זִיךְ גרוֹיס, אַז עֶר מיַינט, אַז עֶר אִיז מעֶהר פּריץ פאַר'ן אמת'ן, אוּן אַפילוּ דִי פּוֹיעֶרים ווייַסעֶן שוֹין כּמעט נִישט ווער אִיז דאָ דעֶר אמת'עֶר פּרִיץ אוּן ווער דעֶר פאַלשעֶר.

— טאָ זיַי זשעֶ אַ קלוּגעֶר אוּן חאַפּ אִיהם בּיַי אַ גנבה — האָט אִיהם דִי פּרִיצ'טעֶ געֶגעֶבּעֶן אָנצוּהעֶרעֶנִיש, — דעֶמאָלט ווֶעט בּעֶרקעֶ נאָךְ קרִיגעֶן געֶשמִיסעֶן.

דעֶר עֶקאָנאָם האָט פעֶרשטאַנעֶן, אַז זִי מיַינט דאָ אַ פּשוּט'עֶן בּלבּוּל. האָט עֶר אוֹיפגעֶזוּכט דריַי קלוּגעֶ פּוֹיעֶרִים, וועֶלכעֶ האָבּעֶן געֶ־פִיהרט קיַין קאַמעֶנִיץ בּראָנפעֶן פאַר'ן זיַידעֶן אוּן האָט זיַי אויסגעֶלעֶרנט, אַז זיַי זאָלעֶן זאָגעֶן, אַז אִין אַלעֶ פוּהרעֶן, אִין וועֶלכעֶ מעֶן פִיהרט דִי ג"ויסעֶ קוֹיפעֶן בּראָנפעֶן צוּ אהרן־לייַזעֶר'ן, לִיגעֶן צוּ פּאָר פּעֶסלעֶךְ בּראָנפעֶן פאַר זייַן אייַגעֶנעֶם טאַטעֶן, זעֶלִיג אַנדאַרקעֶס, וואָס האָט אַ שעַנק. דעֶר עֶקאָנאָם האָט געֶוואוּסט, אַז אוֹיבּ זיַי וועֶלעֶן זאָגעֶן, אַז זיַי פִיהרעֶן אִיבּעֶרִיגעֶ געֶ'גנבעֶטעֶ פּעֶסלעֶךְ בּראָנפעֶן צוּ אהרן־לייַזעֶר'ן, ווֶעט זיַי דעֶר פּרִיץ נִישט גלוֹיבּעֶן, ווייַל אהרן־לייַזעֶר אִיז שוֹין בּעֶוואוּסט געֶוועֶן בּיַי דִי פּרִיצִים פאַר אַנ'אָרעֶנטלִיכעֶן אוּן פאַר אַ מעֶנשעֶן, וואָס ווֶעט זִיךְ נִישט לאָזעֶן אוֹיף אַזוֹינעֶ נאַרִישקייַטעֶן. נאָר אוֹיף זעֶלִיג'ן ווֶעט דעֶר פּרִיץ גלוֹיבּעֶן, אוּן דאָס ווֶעט אִינגאַנצעֶן בּעֶשמוּצעֶן בּעֶרִיל־בּעֶנדעֶט'ן. עֶר האָט זיַי געֶגעֶבּעֶן יעֶדעֶרן צוּ דריַי רוּבּל פאַר אַזאַ עֶדוּת־זאָגעֶן, אַז זיַי אַלִיין טראָגעֶן שטעֶנדִיג אַריַין צוּ זעֶלִיג'ן פּעֶסלעֶךְ בּראָנפעֶן.

אַז דעֶר עֶקאָנאָם האָט דאָס אַלץ אָבּגעֶפאַרטִיגט, אִיז עֶר געֶגאַנ־געֶן צוּ דעֶר פּריצ'טעֶ אוּן דעֶרצעֶהלט אַזאַ אוּן אַזאַ מעשה: דִי גוֹים פִיהרעֶן צוּ זייַן אייַגעֶנעֶם טאַטעֶן געֶ'גנבעֶטעֶ בּראָנפעֶן.

דִי פּרִיצ'טעֶ, וואָס האָט זִיךְ כּלוֹמרשט דעֶרפרעַהט, האָט געֶהיַי־סעֶן בּרעֶנגעֶן דִי גוֹים, וועלכע האָבּען אִיהר בּעֶשטעֶטִיגט דאָסזעלבּע,

אַז זיי אַליין פיהרען שטענדיג אין די וועגען, וואָס צו אהרן-לייזער'ן, פעסלעך בראָנפען צו זעליג'ן.

— ווער איהר שווערען? — האָט געפרעגט די פריצ'טע.

— מיר שווערען, — איז געווען זייער ענטפער.

דער פריץ איז בעת מעשה געווען אויף יאַגד און אַז ער איז געקומען, האָט איהם די פריצ'טע מיט התפעלות דערצעהלט, אַז דער קאָמיסאַר איז אַ גנב. דער פריץ האָט געשיקט נאָך די פויערים און זיי האָבען ווידער געזאָגט, אַז זיי האָבען געפיהרט גע'גנב'עטע בראָנ-פען. דעם פריץ האָט עס זיך אָבער נישט געגלויבט, און צווייפלענ-דיג, האָט ער עס דערצעהלט בעריל-בענדעט'ן און דערביי געזאָגט:

— גלויבען, גלויבט זיך מיר נישט אויף דיר, אָבער בעוויַז, אַז די פויערים לייגען.

בעריל-בענדעט האָט זיך זעהר דערשראָקען און האָט זיך, אפנים, צום ערשטען פערלוירען. די גאַנצע מעשה איז עפּיס געווען אַ ווילדע, אַ נאַרישע און אַ מיאוס'ע, און ווי ווייזט מען דאָ אויף, אַז די גוים לייגען? און אַז ער האָט עס דערצעהלט דעם ווייב, האָט זי אָנגע-הויבען וויינען און ס'איז געוואָרען אַ חורבן אין שטוב.

דעמאָלט איז בעריל-בענדעט'ס ווייב געפאָהרען און געבראַכט דעם פאָטער, טאָמער וועט ער דאָ קענען העלפען. דער זיידע איז גע-קומען און האָט קודם-כל אויסגע'מוסר'ט דעם פריץ, פאַרוואָס ער גלויבט אין אַזעלכע ליגענס און בלבולים. ווייטער האָט ער איהם אויפגעוויזען מיט פאַקטען, אַז ווען בעריל-בענדעט וואָלט וועלען גנב'ענען וואָלט ער געפונען וויכטיגערע זאַכען צו צונעהמען, איידער פעסלעך בראָנפען. פערקעהרט, ער איז אַזוי ריין און אָרענטליך, אַז ער פלעגט זיך אָבזאָגען פון מתנה-געלד, וואָס סוחרים האָבען איהם געגעבען און אַפילו איינינגע מאָל האָט ער אָבגעשיקט טייערע פריזענטען און האָט זאָגאַר אויפגעהערט צו האַנדלען מיט יענעם, וואָס האָט עס איהם אַריינגעשיקט.

— דו האָסט אַליין איינגעזעהן, — האָט דער זיידע גע'טענה'ט, — ווי דו ביזט ביי איהם טייערער פאַר זיין טאַטען און מאַמען, פאַר זיין ווייב און קינדער, אַלזאָ, דאָס איז אַ בלבול, וואָס שטאַמט פון עמיצען פון הויף — פשוט, מען וויל איהם אונטערגראָבען...

— אָבער דריי פויערים שווערען דאָך, — האָט דער פריץ געזאָגט, און דערנאָך צוגעגעבען:

— מיר גלויבט זיך טאַקע נישט. פאַרהאַן אַן׳עצה, געבען שמיץ די פויערים... דעמאָלט וועט מען וויסען. שמייסען אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלען אויסזאָגען.

— די עצה איז אַ צו־שווערע, — האָט דער זיידע געזאָגט — איך וועל דיר געבען אַ גרינגערע עצה. דו גיב די דריי פויערים אַן׳ארבייט ערגעץ אין אַ שפייכלער, זיי זאָלען דאָרט אַרבייטען אַליין און קיינער זאָל מיט זיי נישט זיין. דערביי זאָלסטו אַוועקשטעלען עפּעס אַ קלוגען און אַן׳אָרענטליכען מענשען הינטער׳ן שפּייכלער און ער וועט זיך איינהערען, וואָס זיי ריידען. פויערים, אַז זיי טהוען אָב בשותפות עפּעס אַן׳עולה, האָבען זיי ליעב צו ריידען שטילערהייד וועגען איהר. וועלען זיי מסתמא ריידען צווישען זיך אין שפּייכלער, אַז זיי האָבען געשוואוירען פאַלש.

דעם פריץ איז דאָס געפעלען געוואָרען.

— איך אַליין וועל שטעהן הינטער׳ן שפּייכלער, — האָט ער זיך אָנגענומען, — אַגב געהט עס מיר אום מיין כבוד, וואָרום פריצים לאַכען פון מיר, וואָס איך האַלט אַ יוד אַלס קאָמיסאַר, זיי זאָגען, אַז איך וועל זיך גוט בעצאָהלען דערפאַר.

דער פריץ האָט באַלד געהייסען געבען די דריי פויערים אַרבייט אין אַ שפּייכלער נאָהענט פון זיין פאַלאַץ און אַליין האָט ער זיך געשטעלט הינטער׳ן וואַנד — הערען, וואָס זיי ריידען.

געשטאַנען איז ער לאַנג, אַודאַי אַ פּאָר שעה. פון אָנהויב האָבען די פויערים גלאַט אַזוי זיך גערעדט צווישען זיך, גערעדט פון וואָס עס איז נעקומען אויף דער צונג. דערנאָך אָבער האָט עמיצער פון זיי אויסגעדריקט זיין חרטה איבער דעם, וואָס ער האָט זיך געלאָזט פערפיהרען דורכ׳ן עקאָנאָם און האָט פאַלש אָבגעשוואוירען. אַגב איז ער אַ גאַנץ גוטער מענש דער קאָמיסאַר, טאָ פאַרוואָס קורט עס איהם? און אַזוי ריידענדיג, האָט מען אויפגעהויבען צווישען זיך די פראַגע, צי מען זאָל זיך אפשר נישט מודה זיין, אַז דאָס איז געווען פאַלש אָבגעשוואוירען?

אויף די רייד איז דער פריץ אַריין גלייך אין שפּייכלער. די

גוים זענען, פערשטעהט זיך, טויטע געווארען און זענען געבליבען שטעהן מיט אפענע מיילער.

— נו, איצט דערצעהלט אקארשט, ווער האט עס אייך אנגערעדט! — האט ער זיך געווענדט צו זיי, — איך האב געהערט, וואס איהר האט גערעדט.

זענען זיי איהם געפאלען צו די פיס און געוויינט, און דערצעהלט די גאנצע מעשה פון אנהויב ביז'ן סוף.

דער פריץ האט געשיקט רופען דעם עקאנאם. געקומען דער עקאנאם, האט ער איהם געפרעגט:

— זאג, דו האסט עס אליין אויסגעטראכט, צי עמיצער האט דיך אויסגעלערנט? זאג נאר דעם אמת, ווארום אנישט וועל איך דיך אזוי לאנג שמייסען, ביז פון דיר וועט קיין גאנצער ביין נישט בלייבען.

דער עקאנאם, וואס האט זיך שרעקליך דערשראקען, האט באלד געזאגט, אז דאס איז, מחילה, די פריצ'טע אליין, אז זי האט איהם געשטויסען דערצו און אז ער איז נישט שולדיג.

א פריץ האט פיינט לאנג צו ווארטען, און באלד איז שוין געווען אוועקגעשטעלט זיין אייגען ווייב, אויג אויף אויג גענען עקאנאם, און זי האט זיך אויך מודה געווען, אז זי האט איהם געטריבען דערצו, מחמת זי האט געוואלט פטור ווערען פון בערקע'ן, וועלכען זי האט נישט ליעב.

דער פינאל פון דעם אלעם איז געווען אזוי: די פויערים האבען געקראגען צו זעלציג שמיץ, דער עקאנאם אויך דאסזעלבע נאך מיט א צוגאב דערצו, וואס ביי איהם איז אבגענומען געווארען די שטעלע און מען האט איהם געמאכט פאר א פראסטען לייב-קנעכט, פון וואס ער איז פריהער געווען בעפרייט.

פאר אזוי פיעל צער האט בעריל-בענדעט בעקומען פון פריץ א קוש אין קאפ, און דער פריץ האט געזאגט:

— פון היינט אן, וועל איך אויף דיר קיינע מסירות נישט אננעהמען.

ווי געזאגט, איז סיחאווסקי געווען זעהר אנ'אנשטענדיגער מענש, און עס פערשטעהט זיך, אז דעם ווייב'ס אויפפיהרונג האט איהם

שטאַרק צוטרייסעלט און ער האָט מיט איהר מעהר נישט גערעדט און נישט געוואָלט וואוינען אינאיינעם. בעריל-בענדעט'ן האָט ער געהייסען אָבפּרישען אַ הויז און מאַכען פאַר איהם אַ וואוינונג, און אויף דערווייל האָט ער זיך איבערגעצויגען אין זיין צווייטען הויף.

בעריל-בענדעט האָט אויסגעפּוצט אַ הויז און איז געפאָהרען קיין בריסק בעשטעלען ביי די מעבעל-סוחרים, אַז זיי זאָלען ברענגען פון וואַרשא דאָס טייערסטע מעבעל. דאָס הויז איז איינגעאָרדענט געוואָרען מיט אַזאַ געשמאַק, אַז עס איז געפעלען געוואָרען די אַרומיגע פּריצים. זיי האָבען זיך געוואונדערט, אַז אַ יוד זאָל האָבען אַזאַ געשמאַק אין אַזוינע זאַכען.

דער פּריץ איז אַלע טאָג געקומען צופאָהרען אין זיין קאַרעטע צו בעריל-בענדעט'ן און די מוהמע האָט געמאַכט גוטע מיטאָגען פאַר איהם. פון דעמאָלט אָן איז שוין די מוהמע אויך געוואָרען טייער ביי איהם. זי איז אַפילו געווען אַ קליינינקע, אַזוי ווי זי איז געווען ביי דער חתונה אין דער עלטער פון עלף יאָהר, אַ מאָגערע, אָבער זעהר אַ קלוגע און אַ געשיקטע. זי איז געווען דער היפוך פון מאַן, וואָס איז געווען הויך, דיק און שען, און געגען איהם האָט זי אויסגעזעהן, ווי אַ קינד.

סיחאָווסקי פלעגט זיך פאָהרען צו די פּריצים אין געסט, אַליין צו זיך האָט ער נישט פערבעטען: אַלע פּריצים האָבען שוין געוואוסט פון דער גאַנצער געשיכטע.

דער פּריצ'טעם לאַגע איז געווען זעהר און זעהר נישט קיין אַנגענעהמע: דער מאַן האָט אָבגעטראָגען פון איהר און ביי אַלע פּריצים אַרום קאָכט מיט דער געשיכטע.

דער פּריצ'טעם פאָטער באַגאָסלאַווסקי איז געווען אַ רייכער פּריץ נעבען קאַמעניץ, אייגענטליך אַ גאַנץ סאָלידער מענש, נאָר נישט אַזאַ גוטער און אָרענטליכער ווי דער איידעם, דערפאַר אָבער זעהר אַ קלוגער און ביי אַלע פּריצים אַרום איז ער געווען דער גאַנצער בעל-יועץ. געהאַט האָט ער אַ זוהן, אַ גרויסער שאַרלאַטאַן, פון די בעריהמטע לעב-קינדער צווישען די פּריצים און האָט דעם פאָטער פון אָנפאַנג פיעל געלד גע'פטר'ט. אָבער דערנאָך האָט דער קלוגער פאָטער צוגענומען ביי איהם די גאַנצע מאַכט איבער'ן הויף און געגעבען אַלעמען

צו וויסען, סײַ זײַנע עקאָנאָמעס, סײַ די אַלע יודען, וועלכע האָבען מיט איהם געפיהרט געשעפט, אַז זײַ זאָלען איהם קײַן גראָשען נישט טרויען און ער וועט פאַר איהם קײַן גראָשען נישט צאָהלען.

און אָט דער זוהן, דער פריצ׳טעס ברודער, אַז ער איז געוואָר געוואָרען פון דער מעשה, איז ער געקומען קײַן טשעלטשאָווע צו דער שוועסטער, מישב זײַן זיך וואָס צו טהאָן. זי האָט זיך פאַר איהם גוט אויסגעוויינט און ער האָט איהר אויפגעגעבען, אַז ער וועט דערשיסען דעם קאָמיסאַר.

— נישקשה, דערשיסען אַ זשיד איז נישט קײַן גרויסע סכנה — האָט ער געזאָגט.

זי האָט איהם אָבער אָבגעהאַלטען, מורא האָבענדיג, אַז ער זאָל זיך נישט גוט בעצאָהלען פאַר אַזאַ רעכט שטיקעל אַרבײַט. אַגב וואָלט זי דעם מאַן מיט אַזוינע מיטלען געוויס נישט צוגעצויגען.

דער שאַרלאַטאַן האָט איהר נאָכגעגעבען און זײַ זענען בײדע געפאָהרען צום פאָטער.

דער פאָטער האָט ליעב געהאַט סיחאָווסקי׳ן; ער, דער שוועהר האָט געוואוסט, ווי דער אײדעם איז געווען זעהר צופריעדען פון דעם יודישען קאָמיסאַר, און אַז ער האָט דערהערט פון דעם גאַנצען טומעל, מיט׳ן בלבול, וואָס זײַן טאָכטער האָט געוואָלט מאַכען אויפ׳ן געטרײַען קאָמיסאַר, האָט עס איהם שטאַרק פערדראָסען אויף זײַן טאָכטער, וואָס האָט דאָ געהאַנדעלט זעהר נישט אָרענטליך. ער האָט זיך דעריבער געמאַכט נישט וויסען און איז נישט געקומען צו דער טאָכטער. ער האָט געוואוסט, אַז די טאָכטער וועט סוף-כל-סוף מוזען קומען צו איהם, כדי ער זאָל דאָ ווי עס איז מאַכען אַ שטיקעל טאָלק.

אַז זײַ זענען געקומען צום פאָטער, האָט ער זיך דערשראָקען: אַזוי האָט זי זיך פערענדערט אויפ׳ן פנים, ער האָט זיך דאָך געמאַכט נישט-וויסען און געפרעגט:

— וואָס ביזטו דאָס געקומען אַלײַן אָהן סיחאָווסקי׳ן?

האָט זי אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגען. דאָ האָט שוין דער ברודער אָנגעהויבען דערצעהלען דעם פאָטער די גאַנצע מעשה, נאָר געוועהנליך אַזוי, אַז עס זאָל אויסקומען גוט פאַר דער טאָכטער, נאָר דער אַלטער האָט איהם אָבגעהאַקט.

— זאָל זי מיר בעסער דערצעהלען, און דו געה אַרויס פון צימער! — האָט ער געהייסען.

געבליבען אַליין אין צימער, האָט איהר דער אַלטער געזאָגט מוסר און בעמערקט, אַז זי האָט אַ גאָלדענעם מאַן, אַז ער האָט זעהר ליעב איהר מאַן, אַז ער איז איהם טייערער פון אַנ'אייגען קינד, אַז איצט האָט ער שמערצען פון דער גאַנצער מעשה און אַז זי האָט נישט אָרענטליך געהאַנדעלט. וואָס וויל זי פון דעם יודישען קאָמיסאַר? פאַרוואָס האָט זי איהם געוואָלט אומגליקליך מאַכען? מיט וואָס איז ער ערגער פון אַ פּאָליאַק אַ שכּור? א. ז. וו.

פון זיינע רייד איז די טאָכטער גערירט געוואָרען, און ער האָט לאַנג גערעדט, און אפשר האָט זי איצט ווירקליך איינגעזעהן, וואָס זי האָט געטהאָן, און דאָס אומגליק פון דעם, וואָס איהר איז צושטערט געוואָרען דאָס לעבען מיט'ן מאַן, וואָס איז אַזאַ טרייער מאַן?

און זי האָט זיך פונאַנדערגעוויינט פאַר'ן פאָטער.

דער פאָטער האָט איהר דעמאָלט געגעבען אַנ'עצה:

— דו קענסט ווידער איינאָרדנען אַלץ. אָבער דו ווייסט דורך וועמען? דורכ'ן קאָמיסאַר... בעט איהם, וועט זיך אַלץ פערענדיגען.

נאָר דאָס איז שוין געוועזען צופיעל. בעטען דאָס יודעל, וואָס זי קען איהם נישט איבערטראָגען, איז, אַפנים, געוועזען נישט נאָך איהרע כּחות נאָך. נאָר דער אַלטער האָט זי בערוהיגט.

— דו דאַרפסט גאָר נישט געהן צום קאָמיסאַר, נאָר צו זיין שוועהר. יענער איז זעהר אַ קלוגער יוד, אָבער זעהר, וועט ער עס שוין איינאָרדנען.

דער שוועהר און נישט דער איידעם — דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש, דאָס איז איהר שוין געפעלען געוועזען. נאָר איין זאַך האָט זי נישט געקענט פערשטעהן, ווי אַזוי וועט דאָס דער אַלטער אהרן-לייזער וועלען מאַכען שלום, בעת זי האָט געוואָלט אַזוי פיעל שלעכטס טהאָן דעם איידעם.

— נישט'קשה — האָט איהר דער פאָטער געזאָגט — דער אַלטער וועט וועלען. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז ער איז אַ קלוגער, זעהר אַ קלוגער יוד און ער וועט איינשטימען, אַגב וועט ער עס מוזען טהאָן, וואָרום דעם קאָמיסאַר איז אויך נישט צום האַרצען אַזאַ לאַנגע

און ער וועט זיך נישט קענען לאנג האלטען, בעת דער מאן איז צוקריגט מיט'ן ווייב צוליעב איהם.

— און נאך וואס: מיט'ן קאמיסאר זאלסטו זיך קיינמאל מעהר נישט בעגעהן אזוי. דאס איז אנ'ערשט מאל און א לעצט מאל. דאס זאלסטו געדענקען! בכלל דארף מען זיך קיין בעסערן קאמיסאר נישט ווינשען. א מענש פיהרט די גאנצע ווירטשאפט און איז אזוי איבערגעגעבען! לסוף האט דער פאטער איהר געהייסען מארגען אוועקפאהרען אהיים און ער וועט שוין שיקען נאך אהרן-לייזער'ן.

באגאסלאווסקי האט געשיקט א בריעף צום זיידען און געבעטען איהם קומען, נישט וועגען געשעפט, נאר וועגען עפעס א פערזענליכע זאך.

דער זיידע האט איהם געענטפערט, אז די וואך האט ער פאר קיין פאל קיין צייט נישט, ער איז זעהר בעשעפטיגט, נאר נאך שבת וועט ער קומען. דער זיידע האט פערשטאנען, אז באגאסלאווסקי וויל איהם בעטען, ער זאל מאכען א שלום, און ווידער האט ער געוואוסט פון זיין טאכטער, אז די פריצ'טע האט דעם טויט, וואס סיהאווסקי איז מיט איהר ברוגז און פערברענגט די צייט ביי בעריל-בענדעט'ן, און דערפון האט ער שטארקער איינגעזעהן, אז מען וויל דא מאכען א שלום; און אומישנע האט דער זיידע אבגעלעגט אויף נאך א וואך זיין קומען, כדי די פריצ'טע זאל נאך א וואך קרענקען פאר צער.

אז דער זיידע איז ענדליך געקומען, האט איהם באגאסלאווסקי זעהר ווארים צוגענומען, געשטעלט פאר איהם טהיי און די גוטע ציגארען, פונקט ווי א פריץ וואלט געקומען. דערנאך איז מען ארויפגעקומען אויף דעם שמועס וועגען דעם פריצ'ס טאכטער, און באגאסלאווסקי האט איהם געזאגט, אז ער האט שטארק אויסגע'מוסר'ט זיין טאכטער, האט מיט איהר א סך גערעדט און א סך גענעבען צו פערשטעהן, און אז זי האט איצט חרטה.

זי, די טאכטער, האט א סך געוויינט, אלזא, דארף מען זעהן מאכען א שלום, נאר אזוי ווי קיין פאסיגער מענש, וואס זאל מאכען א שלום איז נישטא, אויסער דעם זיידען, אויף וועלכען מען קען זיך פאלקאם פערלאזען, דארף ער זיך בענוצען מיט דער צייט, נישט פערציהען און שוין נעהמען טהאן דערין.

דעמאָלט האָט איהם דער זיידע אָבגעזאָגט א לאַנגע רעדע, אין וועלכער ער האָט בעדויערט די גאַנצע מעשה און אויפגעוויזען דעם פּריץ, אַז אויב ער וועט איצט מאַכען אַ שלום, איז ער דאָך נישט זיכער אויף ווייטער.

— ווארום, לאָמיר זיך נישט נאַרען, — האָט דער זיידע געזאָגט, — אַז אַ יוד זאָל זיין ביי אַ פּריץ אַ קאָמיסאַר און האָבען די גאַנצע ממשלה, קענען דאָס די יונגע פּריצים, די שאַרלאַטאַנעס, נישט פערטראָגען, אָדער אמאָל, זאָלסטו מיר מוחל זיין, די פּריצ'ישע ווייבער; זיי אַלע בעגרייפען גאַרנישט, אַז עס זענען פאַראַן אָרענטליכע יודען, חוץ מיין איידעם, צום ביישפּיעל. וואָס אַנבעלאַנגט אייער טאָכטער, פּיהל איך, אַז אין האַרצען האָט זי נישט ליעב קיין יודען און וועט מסתמא ווייטער עפּעס אויפזוכען אויף איהר קאָמיסאַר.

— נאָר פונדעסטוועגען, — האָט דער זיידע ווייטער גערעדט — דאַרף מען זעהן מאַכען אַ שלום, און איך זאָג זיך נישט אָב דערפון. אַ יוד האָט שלום בעזונדערס ליעב.

— און, — האָט דער זיידע צוגעגעבען, — איך וועל מיך סטאַרען דערפאַר, אָבער דו דאַרפסט אויס'מוסר'ן דיין טאָכטער און זעהן, אַז זי זאָל זיך בעציהען בעסער צום קאָמיסאַר, זאָל איהם עהרליך האַלטען לויט זיין ווערדע. דו גיב נאָר, פּריצ'ל, אַ קוק ווי עס זעהט איצט אויס דער הויף און ווי האָט ער אויסגעזעהן פריהער. איצט איז ער אין אָרדנונג, עס איז אַ מחיה צו קוקען. ווידער ברענגט ער אַריין אַזוי פיעל הכנסה, וואָס דער פּריץ האָט זיך אַליין נישט גערעכט דערויף.

— איך האָב איהר דאָס שוין אַליין אַלץ גערעדט, — האָט דער אַלטער פּריץ געזאָגט, — און גענוג גע'מוסר'ט, איצט וועט זי זיך שוין אַנדערש פערהאַלטען.

דער זיידע איז אַוועקגעפאָהרען קיין טשעכטשאָווע און פערפאַהרען צום איידעם. באַלד איז געקומען דער לאָקיי בעטען דעם פאַן אהרן־לייזער קומען צום פּריץ. דער זיידע איז אַוועק צו איהם.

סיהאָווסקי האָט איהם אויך זעהר העפליך צוגענומען. איצט האָט סיחאָווסקי געזאָגט, אַז ער האָט גרויס פערדרוס אויף זיין פרוי, וואָס זי האָט געקענט אומברענגען בערקע'ן מיט זיין פאַמיליע, נאָר עס

אִיז פֿערפֿאַלען, אויפֿ'ן קאָמיסאַר אָבער וועט ער שוין קיינמאָל ניט גלויבען אַזוינע נאַרישקייטען, וועלכע קענען דאָך אומברענגען אַ מענשען.

ווי סיהאָווסקי איז נישט געווען בייז אויף זיין ווייב, פונדעסטוועגען האָט דער זיידע פערשטאַנען, אַז ער וואָלט דאָך געוואָלט מאַכען אַ שלום מיט איהר, עס איז בלויז נישטאָ דער מענש, וואָס וואָלט עס געקאָנט טהאָן.

און מיט סיהאָווסקי'ן האָט דער זיידע לאַנג גערעדט און זעהר אָפּענהערציג, אָבער דערפיהרט האָט דער זיידע צו דעם, אַז מען ברויך דאָך מאַכען אַ שלום. ערשטענס, פּאַסט עס נישט פאַר אַ פּריץ, און, צווייטענס, וועט זי זיך איצט מסתמא אַנדערש אויפפיהרען.

— עס קען אָבער זיין, — האָט איהם דער זיידע בעמערקט — אַז עס איז נישטאָ דער נויטיגער מענש דערצו, וועל איך דיר, פּריץ, זאָגען, אַז איך קען מיך דערין אַריינלעגען און דיין כבוד וועט, חלילה, נישט געמינערט ווערען אויף אַ האָהר.

דער פּריץ איז מסכים געווען, און כדי איבערצורייסען דעם אונאַנגענעהמען געשפּרעך, האָט ער געזאָגט:

— לאָמיר רײדען וועגען אויסבויען אַ ביער-ברויז...

— איך האָב מיך נאָך נישט צוגעגרייט צו דעם, — האָט דער זיידע געענטפערט, — מיר האָבען נאָך צייט.

דער זיידע האָט נאָך לאַנג גערעדט מיט'ן פּריץ, און אַז ער האָט זיך צוזעגענט מיט איהם, איז ער אַוועק צום איידעם.

דעם איידעם האָט דער זיידע געהייסען אויך רײדען מיט'ן פּריץ מכח אַ שלום. זאָל ווערען אַ סוף דערמיט, זאָל דער איידעם אויך אַרבייטען פון דער זייט, וועט עס גיכער מקוים ווערען.

דער זיידע איז אַוועקגעפאָהרען, און בעריל-בענדעט איז אַוועק צום פּריץ און איהם אויך צוגערעדט צו אַ שלום, וועט ער, בעריל-בענדעט, זי שעצען גלייך ווי דעם פּריץ, און וועט אינגאַנצען פערגעסען, וואָס איהם איז געטהאָן געוואָרען.

דער פּריץ האָט זיך כמעט ווי אַרויסגעזאָגט, אַז וואָס בעריל-בענדעט וועט פאָרנעהמען, וועט ער צושטימען.

בערקע איז אַוועקגעגאַנגען צו דער פּריצ'טע. ביי איהר איז דעמאָלט געזעסען איהר ברודער, דער שאַרלאַטאַן, וואָס איז ביי איהר

כמעט די גאַנצע צייט געווען, כּדי איהר זאָל נישט זיין אומעטיג. דער ברודער, דערזעהענדיג דעם יודישען קאָמיסאַר, איז אין דער גיך אַריינגעגאַנגען אין צווייטען צימער, און די פּריץ׳טע האָט העפליך אויפגענומען דעם פאַן בערקען׳ן און ביי זיי איז אַוועק אַ שמועס. ער האָט זיך מיט איהר גוט דורכגערעדט און צום סוף האָט ער איהר בעמערקט, אַז ער איז אויף איהר מלמד זכות און איז גרייט אַלץ צו פערגעסען. זאָל זיין אַ שלום, עס קאָסט איהם אַפילו געזונד דער ברוגז.

דעמאָלט האָט איהם די פּריץ׳טע איבערגעבעטען.

— דו ביזט אַן אָרענטליכער מאַן, איך ווייס, און לאָמיר פערגעסען אָן דעם.

נאָכדעם האָט בעריל-בענדעט אַוועקגעשיקט דאָס ווייב צו איהר פאָטער, אהרן-לייזער׳ן, איבערגעבען איהם די אַלע געשפּרעכען, וואָס ער האָט געהאַט מיט דעם פּריץ און דער פּריץ׳טע. אהרן-לייזער האָט שוין ביי זיך אין געדאַנק צוזאַמענגעשטעלט אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו מאַכען דעם שלום.

אַוועקגעפאָהרען איז ער באַלד צום פּריץ ווילעווינסקי, וואָס איז געווען אין זעהר גוטע בעציהונגען מיט סיחאָווסקי׳ן און דער פרוי. אויך זייערע ביידענס ווייבער האָבען געלעבט גוט צווישען זיך. סיחאָווסקי איז שוין אין דער צייט פון ברוגז מיט זיין ווייב געווען אַ פּאָר מאָל ביי ווילעווינסקי׳ן. ווילעווינסקי איז אויך געווען פון די שטילערע פּריצים, דעריבער האָט ער זיך, אַפּנים, בעזונדערס גע׳חבר׳ט מיט סיחאָווסקי׳ן, ביי וועלכען מען האָט אין מאָס גע׳שכור׳ט און געשפּיעלט אין קאָרטען.

סיחאָווסקי האָט ווילעווינסקי׳ן גאָרנישט דערצעהלט פון זיין ברוגז מיט דעם ווייב און ווילעווינסקי האָט עס אפשר געוואוסט פון אַנדערע, נאָר איצט האָט איהם דער זיידע איבערגעגעבען די גאַנצע געשיכטע אויספיהרליך, און בעמערקט, אַז זיי ביידע וואָלטען וועלען שלום ווערען. נאָר עס זענען אַלץ נישטאָ די פּאַסיגע בעדינגונגען דערצו.

— לכן, איז מיין עצה, — האָט דער זיידע געזאָגט, — אַז דו זאָלסט איהם איינלאַדען צו זיך אויף אַ פערוויילונגס-אָווענד, דיין ווייב זאָל איינלאַדען די מאַדאַם סיחאָווסקי׳ן; פריהער אָבער זאָל דיין

ווייב שיקען נאָך איהר, און דערנאָך, אַז זי וועט שוין זיין, וועסטו שיקען נאָך איהם. ער דאַרף נישט וויסען, אַז זיין ווייב איז אויך איינגעלאַדען. אַז ער וועט קומען, וועסטו פערפיהרען מיט איהם אַ געשפרעך וועגען שלום און דאָ וועל איך שוין קומען צו הילף. פון דעם ברוגז, וועסטו זאָגען, האָסטו זיך דערוואוסט פון מיר.

ווילעווינסקי האָט אַזוי געטהאָן. סיחאָווסקי'ס פרוי איז געקומען פריהער, און דערנאָך סיחאָווסקי. ווילעווינסקי האָט איהם אַריינגעפיהרט אין אַ בעזונדער צימער און גענומען מיט איהם פאַרזילטיג קנעלען וועגען שלום, און דערביי איז שוין אונטערגעקומען דער זיידע, נאָר ער איז נישט אַריין צו זיי אין צימער. ווילעווינסקי האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— מיין פרוי איז עפּעס נישט געזונד, קומט אַריין צו איהר.

מען איז אַריין צוזאַמען אין יענעם צימער, וואו די ווירטין האָט געזאָלט זיין, און סיחאָווסקי איז איבערראַשט געוואָרען: נעבען ווילעווינסקי'ס ווייב איז געזעסען סיחאָווסטשיכע.

עס איז איהם געוואָרען עפּעס נישט העגדטיג און ער האָט געוואָלט אַרויסגעהן פון צימער, האָט מען איהם שוין נישט אַרויסגעלאָזט, און ער האָט זיך געמוזט אַנידערזעצען. האָט מען אָנגעהויבען דערלאַנגען אַהין אין צימער טהיי מיט צובייסונגען. ביים טהיי איז אַוועק אַ ווייטיגער שמועס, און ווילעווינסקי האָט געזאָגט:

— איך האָב אויך איינגעלאַדען קאָטיק'ן, לאָמיר איהם אַריינרופען, מיט איהם איז אַנגענעהם צו פערברענגען.

באַלד איז אַריין אין צימער דער זיידע, וואָס האָט זיך אויך צוגעזעצט צום טיש. אין אַ ווייַלע אַרום האָט זיך ווילעווינסקי מיט דער פרוי אַרויסגעדרעהט מיט עפּעס אַנ'אויסרייד, און דער זיידע האָט באַלד אָנגעהויבען צוטרעטען צו דער זאַך.

אָנגעהויבען האָט ער, פערשטעהט זיך, פון דעם, וואָס ער האָט גענומען פערטהיידיגען זי, אַז זי איז נישט שטאַרק שולדיג א. ז. וו. און נאָך אַ לאַנגער און דיפּלאָמאַטישער רעדע האָט ער געענדיגט דערמיט, אַז סיחאָווסקי זאָל נעבען זיין ווייב די האַנד אויף שלום. און אַ סוף זאָל ווערען דערמיט.

תיי אונגערן, האָט ער זיך כלומר'שט צוהוסט און באַלד דערויף

איז געקומען ווילעווינסקי מיט זיין פרוי, ווילעווינסקי האט גענומען סיחאווסטשיכע׳ס האנד און זי דעם מאנ׳ס האנד, און מיט געוואלד צוגעפיהרט איינע צו די אנדערע. האט מען זיך געגעבען די הענד און זיך צוקושט. עס איז געווארען ששון ושמחה. מען האט געשפאנט פערד און אלע זענען אוועקגעפאהרען גלייך צו סיחאווסקי׳ן אין פאלאץ. דארט האט מען אויפ׳ן גרויסארטיגען אופן פערבראכט, און דערמיט האט זיך עס געענדיגט.

און פאר איינוועגס איז שוין ביי בעריל-בענדעט׳ן אוועק א גוט לעבען מיט דער פריצ׳טע. פון איצט אן האט ער אנגעהויבען אריינקומען צו איהר מיט בעריכטען מכח דעם צושטאנד פון הויף און דער ווירטשאפט, און איהר בעציהונג צו איהם האט זיך אינגאנצען אומגעביטען. איצט האט זי זיך אפילו פערגונען פרעגען ביי איהם וועגען וועלט-נייעס, וואס שרייבט מען אין די צייטונגען און אזוי ארום פערברענגען מיט איהם שעה׳ן-ווייז.

צו אלעם דעם האט ער זיך נאכמעהר איבערגעגעבען צו דער ארבייט. ער איז געווען זעהר א הארעפאשנער מענש, און ווינטער פלעגט ער אויפשטעהן זעקס א זייגער פארטאג, זומער — פיער א זייגער און באלד זיך גענומען צו דער ארבייט, פיינט האבענדיג צו פערלאזען זיך אויפ׳ן עקאנאם.

זומער פלעגט ער א גאנצען טאג ארומרייטען אויפ׳ן פערד און איז אומעטום געווען, אלץ איבערגעזעהן, איבערגעקוקט און פעראָרדענט.

ווינטער איז ער כמעט שטענדיג געלעגען אין ברויז, וואו אלץ איז ביי איהם געווען אזוי ציכטיג, אז די אקציזניקעס, וואס פלעגען קומען, האבען זיך נישט געקענט אבוואונדערן. די ציכטיגקייט איז געווען ארום און ארום: סיי אין דער ארבייט, סיי אין די אלע אבטיילונגען, סקלאדעס, שפייכלערס און מאגאזינען.

אט די ציכטיגקייט און ארדנונג איז שוין געווען אזוי מפורסם, אז די ארומיגע פריצים, וואס האבען געהאט ברייזער, פלעגען קומען אנקוקען און אראבלערנען זיך וואס דערפון, און זיי האבען זיך שטענדיג בעקלאגט פאר סיחאווסקי׳ן, אז זיי קענען באין אופן נישט איינ-

פיהרען בייַ זיך אין די ברייַזער אַזעלכע גוטע אָרדנונגען מיט אַזאַ ריינקייַט און זויבערקייַט.

און אַזוי ריין איז אויך געווען אין גאַנצען הויף, קיין אַרבייטער האָבען נישט געפעהלט. מען האָט שטענדיג געקעהרט און געשאָטען מיט זאמד. סיחאָווסקי פלעגט שטאָלצירען מיט דער ריינקייַט פון זייַן הויף, מיט דער אָרדנונג פון זייַן ווירטשאַפט.

האַלטען יודען פאַר קאָמיסאַרען האָבען אייגענטליך אַ סך פריצים געוואָלט. עס האָט זיי אָבער נישט געפאַסט, און אַנדערע האָבען דערפון געהאַט נישט ווייניג היזק.

די גאַנצע אַרבייט אין די הויפען האָט זיך אַלץ געפיהרט אויפ'ן אַלטען שטייגער. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אויסקלערן, אַרייַנברענגען אויסבעסערונגען, בכלל נייַהייַטען אין דער אַרבייט. בעריל־בענרעט האָט אויסגעשריבען דייַטשע עקאָנאָמישע ווירטשאַפטס־צייַטונגען און האָט זיך אָפטער בענוצט מיט די עצות פון דאָרטען.

## דרײַצעהנטעס קאַפּיטעל.

בעריל-בענדעט'ס לעבען. — זײַן טאָכטער'ס חתונה. — דער פּוילישער אויפשטאַנד. — געוואָלט שמײַסען די פּריצ'טע. בעריל-בענדעט האָט זי אַרויסגעראַטעוועט. — שמואל. —

דער פעטער האָט געהאַט פיער טעכטער און איין זוהן. פאַרדער עלטסטער טאָכטער, ברכה, איז טאַטע-מאַמע עלטער געווען מיט צוועלף-און-אַ האַלב יאָהר. די פינף קינדער האָבען זײַ געבוירען אין פינף יאָהר, און מעהר האָבען זײַ קיין קינדער נישט געהאַט. געלעבט האָבען זײַ אין טשעכטשאָווע פירשטליך, און נאָך דער מעשה מיט'ן בלבול איז איהם אַוועק אַזוי גוט, אַז ער איז אי בײַ איהם און אי בײַ איהר געשעצט און געאַכפּערט געווען, ווי נאָר אַ נאָהענטער מענש. זײַ האָבען איהם אַוועקגעגעבען די שליסלען פון זײער גאַנץ פערמעגען.

בײַ בערקע'ן אין קאַבינעט איז געשטאַנען אַ גרויסע דעמבענע שאַפע מיט אַ קאַמאָד און דאָרטען איז געלעגען דעם פּריצ'ס ציהרונג, וואָס איז נישט אָפט גענוצט געוואָרען. אפילו דאָס געלד האָט ער אויך געהאַלטען בײַ בערקען.

בעריל-בענדעט האָט דעם פּריץ געקליידט. דער פּריץ האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, ווען ער דאַרף האָבען אַ מלבוש, בעריל-בענדעט

פלעגט אַליין פאָהרען קײן בּריסק און נעהמען סחורה פאַר'ן פּריץ אויף מלבּושים. אמאָל פלעגט ער פאַר איהר אויך נעהמען מלבּושים.

בּעריל-בּענדעט, אָדער פערקירצט: בּערקע, האָט זעהר רײך געקלײדט דעם פּריץ מיט דער פּריצ'טע, רײכער פון אַלע פּריצים אַרום. ווען ער פלעגט פאָהרען קײן בּריסק, פלעגט ער שטענדיג בּרענגען דער פּריצ'טע שמוק פאַר עטליכע הונדערט רובּל, אמאָל האָט ער איהר געבּראַכט אַ בּראָסליעט פאַר טױזענד-פינף-הונדערט רובּל, אמאָל קורלאַנער פעריל פאַר צװײ טױזענד רובּל, און די אַלע ציהרונג איז געלעגען בּײ בּערקען אין קאַמאָד.

דערפאַר האָבּען שוין דער פּריץ מיט דער פּריצ'טע געקלײדט בּעריל-בּענדעט'ן, און אַז עס פלעגט קומען דער שנײדער, פלעגען זײ שוין בּעשטעלען קלײדער פאַר בּעריל-בּענדעט'ן מיט דעם גאַנצען געזינדעל.

אַז בּעריל-בּענדעט'ס טאָכטער, בּרכה, איז אַלט געװאָרען פופצעהן יאָהר, האָט שוין דער פּריץ געזאָגט, אַז מען דאַרף טהאָן אַ שידוך מיט דער טאָכטער.

— און איך, — האָט דער פּריץ געזאָגט, — װעל געבּען טױזענד רובּל נדן. (דעמאָלט איז געװען טױזענד רובּל פון די רײכסטע נדן'ען). די גאַרדעראָבּ װידער מיט אַלע הוצאות החתונה זאָלען אויך זײן אויף זײנע קאָסטען.

בּעריל-בּענדעט האָט געהײסען שדכנים רײדען שידוכים; דאָס איז צוגעגאַנגען שנעל, און בּאַלד האָט מען געשטעלט תּנאים אין טשעלטשאָװע. דער פּריץ האָט גערַאטען אײנלעגען די טױזענד רובּל אין בּריסק בּײ אַ בּטוח און געהײסען קױפען דעם חתן אַ גאָלדענעם זײגער מיט אַ גאָלדענע קײט פאַר הונדערט-און-פופציג רובּל אויף זײן רעכנונג.

אויף די תּנאים האָט מען אַרױסגעשיקט צװײ קאַרעטעס מיט דרײ װעגען צו בּרענגען געסט. און בּעת די תּנאים גופא איז דער פּריץ מיט דער פּריצ'טע געזעסען בּײ אַ טישעל און זיך בּעטהײליגט צוזאַמען מיט אַלע געסט אין דער שמחה.

אויף מאָרגען האָט דער פּריץ פערבּעטען צו זיך אויף אַ מיטאָג. מען האָט געבּראַכט דאָס גאַנצע עסען אַהין, די געריכטען זענען

פערפערטיגט געווארען ביים פעטער, פון וואנען זיי זענען אריבערגע-טראגען געווארען צום פריץ.

די חתונה האט מען אבגעלעגט אויף ראש-חודש ניסן, די צייט, ווען דער ברויז בלייבט שטעהן, מחמת זומער קען מען נישט מאכען קיין בראנפען.

אויף דער חתונה בין איך אויך געקומען צופאהרען מיט דער גאנצער פאמיליע אויף פוהרען און קארעטעס, וואס בעריל-בענדעט האט ארויסגעשיקט. איך געדענק, אז עס זענען געקומען זעכצעהן פאר פערד, מיט פערשידענע בריטשקעס און קארעטעס און אזוי פוהרען. צעהנדליגער סוחרים זענען געקומען אויף דער חתונה און בעריל-בענדעט האט צוגעגרייט ערטער פאר אלעמען אויף צו שלאפען; דערנאך זענען געקומען קאברינער כלי-זמר מיט שעבסלען בראש און מיט טודרוס דעם בדחן.

אונזער פאמיליע איז געקומען צופאהרען דריי טעג פאר דער חתונה, ווען דער ברויז האט אויפגעהערט צו געהן. גרויסע קאדעס מיט ווארימען וואסער זענען געשטאנען, און איך מיט דעם פעטערס א יונגעל, שמואל, און דעם טאטענס ברודער ישראל, האבען זיך גע-באדען אין אזא קאד. נעבען אונז איז געשטאנען א קאד קאלט וואסער, האט איינער פון די יונגע שקצים אויף אונז א שפריץ געגעבען מיט א ביסעל קאלטען וואסער; מיר האבען געלאכט, נאר שמואל'ן, דעם פעטער בעריל-בענדעט'ס בן-יחיד, האט דאס פערדראסען און ער האט געזאגט, אז ער וועט דערצעהלען דעם טאטען, וועט דער שייגעץ קריגען געשמיסען.

דער פויער האט געמיינט, אז שמואל לאכט עס און ער האט זיך געטהאן דאס זייניגע, אבער דאס איז נישט געווען קיין געלעכטער. שמואל דער בן-יחיד איז געקומען אהיים און געוויינט פאר'ן טאטען, אז אנדריי דער שייגעץ האט אונז געשפריצט מיט קאלטען וואסער, ווען מיר זענען געזעסען אין א ווארימען קאד. ער האט אונז אודאי געקענט פערקיהלען. דער פעטער האט נישט געמאכט קיין גרויסע טענות און געשיקט רופען דעם וואיט און איהם געהייסען געבען אנ-דריי'ען, דעם יונגען שייגעץ, פופצעהן ריטער. מען האט מקים פסק געווען און אנדריי איז געקומען פאלען צו די פיס דעם קליינעם

שמואל׳קען, ער זאָל איהם מוחל זיין. דאָס איז געווען הערליך, אָבער אונז האָט ענטציקט דעם פעטערס מאַלט.

די חתונה איז געווען גרויסאַרטיג, מיט די טייערסטע געריכטען. קיין פערשיעדענע פליישען האָבען אודאי נישט געפעהלט. דער פריץ האָט געהייסען אַרויסנעהמען צו דער חתונה דאָס גאַנצע זילבער, עס זאָל בעשענקען די שמחה.

דער פריץ מיט דער פריצ׳טע זענען געשטאַנען ביי דער חופּה און די וועטשערע האָט זיך געצויגען פון זעקס אָוועגד ביז זעקס אין דערפריה. און אויף מאָרגען האָט דער פריץ געבעטען צו זיך דעם גאַנצען עולם אויף מיטאָג מיט די כלי־זמר; ער איז געווען ענטציקט פון שעבסלען מיט זיין שפּיעלען און געזאָגט, אַז זיין גאַנץ לעבען האָט ער נישט געהערט אַזוי גוט שפּיעלען ווי שעבסלען. דער עולם האָט געהוליעט אַ גאַנצע נאַכט ביים פריץ; ער האָט אויך געטאַנצט מיט בערקען און מיט דעם סוחר ר׳ ישראל־שמואל פון בריסק, אַ יוד אַ ווילצלער, אַ געשיקטער און האָט זיך אַלץ מיט׳ן פריץ געוויצעלט, און די פריצ׳טע מיט דעם גאַנצען עולם האָבען געלאַכט.

אויפ׳ן דריטען טאָג נאָך דער חתונה זענען אַלע סוחרים און די וויטערע פון דער פאַמיליע אַוועקגעפאָהרען. און מיר, די נאָהענטע, ביי עטליכע מנינים מענשען, זענען געבליבען אויף די גאַנצע שבעת ימי המשתה מיט שעבסלען און דער קאַפּעליע.

דער פריץ מיט דער פריצ׳טע זענען נישט מיד געווען פון פרעהען זיך, און די פריצ׳טע האָט שוין געזאָגט, אַז זי האָט די יודען גאָר נישט געקענט, מען האָט זי איינגעוויעגט אין דעם וויעגעלע: „זשיד וועזמע וו טאָרבו״, דער יוד וועט נעהמען אין טאָרבע. זי האָט אַלץ געהערט: „זשיד, זשיד״, האָט עס איהר אָנגעשראָקען. איצט אָבער זעהט זי, אַז יודען זענען אַ ליעב פאָלק און מיט זיי איז פרעהליך.

נאָך די שבעת ימי המשתה זענען מיר זיך אַלע צופאָהרען און שעבסיל האָט געקראָגען פון פריץ אַ הונדערטער און אַ רונג מיט בריליאַנטען פאַר הונדערט־און־פופציג רובל. דערביי האָט ער איהם פערזאָגט, אַז ווען ער וועט שיקען נאָך איהם, זאָל ער קומען צופאָהרען. פלעגט שוין שעבסיל מיט נאָך צוויי כלי־זמרים קומען צו סיחאָווסקי׳ן אַ פיער מאָל אין יאָהר אויף זיינע בעלער און פלעגט בעקומען הונ־

דערט רובל פאַר איין מאָל. געגעסען האָבען זיי ביי בעריל-בענדעט'ן.

דאָס האָט איהם געמאַכט זעהר פּאָפּוליער און פיעל פּריצים האָבען איהם געבעטען צו זיך שפּיעלען. אָבער דאָס רוב פלעגט ער זיי אָבזאָגען מיט דעם אויסרייד, וואָס ער קען ניט איבערלאָזען אַ יודישע חתונה אָהן כלי-זמר. דעם פאַן סיחאָווסקי'ן אָבער טהוט ער עס צוליעב זיין גוטסקייט.

קיין בראָנפען האָט שעבסיל נישט געטרונקען, נאָר אַ קליין קעלישאָקעל זיסען בראָנפען, ווי אַ ווייבעל, ווייל אויך נאָר איין קעלישאָק, און געהאַט האָט ער אַ ליעבע מינע און געווען איז ער תמיד אַ שטילער, און גערעדט האָט ער געצעהלטע ווערטער; קיין געלעכטער האָט מען קיינמאָל פון איהם נישט געהערט, אַפילו ווען ר' אַבעלע דער קאָמיקער פלעגט וואַרפען וויצען, אַז אַלע פלעגען צוקייכט ווערען פון געלעכטער. אויף שעבסיל'ס ליפען האָט מען דעמאָלט געזעהן אַ קליין שמייכעלע, אַזוי ווי אויף מיין פאָטערס ליפען.

אַזוי האָט דער פעטער בעריל-בענדעט געלעבט אין טשעכטשאָווע ביי סיחאָווסקי'ן. אָבער דאָס איז נישט גאָר. דער אמת'ער פערדיענסט בעריל-בענדעט'ס איז געווען דעריין, וואָס ער האָט געראַטעוועט דעם פּריץ אין ־עם בעוואוסטען פּוילישען אויפשטאַנד, בעת אַזוי פיעל פּריצים זענען צוהאַנגען און צושאָסען געוואָרען. בשעת'ן אויפשטאַנד האָט בעריל-בענדעט אָבגעהיט דעם פּריץ, אַז ער זאָל נישט געהן אין וואַלד און זאָל זיך דורכדעם נישט בעצאָהלען מיט זיין לעבען.

דער בעוואוסטער מוראַוויאָוו האָט איינגעאָרדענט, אַז אין יעדען אויעזד אין גאַנץ ווילנער אָקרוג זאָלען זיין צו צוויי וואָיענע נאַטשאַלניקעס מיט קאָזאַקען און זיי זאָלען אַרומפאָהרען איבער'ן גאַנצען אויעזד איבער די הויפען און מאַכען אַנ'אויספאָרשונג, וויפיעל פּריצים און וועלכע געפינען זיך אין דער-היים, זענען נישט אַוועק מיט די רעוואָלוציאָנערע שייקעס אין די וועלדער.

מוראַוויאָוו האָט געגעבען דאָס רעכט די וואָאינסקי נאַטשאַלניקעס צו שמייסען פּריצים און פּריצ'טעס און זאָגאַר קינדער פון די פּריצים און מיט דער הילף פון שמיץ דערגעהן, וואו געפינען זיך די פּריצים, וועלכע מען וועט נישט טרעפען אין דער-היים. האָבען דעמאָלט

קאָזאַקען מיט זייערע נאַגייקעס צושמיסען פּריצים, פּריצ'טעס און קינדער פון צעהן יאָהר.

אַז דער שערשאָווער וואָאינסקי נאַטשאַלניק מיט פופציג קאָזאַקען איז געקומען קיין טשעכטשאָווע, האָט ער נישט געטראָפען סיכאָווסקי'ן אין דער-היים. דער לעצטער איז גראָד ערגעץ אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. דער וואָאינסקי נאַטשאַלניק האָט מיט כעס געפרעגט ביי דער פּריצ'טע, וואו איז דער מאַן איהרער, דער „מיאַטעזשניק"? זי האָט זיך דערשראָקען, איז בלאַס געוואָרען און האָט געענטפערט, אַז ער איז איצט אַרויסגעגאַנגען און וועט באַלד קומען. האָט ער באַלד אַ געשריי געטהאָן צו די קאָזאַקען:

— שמיץ! און אַזוי לאַנג שמייסען ביז זי וועט אויסזאָגען, וואו דער מאַן איז.

די קאָזאַקען האָבען זי שוין צוגעגרייט צו שמייסען. אַ פיינע סצענע! — און שוין געוואָלט אָנהויבען ציילען די שמיץ, נאָר אין דער מינוט איז אָנגעלאָפען בעריל-בענדעט און איבערגעגעבען דעם נאַטשאַלניק, אַז דער פּריץ איז נאָר-וואָס אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, ער קומט באַלד אַריין.

— איך בין ערב, — האָט ער מוטהיג געזאָגט, — האַלט מיך, און אויב אין אַ פיערטעל שעה צייט קומט ער נישט אַריין, קענסטו מיר דאָס זעלבע טהאָן און זאָגאַר דערשיסען.

און ער האָט אַוועקגעשיקט די דיענסטען, מען זאָל איהם וואָס גיכער ברענגען; ער האָט געוואוסט וואו דער פּריץ געפינט זיך. יענער פלעגט ליעב האָבען שטענדיג צו שפּאַצירען אין די אַלעען, הינטער'ן הויף.

דער נאַטשאַלניק האָט אַ קוק געגעבען אויף בעריל-בענדעט'ן: אַ הויכער, אַ דיקער, שען געקליידט, איז ער איהם גלאַט געפעלען געוואָרען, און בעריל-בענדעט האָט נאָך דערצו גערעדט גוט רוסיש, וואָס כמעט מאַנכע פּריצים האָבען נישט געקענט, און ער האָט איהם געפרעגט;

— ווער ביזטו?

— איך בין קאָמיסאַר אין הויף.

אויף דער פראַגע, צי ער איז אַ פּאָליאַק, האָט ער איהם

געענטפערט, אַז אַ יוד, דאָס איז ווידער געפעלען געוואָרען דעם נאַטשאַלניק און ער האָט געהייסען די קאָזאַקען נישט טשעפּען דערווייל די פּריצ'טע. ער האָט זיך פונאַנדערגערעדט מיט'ן יודישען קאָמיסאַר און פאַר דער צייט איז געקומען דער פּריץ.

— דו האָסט צו פערדאַנקען דעם יודען, האָט דער אָפיציר געזאָגט סיחאָווסקי'ן, — ווען נישט ער, וואָלט שוין לאַנג דיין ווייב געשמיסען געוואָרען. דערביי האָט ער אָנגעזאָגט, אַז דער פּריץ זאָל זיך נישט וואַגען אַרויסגעהן פון שטוב, בעת ער וועט אַוועקפאָהרען, וואָרום ער וועט זיכער אָנפאָהרען פּלוצלונג, און קוים וועט ער נישט געפינען דעם פּריץ, וועט ער אַפילו קיין צעהן מינוט נישט וואַרטען און וועט גוט דורכשמייסען די פּריצ'טע מיט די קינדער.

— איך וועל אייך נישט שוינען, מיאַטעזשניקעס!

אָבּעסענדיג און אָבּטרינקענדיג צוזאַמען מיט די פערד, האָט מען מיטגענומען אַ פּעסעל שפּירט פון צעהן טעפּ און מען איז אַוועקגעפאָהרען אין אַ צווייטען הויף.

די פּריצ'טע איז קראַנק געוואָרען פון שרעק און חרפּה, און איז געווען געפעהרליך. און בעריל-בענדעט האָט שטאַרק געאַרבייט, האָט אַלע טאָג געשיקט קאַרעטעס קיין בריסק נאָך דאָקטוירים. נאָך אַ פּאָר חדשים ליגען איז זי געזונד געוואָרען.

דערנאָך האָט סיחאָווסקי געזאָגט דער פּריצ'טע פאַר'ן קאָמיסאַר אין די אויגען:

—- זעהסטו, דיין גליק, וואָס עס האָט זיך נישט איינגעגעבען דער בלבול אויף בערקע'ן. דו האָסט אַוודאי דעמאָלט געמיינט, אַז בערקע וועט קריגען געשמיסען און אַרויסגעטריבען, און איצט האָט אונז בערקע פּשוט מציל געווען. וואָס וואָלטען שוין די קאָזאַקען מיט זייערע דראָטענע נאַגייקעס פון דיר געמאַכט, ווען נישט בערקע?

סיחאָווסקי איז געבליבען זיצען אין דער-היים און שוין נישט אַרויסגעפאָהרען די גאַנצע צייט פון אויפשטאַנד. בערקע האָט געפיהרט די הויפען מיט געדונגענע פויערים, און נאָר ער האָט געהאַט ביי זיי חן, און נאָר צו איהם זענען זיי געגאַנגען אַרבייטען אין די פעלדער, אויסבעטענדיג, פערשטעהט זיך, שרעקליך גרויסע פּרייזען פאַר דער

אַרבּײַט. אין די איבּעריגע הויפען האָט מען גאָרנישט געזײַהט און דאָ, וואו עס איז געווען געזײַהט, האָבּען זיך די קערנער אויסגעשאָטען פון די זאַנגען, און מען האָט נישט געקענט קריגען קיין שניטער, אַפילו פאַר געלד. די פויערים האָבּען דאָס עקסטרע געטהאָן אויף צו להכעיס די פריצים. אין דער גאַנצער געגענד זענען זײַ געקומען אין די הויפען, געבּונדען זײַערע פריצים און זײַ אומגעקעהרט די שמיץ, וואָס דער פריץ האָט זײַ פריהער געגעבּען.

אין דער צײַט פון אויפשטאַנד האָט בּעריל-בּענדעט געהאַט אפשר מעהר אַרבּײַט ווי אַלעמאָל. אויסער די פויערים, וועלכע מען האָט בּעדאַרפט בּערוהיגען, האָט ער בּעדאַרפט זעהן, אַז די פריצים זאָלען סיחאָווסקי'ן נישט נעהמען אין וואַלד אַרײַן. אָנשטאָט רעאַלע טהעטיגקײַט, וואָס די פריצים האָבּען געפאָדערט פון סיחאָווסקי'ן, האָט ער זײַ, אַ דאַנק בּעריל-בּענדעט'ס אײַנפלוס, געשטיצט מיט געלד. יעדעס מאָל צו צעהן טויזענד רובּל, און אַזוי ער מעהר אָדער ווייניגער געווען געזיכערט פון בּײדע געפאַהרען.

עס איז זיך איצט נישט שווער פאָרצושטעלען, ווי טײַער בּעריל-בּענדעט איז בּײַ זײַ געווען, און נאָך אויפשטאַנד, ווען סיחאָווסקי איז שוין געפאָהרען אין אַן'אָפענער קאַרעטע מיט אַ פאָר פערד, איז בּערקע שוין אויך אַזוי געפאָהרען און אַזוי האָט ער אָבּגעלעבּט אַ יאָהר עטליכע און דרײַסיג. סיחאָווסקי האָט איהם חתונה געמאַכט זײַנע פינף קינדער און נדן האָט ער שוין געגעבּען פינף הונדערט רובּל, ווײַל נאָך'ן אויפשטאַנד איז ער שוין פערמאָרימט געוואָרען.

בּערקע איז געשטאָרבּען אין עלטער פון עטליכע און פופציג יאָהר. ער האָט נישט געלאָזען אַזעלכע קינדער, וועלכע זאָלען קענען פערטרעטען זײַן שטעלע. זײַן זוהן שמואל איז געווען אַן'אָרענטליכער מענש, נאָר עס האָט איהם געפעהלט דעם פאָטער'ס שכל מיט דער ענערגיע.

סיחאָווסקי האָט אַוועקגעזעצט בּעריל-בּענדעט'ס זוהן שמואל'ן אין אַ צווייטען הויף, אַ קלענערן פון טשעכטשאָווע און יענער האָט מפרנס געווען די גאַנצע פאַמיליע. אָבּער עס איז שוין נישט געווען דאָס לעבּען, ווי פאַר'ן פאָטער.

אַז סיִחאָווסקיִ און שמוּאל זענען געשטאָרבען (שמוּאל איִז זעהר יוּנג געשטאָרבען), האָט דיִ פריִצ'טע מיִט'ן זוהן געגעבען בעריִל-בענ־דעט'ס ווייַב דבוֹרה'ן פיִנף-הוּנדערט רוּבּל און דבוֹרה איִז אַרוֹיסגעפּאָה־דען קייַן קאַמעניִץ. זיִ האָט נאָך בעקוּמען ירוּשה פוּן שוועהר אַ גרוֹיס הויז און האָט זיִך דאָרטען בעזעצט אויף שטענדיִג.

## פיערצעהנטעס קאַפּיטעל.

ראש-השנה און יום-כפור. — די אימה. — מלקות. — דאָס בענשען די קינדער. — דער פחד אין די שוהלען. — בײַ די חסידים. — סוכות. — שמחת-תורה. — ימים-טובים בכלל. — ווי אַזוי בײַ אונז פלעגט צוגעהן אַ יום-טוב.

בעריל-בענדעט מיט דער גאַנצער פאַמיליע פלעגט קומען צופאָהרען אויף ראש-השנה און יום-כפור קיין קאַמעניץ, אַזוי ווי אַלע ישוב'ניקעס, און פערפאָהרען צום זיידען. פון זייערטוועגען פלעגט מען צוגרייטען דרײַ צימערן, און מיט זיך פלעגט ער ברענגען אַ גאַנצען וואָגען מיט קיך-געשיהר, טיש-געשיהר און אַזוי האָבען אַלע צוזאַמען פערבראַכט די דרײַ טעג פון ראש-השנה און יום-כפור.

דעם זיידענס פאַמיליע איז בעשטאַנען פון פינף טעכטער: דרײַ פערהייראַטע מיט די קינדער, און דרײַ זיהן: צווײַ פערהייראַטע מיט די קינדער, און עס איז געווען פרעהליך.

קומענדיג ראש-השנה פון דאַוונען, האָט שוין בעריל-בענדעט, וואָס האָט ליעב געהאַט צו עסען מיט זיין פאַמיליע בעזונדער, אויך געמוזט זיין בײַם קידוש, און אויפ'ן טיש פלעגען ליעגען פערשיעדענע טאָרטען מיט פירעשקעס, אייערקיכלעך מיט מאַנדיל-ברויטען און צוקערטויגלעך, וואָס די באָבע פלעגט באַקען און וואָס האָבען געהאַט

א שם אין שטאָדט פאַר זייער בע'טעמ'טקייט, און די שטוב איז געווען פול מיט מענשען — אַלץ די אייגענע משפחה.

ערב ראש-השנה בעגינען, דריי א זייגער, האָבען זיך צונויפגעקליבען צום זיידען אין שטוב אַריין אַלע קינדער און אייניקלעך, אַפילו זיבען-אַכט-יעהריגע און אויך דעם זיידען'ס ברודער'ס פאַמיליע. האָט מען דערלאַנגט טהיי מיט לעקעך און אייגנעמאַכטס און זיסען שנאַפּס, האָבען אַלע געגעסען און געטרונקען און דערנאָך זענען אַלע געגאַנגען אין די בתי-מדרשים אויפ'ן שוהל-הויף זאָגען סליחות. געגאַנגען זענען פריהער די מאַנסביל מיט די יונגלעך, דערנאָך — די ווייבער, טעכטער און שנוהר און אייניקלעך. איך געדענק נאָך, אז איך האָב איינמאָל איבערגעצעהלט די פּאַרשוינען פון אונזער משפחה, וואָס זענען געגאַנגען צו סליחות.

— נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי, ביז נישט פיערציג...

עס איז געווען אַזוי פרעהליך דאָס געהן צו סליחות, עס האָט אויסגעזעהן ווי זעלנער געהן, מען האָט שוין געזאָגט אין שטאָדט: דער „צאַרסקער פּאָלק" געהט שוין. וואָרום מען האָט נישט געוואַגט אָנהויבען זאָגען סליחות אין שוהל-הויף און די בתי-מדרשים, ביז עס איז נישט געקומען דער „צאַרסקער פּאָלק". אויפ'ן שוהל-הויף האָט זיך די משפחה צוטיילט: ווער עס האָט געזאָגט סליחות אין דעם בית-המדרש און ווער אין א צווייטען.

דער זיידע האָט געזאָגט סליחות ערב ראש-השנה און ערב יום-כפור אין אַלטען, גרויסען בית-המדרש. זיין שטאָדט איז געווען נעבען רב אין מזרח, א צווייטע שטאָדט האָט ער געהאַט אין ווינקעל, אַרויף אין מזרח, און א דריטע אין דרום זייט, ביים ערשטען פענסטער.

ראש-השנה און יום-כפור האָט דער זיידע געדאַוועט אין שוהל. דאָ האָט ער געהאַט דריי שטעדט אין מזרח: פאַר איהם מיט'ן ברודער מרדכי-ליב און מיט'ן בן-יחיד.

בעריל-בענדעט האָט געדאַוועט אין נייעם בית-המדרש. דאָרט האָט דער זיידע אויך געהאַט צוויי שטעדט: איינע אין מזרח און די צווייטע אין דרום, אויך א יחסנ'דיגער אָרט, נאָר דער טאַטע האָט געפעהלט, ווייל ראש-השנה איז ער געווען ביים רבי'ן.

אין דער נאכט צו ערב יום־כפור איז קיינער פון דער פאמיליע נישט געגאנגען שלאפען. די גאנצע פאמיליע האט זיך אויפגעקליבען צום זיידען שלאגען כפרות, און די באבע האט שוין איינגעקויפט עטליכע טוץ הענער און היהנער. און זאגאר פרעמדע בכבוד'ע בעלי־בתים פלעגען אריינשיקען זייערע כפרות דעם אווענד צום זיידען. ווייל דער שוחט, וואס פלעגט גיהן די גאנצע נאכט צו אלע בכבוד'ע בעלי־בתים קוילען די עופות, פלעגט צום ערשטען קומען צום זיידען. דערצו איז שוין געווען גרייט ביים זיידען א גרויסער שטאהל און א סך בעלי־בתים פלעגען אריינשיקען זייערע כפרות צום זיידען, געוועהנליך, מיט זיין וויסען.

אין דעם אווענד איז געווען געגרייט א טיש מיט זיסע בראנפענס, מיט לעקעך און איינגעמאכטס, און דער עולם האט אנגעהויבען שלאגען כפרות. אנדערע האבען געבענשט פאר זיך און אנדערע מיט די קליינע קינדער.

דערנאך האט מען געטרונקען לחיים צוזאמען מיט'ן שוחט און פערביסען, און דער שוחט איז געגאנגען קוילען די כפרות. כפרות־שלאגען האט געדויערט א פאר שעה, און א ביסעל שפעטער זענען אלע אוועקגעגאנגען זאגען סליחות, און די מיידלעך מיט די קינדער האבען זיך געלעגט שלאפען.

דער זיידע פלעגט מיך מיטנעהמען צו סליחות פון זיבען יאהר אן, מחמת איך האב איהם שטארק געבעטען. זיין איינגען יונגעל ישראל, אין איין עלטער מיט מיר, האט ער נישט גענומען. יענער האט נאר קיינמאל נישט געוואלט געהן צו סליחות, וואס איז ביי מיר געווען זעהר טייער.

און אז דער זיידע האט מיט מיר געזאגט ערב ראש־השנה די גרויסע סליחות, האט ער שרעקליך געוויינט, און איך האב, פאר איין ברירה, אויך געוויינט מיט'ן זיידען. פון מיר האבען זיך געגאסען טייכען טרעהרען, און דער זיידע איז געווען צופריעדען, וואס דאס איניקעל וויינט. דערפאר וועט אפשר אין מיין זכות גאט העלפען אונז אלעמען.

נאר דער זיידע פלעגט זיך אזוי צעוויינען צו סליחות, אז עס פלעגען איהם ציטערן די פיס. אז איך האב דערפיהלט, אז דעם

זיידענס קניע ציטערן, האָב איך עקסטרע אָנגעשפּאַרט מײַנע קניע צו זײַנע, אום צו דערוועקען אין מיר אויך אַזאַ ציטערניש. דאָס, געדענק איך, פלעגט אויף מיר שרעקליך ווירקען, און מײַן געוויסן פלעגט דערגרייכען די העכסטע מדרגה. דאָס האָט, קענטיג, בעזונדערס אויסגענומען בײַם זיידען און ער פלעגט מיך שוין אַלעמאָל מיטנעהמען צו סליחות, אַפילו ווען איך האָב נישט געבעטען.

דער זיידע, וואָס איז געוועזן אַ גרויסער בעל-בכי, האָט געמוזט צו מיר איבערגעבען בירושה אָט די אייגענשאַפט זײַנע און נאָך היינט אַפילו, אַז איך דערהער עפּעס אַ געוויין, נו, מאַלע פון וואָס, חאָטש פון אַ קלײַניגקייט, שטעלען זיך מיר באַלד טרערן אין די אויגען.

ערב יום-כפור, אַ זייגער צוועלף, איז דער זיידע געגאַנגען דאַוונען מנחה מיט דער גאַנצער פאַמיליע. דעמאָלט האָט דער זיידע צוטיילט פופציג רובל, דער ברודער דרייסיג רובל, און יעדערער — צו פופצעהן, צוואַנציג רובל, די ווייבער בעזונדער, און אַזוי איז פון אונזער פאַמיליע אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ גרויסע צדקה.

אין שוהל פלעגט זײַן אויסגעשפּרייט היי און נעבען טהיר איז געלעגען אַ בערגעל היי, וואָס דאָרט האָבען זיך די בעלי-בתים חשובים צוגעלעגט, און דער ערשטער שמש, אָנגעטהאָן אין אַ קיטעל, מיט אַ גרויסען קאַנטשיק אין האַנד, איז געשטאַנען און געצעהלט יעדערן ארבעים מלקות. געצעהלט האָט ער אויף לשון-קודש: אחת, שתים, ביז ארבעים. דער יוד איז געלעגען אויסגעצויגען, אָנגעטהאָן אין אויבער-מלבוש, און דער שמש האָט געשמיסען, איין קלאַפּ אונטען און איין קלאַפּ אויבען, אויפ'ן פּלייצע, און די געשמיסענע פלעגען ליגענדיג שלאָגען זיך על-חטא בעת מעשה. די אָרימע לייט האָבען נישט געהאַט קיין זכיה, אַז מען זאָל זיי שמייסען, ווארום פאַר דער עקוצע-קוציע האָט מען בעדאַרפט גוט אָבצאָהלען דעם שמש, און אַז עס פלעגען קומען אַ סך בעלי-בתים, פלעגען זיי שטעהן און וואַרטען. די חשוב'ערע בעלי-בתים האָט מען פריהער געשמיסען. אַז דער זיידע איז געקומען אין שוהל, האָט ער זיך באַלד געלעגט, און דער שמש האָט אָנגעהויבען צעהלען. און מיך פלעגט שטאַרק פערדריסען, וואָס דער זיידע לעגט זיך און דער שמש שמייסט... ארום האַלב צוויי אַ זייגער זענען מיר געקומען. באַלד איז מען געגאַנגען עסען די היהנער מיט

די לאָקשען. אָבגעגעסען אין דער-גיך און אָבגעבענשט, האָט דער זיידע גענומען בענשען די קינדער פון איין זייט שטוב, און די באָבע פון דער אנדער זייט.

ער פלעגט אָנהויבען אַרויסצורופען אַלע קינדער, יעדערן ביים נאָמען, כסדר, פריהער פון די עלטערע, די טעלטער און די שניהר, דערנאָך — די טעלטערס טעלטער און די שנוהר'ס שנוהר. מען האָט אפילו געבראַכט די קליינינקע וויג-קינדער, עס האָט גענומען אַלט זיין צוויי וואָכען, צום בענשען. אָנגעהויבען האָט ער פריהער צו בענשען די מאַנספערשוינען פון עלטסטען ביז אַ קינד פון צוויי וואָכען, וואָס די מוטער האָט דאָס געהאַלטען אין אַ קישעלע, און ער האָט אויפ'ן קינד אַרויפגעלעגט די הענד און געבענשט, און דערנאָך האָט ער געבענשט די פרויען, אויך מיט אַזאַ סדר.

ביים בענשען האָט ער אַזוי געוויינט, מיט אַזאַ ביטערן און יאָמערדיגען געוויין, אַז אַ שטיין וואָלט אויך געקענט צוגעהן. עס פערשטעהט זיך, אַז אַלע פלעגען נעהמען וויינען, די גרויסע מיט די קליינע און עס פלעגט זיך ווערען אַ מין מישמאַש פון פערשידענע געוויין-קולות: גראָבע און דינע און קוויטשענדיגע. פון דער זייט האָט מען געקענט מיינען, אַז אַ שטאָדט איז חרוב געוואָרען.

נאָך דעם זיידענ'ס בענשען איז מען גלייך געגאַנגען צו דער באָבען. זי האָט נאָר געגאָסען מיט טרעהרען, אָבער קיין שום קול האָט מען פון איהר קיינמאָל נישט געהערט. זי האָט מעהר נישט אַרויפגעלעגט דאָס דאַרע הענדטעל אויפ'ן קעפעל, און די טרעהרען האָבען זיך פון איהר געגאָסען שטיל, שטיל, שטיל... אַזוי האָט געדויערט די צערעמאָניע פונ'ם בענשען איבער צוויי שעה, און דער זיידע האָט שטענדיג פערשפעטיגט, שטענדיג איז ער געקומען אין שוהל, ווען דאָרטען איז שוין געווען געפאַקט מיט מענשען און מען האָט געוואַרט אויף איהם מיט כל-נדרי.

אַמאָליגע יום-כפור'ס... גאָט מיינער, וואָס האָט זיך דאָס אָבגעטהאָן!

אין שוהל, ביי כל-נדרי, האָט אויסגעזעהן ווי אַנ'עדה מענשען, דורכגענומען מיט אַ גרויסען פחד, שטעהען גרייט צו געהן אויף דער אמת'ער וועלט. אַלע זענען אָנגעטהאָן אין די ווייסע קיטלען מיט די

גאַרטלען, געהאָפטען פון זילבער און גאָלד, אין טליתים, אין יאַרמאָלקעס, אויך געהאָפטענע פון זילבער און גאָלד. מײַן זײַדענס יאַרמאָלקע מיט'ן גאַרטעל האָבען בעטראָפען אַ סך צעהנדליגער רובל, און געווען נאָך שענערע. און אַפילו די אָרימע־לײַט האָבען אויך געטראָגען ווײַסע יאַרמאָלקעס, אויסגענײַהט מיט קאָלירטע זײַד.

און די פיעל ליכט, וואָס האָבען געברענט אין אַלע הענגלײַכטער, וואָס זענען אַראָבגעהאַנגען אויף שטריק פונ'ם גאַנצען סופיט. און אויך צושטעלט אויף די טישען, אַרײַנגעשטעקט אין קאַסטענס מיט זאַמד! יעדער יוד וויל, אַז אַ ליכט זאָל ברענען פאַר זײַנע עלטערן— פון כל־נדרי ביז אויף מאָרגען אָוועַנד נאָך נעילה. די גרויסע ליכטיגקײַט האָט געשפּיעלט אויף די גאָלדענע, זילבערנע און זײַדענע יאַרמאָלקעס, מיט די ווײַסע קיטלען און טליתים—און אויף אַלע פנים'ער איז געלעגען עפּעס אַ הײַליגקײַט. קײַנער האָט דעמאָלט נישט געהאַט אין זינען קײַן גשמיות, ערדישעס, וואָכענדיגעס.

דער עולם וויינט און בעט גאָט, ער זאָל מוחל זײַן אויף אַלע עבירות, ער זאָל שענקען אַ גוט יאָהר, אַ געזונד יאָהר, יעדער ניסט אויס זײַן האַרץ מיט טײַכען טרעהרען פאַר'ן רבונו־של־עולם.

און די געוויינען מיט די קולות און יאָמערן פון די ווײַבער געהען איבער אין מענער־שוהל, און צובראַכט זײַ די הערצער, און די מאַנסביל צעוויינען זיך אויך ווי די ווײַבער.

עס איז זיך שווער פאָרצושטעלען איצט, ווען דער גאַנצער יום־כפּור איז אָבגעשוואַכט געוואָרען און זײַן פּחד האָט אָנגעוואוירען די שליטה איבער אונז, די אַמאָליגע כל־נדרי־נאַכט אין די שוהלען און די בתי־מדרשים!

די ווענד האָבען געוויינט, די שטיינער אין גאַס האָבען געקרעכצט און אַ פיש אין וואַסער האָט געציטערט, און דאַוונען דאָס די יודען, וואָס אַ גאַנץ יאָהר רײַסען זײַ זיך פאַר אַ גראָשען פּרנסה!

קײַן שנאה, קײַן קנאה, קײַן תאוה, קײַן חניפה, קײַן לשון־הרע, קײַן רכילות, קײַן עסען, קײַן טרינקען. אַלעמענס הערצער און אויגען זענען אויפגעהויבען צום הימעל און עס איז בלויז רוחניות, נשמות אָהן גופ'ען.

און פון חזן בײַם עמוד פליסט מיט האַרציקע נגונים און צוגיסט זיך איבער אַלעמענס הערצער.

אין עלטער פון צוועלף יאָהר האָב איך אָנגעהויבען געהן צו כל־נדרי מיט'ן טאַטען אין חסידים־שטיבעל. דאָ איז שוין געווען אַנ'אַנדער כל־נדרי און בײַ זיי איז מיר בעסער געווען געפעלען דאָס דאַווענען יום־כפור, איידער בײַ די מתנגדים.

אין חסידים־שטיבעל הערט מען נישט קיין געוויינען, קיין יאָמערן קיין פערכליפּען זיך וויינענדיג, נאָר מען דאַווענט מיט גרויס קוראַזש; ווער עס האָט אַ גוטען קול, דער דאַווענט הויך און פרעהליך, און ווער נישט — דאַווענט שטיל, נאָר מיט טעם, און אַלע זינגען איין האַרציגען נגון. קיין שום חזנים און חזנות איז נישטאָ. דער בעל תפילה זאָגט די ווערטער מיט'ן האַרציגען נגון און אַלע זאָגען איהם נאָך.

נאָך כל־נדרי פלעגען פיעל חסידים, יונגע און אַלטע, נעכטיגען אין שטיבעל. מען פלעגט זיך לעגען אויף די היי, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע. עס איז עפּעס געווען טשיקאַווע. און איך האָב זעהר ליעב געהאַט צו נעכטיגען נאָך כל־נדרי אין שטיבעל אויף די היי. פלעגט מען ליגען און אונטערברומען פערשידענע האַרציגע נגונים'לעך די גאַנצע נאַכט און עס פלעגט זיך עפּעס זיס אײַנשלאָפען.

אין די אויערן פלעגט אָבקלינגען דאָס זיסע אונטערברומען, און דער שלאָף פלעגט זײַן לײַכט, ווי אַ דרעמעל. מען חאַפּט זיך אויף אויף אַ פּאָר מינוט און מען ווערט צוריק אַנטשלאָפען. און אַרום און אַרום זינגט זיך, זינגט זיך, שטיל, שטיל...

יום־כפור אַ זייגער צעהן אין דער־פריה האָט מען זיך געשטעלט דאַוונען ווידער מיט אַזאַ געריויש, פּונקט ווי מיליטער אויף אַ פּאַראַד, און עס דאַווענט זיך מיט גרויס טעם. אַזוי זענען אַלע חסידים געשטאַנען גלײַך אויף די פיס, אָנהויבענדיג מיט איין אויסגעשרײַ, ביז צוועלף אַ זייגער.

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען פערקויפען די עליות, אַזוי ווי בײַ מתנגדים. אָבער פערקויפט האָט מען אויך מיט טעם. די חסידים, די זינגערס, און די עלטערע האָבען זיך ווײַטער צולעגט אויף די היי און ווידער האָט מען אונטערגעברומט אַ נגונ'דיל, אָבער שוין נישט

אײנס, נאָר עטליכע, אין דעם װינקעל אַזאַ נגון, אין דעם אַנדערער װינקעל — אַן׳אַנדער נגון, אַקוראַט נאָכ׳ן רבי׳ן נאָך — די קאַרלינער זײערע נגונים, די סלאָנים׳ער זײערן, און אײן-אײנציגער חסיד, װאָס האָט געהערט צום ליבאַװיטשער רבי׳ן האָט געזונגען זײַן נגון. די אַלע נגונים׳לעך, ברומענדיגע און האַרציגע, פלעגן זיך אויפגיסען אינאײנעם און צוגיסען זיך אין אַלע אברים.

און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען דער מוסף. פאַרהאַן פיעל חסידים, װאָס װילען גאָרנישט זאָגען קײן פיוט. זײ האַלטען מעהר פון האַרציגען פרומען געזאַנג, אײדער פונ׳ם דאַװנען, און זײ פלעגען זיך אונטערזינגען שטילערהײד.

און דער יום-כפור בײַ די חסידים איז מיר אַזוי געפעלען געװאָרען, אַז איך פלעג שוין גײן ראש-השנה אויך אין שטיבעל, חאָטש אָהן טאַטען. (ער פלעגט אַװעקפאָהרען צום רבי׳ן).

יום-כפור בײַנאַכט, נאָך מעריב, האָבען אַלע קינדער און אײניקלעך געמוזט קומען צום זײדען. װידער לעקעך און בראָנפען, און אײנגעמאַכטס, און דערנאָך האָט מען געגעסען די כפרות, דערנאָך איז געקומען דער ברודער מיט זײַן גאַנצער פאַמיליע און מען האָט זיך שטאַרק משמח געװען ביז האַלבע נאַכט.

נאָר דער טאַטע, װי איך האָב שוין געזאָגט, האָט געפעהלט ראש-השנה, װײַל ער איז געװען בײַם רבי׳ן, פריהער אין קאָברין און דערנאָך אין סלאָנים. ערב יום-כפור איז ער אַפילו געקומען זיך בעגעגנשען — און מעהר נישט. יום-כפור האָט ער געדאַװענט אין חסידים-שטיבעל. דערפאַר אָבער איז יום-כפור בײַנאַכט בײַם טאַטען געװען נאָך אַ גרעסערע שמחה. אַ װײַגער אַלט האָבען זיך שוין גענומען קלויבען חסידים צום טאַטען און מען האָט געֿשכור׳ט און געזונגען, און געטאַנצט אַ גאַנצע נאַכט.

איך האָב זיך געהאַט צו פרעהען אויף צװײ טראַקטען: בײַם זײדען און בײַם טאַטען. װאו עס איז געװען די שמחה גרעסער, דאָרט בין איך געװען, און דאָס רוב בין איך געװען אין בײדע ערטער.

אויף מאָרגען נאָך יום-כפור איז שוין געקומען פון טשעכטשאָװע די קאַרעטע פאַר בעריל-בענדעט׳ן מיט דעם װײַב, בריטשקעס פאַר די קינדער מיט די דינסטען און אַ פורגאָן אויף די אַלע זאַכען און

קִיך-גֶעשִׁיהר. צום גֶעזֶעגֶענֶען זִיך פלֶעגט קומֶען דִי גאַנצֶע פאַמִילִיעֶ און עֶס אִיז ווִידעֶר גֶעוועֶן הַיימלעֶך.

דִי צַייט פון יום-טוב בִּכלל האָבֶּען אַלֶע גֶעמוּזט זַיין בַּיים זֵיידעֶן אִין שטוּבּ. דִי עֶלטעֶרֶע האָבֶּען גֶעגֶעסֶען דִי צווַיי סעודות בַּיי זִיך — אָבֶּעֶר דִי קלֶענֶערֶע האָבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען בַּיים זֵיידעֶן. עֶס אִיז אַ גאַנץ יום-טוב גֶעוועֶן פוּל גֶעפּאַקט דִי גרוֹיסֶע שטוּבּ מִיט קלֵיינֶע און גרוֹיסֶע, מעֶן האָט גֶעגֶעסֶען און גֶעטרונקֶען, און עֶס אִיז גֶעוועֶן אַזוֹי פרעֶהלִיך, אַז דעֶר זֵיידעֶ האָט זִיך נִישט פּעֶרגונעֶן צוּ גֶעהן בַּייטאָג שלאָפֶען. עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען בַּיים טִישׁ דעֶם גאַנצֶען טאָג און גֶעשעֶפּט נחת פון אַלֶע זַיינֶע קִינדעֶר; לִיעב האָט עֶר גֶעהאַט, אַז דִי קִינדעֶר זאָלֶען וואָס מעֶהר רוֹישֶען, וואָס מעֶהר שטִיפֶען און מעֶן האָט, דאַכט זִיך, גֶעקֶענט טוֹיבּ ווערֶען פון דִי קולות, פון דִי גֶעלֶעכטֶערס און שטִיפֶערַייעֶן, דִי גרוֹיסֶע ווִי דִי קלֵיינֶע — און עֶר האָט גֶעשעֶפּט נחת. עֶר האָט זִיך אָפטעֶר אִיבּעֶרגֶעזֶעצט צוּ אַנ'אַנדעֶר טִישׁ, דעֶרנעֶהנטעֶרט זִיך כסדר דאָ צוּ דעֶר גרופּע קִינדעֶר, דאָ צוּ אַ צווַייטעֶר און גֶעקוּקט און גֶעשעֶפּט נחת.

נִיס האָט דִי באָבּעֶ גֶעקוֹיפט אוֹיף יום-טוב גאַנצֶע זעֶק, און מעֶן האָט אַלֶעמאָל גֶעגֶעבּעֶן דִי קִינדעֶר צום שפִּיעלֶען. האָט מעֶן גֶעשפִּיעלט אִין נִיס און גֶעקנאַקט מִיט קנאַקעֶרס, גֶעלֶעגט אִין דִי קעֶלִישקעֶס ווַיין און עֶס האָט, מִיט אֵיין וואָרט, גֶערוֹישט.

נאָר בַּיים טאַטעֶן אִיז גֶעוועֶן בּלוֹיז אַ חסִיד'ישֶע שמחה. סוּכּות האָט זִיך בַּיים טאַטעֶן גֶעהוֹיבּעֶן דִי שטוּבּ גאַנצֶע טעֶג און נעֶכט פון גֶעזאַנג און טעֶנץ. בּאַלד ווִי דִי חסִידִים האָבּעֶן נאָר אָבּגעֶדאַווענט אִין שטִיבּעֶל און ווִי-עֶס-אִיז אָבּגעֶהאַפּט אִין דעֶר-הַיים דִי סעודה, זעֶנעֶן זֵיי גלַייך גֶעקומעֶן צום טאַטעֶן און עֶס אִיז אַוועֶק אַ טאַנצעֶרַיי מִיט אַ גֶעזִינגעֶרַיי.

און שמחת-תורה אִיז שוֹין גֶעוועֶן אַיינגֶעפִירט משנים קדמוניות, אַז צווַיי קאָצקעֶר חסִידִים, יאַנקעֶל און שעֶבּסעֶל דעֶר סופר מִיט אַ פּאָר צעֶהנדלִיג יונגלעֶך זאָלֶען גֶעהן אִיבּעֶר דעֶר גאַנצעֶר שטאָדט און אַרוֹיסנעֶהמעֶן פון אַלֶע אוֹיוועֶנס דִי עֶסעֶנס מִיט דִי צִימעֶסעֶן, מִיט דִי נעֶבּראָטעֶנֶע געֶנז, מִיט דִי גֶעבּעֶקסעֶן—און בּרעֶנגעֶן צוּ אונז, וואו מעֶן האָט אִיבּעֶרגֶעקעֶהרט אַ וועֶלט.

איך בין מיך מודה, אַז צווישען די יונגלעך-נאָכלויפֿער, וואָס פֿלעגען העלפֿען מאַכען די חסידים אַ פּאָגראָם אויף די אויוועגנס מיט'ן גבעקעכטס, בין איך אויך געוועזען. איך געדענק ווי מיר פֿלעגען אַרײַנלויפֿען אין אַ שטוב, אַ וואָרף טהאָן זיך צו די אויוועגנס און אַרויסנעהמען דאָס עסען. די בעלי-בית'טעס פֿלעגען נישט לאָזען צונעהמען אײַנגאַנצען, אָבער ווער וועט זײַ הערען? האָט מען גענומען וויפֿיעל מען האָט געוואָלט און געלאָפֿען ווײַטער. דאָס „אָנגערויבטע" פֿלעגען די יונגלעך אַוועקטראָגען גלײַך צו אונז.

אַ פּאָר וואָכען פֿאַר חנוכּה פֿלעגט נעהמען געהן אַ סדרה פֿון קאָרטען-שפּיעלען, אָבער דאָס שפּיעלען איז נישט געוועזען ווי, בעוונותינו הרבּים, אין הײַנטיגער צײַט: מען שפּיעלט אין קאָרטען מיט רציחה און סקאַנדאַלען. אַמאָל בײַ אונז פֿלעגט זיך אויפֿקומען די גאַנצע פֿאַמיליע צום זײַדען און יעדער האָט גענומען שפּיעלען פֿאַר אַ קינד פֿון דער פֿאַמיליע, יעדערער האָט זיך גענומען אַנ'אַנדער קינד צו שפּיעלען פֿאַר איהם, און וויפֿיעל ער האָט געוואונען, האָט ער עס דעם קינד אָבגעגעבען. אפשר האָט געקענט אײַנער אַמאָל פֿערשפּיעלען ביז אַ צעהן גילדען, אָבער דאָס האָט זעלטען געטראָפֿען. דאָס געוועהנליכע פֿערשפּיעלען איז געוועזען פֿון דרײַסיג ביז פֿינף-און-זיבעציג קאָפּ.

אַזוי האָט זיך די פֿאַמיליע פֿערבראַכט די אָווענדען ביז חנוכּה צו פֿאָר שעה צײַט, און חנוכּה פֿלעגט מען שפּיעלען אפשר ביז צוועלף אַ זײַגער בײַנאַכט; און אַלע אָווענד האָט מען אַזוי געשפּיעלט ביז ניטל: די נאַכט האַלט מען פֿאַר אַ מצוה צו שפּיעלען אין קאָרטען, אויך איז אַ מנהג די נאַכט נישט צו לערנען. אָבער נאָך ניטל, האָט מען אײַנגאַנצען אויפֿגעהערט צו שפּיעלען אין קאָרטען.

איך געדענק, ווי מיר פֿלעגט זיך וועלען בעטען אײַנעם פֿון דער פֿאַמיליע — ער זאָל שפּיעלען פֿאַר מיר. דער טאַטע האָט אָבער נישט דערלאָזען און האָט מיט מיר שטענדיג געמאַכט אין דעם פּרט געשעפֿט. ער האָט מיך געפֿרעגט:

— וויפֿיעל קענסטו געווינען, חצקיל, דרײַסיג קאָפּ., אַ האַלב רובל און אַמאָל גאָרנישט. טאָ נאַ דיר אַ האַלבען רובל און זאָל זיך דיר נישט וועלען שפּיעלען.

קײַן געלד האָט ער אָבער נישט געגעבען. אַנשטאָט דעם,

פלעגט ער מיר אויף מאָרגען קויפען עפּעס אַ חפץ, ווי אַ מעסער׳ל, אַ טײַסטעריל און נאָך אַזעלכע זאַכען, וואָס האָבען געפּאַסט פאַר אַן־אַכט־יעהריגען יונגעל.

די מײדלעך פלעגען צווישען זיך שפּיעלען דעם גאַנצען טאָג אין אָקע.

דער טאַטע האָט מיך שטענדיג אָבגעהיט פון שפּיעלען און האָט מיר בעצאָהלט גוט געלד, ד. ה. קויפען חפצים. אָט אַזוי האָט ער מיך אײַנגעוועהנט, און ביז הײַנטיגען טאָג ווײס איך נישט פון קײן קאָרטען־שפּיעלען, און האָב צו דעם קײן חשק נישט.

אַז איך בין געוועזען אַלט זיבען, אַלט יאָהר בין איך געוואָרען אַ מפורסם פאַר אַ גרויסען בעל־חשבון. וואָס איז אַזוינס? איך האָב אויפ׳ן קאָפּ גיך געקענט אויפרעכענען אַזעלכע חשבונות, ווי זעקס מאָל זעקס, אָדער פיערצעהן מאָל זיבעצעהן, אַכצעהן מאָל נײַן־און־צוואַנציג, און דערגלײַכען; איך פלעג עס בערעכענען בניה וביה, אין אײן סעקונדע.

אײנמאָל, חנוכה, געדענק איך, האָט די פאַמיליע מיך גענומען פערהערען אין „מאַטעמאַטיק", אויף דעם אָרט פון קאָרטען־שפּיעלען. אַרום מיר האָט זיך אַרומגעזעצט בײַם זײדען אין צימער די גאַנצע פאַמיליע, און יעדער האָט מיר אויפגעגעבען אַ חשבון. איך האָב אַלעמען גיך געענטפערט. דערמיט האָב איך דעמאָלט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע, יעדער האָט מיר געגעבען אַ קניפּ בײַם בעקעל און דערלאַנגט אַ זילבערנע מטבע. מען האָט מיך געפרעגט וויפיעל סעקונדען איז אין אַ יאָהר און איך האָב עס אין אַ האַלבע שעה צײַט געמאַכט.

נאָר דער זײדע ר׳ יודיל האָט מיך געפרעגט, וויפיעל איז דריטהאַלבען מאָל דריטהאַלבען, און דאָ האָב איך זיך אַ װעקנעשטעלט און האָב זיך בשום אופן נישט געקענט קײן עצה געבען, ווי מען הויבט דאָ אָן צו רעכענען. איך האָב זיך זעהר פערשעמט, און עס איז מיר געווען מיאוס נישט צו מאַכען אַזאַ קלײנעם רעכענונג. האָט שוין דער טאַטע אויף מיר רחמנות געהאַט און מיך געטרײסט, זאָגענדיג, אַז גרעסערע בעלי־חשבון׳ם קענען דאָס נישט מאַכען, נאָר פונדעסטוועגען האָט ער מיר געוויזען ווי צו רעכענען דעם „דריטהאַלבען" — און איך האָב זיך בערוהיגט.

פורים איז שוין געווען ביים ייִדען אַ חזקה צו פערבעטען צו דער סעודה אַ זיבען, אַכט מנינים מאַנסביל פון די קאַמעניצער בעלי-בתים, דערביי, פערשטעהט זיך, האָט נישט געפעהלט די גאַנצע פאַמיליע דעם זיידענס, די גרויסע משפחה, מיט די שוועסטער און שוואָגערס, און שוועגערינס א. ז. וו. צום טיש זענען דערלאַנגט געוואָרען ווײַנען, פערשידענע בראָנפענס און אַלערליי געריכטען. און עס איז געווען אַזוי פרעהליך, אַז אַ הײַנטיגען מענשען איז עס זיך גאָר שווער פאָרצושטעלען.

צווישען עולם האָט זיך אויך געפונען דער שטאָדט-חזן מיט די משוררים. פורים-שפּילער האָבען בעוויזען זייער „ארטיסטישע קונסט", כלי-זמר האָבען געצימבעלט אויף זייערע כלים, און מען האָט געהערט, געגעסען, געטרונקען און משמח געווען זיך די גאַנצע נאַכט.

ראש-חודש ניסן האָט די באָבע אָנגעהויבען צו גרייטען פאַר דער גאַנצער פאַמיליע אויף פסח. שמאַלץ האָט זי נאָך פון ווינטער צוגעגרייט. זי האָט געזעצט גענז, און דעם גאַנצען ווינטער האָט זי געפרעגעלט שמאַלץ פאַר אַלעמען, און באַלד נאָך פורים האָט זי אָנגעהויבען צו מאַלען מעד און ווײַן פאַר דעם „צאַרסקען פּאָלק". איהר מעד, ווי אַלץ, וואָס איז אַרויס פון איהרע הענד, האָט געהאַט אַ שם.

אַכט טעג פאַר פסח האָט די באָבע געבאַקען מצות פאַר דער גאַנצער פאַמיליע. זי האָט פערנומען ביים מצה-בעקער דעם גאַנצען טאָג פון בעגינען ביז אָוועגד און אָנגענומען אַרבײַטאָרינס. עטליכע און דרײַסיג אַרבײַטער האָבען געאַרבײַט, קיינער פון דער פאַמיליע, נישט די זיהן און נישט די איידעמס, האָבען נישט געוואוסט פון די אַלע זאַכען, וואָס מען בעדאַרף האָבען אויף פסח. די באָבע האָט שוין יעדערן אַרײַנגעשיקט פון אַלעם.

פאַר די מצות-באַקען האָט מען אויסגעוואַשען די פּאָדלאָגעס אין דער גרויסער עס-שטוב מיט נאָך צוויי גרויסע צימערן און מען האָט אויסגעשפרײַט מיט שטרוי, וואָס עס איז געלעגען ביז ערב-פסח, און חמץ האָט מען געגעסען אין אַנדערע חדרים. און דאָ אויף די שטרוי, אין דעם גרויסען חדר, האָבען זיך אַלע קינדער געקײַקעלט. אַ דריי טעג פאַר פסח האָט מען פונאַנדערגעלאָזען די יונגלעך. אַך, וואָס

מִיר פלֶעגֶען זִיךְ ד אָ ר ט, אויף דִי שׁ ט ר וֹ י אויסקאַטשׁעֶן! דאָס בֶּעסטֶע שׁטִיעפֶּען פון גאַנצֶען יאָהר אִיז גֶעוועֶן אִין דִי שׁטרוֹי.

און דעֶם גאַנצעֶן פּסח אִיז דִי גאַנצעֶ פאַמִילִיעֶ גֶעוועֶן בַּיים זֵיידעֶן אַלעֶ קִינדעֶר פון קלֵיין בִּיז גרוֹיס, מעֶן האָט נאָר גֶעגֶעסעֶן לאַטקעֶס און גֶעטרונקעֶן מעֶד מִיט נִים.

און דִי גאַנצעֶ פאַמִילִיעֶ אִיז גֶעוועֶן אֵיינעֶ מִיט דִי אַנדערעֶ געֶבונדעֶן, געֶשׁלאָסעֶן און פעֶראֵיינִיגט, נִישׁט ווִי הַיינטִיגעֶ צַייטעֶן. אַלעֶ זעֶנעֶן גֶעוועֶן ווִי אֵיין מעֶנש מִיט אֵיין נשמה. אִיז עֶפּעֶס עַמִיצעֶר קראַנק געֶוואָרעֶן, זעֶנעֶן אַלעֶ פון דעֶר משפּחה געֶקומעֶן צולויפעֶן און טאָג ווִי נאַכט אָבּגעֶוועֶן בַּיים חולה. אַ דרַיי, פִיעֶר מעֶנשעֶן זעֶנעֶן געֶזעֶסעֶן אַרום קראַנקעֶן, און דִי אִיבּעֶריִגעֶ האָבּעֶן געֶשׁלאָפעֶן אויף דעֶר פּאָדלאָגעֶ, אִין דִי ווַייטערעֶ חדרים. טאָמעֶר האָט מעֶן עֶפּעֶס בּעֶדאַרפט פאַר'ן קראַנקעֶן, זעֶנעֶן צעֶהן מעֶנשעֶן געֶלאָפעֶן בּרעֶנגעֶן.

און ווען דעֶר קראַנקעֶר אִיז געֶוועֶן געֶפעֶהרלִיךְ, האָבּעֶן אַלעֶ געֶוויינט; און ווען געֶשׁטאָרבּעֶן, צִי אַ קִינד, צִי אַ גרויסעֶר, האָט דִי גאַנצעֶ פאַמִילִיעֶ אויפגעֶהויבּעֶן אַ יללה בִּיז'ן הִימעֶל. בַּיים זִיצעֶן שבעה אִיז שׁטעֶנדִיג געֶוועֶן פוֹל פון דעֶר משפּחה. מעֶן האָט אומִישׁנעֶ בַּיים אָבל געֶשׁלאָפעֶן, אויסגעֶלעֶגט זִיךְ אויף דעֶר פּאָדלאָגעֶ אויף הֵיי. דאָס אַלץ אִיז געֶטהאָן געֶוואָרעֶן, כּדי דִי אבלים זאָל נִישׁט זַיין אומעֶטִיג.

און, פעֶרקעֶהרט, אַז עֶס אִיז געֶוועֶן אַ שׂמחה, צִי אַ בּרית, צוּ אַ בּרית'צעֶ, אָדעֶר אַ תּנאים און ווער רעֶדט אַ חתונה, אָדעֶר אָבּוואַרטעֶן אַ חתן צִי אַ כּלה — אִיז דִי שׂמחה געֶוועֶן גרויס, וואָס ס'אִיז זִיךְ גאָר שׁווער אִיצט אַזוינס פאָרצושׁטעֶלעֶן. אַלעֶ זעֶנעֶן געֶוועֶן צוזאַמעֶן און אַלעֶ זעֶנעֶן געֶוועֶן משוגע פון פרַייד.

בַּיים זֵיידעֶן אִיז געֶוועֶן אַן'אויבּעֶר-שׁטִיבּעֶל, אַ גרויסעֶר חדר. אָט דעֶר חדר האָט געֶדִינעֶט פאַר'ן זֵיידעֶן ווִי אַ מין זאַל, אויף צו צונעֶהמעֶן געֶעֶהרטעֶ געֶסט, ווִי פּרִיצִים, אָדעֶר מחותּנים, אָדעֶר אַזוי שׁעֶנעֶ יודעֶן. דעֶר דאָזִיגעֶר חדר אִיז שׁטעֶנדִיג געֶוועֶן גוּט אויסגעֶמעֶבּלִירט און זעֶהר שׁעֶן צוגעֶפּוצט, און דִי יונגעֶ-לַייט פון דעֶר פאַמִילִיעֶ האָבּעֶן זִיךְ דאָרט געֶלעֶרנט טאַנצעֶן.

אַז עֶס האָט בּעֶדאַרפט זַיין אַ חתונה בַּיי אֵיינעֶם פון דעֶר משפּחה, האָט מעֶן זִיךְ שׁוין געֶלעֶרנט טאַנצעֶן מִיט דרַיי חדשים פרִי-

הער, איך געדענק, אז איך האב נאר נישט שלעכט געטאנצט יונגעל־ווייז. א שמחה האט ביי אונז אפטער געטראפען: דאס איז ביי דעם א ברית, דאס איז ביי יענעם א מיידעל געבוירען געווארען, און אלע האבען זיך געפיהלט, ווי ביי זיי גופא וואלט געטראפען די שמחה.

און דער זיידע האט, ווי געזאגט, ליעב געהאט, אז אלע קינדער זאלען איבערקעהרען די שטוב קאפויר, דאס איז געווען זיין פערגעניגען.

און טאמער איז ער אמאל שבת, צי יום-טוב בייטאג, א מידער געגאנגען צולעגען זיך, איז ער נישט געגאנגען צו זיך אין שלאף־צימער, אויפ'ן אויבער-שטיבעל, וואו ער האט געהאט א רוהיגע בעט, נאר ער האט זיך געלעגט אין א צווייטען צימער, ביי די קינדער, נעבען דער גרויסער שטוב, וואו עס איז געווען פול מיט קינדער און גרויסע, און האט אומישנע געלאזט אפען די טהיר פון דעם צימער, כדי ער זאל קענען הערען די געשרייען מיט די געלעכטערס, מיט די שטיפערייען פון אלעמען.

נאר אין דער גרויסער ליעבע פון זיידען צו דער משפחה איז, ווי אין אלץ, געווען א סך שולדיג די באבע. דאס האט זי, די קלוגע, חאוילע און הארציגע יודענע זיך געסטארעט, אז די גרויסע משפחה אונזערע זאל נישט צופאלען, אז אלע זאלען זיין טריי איינע צו די אנדערע און אז דער זיידע זאל שטעהן איבער אלעמען, ווי א הייסער פאטער.

און טאקע נאך דער באבעס טויט איז אט די טרייקייט, אט די משפחה-הייסקייט טיילווייז קאליע געווארען, און אין א סך זאכען איז שוין דעם „צארסקען פאלק" נישט געווען צו דערקענען.

אז דער זיידע האט חתונה געמאכט א טאכטער צי א זוהן, האט ער געהייסען מיין טאטען, משה, און זיין ברודער'ס בן-יחיד, אריה־ליב, צונויפשטעלען א צעטעל, וואס פאר א קליידער מען דארף מאכען דעם חתן, אדער דער כלה, אזוי אויך פאר דער גאנצער פאמיליע. זענען זיך ווידער אויפגעקומען אלע קינדער און אייניקלעך, פון קליין ביז גרויס, און יעדערער האט געזאגט, וואס פאר א מלבוש ער וויל האבען.

די געשרייען פון יעדען קינד: „זיידע איך וויל דאס!"

און די קולות פון די דערוואַקסענע: „איך וויל אַזאַ מלבוש", מיט די קולות פון די ווייבער און מיידלעך: „מיר אַזוינע מלבושים"

— האָבען פערהילכט די שטוב, און איין געשריי איז געשטאַנען:

— זיידע! זיידע! זיידע!

מען האָט אָבער נישט געקענט דערגעהן קיין טאָלק און מען האָט געמוזט אויפשרייבען אויף אַ צעטעל אַלע מאַנסביל, ביז דאָס קלענסטע יונגעלע פון צוויי יאָהר און דערנאָך אַלע פרויענצימער פון דער עלטסטער פרוי ביז דאָס קלענסטע מיידעלע — און נאָכ'ן צעטעל, ווי צום פריזיוו, אויסגערופען יעדערן בעזונדער און געפרעגט:

— וועלכע קליידער ווילסטו?

געוועהנליך, האָט יעדערער געבעטען מעהר, איידער מען האָט געקענט געבען און מען האָט זיך געדונגען:

— אַזוי פיעל נישט, שפּעטער וועט מען דיר מאַכען.

— איצטער!

און עס האָט זיך געקעהרט. אַנדערע פון די פערשטענדיגע קינדער זענען שוין פריהער געלאָפען און געבעטען דעם בן-יחיד, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע דעה ביי זיין פעטער אהרן-לייזער'ן, און האָט זאָגאַר אָפט געטהאָן, וואָס ער האָט געוואָלט, האָטש געגען דעם ווילען פון זיין פעטער, האָט ער אונז געקענט, פערשטעהט זיך, טהאָן דערין אַ טובה.

קויפען סחורה פלעגען פאָהרען מיין טאַטע מיט אריה-ליב'ן. געפאָהרען איז מען קיין בריסק. די סומע פלעגט אָפטמאָל אַנטרעפען זעקס, זיעבען הונדערט רובל, אויסער וואָס מען האָט צוגעקויפט אין קאַמעניץ.

מען דאַרף וויסען, אַז דעמאָלט איז געווען סחורה אַ קליין ביסעל ביליגער ווי היינט, דהיינו, די בעסטע וואָלענס האָבען געקאָסט דרייסיג, פיערציג קאָפּיקעס אַנ'איל, די בעסטע סאַמעט דריי רובל אַנ'איל, די בעסטע זיידענס, פון אַ רובל, ביז אַ רובל פופציג.

דער פעטער מרדכי-ליב האָט פערלאַנגט, אַז אויף די אַלע זאַכען, וואָס מען מאַכט דער גאַנצער פאַמיליע, זאָל ער געבען

העלפט און דער ברודער אהרן-לייזער העלפט, און אזוי איז שוין געווען איינגעפיהרט שטענדיג, און אז דער זיידע האט חתונה געמאכט א קינד, האט דער פעטער געמאכט די סעודות פון שבעת-ימי-המשתה אמאל איבער אמאל, דער זיידע איין טאג און דער פעטער איין טאג.

# פופצעהנטעס קאפיטעל.

מײן פאטער מיט זײן חסידות. — מײנע מלמדים. — דער רבי געשטארבען! — די מסירה. — טווערסקי. — ר׳ ליב. — דאס קנס׳ענען. —

בײ מײן פאטער זענען אלע פאמיליען-שמחות און אלע פערגני־גענס אין דער װעלט געװעזן כלא געגען זײנע חסיד׳ישע פערגניגענס. זײן גרעסטער תענוג איז געװעזן, װען ער איז געזעסען מיט די חסידים בײם טיש און מען האט געזונגען די הארציגע חסידישע נגונים — דע־מאלט איז ער געװעזן בעגײסטערט. זײן קאפ מיט אלע זײנע געדאנקען זענען געװעזן בײם רבי׳ן, ר׳ משה קאברינער, און דערנאך ר׳ אברהמ׳יל סלאנימער, װאס לויט זײן מײנונג, רוהט די שכינה מיט אלע מלאכים הקדושים אויף זײ.

בײם טאטען איז דער עיקר געװעזן חסידות. און דעריבער האט ער גארנישט געװאלט, אז איך זאל קענען גוט לערנען, ער איז גע־װען צופרידען, װאס איך בין געװעזן א פרום יונגעל, און האט זיך נישט געסטארעט מיך אבצוגעבען יעדער זמן צו א בעסערן מלמד.

איך האב געהאט, װי געזאגט, נישט קײן שלעכט קעפעל, און אז איך האב געלערנט בײ אײן מלמד א זמן, האב איך שוין בעדארפט

א צווייטען זמן האבען א גרעסערן מלמד, און דער טאטע האט מיך אבגעהאלטען ביי א מלמד צו צוויי יאהר, דעריבער בין איך כמעט געשטאנען אויף איין ארט און נישט געשטיגען אין לערנען נאך מיינע פעהיגקייטען נאך. פאר מיר איז עס אפילו געווען א „טובה", ווארום איך בין שטענדיג געווען דער בעסטער תלמיד אין לערנען, און האב זיך נישט בעדארפט מאטערן.

ביי מאטע דעם מלמד האב איך געלערנט צוויי יאהר. איך האב ביי איהם שוין געזאגט אליין אנ'עמוד גמרא מיט תוספות. נאר ער האט מיט אונז זעהר ווייניג געלערנט, ווייל ער האט אליין נישט געקענט.

איך האב זעהר געוואלט אנהויבען לערנען תוספות, און אז איך האב עס געזאגט דעם טאטען, האט ער דערויף געענטפערט:

— וואס דארפסטו תוספות? גמרא לערנסטו דאך, זיי נאר אנ'ערליכער יוד און גענוג...

דערפאר אבער האב איך ביי מאטע דעם מלמד געוואוסט פון דעם גאנצען גיהנם מיט זיין ארכיטעקטור אפילו, ווי דער גרעסטער ארכיטעקטאר, און האב אויך געוואוסט פון אלע כף-הקלע'ן, און אלע מלאכי-חבלה און פון אלע יסורים קשים ונוראים, וואס די רשעים האבען אויף יענער וועלט.

פון גן-עדן, אלס זעהר א גוטע איינריכטונג, האט מאטקע דער מלמד געהאט א קנאפען בעגריף. איבעריגענס, מיט'ן גן-עדן בין איך בעקאנט געווארען פון „פאטשאשניק", א פרוש, וואס האט אלע שבת ביים פעטער מרדכי-ליב'ן פארגעשטעלט דעם גן-עדן: בריליאנטענע שטוהלען, טייערע פאלאצען פון גין-גאלד און מאכלים, מאכלים מאכלים, וואס א מויל קען רעדען און נישט רעדען! בלויז די שמאלץ אליין, וואס עס גיסט זיך פון רבה בר-בר חנה'ס גענז, און די בוימלען מיט דעם יין המשומר, מיט די וויין-טרויבען, וואס פון יעדער טרויב קוועטשט זיך ארויס וואסער ווין מען וויל!

פון שדים, טייוולאנים און נישט-גוטע, מיט וואסער-מענשען און כשוף-מאכער'ס האב איך געוואוסט פון דער באבע'ן מיט לייבקע דעם שוהל-רופער, און אין די אלע זאכען בין איך געווען א גאון, א בקי. אין יעדען ביצעלע פון די אלע שרעקליכע נישט-הארציגע זאכען און

מעשיות מיט עין-הרע'ס בין איך געווען אויסגעצייכנט בעהאווענט.

ביי אונז זענען געווען צוויי מענשען, וואס האבען אבגעשפּראכען אנ'עין-הרע אין שטעדטיל. איינער איז געווען דוד דער פיהרער, וואס פלעגט פיהרען מעהל פון די מיהלען אין די געוועלבער. פלעגט ער אבשפּרעכען עין-הרע מיט ביינדלעך פון א טויטען מענשען. װאו ער האט גענומען די דאזיגע ביינדלעך, ווייס איך עד היום נישט. אז ביי עמיצען איז געווארען געשוואלען דאס פּנים, דאס הייסט, די באקען, פון א צאהן-געשוויר, ווי מען רופט דאס, אדער דער האלז, פלעגט מען געהן צו אט דעם דוד דעם פיהרער, פלעגט ער שוין נעהמען די ביינדלעך און ארומטאנצען מיט זיי איבער דעם געשווילעכטס און דערביי שעפּטשען עפּעס אין דער-שטיל. און דער חולה איז געווען בטוח, אז אויב נישט היינט איז מארגען, איז איבער אכט-טאג, איז איבער צוויי, דריי וואכען — און דאס געשווילעכטס וועט אבגעהן. פאר יעדען אין שטעדטיל איז געווען „קלאר", אז א געשווילעכטס קומט פון עין-הרע.

א צווייטע אבשפּרעכערין פון אנ'עין-הרע איז געווען גאלדע די מגיד'יכע, דעם מגיד'ס ווייב. ער, דער מגיד, איז געווען א גרויסער למדן, א גדול בישראל, א בקי אין ש"ס און דאס ווייב, האט מען גערעדט, האט אויך געקענט לערנען גמרא.

אבשפּרעכען פלעגט זי שוין עין-הרע מיט צוויי אייער. מיט ביידע אייער און מיט ביידע הענד פלעגט זי אומשפּאצירען איבער'ן געשווילעכטס פון פּנים און האלז, און האט אויך אזוי געשעפּטשעט אין דער-שטיל.

די דאזיגע „דאקטאריע" האט געקאסט ביליג — א צעהנער, און פאר אנ'ארימאן — א זעקסער. איך געדענק, אז ביי מיר איז עטליכע מאל געשוואלען געווארען דאס פּנים, וואהרשיינליך, פון די צייהן, און מען פלעגט מיך פיהרען צו דוד דעם פיהרער. פון איהם האט מען מעהר געהאלטען, פלעגט ער מיר, געדענק איך, אזוי קראצען מיט די ביינדלעך, וואס זענען געווען שפּיציג, נישט קיין פערפיילטע, אז איך פלעג שיער נישט חלש'ן פון יסורים. געשווינד פלעגט ער לויפען מיט די ביינדלעך איבער'ן פּנים.

פלעג איך זיך בעטען, אז מען זאל מיך פיהרען צו דער

מגיד'ל: זי שפרעלט אב מיט די אייער, איז אזוי „גלאט", אז ס'איז א מחיה, מען האט מיך אבער נישט געהערט.

— נארעלע, — האט מען מיר געזאגט — עס טהוט דיר אפילו א ביסעל וועה, אבער דערפאר וועסטו דערפון גיך פטור ווערען, און ביי דער מגיד'לע געדויערט זעהר לאנג.

אמאל פלעגט מיר „אבגליקען": דוד דער פיהרער פלעגט נישט זיין אין דער-היים; ער פלעגט אוועקפאהרען מיט זיין פוהר אין די מיהלען אריין, אדער קיין בריסק — ברענגען מעהל, האט מען מיך געפיהרט צו דער מגיד'לע. דעמאלט האב איך זיך „געפרעהט" און בין געוועזען איבער גליקליך: א קליינינגקייט, לויפען מיט שפיצינע בענד-לעך איבער א געשווילעכטס!

צו ניין יאהר האט דער טאטע מיך מיט ישראל'ן, זיין ברודער, אבגענומען פון מאטקע'ן און אבגעגעבען צו ביינוש-ליב דעם מלמד. דאס איז אפילו געוועזען א יוד א למדן, אבער א גרויסער פעפער. דעם גאנצען טאג פלעגט ער שלאפען און חראפען, זיצענדיג ביים טיש, מיט די תלמידים. מיר זענען געוועזען זעקס יונגלעך. געלערנט האט ער מיט אונז גמרא און תוספות און גאנץ גוט געלערנט, נאר אין מיטען לערנען איז ער איינגעשלאפען. אויך האט ער געהאט א פעהלער, וואס ער פלעגט רש"י, וואס לערנט דעם פשט פון יעדער שורה גמרא און גיט גוט צו פערשטעהן די קורצע און אבגעהאקטע ווערטער פון תלמוד, לערנען מיט אונז נישט צוזאמען מיט'ן ענין, נאר בעזונ-דער: אבגעלערנט א גאנצע בלאט גמרא און דערנאך דאס גאנצע בלאט רש"י. מיר האבען שוין דעריבער נישט געקענט גרינדליך פער-שטעהן דעם פשט פון די אלע ענינים, וועגען וועלכע עס ווערט גע-רעדט אויף דעם גאנצען בלאט גמרא. תנאים מיט אמוראים האבען זיך געקריגט, רש"י האט ערקלערט זייער קריג. — און דער רבי האט עס מיט אונז געלערנט נישט אויפ'ן געהעריגען ארט.

נאר דאך איז געוועזען גוט, וואס ער איז איינגעשלאפען ביים טיש אין מיטען לערנען. מיר האבען אפילו בעת מעשה געמוזט זיצען ביים טיש, ווארום טאמער האט ער זיך אויפגעכאפט און נישט געטראפען דאס יונגעל נעבען דער אפענער גמרא, האט ער געקראגען פעטש

און אַמאָל געשמיסען. פונדעסטוועגען איז מען פאָרט געווען פרייער, בּישט אַזוי געדריקט.

אין קאַמעניץ פלעגט קומען אַלע יאָהר אַ משולח פון וואָלאָזשינער ישיבה, וואָס איז שרעקליך געריהמט געווען צוליעב די גרעסטע לומדי'ישע יונגע-לייט, וואָס האָבען דאָרט געלערנט. וואָלאָזשין איז נאָך עד היום שטאַרק פּאָפּוליער צווישען יודען.

געדענק איך, אַז די וואָלאָזשינער משולחים האָבען דערהערט, אַז שרה (מיין מאַמע) האָט אַ גוט יונגעל, האָט מען זיך בּיי איהר גע-בעטען, אַז זי זאָל מיך שיקען קיין וואָלאָזשין, מען וועט מיך דאָרט „האַלטען" ווי אַ קיסר. אָבער דער טאַטע האָט נישט געוואָלט הערען און געדענקען פון וואָלאָזשין, וויל פון ר' חיים'ען אָן זענען אַלע תלמידים פון וואָלאָזשינער ישיבה געווען גרויסע מתנגדים, און בּיים טאַטען איז אַ מתנגד געווען פערדעכענט אַזוי, ווי אַן אַפּיקורס, ער מעג זיך אפילו זיין אַ רב.

און אומישנע האָט מיך דער טאַטע אַלץ געהאַלטען נעבען זיך, ס'הייסט נעבען די חסידים, און איז געווען צופריעדען, וואָס איך בּין בּעווען צוגעקלעבט צו זיי, האָב זיך שטענדיג איינגעהערט אין זייער חסידות, און אַז איך זאָל קענען לערנען, איז גאָרנישט געווען זיין דאגה. ער האָט אַלץ געוואָלט פאַר מיר קריגען אַ חסידישען מלמד, אָבער צו מיין מזל זענען אין קאַמעניץ נישט געווען אַזעלכע, אויסער אַן'אָנפאַנגער-מלמד, שעיה-בצלאל.

איינמאָל, געדענק איך, האָב איך געהערט אין חדר, אַז ר' משה'לע קאָבּרינער, דעם טאַטענס רבי, איז געשטאָרבּען. איך האָב געמיינט, אַז דעם טאַטענס רבי איז אַזוי ווי מיין רבי, און בּין שנעל געלאָפען אָנזאָגען דעם טאַטען די גוטע בשורה. איך בּין אריינגע-לאָפען אין קאַנטאָר און האָב מיט גרויס התפעלות אויסגעשריען:

— טאַטע, דיין רבי איז געשטאָרבען!...

נאָר אַן'איינדרוק האָט זיך בּעקומען פונקט אַ פערקעהרטער: דער טאַטע איז בּלאַס געוואָרען און שיער נישט גע'חלש'ט. ער איז בּאַלד אַוועקגעפאָהרען קיין קאָבּרין, וואו עס האָט זיך דעמאָלט צונויפגעקלי-בּען דער גאַנצער קאָבּרינער כּולל, און מען האָט אויסגעוועהלט פונ'ם כּולל — אַן'ערך בּיי אַ זעקס טויזענד חסידים, — זעקס מענשען,

וואָס זאָלען אויסקלויבען אַ רבי. פון די זעקס איז אויך געוועזען דער טאַטע. פינף וואָכען איז ער דאָרט אָבגעזעסען, און מען האָט אויסגעקליבען ר' אברהם סלאָנימער, אַ געוועזענער מלמד און אַ גרויסער למדן, חאָטש אַ שטיקעל שוטה, זאָל ער מיר מוחל זיין. פון אַלט קאַנדידאַטען איז ער געוואָרען רבי.

נאָר די קאָברינער חסידים און די בריסקער „גרינגע“ חסידים, ווי מען האָט זיי גערופען, וואָס זענען נאָר געוועזען חסידים לפנים, האָבען געוואָלט האָבען אַ נאָהנטען רבי'ן. פאָהרען אַזש קיין סלאָנים, איז פאַר זיי געוועזען צו-ווייט, האָבען זיי אויסגעטראַכט, אַז דער פערשטאָרבענער רבי האָט געזאָגט פאַר דער פטירה, אַז זיין איינִיקעל נח איז ראוי צו זיין רבי; דאָס איז געוועזען אַן'אויסגעטראַכטער ליגען. און נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דאָס איז געוועזען אַ ליגען, וואָס דאָס בחור'ל איז געוועזען אינגאַנצען אַ כ צ ע ה ן יאָהר אַלט, וואָס וועגען איהם זענען נעגאַנגען נישט קיין שענע קלאַנגען, האָבען איהם דאָך אַ הונדערט חסידים געקרוינט פאַר אַ רבי.

אַז דער טאַטע איז געקומען פון סלאָנים, פון דעם רבי'ס „קרוינונג“, האָט ער, פרייטאָג-צו-נאַכטס ביים טיש, ווי שטענדיג, אָנהויבענדיג עסען, איידער די חסידים קומען נאָך אָן, גערעדט מיט דער מאַמען פון חסידות, כדי איך זאָל הערען.

— וואָס זאָגסטו, שרה, — האָט ער זיך געווענדט צו דער מאַמען, — זיין זכרונו-לברכה'ס אייניקעל, נח, אַ יונגעל פון אַ יאָהר אַכצעהן, וואָס אונזער חצקיל, גלויב מיר, קען בעסער לערנען פאַר איהם, האָבען די שקצים געמאַכט פאַר אַ רבי, אויסגעטראַכט אַזעלכע ליגענס, אַז ע ר, זכרונו-לברכה, האָט געזאָגט, מען זאָל איהם מ אַ כ ע ן פאַר אַ רבי. וואָלסטו וויסען, וואָס פאַר אַ גאָרנישט ער איז!

עס פערשטעהט זיך, אַז ווען ע ר, זכרונו-לברכה, וואָלט געהייסען מאַכען אַ בעדער, להבדיל, פאַר אַ רבי'ן, וואָלט מען אודאי געמאַכט. אָבער ער האָט דאָך נישט געהייסען!...

און דער טאַטע האָט נישט געוואוסט, אַז די דאָזיגע ווערטער, וואָס ער האָט איצט גערעדט, זענען געוועזען פאַר מיר אַ מין זוימען, פון וועלכען עס איז דערנאָך אויפגעוואַקסען אין מיר אַ געגען-געפיהל צו חסידות מיט די רביים.

נאָר צו אַכט-נײַן יאָהר בּין איך שוין געווען אַ פאַרטיגער חסיד. אַז די גרויסע חסידים, וואָס זענען אומגעפאָהרען פון רבּי'ן און האָבּען אויפ'ן וועג זיך אָבּגעשטעלט בּײַם טאַטען, בּין איך פון זיי נישט אָבּ-געטראָטען, בּעת איך בּין געווען פרײַ פון חדר; און דער טאַטע פלעגט טאַקע שיקען צו מײַן רבּי'ן אַ צעטעלע, ער זאָל מיך בּעפרײַען אויף דער צײַט, וואָס די גרויסע אורחים זענען בּײַ אונז געווען.

אין אַ האַלבּ יאָהר אַרום, נאָך ר' אבֿרהמ'לעם קרוינונג, איז ער אַליין אומגעפאָהרען צו זײַנע חסידים נאָך ארץ-ישראל-געלד, און ער איז בּײַ אונז געווען שבּת. איך בּין שוין נישט אָבּגעטראָטען פון איהם, געשטאַנען נעבּען איהם און געקוקט איהם אין די אויגען אַרײַן און געהאָרכט.

אײַנמאָל אין דער-פריה, צום פריהשטיק, בּין איך געשטאַנען נעבּען איהם און געקוקט אויף איהם.

— חצקיל, האָט ער פּלוצלונג מיך אַ פרעג געטהאָן, — דו קענסט לערנען? זאָג.

— יאָ, — האָבּ איך נאַאיוו געענטפערט.

— אַנ'ערליכער יוד בּיזטו?

— יאָ...

און אויף אַלץ, וואָס ער האָט מיך געפרעגט, האָבּ איך געטהאָן און געענטפערט פּשוט און הײַליג: יאָ.

די חסידים האָבּען בּאַלד דערצעהלט דעם טאַטען, וועלכער איז געווען אין אַ צווייטען צימער און געזעהן, אַז מען זאָל דערלאַנגען דאָס עסען, אַז חצקיל האָט דעם רבּי'ן געענטפערט האַמעטנע, צו-פּשוט, אַזוי ווי מען ענטפערט גלאַט אַ יודען: יאָ, יאָ, יאָ... אַזאַ יונגעל זאָל נישט וויסען, אַז מען דאַרף פאַר'ן רבּי'ן מורא האָבּען.

נאָכ'ן עסען, אַז איך בּין אַרײַנגעגאַנגען צום טאַטען אין צווייטען צי-מער, האָט ער מיר אָוועקגעלעגט אַ מוסר:

— חצקיל, דו בּיזט געשטאַנען אַנטקעגען רבּי'ן און געקוקט איהם אין די אויגען, אַזוי ווי מען קוקט אויף אַלע מענשען... דו ווייסט, אַז ווען דער רבּי גיט אויף מיר אַ קוק, שטעלען זיך מיר האָהר און נעגעל קאַפּויר! אַ קליינינקייט, אַ רבּי! ווידער, אַז ער פרעגט דיך, ענטפערסטו זיך — יאָ, יאָ... מיאוס! דעם רבּי'ן ענטפערסטו, אַז

דו ביזט אַנ׳עָהרליכער יוד. דו ווייכט, וואָס ביים רבי׳ן הייסט אַנ׳עָהרליכער יוד? דו האָסט נאָך אין דעָם קיין השגה נישט. אַזאַ יונגעָלעָ ווי דו, דאַרף שוין אָבעָר שכל האָבעָן.

די דאָזיגעָ רייד האָבעָן אויף מיר שטאַרק געָווירקט, איך האָב מיך געָפיהלט זינדיג, אַזוי ווי איך וואָלט אָבגעָטהאָן דאָס גרעָסטעָ פעָרברעָכעָן, עָס האָט מיר פעָרנומעָן ביים האַרצעָן, און טרעָהרעָן האָבעָן זיך געָנומעָן גיסעָן פון מיינעָ אויגעָן.

— וועָל איך געָהן איבעָרבעָטעָן דעָם רבי׳ן, — האָב איך געָזאָגט דעָם טאַטעָן מיט טרעָהרעָן אויף די אויגעָן.

— דו דאַרפסט איהם נישט איבעָרבעָטעָן, — האָט דעָר טאַטעָ געָזאָגט, — דעָר רבי ווייסט שוין אין דעָם דריטעָן צימעָר, אַז דו וויינסט און דו האָסט חרטה, און עָר וועָט דיר מוחל זיין. געָדעָנק, אַז אַ רבי איז נישט קיין קליינינקייט. ווועָסט עָלטעָר ווערעָן, וועָסטו ויסעָן, וואָס אַ רבי איז!...

איצט האָבעָן די חסידים דעָרצעָהלט דעָם רבי׳ן, אַז דעָר טאַטעָ האָט מיך געָמוסר׳ט און איך האָב געָוויינט, אַז איך האָב צער פאַר מיין גרויסעָן חטא, און עָר האָט געָהייסעָן מיך אַריינרופעָן. אַז איך בין אַריין, האָט עָר געָזאָגט.

— דאגה נישט, מיין קינד, איך זעָה, אַז דו וועָסט זיין אַנ׳עָהרליכעָר יוד...

פון דעָמאָלט אָן בין איך געָוואָרעָן אַ הייסעָר חסיד. אַ כח איך וכוחים האָב איך שטעָנדיג געָהאַט, פלעָג איך אָפטעָר האַלטעָן וכוחים מיט די מתנגדישעָ יונגעָ-לייט און אויפגעָוויזעָן זיי, אַז זייעָר לעָרנעָן איז גאָרנישט ווערט, און זייעָר דאַוונעָן איז גאָרנישט ווערט, און איין קרעָכץ פון אַ חסיד איז טייעָרעָר פון אַ מתנגיד׳ס. אַ דאַוונעָן מיט אַ פאַסטעָן.

איינמאָל, געָדעָנק איך, אַ שבת, איז ר׳ אברהם יצחק פון סלאָנימעָר רבי׳ן געָוועָן ביי אונז צו גאַסט, האָט ביי אונז געָווימעָלט פון די שטאָדטישעָ חסידים. אין דעָר-פריה האָט דעָר גאַסט ביים טיש געָזאָגט פאַר זיי זעָהר פיעָל חסיד׳יש, און איך האָב זיך צוגעָהעָרט.

...און דער ריזשינער האָט געָזאָגט, — האָט עָר דעָרצעָהלט, — אַז ווען איך וואָלט געָוואָלט זיין אַ גאון, וואָלט

איך געווען, נאָר עס איז נישט כּדאי אָבצורײַסען זיך פון גאָט חאָטש אויף איין שעה.

... און דער לעלוויטשער האָט געזאָגט, אַז ווען ר׳ שמעון בּן יוחאי וואָלט נישט געמאַכט דעם זוהר, וואָלט איך געמאַכט דעם זוהר...

און אַזוי ווײַטער און אַזוי ווײַטער. די מעשיות האָבען דעמאָלט אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלדיגען אײַנדרוק, אָבער אַזוי ווי איך בּין, אַפּנים, געבּוירען געוואָרען מיט נישט קיין חסיד׳ישער נאַטור, האָב איך לסוף פון די דאָזיגע מעשיות אַרויסגעטראָגען שטימונגען און איבּערצײַגונגען אַנטי-חסידישע...

אָבער עס מאַכט נישט אויס, יונגעלווײַז בּין איך געווען אַ פערברענטער חסיד, האָב געקענט אַלע חסיד׳ישע נגונים בּיז צוויי הונדערט שטיק, און געהאָפּקעט מיט די חסידים און געשעפּט נחת פון זיי, און דער טאַטע האָט געשעפּט נחת פון מיר. ער האָט, נעבעך, געמיינט, אַז איך וועל שוין אַזוי בּלײַבּען אַ פײַערדיגער חסיד.

אויפ׳ן צווייטען יאָהר איז געווען דער סלאָנימער רבּי בּײַם טאַטען צו-גאַסט אויף שבּת; עס זענען אָנגעפאָהרען איבּער דרײַ הונדערט חסידים. האָט מען געמאַכט פאַר אַלעמען אַ גרויסאַרטיגען שבּת. געקומען איז דער רבּי, געדענק איך, אַרום דאָנערשטאָג און איז אָבגעוועזן בּיז דינסטאָג. נאָר וואָס עס האָט זיך אין אָט די טעג בּײַ אונז אָבגעטהאָן, איז זיך שווער פאָרצושטעלען. חסידים האָבען געבּראַכט מיט זיך ווײַנען, און בּראָנפען האָט דאָך בּײַם טאַטען נישט געפעהלט, האָט מען עפּעס געהוליעט!

דינסטאָג זענען אַלע נישט-היגע חסידים אוועקגעפאָהרען, און דער רבּי מיט די קאַמעניצער חסידים איז געפאָהרען צו אַ רײַכען ישוב׳ניק לײַבּיל קרוהעל, פון קרוהעל. דאָס איז געווען אַ הייסער חסיד און אַ בּעל-צדקה.

געווען איז דאָס דאָרף קרוהעל אַ צוויי מײַל פון שטאָדט. עס פערשטעהט זיך, אַז לײַבּע האָט געמאַכט אַ גרויסע סעודה פאַר׳ן רבּי׳ן מיט די חסידים. זיצט מען בּײַם טיש און מען עסט, און מען טרינקט און מען זינגט — קומט אַרײַן אין מיטען אַ זשאַנדאַרמסקער אָפיציר מיט אַ צעהן סאָלדאַטען, מיט דעם קאַמעניצער אסעסער בּראש, און

מעֶן נעֶהמט אַרום די גאַנצעֶ קרעֶטשמעֶ, פרעֶגט דעֶר אָפיִציִר:

— וואו איִז דעֶר רבּי?

איִז אויף אַלעֶמעֶן אַרויפגעֶפאַלעֶן אַ פּחד. אַ רבּי'ן קעֶן מעֶן דעֶרקעֶנעֶן, און דעֶר אָפיִציִר האָט באַלד אַניִדעֶרגעֶשטעֶלט אַ וואַך נעֶבּעֶן איִהם. מעֶן האָט געֶמאַכט אַ רעֶוויִזיִע איִן דעֶם רבּי'ס זאַלעֶן, איִן זייַנעֶ טשעֶמאָדאַנעֶס און קעֶסטלעֶך, וואו עֶס איִז געֶלעֶגעֶן צוויי טויזעֶנד פיִנף הונדעֶרט רובּל ארץ־ישרל־געֶלד, מיִט ביִכעֶר, מיִט חשבונות, מיִט בריִעף פון ארץ־ישראל א. ז. וו. האָט מעֶן אַלץ פעֶר'חתמ'עֶט און דעֶם רבּי'ן האָט עֶר געֶהייסעֶן אַוועֶקפיִהרעֶן קייַן בריִסק איִן טורמעֶ.

דעֶר טאַטעֶ האָט געֶבּעֶטעֶן דעֶם אַסעֶסעֶר, מעֶן זאָל דעֶם רבּי'ן ניִשט פיִהרעֶן קייַן בריִסק, נאָר איִבּעֶרלאָזעֶן דאָ מיִט סאָלדאַטעֶן, וואָס זאָלעֶן איִהם היִטעֶן.

דעֶר אַסעֶסעֶר האָט איִבּעֶרגעֶרעֶדט מיִט'ן אָפיִציִר, האָט געֶנומעֶן איִן יד אַרייַן אַ פופציִגעֶר און עֶס איִז געֶבּליִבּעֶן רעֶכט.

דעֶר זיידעֶ, וואָס עֶר אַיינעֶר וואָלט דאָ געֶקעֶנט העֶלפעֶן, איִז גראָד איִן דעֶר־היים ניִשט געֶוועֶן, און קייַן בריִסק איִז געֶפאָהרעֶן דעֶם טאַטעֶנ'ס ברודעֶר יאָסעֶל. עֶס פעֶרשטעֶהט זיִך, אַז עֶר איִז אַוועֶק צום איִספראַווניִק און געֶבּעֶטעֶן איִהם, מעֶן זאָל דאָס „צורייַבּעֶן" און בּעֶפרייַעֶן דעֶם רבּי'ן, דעֶרבּיי האָט עֶר איִהם אַרייַנגעֶלעֶגט איִן יד אַרייַן צוויי הונדעֶרט רובּל, נאָך וואָס עֶר האָט באַלד בּעֶקומעֶן אַ פּאַפּיִר, אַז עֶר ווערט בּעֶפרייַט.

יאָסעֶל האָט געֶפרעֶגט דעֶם איִספראַווניִק, פון וואַנעֶן האָט זיִך געֶנומעֶן אָט דעֶר גאַנצעֶר טומעֶל מיִט'ן אַרעֶסט, און דעֶרויף האָט איִהם דעֶר איִספראַווניִק דעֶרצעֶהלט, אַז דעֶם רבּי'ן האָבּעֶן געֶ'מסר'ט יודעֶן גופא, אַז עֶר, דעֶר איִספראַווניִק, האָט בּעֶקומעֶן אַ פּאַפּיִר, אונטעֶרגעֶשריִבּעֶן פון אַ יוד, אַז איִן קאַמעֶניִץ געֶפיִנט זיִך אַ רבּי, וואָס קלייַבּט געֶלד פאַר פּאַלעֶסטיִנא. דאָס שמעֶקט מיִט טורמעֶ און דאָס געֶלד דאַרף קאָנפיִסקיִרט ווערעֶן.

— און ווען ניִשט דייַן טאַטעֶ, — האָט עֶר געֶזאָגט, — וואָלט איִך איִהם בשום אופן ניִשט בּעֶפרייַט.

יאָסעֶל האָט געֶבּראַכט דאָס פּאַפּיִר און מעֶן האָט בּעֶפרייַט דעֶם רבּי'ן. פון דעֶמאָלט אָן האָט עֶר אויפגעֶהעֶרט צו פאָהרעֶן אַלייַן

קלויבען א״י-ישראל-געלד, נאָר אָנשטאָט איהם פלעגען אַרומפאָהרען משולחים.

די געשיכטע האָט זעהר פערדראָסען די חסידים און איבערהויפּט מײַן טאַטען; ערשטענס, די שרעק, וואָס דער רבי האָט געהאַט, און, צווייטענס, איז געווען אײַנגעפיהרט אַזאַ מין טראַדיציע, אַז דער רבי זאָל קומען אַלע יאָהר קײַן קאַמעניץ. איצט אָבער וועט שוין דער רבי קיינמאָל נישט קומען, און דאָס איז איהם געגאַנגען אין לעבען. עס איז נישט קײַן קלייניגקײַט.

בײַ די חסידים איז געבליבען, מען זאָל דערגעהן דעם מסור און זיך גוט אָבּרעכענען מיט איהם. דער מסור האָט זיך געפונען, אָבער דאָס איז געווען זעהר אַן׳אײַנגעגאַרטיגער מסור.

בײַ אונז אין קאַמעניץ איז געווען איינער אַ שרײַבער, וואָס האָט געהײסען טווערסקי. איהם האָט דער זיידע אַראָבגעבראַכט (אויב דער לעזער געדענקט) פון בריסק צו זיך, ווען די שטאָדט האָט זיך געבונ-טעוועט געגען דער אַרענדע. דעמאָלט האָט ער בעדאַרפט האָבען אַ שרײַבער, וואָס זאָל צונויפשטעלען אַלע טאָג די פּראָטאָקאָלען מכח די בונטאָווסטשיקעס, אַז זיי ברענגען אַרײַן בראָנפען מחוץ לתחום, נישט צאָהלענדיג קײַן אַרענדע א. ז. וו. און דערנאָך, אַז עס איז געוואָרען דער שלום, איז טווערסקי פערבליבען אין קאַמעניץ און האָט זיך בע-שעפטיגט מיט שרײַבען פּראָשעניעס פאַר די קאַמעניצער יודען, און אָפּטמאָל אַפילו פאַר די פּריצים, בעת זיי האָבען זיך צוקריגט, צו-ליעב אַ קערטיל אָדער אַ מיידעל.

אַלײן איז טווערסקי געווען אַ געוועזענער גמרא-לערנער, האָט געהאַט אַ גאָלדענעם קאָפּ, איז געווען קלאָר אין ש״ס און אין אַלע מדרשים. נאָר דערנאָך איז ער „אַראָב פון וועג״, איז געוואָרען אַן׳-אפיקורס, ווי אַמאָליגע משכילים, און האָט זיך גענומען צו קענטעניש. ער האָט זיך אָבער צו קענטעניש גענומען שפּעט, ער איז שוין געווען אַלט דערצו, און איז געבליבען אין מיטען וועג. איצט האָט ער קײַן אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי צו מאַכען פון פּראָשעניעס-שרײַבען אַ פּראָפעסיע און לעבען דערפון.

אין דעם פּרט איז איהם גאַנץ גוט אַוועק. אין ווילנא האָט מען איהם אָנגעהויבען צו ניצען צו די גרעסטע דיעלעס און זײַן נאָמען איז

געווען פּאָפּולער אין גאנץ ווילנער אָקרוג, אַזוי, אַז אויב עמיצער האָט געהאַט עפּעס אַ שווערע דיעלע, האָט מען איהם אַראָבגעבראַכט צו זיך אין שטאָדט, צו שרײַבען פּראָשעניעס און ברענגען אַלע פּאַפּירען אין אָרדנונג.

קיין פערמעגען האָט ער אָבער נישט געקענט מאַכען. ערשטענס, איז ער געווען זעהר עהרליך פון נאַטור, און אַן׳אײַדעלען חאַראַקטער האָט ער געהאַט, און האָט זיך נישט געקענט דינגען מיט זײַנע קליענטען. וויפיעל מען האָט איהם געגעבען, אַזוי פיעל האָט ער צוגענומען שטיל, אָהן ווערטער.

און, צווייטענס, האָט ער ליעב געהאַט צו פער׳פטר׳ן וויפיעל ער האָט פערדיענט, האָט פײַנט געהאַט איבערצולאָזען אויף מאָרגען, נאָר אַלץ הײַנט פערלעבען, און טאָמער האָט ער פאָרט נישט געהאַט וואו אַהינצוטהאָן דאָס פערדיענטע, האָט ער עס אַוועקגעגעבען אַלע נויט-בעדערפטיגע. מען האָט איהם שוין געקענט און צו איהם האָבען זיך געצויגען אַלע שווערע הערצער.

ער האָט געקענט אַוועקגעבען איינעם די לעצטע קאָפּיקע — און זיך נישט לאָזען אַפילו אויף עסען. אַז ער האָט געהאַט געלד, האָט ער ליעב געהאַט צו עסען אַ פיערטעל גענזענס, אַ פּופּיק, אַ גלאָז ביער און אַז ער האָט גאָר קיין געלד נישט געהאַט, האָט ער געקענט עסען ברויט מיט פּוטער, מיט טהײ, און אַז נישט קיין פּוטער — איז אָהן, און אַז נישט קיין טהײ — איז מיט וואַסער, און מיט אַ מינוט פריהער, האָט ער אַוועקגעגעבען אַ גוטען ברודער, צי גלאַט אַ נויט-בעדערפטיגען אַ דרײַ רובל אָדער פינף, צעהן, און עס האָט איהם נישט אויסגעמאַכט.

ווי אַלע דעמאָלדיגע משכּילים, האָט זיך איהם זעהר געוואָלט פערשפּרײַטען צווישען יודען בילדונג, אויפקלערונג, אָבשוואַכען דעם „פאַנאַטיזם” און אַרויספיהרען יודען אין דער וועלט אַרײַן.

זענענדיג קלאָר אין ש״ס און אין מדרש, בעלעזען אין אַלע העבּרעאישע השכּלה-ביכער, ווי אויך אין דער רוסישער ליטעראַטור און דערצו נאָך מיט אַ גוטען מענה-לשון, פלעגט ער אומעטום, וואו ער איז נאָר געווען, דערצעהלען שענע, אינטערעסאַנטע מעשיות פאַר קופּקעלעך יודען און דער עולם האָט פון איהם געלעקט די פינגער.

ער האָט צוּבער קיינמאָל אין איין טאָג נישט געענדיגט זיין מעשה, וואָס ער האָט אָנגעהויבן דערצעהלען, און אַמאָל פלעגט ער אָבהאַלטען דעם עולם אפילו דריי טעג. דער סוף פון זיינע מעשיות איז אָבער שטענדיג געווען גאָר אַן׳אונערוואַרטעטער: אַזוי, פּאַמעלעך, שטילערהייד פלעגט ער אַרויפקומען מיט זיין מעשה אויף אַפּיקורסות... און דאָ פלעגט ער שוין פשוט לייקענען אין אַלץ, וואָס געהערט צו רעליגיע, פלעגט מאַכען אַש און בלאָטע פון אַלע תנאים און אמוראים און פון רבנים אַודאַי, און דער עולם פלעגט צולויפען, פערשטאָפענדיג זיך די אויערן...

נאָר די מעהר יונגערע און מעהר נייַגעריגערע פלעגען אַמאָל אָבשטעהן ביז׳ן סוף און האָרכען, און האָרכען...

אין זיין גרויסער מלחמה געגען רעליגיע האָט ער נאָר פון צוויי, אפילו גאַנץ פערשידענע רעליגיע-פאָרשטעהער, געהאַלטען: פון ר׳ הילל הזקן און פון ווילנער גאון. ווייטער האָט ער פון אַלעמען געמאַכט עפר ואפר.

ווי ווייט ער איז בכלל געווען פעהיג און געשיקט, קען מען זעהן דערפון, וואָס דער בריסקער שטאָדט-פיהרער ר׳ יודיל האַקאַדיר, האָט איהם אַראָבגעבראַכט פון ווילנא קיין בריסק צו זעהר אַ גרויסע און קלינגענדיגע דיעלע, וואָס שטאָדט האָט געהאַט. דאָס איז געווען עפּעס אַ שרעקליכע געשיכטע מיט פאַלשע פעסער און מיט שענע יודען און מיט מסירות. נאָר טווערסקי מיט זיין גוטען קאָפּ און געזעץ-קענטעניסען האָט געמאַכט צו גאָרנישט די גאַנצע דיעלע, וואָס שטאָדט האָט זיך דערפאַר געשראָקען.

פאַר אָט דעם פראָצעס איז ער ווערט געווען עטליכע טויזענד רובל, און געגעבען האָט מען איהם דריי הונדערט רובל, וועלכע ער האָט אויך באַלד צוטיילט צווישען גוטע ברידער. זיך האָט ער נאָר איבערגעלאָזען פינף-און-צוואַנציג רובל און האָט דאָס פערלעבט אין איין וואָך. אויף דער צווייטער וואָך האָט ער שוין געליטען הונגער ביז אַ ווייטערדיגען פערדיענסטעל.

די מעשיות זיינע פלעגט ער דאָס רוב דערצעהלען ביים פעטער מרדכי-ליב׳ן אין שטוב, „וואָס איז געווען גרויס ווי אַ פעלד“. אין שטוב פלעגען זיך געפינען אַ סך מענשען און ער פלעגט אָנהויבען דערצעהלען

דרײַ אַ זײַגער בײַטאָג און ענדיגען זיבען, אַלט אַ זײַגער אין אָווענד. אַנדערע פלעגען זיך אויף אַ רגע אָבּרײַסען און קומען ווידער, אויב עס האָט נאָך נישט געהאַלטען בײַ די אַפּיקורסות...

אינטערעסאַנטער פון אַלץ איז געווען די מעשה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע...

און אײַנמאָל, געדענק איך, האָט ער אָנגעהויבען צו רײדען אויף אַלע אונזערע הײליגע פון אַברהם אבינו אָן... איז מען זיך אַלע צולאָפען, נאָר מײַן פאָטער אַלײן איז געבליבען. איהם האָט קײנמאָל נישט געאַרט אָט די אַפּיקורס'ישע רייד. עס איז אַזוי ווי נישט געווען זײַן דאגה, בעת טווערסקי האָט אַפילו געמאַכט צו בלאָטע זײַן רבי'ן אברהמ'לע. איהם, דעם טאַטען, איז גראַדע געווען געפעלען דער אַפּיקורס טווערסקי, וואָס האָט אַ גוט האַרץ, שענקט אַ סך צדקה, איז אַן ערליכער מאַן און אַ קלוגער. טווערסקי, ווידער, האָט ליעב געהאַט דעם טאַטען מײַנעם פאַר זײַן טאַקטישקײַט, פאַר זײַן קענען פערלײַדען אַ מענשען נישט קײַן פרומען און פאַר זײַן האַרציגקײַט.

נאָר דעם טאַטען איז אײַנמאָל אײַנגעפאַלען, אַז די מסירה אויפ'ן רבי'ן מוז שטאַמען פון טווערסקי'ן, הגם ער האָט בײַ זיך נישט געקענט פועל'ן, אַז טווערסקי זאָל זײַן אַ מסור. יעדענפאַלס, האָט דער טאַטע גערעכענט, אַז טווערסקי מוז וויסען פון וואַנען עס שטאַמט די מסירה.

וואָרום אײַנמאָל, בעת עטליכע הונדערט חסידים האָבען זיך אויפגעקליבען מיט'ן רבי'ן, האָט ער אַלײן געהערט ווי טווערסקי האָט געזאָגט, אַז עס האָבען זיך אויפגעקליבען עטליכע הונדערט בהמות אָבצוגעבען כבוד אַזאַ טיפש. דאָס האָט דעמאָלט געמאַכט אויפ'ן טאַטען זעהר אַ שווערען אײַנדרוק.

נאָך אַ געוויסער קווענקלעניש, האָט דער טאַטע פעררופען טווערסקי'ן צו זיך און איהם געבעטען, ער זאָל זאָגען דעם אמת, ווער האָט עס גע'מסר'ט דעם רבי'ן. אויב ער אַליין האָט עס געטהאָן, טאָ זאָל ער זיך מודה זײַן פאַר'ן טאַטען.

— נו, איך האָב דאָס געטהאָן... — האָט טווערסקי רוהיג געזאָגט.

דער טאַטע איז נשתּומם געוואָרען.

— ווי פאַלט דיר איין צו טהאָן אַזאַ געמיינע זאַך? — האָט דער טאַטע אַ צוטרייסעלטער געפרעגט, — דו ביזט דאָך עפּעס אַן אָרענטליכער מענש. סטייטש, וואו איז דיין מה דעלך לא סני לחברך לא תעביד?

טווערסקי האָט פּשוט געענטפערט:

— קומען קומט אברהם׳לען גוט אָבצושמייסען, זאָל ער נישט פערפיהרען טויזענדער מענשען און נישט אויסנאַרען ביי זיי די לעצטע גראָשענס. אָבער איך בין מיך מודה, אַז איך וואָלט עס נישט געטהאָן, האָטש עס איז אַ „מצוה” דאָס צו טהאָן. צו דעם האָט מיך געבראַכט איינער אַ מענש, וואָס דער רבי האָט איהם אומגליקליך געמאַכט. אַ מענש — אַ פיינער. בין איך מיט איהם איינמאָל געווען ביי דוד-יצחק׳ן אין ווײַנשענק און ער האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט געגעבען פינף-און-צוואַנציג רובל, ווען מען זאָל געבען דעם רבי׳ן פינף-און-צוואַנציג שמיץ, און דערפון האָט זיך עס גענומען...

דער טאַטע האָט פערשטאַנען, אַז דאָס איז ר׳ לייב מאיר׳ס אַרבייט. און ער האָט פעררופען אַלע חסידים אויף אַן׳אספה מכח דעם. ר׳ אָרעלע, דער פיהרער פון די חסידים, איז דעמאָלט געווען דין אין שטאָדט און ער איז אויך געווען אויף דער אספה. עס איז געבליבען ביי זיי צו פער׳מסר׳ן דעם ר׳ לייב מאיר׳ס פאַר „איהם”, זאָל געזונד זיין, און אַז עס איז אַ מצוה איהם אָנצוטהאָן כל הצרות.

מיט וואָס האָט איהם אומגליקליך געמאַכט דער רבי, וועלען מיר הערען ווייטער.

דער דאָזיגער ר׳ לייב מאיר׳ס איז געווען אַ זאַסטאַוויער. זיין פאָטער ר׳ מאיר איז געווען אַ יוד, אַ גדול בישראל, און האָט פערמאָגט צוואַנציג טויזענד רובל. דער זוהן לייבע, אַ למדן און אַ גוטער העברעער, אַ יוד אַ קלוגער און אַ נגיד אויך, איז געווען אַ פערקאָכטער מתנגד. געהאַט האָט אַ זוהן, הערשעל, אַ געראָטענער יונגערמאַן, אַ פיינער לערנער און אַ וואויל קינד, און אָט דער הערשיל איז געוואָרען אַ סלאָנימער חסיד. באַלד נאָך זיין חתונה איז ער אַוועקגעפאָהרען צום רבי׳ן קיין סלאָנים, איז דאָרט אָבגעזעסען צוויי חדשים און געקומען אַהיים אַ פערברענטער חסיד.

געקומען איז ער פון סלאָנים אַהיים ביינאַכט און האָט אָנגע-

קלאַפּט אין טהיר. אַז מען האָט אין שטוב דערקענט זיין קול פון יענער זייט טהיר, האָט דער פאָטער איהם נישט געוואָלט אַריינלאָזען, און דאָס ווייב האָט איהם געעפענט געגען דעם ווילען פון שוועהר. אַז ער האָט זיך געלעגט שלאָפען אין זיין בעט, האָט ער דערפיהלט, אַז די פּערענע איז וואַרים, און אַז ער האָט געפרעגט, ווער האָט דאָ פריהער געשלאָפען, האָט דאָס ווייב געזאָגט, אַז זי. האָט ער באַלד געחאַפּט די פּערענע, איז דערמיט אַרויס אין דרויסען און אויסגעקאַטשעט זי אין שניי, כדי עס זאָל אַראָב די וואַרימקייט פון דער פּערענע, וואָס דעם ווייב'ס גוף האָט אויסגעוואַרעמט.

פון דער דאָזיגער מעשה האָט דאָס ווייב אָנגעהויבען וויינען. דאָס געוויין האָט דערהערט דער פאָטער, און אַז ער איז אַריין אין צימער פרעגען, וואָס זי וויינט, האָט זי איהם דערצעהלט, וואָס זיין זוהנעלע, דער חסיד, האָט געטהאָן. דאָסמאָל האָט איהם דער פאָטער גוט אָנגעשלאָגען, און ער איז ווידער אַנטלאָפען צום רבי'ן קיין סלאָנים.

דאָס ווייב האָט איהם אָבער האַלט געהאַט און האָט געוויס חרטה געהאַט אויף איהר דעמאָלטדיגען וויינען, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער פאָטער האָט איהם אויסגעפּאַטשט און ווער ווייס, ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען. זי איז געפאָהרען קיין סלאָנים און געבעטען דעם רבי'ן, ער זאָל הייסען איהר מאַן פאָהרען מיט איהר אַהיים. דער רבי האָט געהייסען, ער איז געפאָהרען אַהיים און האָט זיך אַפילו איבער'געבעטען מיט'ן טאַטען.

אָבער הערשיל איז געווען זעהר אַ הייסער חסיד. ווינטער איז ער געגאַנגען אין דער קאַלטער מקוה אַלע טאָג, אַ פערקיהלטער, און ער האָט נאָר געדאַווענט און גע'דבוק'עט זיך. אין דאַווענען האָט ער געשריען מיט אַלע כחות און איז קראַנק געוואָרען מיט'ן האַרץ. און מיט'ן האַלז פון די קאַלטע מקואות און פון אַזאַ שרייען אין דאַווענען. טאָג און נאַכט האָט ער פערבראַכט אין חסידות, האָט זיך אָבגעשיידט פון דעם ווייב, האָט אַרומגעשוועבט צווישען הימעל און ערד און איז פון אַזאַ פערקאָלטקייט לסוף משוגע געוואָרען. זיין קראַנקהייט האָט אָבגעקאָסט דעם פאָטער אַ שלל מיט געלד, און ער איז געשטאָרבען.

דערװעלבער ר׳ לײב האָט געהאַט אַנ׳אײדעם, אַ מתנגד׳ס אַ זוהן — און דער איז אויך געװאָרען אַ חסיד. ער האָט אַװעקגעװאָרפען דאָס װײב, איז מעהר געװעזען בײַם רבי׳ן װי אין דער־הײם.

זעהענדיג, װי עס װערט אַ תל פון זײַן גאַנצער פאַמיליע, האָט ר׳ לײב געװאָלט אויסלאָזען זײַן כעס אויפ׳ן רבי׳ן, װאָס האָט, לויט זײַן מײנונג, צונישטערט זײַנע קינדער. פון רבי׳ן האָט ער, פערשטעהט זיך, נישט געהאַלטען, און גאָר נישט װילענדיג האָט איהם דער כעס דערפיהרט צו אַזאַ אומגעלומפערטען און מיאוס׳ען געדאַנק: װי מסר׳ן.

נאָר די חסידים, װאָס האָבען בעשלאָסען אויף דער אספה, אַז מען מעג איהם אָנטהאָן כל הצרות שבעולם, האָבען איהם אָבגעטהאָן גאָר אַ קלײניגקײט.

דער דאָזיגער ר׳ לײב, װאָס איז געװעזען גאָר אַ גרויסער סוחר פון מעהל און האָט געהאַט קאָמיסיאָן פון די גרעסטע מיהלנערס, פלעגט צוטײלען די מעהל אין קאַמעניץ, אין בריסק און נאָך װאו אויף קרעדיט. דאָס איז שוין געװעזען אַ מין טראַדיציע — ער גיט אָהן געלד, און דערנאָך, אַז מען האָט אײַנגעצאָהלט, האָט מען װײַטער גענומען סחורה. קען מען, הײסט עס, אויף אַזאַ אופן טהאָן אַ גרויסע רעה ר׳ לײב׳ן: אויפגעבען אַלע קרעמער, אַז זײ זאָלען נישט צאָהלען, װעט ר׳ לײב מוזען באַנקראָטירען, און ער װעט האָבען אַ װיסטען סוף. זײ, די קרעמער, װעלען סחורה אַלעמאָל האָבען, װאָרום די מעהל װעט דאָך נישט בלײַבען אָהן אַ קאָמיסיאָנער.

איז געפאָהרען אַ חסיד פון קאַמעניץ אין שליחות צו די בריסקער חסידים, אַנ׳ערה פון מעהר װי צװײ הונדערט מאַן, זעהן צו פערװירקליכען דעם בעשלוס.

דער בעשלוס איז דורכגעפיהרט געװאָרען גרויסאַרטיג, װאָרום אַז ר׳ לײב איז באַלד נאָכדעם געקומען קײַן בריסק און איז געגאַנגען צו די קרעמער אײַנמאָהנען געלד און װײַטער מאַכען בעשטעלונגען, האָט איהם קײנער נישט געגעבען קײן גראָשען און אָנשטאָט דעם האָט מען אויף איהם געשריען:

— מסור, אַרויס פון קראָם! אַ יוד זאָל מסר׳ן אַ רבי׳ן!

און טאָמער איז ער נישט אַזוי גיך אַרויסגעגאַנגען פון קראָם, זענען שוין באַלד אָנגעקומען אַלע חסיד׳ישע יונגלײַך און מען האָט

איִהם פֶערוואָרפֶען מיִט שטיינער און מיִט בלאָטע, נאָכלויפענדיִג נאָך איִהם איִבער אַלע גאַסען, וואו ער איִז געגאַנגען, אַזוי, אַז ער האָט געמוזט אַנטלויפען פון בריִסק. פון דעם שפּיִעל האָט ער געהאַט היזק גאַנצע זעקס טויזענד רובל!

אייגען געלד האָט ער געהאַט, און באַנקראָטיִרען האָט ער ניִשט געוואָלט, האָט ער אָבגעצאָהלט איִן די מיִהלען, וויִפיִעל עס האָט געקומט. נאָר אַזוי ווי ער האָט שוין ניִשט געקאָנט פערקויפען קיין מעהל מחמת דעם „באָיקאָט", האָט מען אָבגענומען ביי איִהם די אַלע קאָמיִסיאָנען פון מעהל, און ר' לייב איִז געבליִבען אָריִם. איִן בריִסק האָט ער ניִשט געטאָרט קומען, וואָרום מען האָט איִהם געסטראַשעט מיִט'ן טויט.

איִן אַ געוויִסער צייט אַרום האָט ער אַריינגעשיִקט אַ גרויסען בריִעף צו מיין טאַטען, געשריִבען אויף לשון־קודש. דער בריִעף, קלוג צונויפגעשטעלט, וואָס האָט געקענט מאַכען אַן'איינדרוק, האָט גערעדט וועגען שלום, אַז ער, ר' לייב, וועט זיִך פערלאָזען אויף מיין טאַטען מיִט ר' אָרעלען, און וואָס זיי וועלען איִהם צו'פסק'ענען, וועט ער מקיים זיין.

דער טאַטע האָט פעררופען צו זיִך די קליִגערע חסיִדיִם מיִט ר' אָרעלען בראש, צו בעראַטען זיִך. ביי די חסיִדיִם איִז געבליִבען, אַז ר' לייב זאָל פאָהרען צום רבי'ן קיין סלאָניִם און מיִטנעהמען מיִט זיִך זיינע דריי יונגלעך איִן עלטער פון צעהן ביִז פופצעהן יאָהר, זאָל אַריינקומען צום רבי'ן איִן זאָקען און איִהם איִבערבעטען, דערביי דאַרף ער אומקעהרען פיִער הונדערט רובל געלד, וואָס האָט געקאָסט שוחד מיִט הוצאות און פיִנף הונדערט רובל קנס אויף ארץ־ישראל — צוזאַמען ניין הונדערט רובל, און ער דאַרף שווערען אויף זיין הן־צדק, אַז ער וועט פאָהרען אַלע יאָהר קיין סלאָניִם צום רבי'ן און מיִטנעהמען די יונגלעך ביִז נאָך דער חתונה. דערנאָך וועלען זיי שוין אַליין פאָהרען צום רבי'ן... פאַר די קאַמעניִצער חסיִדיִם, וויִדער, דאַרף ער איינגעבען אַ נייע ספר־תורה איִן שטיִבעל אַריין, און ער מוז קומען פון זאַסטאַוויע אַלע שבת דאַוונען איִן שטיִבעל. דאָס הייסט: ער מוז ווערען אַ חסיִד! גאָר ווי מען נויט עמיִצען שמד'ען זיִך...

אויף דאָס געלד איז ער בעשטאַנען, כאָטש ער האָט שוין קיין געלד נישט געהאַט. וועט ער פערקויפען די ציהרונג: זיין ווייב׳ס, די שנוהר און טעכטערס, אָבער פאָהרען קיין סלאָנים אַלע יאָהר—דערויף האָט ער באין אופן נישט געקענט בעשטעהן.

און ער איז געלאָפען דורכרײדען זיך מיט׳ן טאַטען. טרעהרען האָבען זיך איהם געגאָסען פון די אויגען.

— משה, — האָט ער געזאָגט. — דו ביזט דאָך אַ קלוגער. דו פערשטעהסט דאָך יאָ עפּעס אַ מענשען און אַ האַרץ האָסטו אַ גוטע, זאָג מיר, איך בעט דיך, אדרבה, אויג אויף אויג, צי קען איך נאָך מיינע אַלע אומגליקען און צרות ווערען אַ געצוואונגענער חסיד? צי קען מען בכלל ווערען עפּעס פלוצלונג און געצוואונגען, בפרט נאָך, אַז איך האַלט נישט און האַלט נישט פון חסידות. אין מיין בלוט איז עס גאָרנישט פאַרהאַן. איך זאָג דיר אָפען, דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב נאָר געדערט פאַר טוועסקי׳ן, און רײדען איז דאָך נישט טהאָן, איז נישט גענוג, וואָס איהר האָט מיך געמאַכט פאַר אַנ׳אָרימאַן, אָהן פרנסה, ווילט איהר נאָך ביי מיר צונעהמען מיין מתנגדות, וואָס איז ביי מיר אַזוי טייער, ווי ביי דיר דאָס חסידות. געלד וועל איך געבען, כאָטש דאָס לעצטע און צום רבי׳ן איבערבעטען וועל איך אויך פאָהרען, און דאָס דאַרף זיין גענוג. וואָס וויל מען נאָך? משה, דו האָס אַ גוט האַרץ, דו דאַרפסט מיך פערשטעהן און זעה טהו מיר דאָ אַ טובה.

דער טאַטע, וואָס האָט איצט ווירקליך אויף איהם רחמנות געהאַט, האָט איהם צוגעזאָגט אויסצופיהרען ביי די חסידים דאָס, וואָס ער פערלאַנגט.

נאָך שווערע מיה און מאַטערניש איז ענדליך געבליבען, אַ דאַנק מיין טאַטען, אַז מען דאַרף איהם פערלייכטערן, אָבער צום רבי׳ן מוז ער דאָך פאָהרען, כאָטש איין מאָל: אויף ראש־השנה...

## זעכצעהנטעס קאפיטעל.

מיין לערנען. — אמאליגע מוכרי־ספרים. — מיין ערשטע חברה. — ישראל ווישניאק. — דאס עקזאמענירען ישראל׳ן. — ישראל׳ס קאריערע. — ביז וואס ער איז געבליבען שטעהן.

צו צוועלף יאהר האב איך ליעב געהאט זומער פאר־נאכט, צו מנחה, ווען מען ווערט פריי פון חדר, געהן אין בית־המדרש, און צווישען מנחה און מעריב, זיך זעהן מיט אלע בחורים, וואס לערנען אין בית־המדרש, זיך בעקענען מיט נייע פרושים און אויך מיט די בעלי-בית׳לעך, וואס האבען אקארשט חתונה געהאט און ריידען מיט זיי פון פערשיעדענע יודישע זאכען און אזוי ענינים פון לעבען. איך פלעג עפענען א גמרא און אנ׳אווענד ביי דעם טיש ריידען דעם גאנ־צען בין-מנחה און מעריב, און א צווייטען אווענד ביי אנ׳אנדער טיש. דאס איז געווען אנגענעהם.

דא האב איך אפטער געהאט וכוחים וועגען חסידות. איך האב שטענדיג געהאט א נאטור צו קלעפען זיך צו גרעסערע, האב זיך גע־סטארעט זיין מיט זיי חבר און מיר האט נישט געארט, וואס איך בין ביי זיי דער קלענסטער, ווייל איך האב הנאה געהאט צו הערען דעם שכל פון די עלטערע, און אט די אייגענשאפט מיינע האט מיר געגעבען

טום צו דיספוטירען מיט זיי וועגען חסידות, און ווייל איך האב געהאט א כח און כוח, האב איך אפטמאל מנצח געווען.

אין בית-המדרש זענען געווען זעהר פיעל ש"ס'ען, אבער צוריסענע, און דאס איז געווען, געדענק איך, א ברענענדיגע פראגע דעמאלט: די יונגעלייט מיט די פרושים האבען זיך בעקלאגט, אז זיי קענען נישט לערנען אין קיין גמרא: אלע גמרות צוריסענע.

אמאל פלעגען די מוכרי-ספרים אומפאהרען אויפ'ן לאנד מיט א שקאפע: מענדעלע מוכר-ספרים'ס קליאטשע, אין וואגען פלעגען ליגען פערשידענע ספרים און מעשה-ביכלעך, און פערפאהרען פלעגען זיי אין בית-המדרש אויפ'ן הויף. בייגאכט פלעגען זיי אריינפאהרען ערגעץ אין א ביליגער קרעטשמע; אין דער-פריה צום דאווגען איז שוין אזא מוכר-ספרים'ניק ווידער געשטאנען מיט זיין „פערד און וואגען" אויפ'ן שוהל-הויף. צייטענווייז פלעגט אזא מוכר-ספרים אבדינגען אין גרויסען בית-המדרש א טיש בעם מהיר פאר א פאר רובל און זיך דארטען אויסגעלעגט מיט די ספרים, און זיין שותף (אמאל האט ער געהאט א שותף) פלעגט דערווייל ארומפאהרען מיט א טייל ספרים ארום די דערפער.

די דאזיגע מוכרי-ספרים פלעגען אפטמאל מיט זיך פיהרען אנאנסען וועגען פערשידענע ש"ס'ען מיט פערשידענע מפרשים אויף גרויסארטיגען פאפיר. איינמאל האט א מוכר-ספרים געבראכט א מודעה פון די סלאוואוטער דרוקער, אז זיי גיבען ארויס ש"ס'ען בהדרת יופי, מיט אלע מפרשים אויף זעהר א גוטען פאפיר און שענעם דרוק. דער פרייז פון ש"ס — צוויי-און-זיבעציג רובל, אויסצאהלען אין א יאהר צייט צו זעקס רובל א חודש.

און מיר איז דעמאלט איינגעפאלען צו מאכען א חברה יונגלעך, דאס יעדערער זאל געבען א פיערער א וואך, און מיר וועלען קויפען דעם סלאוואוטער ש"ס פאר'ן גרויסען בית-המדרש. דער מוכר-ספרים האט אונז טאקע געוויזען א מסכתא — איז דאס געווען א יופי!

די חברה איז געגרינדעט געווארען, און יאסעלע, דעם גביר'ס זוהן, איז געווען קאסיר, איך — גבאי און איבער יעדע צעהן יונגלעך האבען מיר געמאכט איינעם פאר א „דעסיאטניק", ער זאל אויפקלויבען ביי זיי אלע וואך די פיערערס און אבגעבען יאסעלען דאס געלד.

אײנער האָט געפֿיהרט דאָס בוך און אַלע יונגלעך האָבען פֿינקטליך געצאָהלט. דאָס געלד האָבען מיר דערנאָך אַוועקגעגעבען דעם מגיד׳ס זוהן, משה-אַהרן, האָט ער עס שוין אַוועקגעשיקט קײן סלאַוואוטע און מיר האָבען באַלד בעקומען די מסכתות, וועלכע מיר האָבען אײנגעבונדען אין אַ שענעם בונד. אזוי האָבען מיר שוין געהאַט בעקומען זעקס ברכים.

דאָס איז געווען די ערשטע חברה, וואָס איך האָב געגרינדעט אין מײן לעבען און ווי איך זאָל נישט וועלען זײן בעשײדען און פֿערבאָרגען, מוז איך דאָך מודה זײן, אַז אָהן מיר האָט זי לאַנג נישט געקענט עקזיסטירען. איך האָב נאָר בעדאַרפֿט קראַנק ווערען — און מײן חברה איז צופֿאַלען געוואָרען. יאָסעל מיט אברהמ׳לען, דעם שרײבער, האָבען נישט געקענט פֿיהרען, און אין בית-המדרש זענען געבליבען די זעקס ברכים אַלס זכר, מעהר האָבען מיר נישט אויסגעשריבען.

---

ישראל ווישניאַק, דער עילוי, וואָס האָט אונז, אַלע יונגלעך, געשמיסען פֿאַר׳ן נישט קענען לערנען, ווי ער, איז אין לובלין אין אַ פֿיער יאָהר צײט געוואָרען אַ גרויסער מפורסם. ער האָט געלערנט בײם לובלינער רב, ר׳ הערשעלע, וועלכער האָט אין זײן שאלות-תשובות געשריבען: „תלמידי הגאון ר׳ ישראל“, מײן תלמיד דער גאון ר׳ ישראל. „אַלט“ איז דער ר׳ ישראל געווען דעמאָלט צוועלף יאָהר, און ער האָט זיך געוואָלט מאַכען אַ רײזע צו זײן זײדען קײן קאַמעניץ, ר׳ זעליג אַנדאַרקעס.

פֿאָהרענדיג מיט די בעלי-עגלות, איז ער אָבגעשטיגען אין אַלע גרויסע שטעדט, אויפֿ׳ן וועג, צו די רבנים, רײדען מיט זײ פֿון תורה, אַוועקשטעלען זײ קשיות, אַז זײ זאָלען נישט וויסען, וואָס צו ענטפֿערן.

ער איז אויך געווען אין בריסק בײם רב, ר׳ הערשעלע דער לעמבערגער, אויך אַ גרויסער גאון. און ישראל האָט איהם דרײ שעה אָבגעהאַלטען אין תורה; דער רב איז נתפעל געוואָרען פֿון זײנע חריפות. דערנאָך איז ישראל געקומען קײן קאַמעניץ, עס האָט גע-

קאַלט אין שטאָדט פון דעם קליין גאונ'דיל.

דעמאָלט האָט איהם שוין נישט געפּאַסט צו ריידען מיט די קאַמעניצער פּראָסטע יונגלעך. ער האָט זיך אויסגעקליבען עטליכע פון די בעסערע, צווישען וועלכע איך בין אויך געווען, אָבער מיר האָבען פאַר איהם גרויס דרך-ארץ געהאַט, עס איז געווען א גרויסע זכיה, אז ער האָט מיט אונז געשטיפט. אין מיטען שטיפען זענען אָפטמאָל געקומען צו איהם לומדים ריידען פון תורה, און ער האָט זיי פער-האַרפען מיט קשיות אין גמרא, און זיי האָבען נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן.

ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער אויך בעזוכט דעם קאַמע-ניצער רב און איהם געפרעגט א קשיא. דער רב האָט איהם אזוי גיך נישט געענטפערט, איז ער אַרויפגעקראָכען צום רב אויף די קניה, א קליינער איז ער געווען, האָט אָנגענומען דעם רב'ס גרויסע ווייסע באָרד אין זיינע ביידע הענדטלעך און, פיהרענדיג אזוי די באָרד פון אויבען אַראָב, האָט ער זיך געזאָגט:

— א שענער רב זענט איהר, אז א יונגעלע פון צוועלף יאָהר פרעגט אייך א קשיא און איהר קענט נישט ענטפערן קיין תירוץ...

דאָס איז באַלד בעוואוסט געוואָרען אין שטאָדט, און ישראל'ס העזה גענגען דעם אַלטען רב, וואָס איז געווען א בעוואוסטער בקי אין ש"ס, האָט אויפגערעגט אַלע קאַמעניצער גרויסע לומדים. זיי האָבען זיך אויפגעקליבען בראש מיט ר' משה כ"ץ און ר' יאָסעלע, דעם קאַרלינער רב'ס ברודער, א גרויסער מופלג, און ר' לייב מאיר'ס, מיט אַנ'אָבמאַך — שטעלען איהם, ישראל'ן, עפּעס גאָר א גרויסע גמרא-קשיא, און אויב ער וועט זי באַלד נישט פערענטפערן, וועט מען איהם אָבשמייסען.

דעם אָרט פאַר'ן עקזאַמען האָט מען געמאַכט דעם גרויסען בית-המדרש. מען האָט איהם בעשטעלט, אז ער זאָל קומען אויף מאָרגען, צווישען א זייגער ביינאַכט. דאָס געפּיהל פאַר בעריהמען זיך איז ביי איהם געווען זעהר שטאַרק ענטוויקעלט, און אויף אזא קשיא, איז ער געווען א גרויסער בעלן.

ישראל איז געווען ביי זיך שטאָלץ, אז פאַר איהם זענען גלאַט קיין קשיות נישטאָ. ער קען שוין פערענטפערן די האַרבסטע קשיות.

אָבער דאָך טיעף אין האַרצען האָט ער עטוואָס מורא געהאַט — טאָמער וועט ער זיך פערפּלאָנטערן און וועט קריגען גוט געשמיסען?...

אין אַזאַ מינוט איז ער געקומען צולויפען צו מיר און געבעטען, אַז איך זאָל קומען איהם העלפען — נישט צו דערלאָזען איהם שמייסען. געוועהנליך, האָב איך זיך פון דעם נישט אָבגעזאָגט, און געבראַכט מיט זיך אין אַלטען בית-המדרש, איינם אַ זייגער, אַלס געזונדטע יונגלעך...

נעדענק איך, ווי היינט, אַז אין בית-המדרש האָבען זיך צונויפגעקליבען אַלע קאַמעניצער לומדים, פּרושים און אַלע קעסט-בעלי-בית׳לעך, וואָס לערנען אין בית-המדרש. עס איז געוועזן אַ גרויסער עולם. און ישראל, דאָס קליינע יונגעל, איז געשטאַנען מיט אונז בעזונדער. דערנאָך אָבער, אַז עס איז געקומען ר׳ משה כּץ און ר׳ יאָסעלע, האָט מען איהם גענומען אויפ׳ן פערהער. זיי האָבען אויפגעמישט אַ גמרא אין פּסחים דף ס״ו, געדענק איך, עמוד ב׳, האָבען איהם געהייסען איבערקוקען דעם עמוד גמרא און די תוספות׳ן, און פרעגען דערנאָך אַ קשיא. ישראל איז אַרויפגעקראָכען אינגאַנצען אויפ׳ן טיש און גענומען פיהרען מיט די קליינע פינגער איבער דער גמרא פון אויבען אַראָב גאַנץ גיך, און דערנאָך די תוספות׳ן. עס האָט נישט געדויערט קיין פינף מינוט און ער האָט געזאָגט די קשיא, די לומדים זענען נבהל און נשתומם געוואָרען פון דעם יונגעל, און אַנשטאָט שמיץ האָט מען איהם אָנגעהויבען קושען.

— אָבער ווי האָסטו אַזוי גיך איבערגעקוקט דעם גאַנצען עמוד גמרא מיט די תוספות׳ן, — האָט מען זיך געוואונדערט איבער איהם.

— ווייזט מיר די שווערסטע שאלות-תשובות, — האָט ער געענטפערט, — וועל איך אייך אויך אַזוי פיהרען מיט די פינגער איבער׳ן עמוד און וועל אייך זאָגען בּאַלד אויף אויסווענינ. און אַז מען האָט איהם געגעבען אַ פּני יהושע, האָט ער אויך אַזוי גיך מיט די פינגער געפיהרט איבער דעם עמוד און געזאָגט גלייך אויף אויסווענינ.

נאָכדעם האָט שוין די גאַנצע שטאָדט פאַר איהם מורא געהאַט און זיין גאוה איז געוועזן אין לשער, ער האָט געהאַלטען אַלעמען פאַר פּראָסטע עמי-הארצים, וואָס האָבען אין זיך נישט די פעהיגקייט צו קענען עפּעס טיעף און גוט.

אין קאַמענירן איז ער אָבגעווען עטליכע וואָכען, די גאַנצע צייט האָט מיט איהם געקעהרט די שטאָדט, אַלע האָבען נאָר גערעדט פון דעם יונגעלע ישראל, וואָס איז אַזאַ גאון!

דערנאָך איז ער אַוועקגעפאָהרען צום פאָטער קיין לובלין און שוין אָנגעהויבען לערנען קבלה. אַזוי ווי ש״ס און פוסקים איז ביי איהם שוין געווען אַ קליינינקייט, האָט ער זיך גענומען צו קבלה און דאָס איז געווען זיין אומגליק. ווען ער וואָלט ווייטער לערנען ש״ס און פוסקים און שאלות-תשובות, ווי אַלע גאונים לערנען, וואָלט ער אפשר געווען דער צווייטער ווילנער גאון, אַ חד בדורו.

ליידער, האָט ער זיך צו-פריה גענומען צו קבלה. אין אַ יאָהר אַרום האָב איך בעקומען פון איהם אַ קבלה-ספר, וואָס ער האָט פערפאַסט און געדרוקט צו זיין דרייצעהנטען יאָהר. איך האָב גענומען לעזען דעם ספר און האָב ניט פערשטאַנען קיין איין וואָרט. פאַר מיר איז קבלה אינגאַנצען פרעמד געווען און דאָס איז געווען אַ טיפיש קבלה-ספר׳ל.

אין סעמיאַטיטש, גראָדנער גובערניע, איז געווען דעמאָלט אַ גביר ר׳ דוד דער ברייטער. דעם נאָמען „ברייטער״ האָט ער בעקומען צוליעב זיין ברייטע פיהרונג. ער האָט געלעבט ווי אַ פירשט. איהם האָט זיך פערוואָלט נעהמען פאַר זיין טאָכטער אַ חתן, אַן עלוי. פון דעם עלוי ישראל׳ן האָט ער געהערט, און ער האָט געשיקט אַ שדכן צו ישראל׳ס פאָטער, ר׳ יוזעל ווישניאַק, אַ יוד אַ למדן און זעהר אַן אָנגענומענער מענש, אַז ער וויל נעהמען זיין זוהן ישראל׳ן פאַר אַן איידעם. ער גיט פינף טויזענד רובל נדן און צעהן יאָהר קעסט.

ר׳ יוזעל האָט זיך נאָכגעפרעגט און דער שידוך איז געשלאָסען געוואָרען. ר׳ דוד ברייטער האָט בעשטימט אַ טאָג אויף צו מאַכען די תנאים, און האָט פערבעטען פון גאַנץ ליטא די גרעסטע רבנים און גאונים, צו קומען אויף די תנאים אויף זיינע הוצאות. איצט האָט ער טאַקי אַרויסגעוויזען זיין גאַנצע ברייטקייט: ער האָט געוואָלט, אַז אַלע רבנים זאָלען וויסען, וואָס פאַר אַן איידעם ער נעהמט.

אויף די תנאים זענען געקומען ביי אַ פּאָר מנינים גרויסע רבנים, און ישראל, דער חתן, האָט גערעדט מיט די רבנים פון אַזוינע גרויסע פלפולים, אַז זיי זענען ערשטוינט געוואָרען פון זיין גאוני׳שען קאָפּ.

זײַ זענען געווען איבער גליקליך, וואָס זײַ איז בעשערט צו הערען פון אַ פערצעהן־יעהריגען יונגעל אַזאַ חריפות. די תנאים זענען אַראָב פּיר־שטליך און צו ר׳ דוד דעם ברײַטענ׳ס שמחה איז קײַן גלײַכען נישט געווען.

די כלה איז נאָך אויך געווען זעהר יונג, אויך אַ יאָהר פערצעהן, האָט ר׳ דוד געבעטען אָבלעגען די חתונה אויף צוויי יאָהר. איהם האָט זיך נאָר געוואָלט „אַרײַנחאַפּען" דעם גרויסען עלוי, אָבער איצט קען ער שוין וואַרטען. פאַר זעכצעהן יאָהר האָט ער נישט געוואָלט חתונה מאַכען די טאָכטער.

דערווײַל האָט זיך אונטערגערוקט דער פּוילישער אויפשטאַנד. אין סעמיאַטיטש זענען אַרײַנטראָטען פּאָליאַקען צו פערנעהמען די שטאָדט. באַלד איז אָנגעקומען דאָס רוסישע מיליטער, עס איז געוואָרען אַ שיסערײַ, אין וועלכער עס איז דער׳הרג׳עט געוואָרען דוד דער ברײַטער. זײַן גאַנץ פערמעגען מיט די אַלע געשעפטען, וועלכע ער האָט געהאַט מיט די פּריצים, זענען כמעט פערפאַלען געוואָרען אין דעם אויפשטאַנד. אינגאַנצען איז געבליבען בײַ אַ דרײַסיג טויזענד רובל געלד. זענען אָבער געווען אַ סך קינדער, זיהן און טעכטער, וואָס דאָס געלד האָט צווישען זײַ בעדאַרפט פערטײַלט ווערען. די יורשים האָבען חתונה געמאַכט די שוועסטער, געגעבען פינף טויזענד רובל נדן, שוין אָהן קעסט.

ישראל האָט חתונה געהאַט און איז אַרויסגעפאָהרען וואוינען אין בילסק, אַנ׳אויעזדנע שטאָדט, גראָדנער גובערניע, נעבען זײַן פעטער ר׳ לײַזשע ווישניאַק, וואָס איז געווען אַ גביר און אַ גרויסער למדן.

ער, ישראל, האָט גאָר נישט געקלערט פון קײַן געשעפט מאַכען, און אפילו נישט אַוועקגעגעבען זײַן געלד אויף ציגזען. ער האָט נאָר געדונגען אַ גרויסע דירה, האָט געביטען דעם רובל און געגעסען. ער האָט גאָרנישט געקלערט, אַז דאָס געלד וועט דאָך סוף כל סוף אויסגעהן.

דערווײַל האָט ער אָנגעהויבען צו פיהרען אַ שטאַט פון אַ רבי, צו איהם זענען געקומען לומדישע יונגע־לײַט הערען זײַן תורה, זײַנע שאַרפע פּשט׳לעך און ער איז געוואָרען פערהייליגט אין שטאָדט. אפילו זײַן פעטער ר׳ לײַזשע האָט איהם אויך גערופען רבי.

װאָס אַ טאָג — איז ער אַלץ מעהר מפורסם געװאָרען פאַר אַ גאון, פאַר אַ צדיק און אַ בעל-קבלה. ער האט ענטדעקט אַ נײעם דרך אין קבלה און האָט געװאָלט גרינדען אַ ישיבה אויף צו לערנען קבלה. טאָג און נאַכט איז בײַ איהם געװען פול די שטוב מיט לומדים, יונגע-לײַט זענען „געשטאַנען אויף די קעפּ" צו הערען זײַנע תּורה מיט זײַנע קבלה.

און געלעבט האָט ער אַלץ פון גרײַטען רובל. דאָס װײַב האָט אַפילו אָנגעהויבען צו דאגה'ן, אַז געלד װערט אַלץ װעניגער און װאָס װעט זײַן דערנאָך. אָבער ער איז געװאָרען אַ קדוש און מיט איהם איז געװען שװער צו רײַדען אַ װאָרט. ער האָט גאָר פון קײן װאָכעדיגע זאַכען נישט געװאָלט רײַדען, און אַמאָל פלעגט זי װײנען בײַ זיך אין צימער.

ער איז שוין געװאָרען אַזױ אַרײַנגעטהאָן אין זײַנע קבלה, אַז ער האָט אָנגעהויבען טראָגען אויפ'ן קאָפּ צװעלף פּאָר תּפילין, כּדי יוצא זײַן לכל הדעות. ער האָט געמאַכט קלײנע תּפילים'לעך און האָט אַרױפגערוקט אַלע צװעלף פּאָר תּפילין אויפ'ן קאָפּ און אַזױ איז ער געגאַנגען איבער'ן גאַס. און יונגע-לײַט זענען איהם נאָכגעגאַנגען און געהיט, אַז מען זאָל פון איהם נישט לאַכען.

אין שטאָדט, װי געזאָגט, איז ער געװאָרען זעהר פערהײליגט. מען האָט אָנגעהויבען געהן צו איהם, אַזױ װי צו אַ רבי, בעטען זײַן ברכה, אָבער אַזעלכען האָט ער אַרױסגעטריבען און האָט גאָרנישט געװאָלט ענטפערן.

און פון טאָג צו טאָג איז פוסטער געװאָרען אין קעשענע. צו-ליעב דעם איז בײַ איהם אַװעק אַ שלעכט לעבען מיט דעם װײַב. באַלד איז שוין נישט געװען מיט װאָס צו לעבען און זי האָט זיך נישט געקענט צוזאַמענרײַדען מיט איהם. ער האָט גאָרנישט געװאָלט הערען פון אַזעלכע זאַכען און אַז זי האָט אָנגעהויבען שטרענגער, האָט ער זי אָנגערופען:

— חצופה!

און ער האָט געשיקט רופען דעם רב צו שרײַבען אַ גט. דאָס װײַבעל האָט געװײנט, און בײַם נעהמען דעם גט האָט זי גע'חלש'ט.

נאָכדעם איז זי אַוועקגעפאָהרען קײן סעמיאַטיטש צו איהרע ברידער און וואָס איז מיט איהר געוואָרען, ווײס איך ניט.

ישראל איז דערנאָך צובראָכען געוואָרען. ער האָט זיך נישט געקענט אויסקלערעווען: קײן רבנות נישט, קײן רבי נישט, קײן סוחר נישט, קײן געשעפטען נישט, טאָ וואָס דען?

און ער האָט אָנגעהויבען אַרײַנפאַלען אין אַ מורה-שחורה. פון אַ סך קלערען איז בײַ איהם פערבליבען, אַז ער וועט זיך נאָר אָנהויבען צו צוגרײַטען אין אוניווערזיטעט, ווערען אַ פראָפעסאָר, וואָרום בײַ איהם איז דאָס אַ קלײנינקײט. אין אײן יאָהר מאַכט ער דורך אַלע קלאַסען פון אַ מיטעל-שול.

ער האָט געקויפט אַ רוסיש ווערטער-בוך, און בולשטעבליך אין אײן חודש האָט ער שוין געקענט אַלע רוסישע ווערטער אויף אויסווענינ.

דער פעטער זײַנער, ר׳ לײַזשע, האָט געזעהן, אַז ישראל האָט זיך גענומען נאָר אויף אַ געפעהרליכען דרך, האָט ער טעלעגראַפירט צום פאָטער, דער פאָטער איז געקומען און האָט איהם צוגענומען, אַ פערמאַטערטען און צוטומעלטען, צו זיך אין לובלין, אַוועקגעפיהרט איהם צום רבי׳ן, ר׳ לײַבעלע אײגער, און האָט איהם געמאַכט פאַר אַ חסיד. דער רבי, ר׳ לײַבעלע, האָט זיך מיט איהם געפרעהט, און ישראל איז געוואָרען אַ חסיד.

איצט האָט ער זיך איבערגעגעבען אינגאַנצען צו חסידות, האָט פון דאָסנײַ חתונה געהאַט. דאָס ווײַב האָט געמאַכט אַ קראָם, מען האָט אָנגעהויבען לעבען פשוט, ווי אַלע יודען, און אָט אַזוי איז געװאָרען פון אַ גאונ׳ישען יונגעל אַנ׳אײַנפאַכער יוד.

## זיעבענצעהנטעס קאפיטעל.

די וויטערדיגע מלמדים. — ר' אפרים דער מלמד. — זיינע „נייע" מעשיות. — אמאליגע מלבושים. — די גרויסגעטריבע־נע רבנים. — אונזער ליעבע צום רבי'ן.

פון בינוש־לייב'ן דעם מלמד, ביי וועלכען איך בין כמעט גע־שטאנען אויף איין ארט. בין איך אריין צו דוד דעם בלינדען. ער איז געווען בלינד אויף איין אויג. דאס איז געווען דער צווייטער רוצח פון דוד מיט די קאלטענעס.

ביי איהם האב איך געלערנט דריי זמנים און געהאט א גרויסע פעולה אין לערנען. ער איז געווען א גרויסער למדן און א גרויסער פועל. זיין לערנען איז געווען „גרונטאווגע". און איך בין ארויס פון איהם מיט א נאמען פון א גוטען לערנער. פון איהם בין איך אריין צו מיין פעטער ר' אפרים, א גרויסער מופלג און א חכם און האט גע־שריבען העברעאיש זעלטען גוט.

ער האט נישט געהאט קיין גליק אין געשעפטען, האט נישט געטויגט צו די פריצים, ווייל ער האט נישט געקענט זיי חנפה'ענען און איז, נעבעך, געווען ארים. דער זיידע אהרן־לייזער האט איהם געשטיצט, אבער וואס קען מען זיך דערלעבען פון א מענשען'ס גאב;

דערצו האָט ער געהאַט פֿינף דערוואַקסענע טעכֿטער, און האָט געמוזט ווערען, ווי אַלע קבצנים, אַ מלמד. ער איז אָבער געווען פֿון די בעסטע מלמדים. מיר האָבען געלערנט בײַ איהם זאַלבעפֿיערט און האָבען זיך גערעכֿענט פֿון די בעסטע אין שטאָדט.

בײַ איהם האָב איך געלערנט צוויי זמנים די גמרא „חולין" מיט תוספות, מיט מהרש"א און אַלע מפרשים און אויך פוסקים — מגן-אברהם, מיט'ן שיטה-מקובצת.

פֿאַר דער גאַנצער צײַט פֿון מײַן לערנען אין די חדרים, האָב איך אין ערגעץ נישט געהאַט אַזאַ הנאה, ווי בײַם פעטער. ערשטענס, האָט ער מיט אונז געלערנט פערשטענדליך גמרא און געגעבען אונז גוט צו פערשטעהן, מיט געלאַסענקײַט, מיט ווײַכֿע גוטע רייד, בעת מיר האָבען אָפטמאָל בשום אופן נישט געקענט פערשטעהן דעם גרויסען פלפול אין די שיטות און האָט אונז נישט בעוויזען קיין סימן פֿון כעס. ער האָט זיך געסטאַרעט אונז געבען צו פערשטעהן דורך קלאָרע רייד, פערגלײַכֿונגען און משלים.

און עס איז געווען וואונדערליך זיס און אַנגענעהם צו לערנען מיט איהם. און אַז מען האָט זיך גוט אָנגעהאָרעוועט בײַם לערנען די גמרא מיט די פוסקים, פלעגען מיר אָברוהען, און ער האָט מיט אונז פערבראַכֿט אין וועלט-זאַכֿען. ער איז געווען זעהר אַן'אָנגעלייענטער, און האָט געהאַט אַ ידיעה אין חכמת הטבע, ער האָט אויך אַמאָל געלעזען אַ רוסיש בוך, נאָר אין רוסיש פלעגט איהם דאָס ווײַב, וואָס איז געווען, זאָל זי מיר מוחל זײַן, זעהר אַ נאַרעשע יודענע, שטערען.

ער האָט אײַגענטליך פֿאַר איהר גאָר קיין מורא נישט געהאַט, נאָר ער האָט מורא געהאַט פֿאַר איהר נאַרישקײַט. אַז זי האָט דערזעהן בײַ איהר מאַן ר' אפרים עפּעס אַ זאַך, וואָס איז איהר נישט געווען געפעלען, פלעגט זי באַלד איבערדערצעהלען פֿאַר דער גאַנצער פאַמיליע און פֿאַר אַלע ווײַבער. און אַזוי ווי דעמאָלט איז געווען אַ פערברעך צו לעזען אַ רוסיש בוך, פלעגט ער זיך אָבהאַלטען דערפֿון.

אָבער ווערדליג זײַן צײַט, האָט ער געוואוסט אַ סך, און אָט בײַם אָברוהען פֿון דער גמרא, פלעגט ער אונז געבען צו ערקלערען פערשיעדענע וויסענשאַפטליכֿע זאַכֿען און פלעגט אונז אָפט דערצעהלען מעשיות פֿון די פֿערצײַטיגע דורות, נאָר אַלץ אמת'ע, רעאַלע מעשיות.

געהאַט האָט ער אַ זמן נײַנציג רובל פון פיער תּלמידים: צװײ האָבען געצאָהלט צו צװאַנציג רובל און פאַר מיר מיט ישראל'ן פופציג רובל. געװעהנליך, איז ער נעבעך געװעזען אַ גרויסער אָרימאַן און ער פלעגט זיך פאַר אונז קלאָגען אויף דעם הײַנטיגען יקרות און דערמאָהנען מיט התפעלות זײַנע יונגעלשע יאָהרען, בעת עס האָט געקאָסט זעקס רובל אַנ'אָקס, דרײַ רובל אַ בהמה, אַלצעהן גראָשען אַ גאַנז, זעקס — אַלט גראָשען אַ הוהן, אַ גראָשען — פינף אײַער, זעקס גראָשען אַ פונט פוטער און צװײ גראָשען אַ טאָפּ מילך... דעמאָלט האָט זיך יעדער יוד, װאָס האָט נאָר געהאַט אַ פאָר קאָפּיקעס, געמאַלט זיך אַ קלײַן ברויזעלע פון בראָנפען מיט עטליכע בהמות אויף ברײַע און עס איז געװעזען מילך חאָטש צו באָדען זיך.

און מלבושים זענען אַמאָל געװעזען פון אַזעלכע שטאַרקע שטאָפען, אַז אַ מלבוש איז איבערגעגאַנגען בירושה אויף קינד'ס-קינדער. עס איז געװעזען אַ סאָרט, װאָס האָט געהײסען רעגען-קאַמנעט, איז דאָס געװעזען שטאַרק װי שטאָהל, און גראָב און האַרט, כמעט װי אַ בלעך. אַז מען איז געגאַנגען אין אַ רעגען-קאַמנעטענע קאַפּאָטע, אָדער אױבער-מלבוש, האָט געקנאַקט יעדער קנײַטש פון איהם און פאַר אַ מײַל האָט מען געהערט, אַז אַ מענש געהט.

דער רעגען-קאַמנעט איז געװעזען פון פערשידענע קאָלירען און פערשידענע פרײַזען; דאָס ביליגסטע איז געװעזען פערצײַטענס זעכציג קאָפּיקעס אַנ'אײַל. די שטאַרקײַט איז געװעזען די אײַגענע; קײַן מענש האָט נישט געקענט צורײַסען דעם מלבוש. אפשר אין אַ פופציג יאָהר אַרום איז דאָס עטװאָס קאַליע געװאָרען, אָבגעקראָכען, האָט דאָס גע'ירשנ'ט אַ זוהן און עס איז געװעזען אַ יחוס צו טראָגען אַנ'אָבגעבלאַקירטע קאַפּאָטע, אַלס זכר פונ'ם געשטאָרבענעם. דערנאָך, אין אַ עטליכע צעהנדליג יאָהר אַרום, איז דאָס שוין געװאָרען שטאַרק אָבגעקראָכען, האָט מען דאָס שוין צוגענוצט צו װאָלעדיגע אַרבײַטען און צו שלעכטע װעטערן. אָבער צוריסען און צוהאַקט איז דאָס קײַנמאָל נישט געװאָרען.

איך געדענק נאָך די רעגען-קאַמנעטענע קאַפּאָטעס, װאָס די עלטערע יודען האָבען געטראָגען. איך אַלײַן האָב געטראָגען אַ רעגען-קאַמנעטענע קאַפּאָטקע, בעת איך בין אַלט געװעזען אַ יאָהר אַכט. מען

האָט עֶס מִיר אִיבֶּערגֶענִייהט פוּן דעֶם זַיידעֶנס אַ קאַפּאָטעֶ, וואָס עֶר האָט דאָס אויך געֶ'ירשנ'ט פוּן זַיין פאָטעֶר.

אויך אִיז געֶוועֶן אַ שטאָף מִיט'ן נאָמעֶן „לאַסט". הַיינט רוּפט מעֶן עֶס „האַלבּ-לאַסט", אָבּעֶר דעֶר הַיינטִיגעֶר אִיז גאָר נִישט עֶהנלִיך אִין יעֶנעֶם. לאַסט האָבּעֶן שוין געֶטראָגעֶן גבִיר'ישעֶ מאַנסלַייט. דאָס זעֶנעֶן געֶוועֶן דִי שטאָפעֶן פאַר מאנסבִּיל: פִיעֶר מִינִים רעֶגעֶן-קאַמנעֶט, צוויי מִינִים לאַסט, דריי מִינִים סאַמעֶט, פִיעֶר מִינִים אַטלעֶס און עֶטליכעֶ מִינִים זַיידעֶנס.

דִי ווַייבּעֶר האָבּעֶן געֶטראָגעֶן צִיץ צוּ זִיבּעֶן, אַכט קאָפִּיקעֶס אַנ'אַיל און וואָהל אַם-העֶכסטעֶן — דרַייסִיג קאָפִּיקעֶס אַנ'אַיל. וואָהל האָבּעֶן שוין געֶטראָגעֶן דִי רַייכעֶרעֶ.

פוּן פוּטעֶרוואַרג האָט מעֶן געֶטראָגעֶן דִי טַייעֶרסטעֶ פִיזעֶם, פַּיי, שוּרקעֶס און בּאָבּעֶר. דִי ווַייבּעֶר האָבּעֶן געֶטראָגעֶן פִיקס, סייבּעֶל און מאַרדעֶר.

דִי צִירוּנג אִיז בּעֶשטאַנעֶן בּלויז פוּן פעֶרִיל. כמעט דִי געֶמֵיינסטעֶ האָבּעֶן געֶטראָגעֶן פעֶרִיל אויפ'ן האַלז פאַר אַ וואָסעֶרעֶ דרַייסִיג רוּבּל. געֶטראָגעֶן האָט מעֶן אויך פִינגעֶרלעֶך און אַ גאָלדעֶנעֶ בּראָשקעֶ, אַזוי גרוֹיס ווִי אַ רוּבּל, אָנגעֶטהאָן אויפ'ן האַלז.

מַיין פעֶטעֶר, דעֶר רבּי, פלעֶגט אוּנז דעֶרצעֶהלעֶן מעשיות פוּן אוּנזעֶרעֶ גאונים, אָבּעֶר נִישט קֵיין גוזמאות און נִישט קֵיין אוּננאַטִירלִיכעֶ זאַכעֶן, נאָר אַלץ מעשיות פּאַקטִישעֶ, קלאָרעֶ און נאַטִירלִיכעֶ. עֶר האָט געֶוואוּסט ווִיפִיעֶל שכירות האָבּעֶן געֶנוּמעֶן אַמאָלִיגעֶ רבּנִים און דִי גרוֹיסעֶ גאונים. דאָס אִיז געֶוועֶן עֶפּעֶס בִּיז אַכצִיג גראָשעֶן אַ וואָך. אַזוי פִיעֶל פלעֶגט נעֶהמעֶן אַ מִינסקעֶר רב און אַזוי דעֶר ווִילנעֶר גאון, און אַז מעֶן האָט געֶהעֶכעֶרט דעֶם רבּ'ס שכירות, אִיז עֶס געֶוועֶן צעֶהן גראָשעֶן אויף דעֶר וואָך.

אויך האָט עֶר דעֶרצעֶהלט, ווִי דִי פרנסי-חדשים האָבּעֶן געֶוועֶלטִיגט אויף דִי רבּנים און עֶס פלעֶגט טרעֶפעֶן, אַז מעֶן האָט דעֶם גרעֶסטעֶן גאון אַרויסגעֶטרִיבּעֶן פוּן אַ שטאָדט, וואוּ עֶר אִיז געֶוועֶן רב, פאַר אַ מִינדסטעֶ קלֵיינִיגקַייט. פשוט דעֶר פרנס-חודש האָט געֶרוּפעֶן דִי רעֶדעֶלפִיהרעֶר, דִי פני-העיר און פאָרגעֶלעֶגט בּעֶשטראָפעֶן דעֶם רב.

אַמאָל האָט מען גע׳פסק׳ענט, אַז מען דאַרף איהם אַרויסטרײַבען, און מען האָט איהם אַרויסגעטריבען.

אין מינסק, צום בײַשפּיעל, האָט מען אַרויסגעטריבען דעם שאגת-אריה. ער איז געוועזען כמעט דער גרעסטער גאון בײַ יודען, נאָך דעם ווילנער גאון. מען האָט איהם אַרויסגעטריבען זומער, פרײַטאָג צוועלף אַ זײַגער, מיט גרויס שאַנד. דהיינו, מען האָט אײַנגעשפּאַנט אַ פּאָר אָקסען אין אַ וואָגען און מען האָט איהם אַזוי אַרויסגעפיהרט פון שטאָדט. דערצעהלט דער פעטער, אַז אַ יודענע איז אַרויסגעגאַנגען אונטער׳ן שטאָדט, צום רב, און איהם געבראַכט דרײַ חלות אויף שבת. האָט ער זי געפרעגט, צי איהר מאַן ווייס פון די חלות, זאָגט זי:

— ניין.

זאָגט ער:

— טאָר איך נישט נעהמען.

מען האָט איהם דערווײַל צוגעפיהרט צו אַ יודישע קרעטשמע; דער אַרויסגעטריבענער רב האָט נישט געוואָלט, אַז דער ישובניק זאָל וויסען, אַז ער איז מינסקער רב. די ענערגישע יודענע אָבער איז געלאָפען צו-פוס אין דאָרף אַרײַן און אָנגעזאָגט, אַז דאָס איז אונזער רב, דער גרויסער גאון, און דער פּרנס-חודש, ימח שמו, האָט איהם אַרויסגעטריבען.

אין בריסק האָט מען אַרויסגעטריבען דעם גאון, וואָס האָט געמאַכט אויף ש״ס דעם גרויסען פּירוש, מיט׳ן נאָמען דער ב״ח. ער איז געוועזען דאָרט רב. איז געוועזען אײַנמאָל אַ מעשה. שבת-צו-נאַכטס זענען געזעסען דער פּרנס-חודש מיט די פּני-העיר אין קהל-שטוב אויף אנ׳אספה, איז אויסגעגאַנגען דאָס ליכט צוועלף אַ זײַגער בײַנאַכט, און מען האָט נישט געקענט קריגען קיין פײַער אין גאַנץ בריסק. מען האָט שוין אומעטום געשלאָפען. האָט דער פּרנס-חודש געזאָגט די שמשים, מען זאָל געהן צום רב און דאָרט אָנצינדען אַ ליכט אין לאַמטערנע און ברענגען. זענען זיי געקומען צום רב. אָבער ווי פערוואונדערט זענען זיי געוואָרען, אַז בײַם רב איז אויך געוועזען פינסטער. ער האָט

שוין אויך געשלאָפֿען. האָבען זײ דערצעהלט די מעשה אויף דער אספּה, איז געבליבען בײם פּרנס-חודש מיט די פּני-העיר, אז א רב קען צוועלף א זײגער בײנאַכט שלאָפֿען, דאַרף מען איהם אַרויסטרײבען, און מען האָט איהם אַרויסגעטריבען פון בריסק.

# אכטצעהנטעס קאפיטעל.

מיין „רבי“ ר׳ יצחק־אשר. — אונזער „לערנען“. — מיין ערשטע רעוואלוציע. — עס וואקסט מיין נאמען אין שטאדט. — דער פינאל.

געוועזען אין קאמעניץ א צרה׳דיגער חסיד, א קבצן און א מורא׳דיגער פרומאק. טהאן האט ער גארנישט געטהאן. האט איהם דאס ווייב נישט געלאזט לעבען, ער זאל ווערען, וואס אלע שלימזל׳ניקעס ווערען — א מלמד, און אז ער האט עס דערצעהלט מיין טאטען, איז מיין טאטען בעת מעשה איינגעפאלען אין קאפ אריין, אז יצחק־אשר קען זיין פאר זיין חצקל׳ען א גוטער מלמד, צי חצקיל וועט זיך ביי איהם עפעס אויסלערנען, איז א ספק, אבער דערפאר וועט חצקיל ביי איהם ווערען א גרויסער חסיד, ווייל איך, חאטש איך בין געוועזען אין הארצען א חסיד, האב איך. דאך „ליעב געהאט עולם הזה“, ווי דער טאטע פלעגט זאגען. איך פלעג זיך שטענדיג געפינען ביים זיידען, וואו איך האב אפטער געגעסען שבת און יום־טוב. אזוי האב איך שוין אויך געדאווענט מיט׳ן זיידען ביים פעטער מרדכי־ליב׳ן, און צעהן א יונגער זענען מיר שוין געוועזען אבגעדאווענט.

ביים זיידען האט נישט לאנג געדויערט דאס עסען, און ארום

צוועלף אַ זייגער איז דער טאַטע געקומען אַהיים פון שטיבעל, בין איך ווידער געגאַנגען אַהיים עסן. וואו עס איז מיר געווען בעסער, דאָרט בין איך געווען. דערפאַר האָט מיך דער טאַטע שטענדיג גערופען „בעל עולם־הזה'ניק", און ער האָט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט מיך אָבגעגעבען לערנען צום פעטער ר' אפרים, וואָס איז געווען אַ מתנגד, און נאָך אַ „פילאָזאָף", ווי מען האָט איהם געהאַלטען. איז ער דאָך אודאי אַ פערבאָרגענער אַפיקורס. אויך האָט ער איינגעזעהן, אַז איך האָב אָנגעהויבען צו־פיעל צו וויסען, עפּעס וויים איך שוין פון וועלט־זאַכען און דער טאַטע האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז איך זאָל נישט ווערען, חלילה, ביים פעטער אַנ'אפיקורס.

ער וואָלט מיך געוויס אָבגענומען פון פעטער. ער האָט אָבער מורא געהאַט פאַר זיין טאַטען אהרן־לייזער'ן, און אַזוי האָט ער געזוכט עפּעס אַ געלעגענהייט, אַז ער זאָל מיך קענען אָבנעהמען פון חדר און דער זיידע זאָל נישט האָבען דאַגעגען.

נאָר אַז עס האָט זיך אונטערגערוקט יצחק־אשר, האָט ער שוין אין אַלע געלעגענהייטען פערגעסען, און ער איז גאָר געווען ענטציקט פון דעם, וואָס ביי דעם מלמד וועל איך ערשט ווערען אַ רעכטער חסיד. און צוזאַמען מיט נאָך אַ יודען אַ חסיד האָט ער גענומען יצחק־אשר'ן פאַר אַ מלמד, פאַר צוויי יונגלעך: פאַר מיר און פאַר מרדכי שמואל־שלום'ס האָט מען איהם בעשטימט פופציג רובל אַ זמן. און לערנען זאָל ער אין ר' הערשעלעס בית־המדרש, אויפ'ן שוהל־הויף. דאָרט לערנט קיינער נישט דעם גאַנצען טאָג, נישט קיין פּרוש און נישט קיין ישיבה־בחור, עס איז שטיל, וועט מען קענען האָבען אַ פּעולה.

דעם אייגענעם ברודער זיינעם, מיין חבר ישראל'ן, האָט דער טאַטע נישט אָבגענומען פון אפרים'ן.

אויף מאָרגען, נאָך סוכות, אַ זייגער ניין אין דער־פריה, בין איך געקומען אין ר' הערשעלעס שטיבעל לערנען מיט'ן נייעם מלמד: דאָס איז געווען די צייט, ווען מען געהט אין אַלע חדרים.

דער רבי איז נאָך נישט געווען און איך מיט'ן חבר האָבען געוואַרט. אַ זייגער עלף איז ער געקומען פון מקוה און גענומען דאַווענען, שופּענדיג מיט די פּיס איבער דער פּאָדלאָגע און קלאַפּענדיג מיט די

הענד אָן וואַנד, ווי זיין שטייגער איז געווען אין דאַווענען. אַזוי האָט ער אַ גאַנצע שעה צוועצט די פּאָרלאָגע מיט די ווענד, צוריסען דעם גאָרגעל שרייענדיג, און נאָכדעם, אַרום האַלב איינס, האָט ער גענומען לערנען מיט אונז די מסכתא קדושין. עסען פרישטיק עסט ער נישט, ווייל פאַרטאָג עסט ער ערשט די וועטשערע.

מיר האָבען אָנגעהויבען לערנען די גמרא, וואָס איז אונז געווען בעקאַנט נאָך פון פריהער. מיר לערנען אָב אַ גאַנצע בלאַט גמרא, און ער קוקט זיך אַזוי פאַר זיך — צי ער הערט, צי ער טראַכט עפּעס פאַר זיך, ווייסען מיר נישט.

אַז מיר האָבען זיך שוין גענומען צום תוספות, איז ער שוין נישט אַזוי נייטראַל געזעסען און האָט אַליין אַריינגעקוקט אין די קליינע אותיות'לעך. דער תוספות איז אונז אויך געווען בעקאַנט, און ער, אַריינקוקענדיג אין איהם, האָט געשעפּטשעט פאַר זיך און האָט איהם, קענטיג, נישט פערשטאַנען. זיצט ער אַזוי אונטערגעשפּאַרט מיט ביידע הענד זיין קליין קעפּעלע מיט'ן שמאָליטשקען שטערענדיל און שעפּטשעט פאַר זיך דעם תוספות. אָבער מיר פיהלען, אַז ער פערשטעהט נישט, און ער קלערט אַלץ, און רעדט נאָכאַמאָל איבער פאַר זיך, און קלערט אַ האַלבע שעה, ביז עס ווערט אונז נמאס און מאוס צו זיצען, זאָגען מיר:

— רבי, מיר וועלען אייך זאָגען דעם תוספות, עס איז זעהר אַ גרינגער תוספות.

טהוט ער אַ געשריי:

— ביי אייך איז אַלץ גרינג, ביי מיר אָבער איז אַלץ שווער!

און קלערט ווייטער.

האָבען מיר זיך דערוויַיל אַרויסגערוקט און אַוועקגעגאַנגען אין גרויסען בית־המדרש.

אין בית־המדרש האָבען מיר זיך פערדרעדט מיט די בחורים, און אַז מיר האָבען אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער, האָבען מיר געזעהן, אַז עס איז שוין אַוועק אַ שעה צייט.

חאָטש מיר האָבען פאַר דעם שלימזל, דעם רבי, באמת קיין מורא נישט געהאַט, נאָר כדי ער זאָל נישט דערצעהלען דעם טאַטען,

אַז מיר געהען אַוועק פון מיטען לערנען אין בית-המדרש, האָבען מיר זיך דאָך צוגעאײַלט און אַוועק אין שטיבעל לערנען.

מיר קומען אַרײַן אין שטיבעל, זעהען מיר ווי ער זיצט נאָך אַלץ אָנגעשפּאַרט דאָס קלײַנע קעפּיל אויף זײַנע בײדע הענד און איז טיעף פערטראַכט. זענען מיר אַוועקגעגאַנגען אַהײם עסען מיטאָג, און אַז מיר זענען געקומען צוריק, האָבען מיר איהם ווידער געטראָפען אין דערזעלבער פּאָזע. איצט האָבען מיר שוין איבערגעשלאָגען זײַן קלערען און געפרעגט:

— וואָס קלערט דער רבי אַזוי לאַנג? מיר ווײסען דאָך שוין פון לאַנג דעם תוספות, מיר האָבען דאָך איהם געלערנט!...

ווי עס ווײַזט אויס, האָט ער נאָך אַלץ נישט פערשטאַנען, נאָר ער האָט זיך, אַפּנים, געשעמט און געמאַכט אַ שווײַג. דערווײַל האָבען מיר אָבגעלערנט נאָך אַ פּאָר תוספות'ן און ער האָט שוין געשוויגען. נאָר עס איז געוואָרען מנחה צײַט, און ער האָט זיך גענומען גרײטען צום דאַוונען מיט זײַנע אײַגענאַרטיגע הכנות...

און מיר זענען זיך ווידער אַוועקגעגאַנגען אין בית-המדרש אַרײַן און אַרומגעשטיפּט דאָרטען מיט אַלע יונגלעך און חברים. יצחק-אשר האָט אויסגערעדט מיט'ן טאַטען, ער זאָל לערנען מיט אונז נאָר ביז מנחה, נישט אַזוי ווי אין אַלע חדרים ווינטער, ביז נײַן אַ זײגער אָוונט. האָבען מיר איבערגעקעהרט דעם בית-המדרש, געלערנט עטוואָס די מאָרגענדיגע גמרא מיט אַ פּאָר תוספות'ן, און וואָס מיר האָבען נישט געוואוסט, האָבען מיר געפרעגט ביי די פּרושים.

אויף מאָרגען, אַז מיר האָבען פון דאָס-נײַ אָנגעהויבען לערנען, האָט ער זיך ווידער אָבגעשטעלט ווי נעכטען און גענומען קלערען דעם תוספות. זענען מיר שוין אַוועקגעגאַנגען אויף גאַנצע דרײַ שעה און געקומען אַקוראַט אַ האַלבע שעה פאַר זײַן מנחה-דאַוונען... האָבען מיר איהם ווידער איבערגעזאָגט דעם תוספות און ער האָט געמאַכט אַ שווײַג. אָט אַזוי האָט זיך געפיהרט דעם גאַנצען ווינטער.

דערווײַל בין איך געוואָרען אַ תושב אין גרויסען בית-המדרש און זיך בעקאַנט מיט אַלע ישיבה-בחורים און פּרושים און די יונגערע בעלי-בית'לעך. איך האָב געפיהרט מיט זיי וכּוחים, און גערעדט פון פערשיעדענע זאַכען און פאַר נישט האָבען וואָס צו טהאָן, האָב איך

געמאַכט אַ שטיקעל „רעוואָלוציע״. די מעשה איז אַזוי געווען.

אין בית-המדרש, ווי איך האָב שוין געשריבען, זענען אַלע שס׳ען נעווען צוריסען, און שבתי-הירש, אַנ׳אַלטער מאַן, וואָס איז שוין געווען גבאי אַ יאָהר דרייסיג, האָט די גוטע ש״ס׳ען געהאַלטען פערשלאָסען אין שטיבעל, מיט די אייזערנע גראַטען אויף די פענסטער און מיט דער אייזערנער טהיר, וואָס דאָרט פלעגט מען מיט עטליכע יאָהר צוריק אַריינזעצען די רעקרוטען. דערנאָך האָט מען אַזאַ מין אַרעסט-הויז פאַר זיי געמאַכט נישט אויפ׳ן שוהל-הויף, וואו אַלע מענשען זאָלען הערען די געוויינען מיט די געשרייען, נאָר נעבען אַסעסער. אָט דאָרטען, אין אָט דעם שטיבעל האָט שבתי-הירש בעהאַלטען די בעסטע ש״ס׳ען מיט די בעסטע ספרים און אין בית-המדרש האָט ער איבערגעלאָזען די צוריסענע. און אַז איך האָב געבעטען, ער זאָל אַרויסנעהמען אונזער סלאַוואוטער ש״ס און אַרויסגעבען אונז אין בית-המדרש, האָט ער אָבגעזאָגט.

האָב איך איהם געטהאָן אַ קליינינקייט: איך האָב אונטערגעהעצט די אַלע פרושים, ישיבה-בחורים און בעלי-בית׳לעך, וואָס עסען קעסט, אַז זיי זאָלען פ א ד ע ר ן ביי שבתי-הירש׳ן די אַלע גוטע ש״ס׳ען מיט די ספרים. פאַרוואָס גיט ער אונז די צוריסענע? מיר קענען נישט לערנען, עס איז אַלץ צוריסען!

— דאָרט, אין קעמעריל, האַלט מען, אַפּנים, פאַר די מייז די גוטע ספרים! — האָב איך געשריען.

— קיין אַנדער עצה איז נישטאָ צו איהם, — האָב איך געהעצט — ווי נאָר מיר אַלע לערנערס זאָלען זיך אַריבערציהען אין אַנ׳אַנדער בית-המדרש. אין נייעם בית-המדרש קען מען נישט — שבתי-הירש׳ס זוהן איז דאָרט גבאי, לאָמיר זיך אַריבערציהען אין אַדאָלינער בית-המדרש. דאָרט איז גבאי ר׳ משה-ראובן, וועט ביי איהם זיין אַ גרויסע שמחה, וואָס אין זיין בית-המדרש וועט מען זיצען און לערנען! טאָמער וועט צו-פעהלען ש״ס׳ען, וועט ער שוין נישט רוהען, ער וועט אָנלייהען אין דער גאַנצער שטאָדט און וועט אונז געבען, וואָס מיר דאַרפען.

אויף די אַלע אַגיטאַציעס האָב איך געהאַט צייט. וואָרום מיין רבי, יצחק-אשר, האָט נאָר געטהאָן און געקנייטשט דעם שטערן

איבער'ן תוספות און וועט איהם שוין מסתמא קיינמאל נישט אויסקנייט-שען, ביז איך וועל נישט קומען און וועל איהם נישט זאגען דעם פשט פון תוספות. א פיינער רבי!...

בין איך מיר אוועקגעגאנגען צו ר' משה-ראובנ'ען און איהם דער-צעהלט די גאנצע מעשה. אזוי און אזוי, מען גיט אונז צוריסענע ש"ס'ען, ווילען מיר איבערגעהן צו אייך. עס איז אפילו ווייטלעך צו געהן, אבער דערפאר זענען דא ביי אייך נייע גוטע גמרות און וואס עס וועט אויספעהלען, וועט איהר אונז מסתמא שאפען.

ר' משה-ראובן האט זיך דערפרעהט מיט אזא גוטע בשורה און האט געזאגט, אז די שטאדט וועט מסתמא נישט לאזען דעם גרויסען בית-המדרש בלייבען אהן לערנערס און סוף כל סוף וועט מען אונז איבערבעטען און נאכגעבען, נאר ער וועט האבען גרויס נחת, ווען זיין בית-המדרש וועט זיין געפאקט מיט יודען, וואס ווילען לערנען. חאטש נאר א פאר טעג ביי איהם לערנען — איז דאס אויך שוין פאר איהם גענוג, איז דאס אויך שוין פאר איהם א גרויסע שמחה!

און אויף מארגען, אין מיטען טאג, האב איך ארויסגענומען אלע לערנערס. עס איז נישט געבליבען קיין איינער, און איך האב זיי אלעמען געבראכט אין בית-המדרש אריין, ביז איבער עטליכע און פופציג יונגע-לייט, ארימע, רייכע, עלטערע, יונגערע! די פרייד פון ר' משה-ראובנ'ען איז געוועזען אונבעשרייבליך. מיר האבען איהם באלד אויפגע-געבען א צעטעל, וויפיעל גמרות מיר דארפען האבען און וויפיעל מפרשים, שאלות-תשובות א. ז. וו.

ר' משה-ראובן האט גענומען מיט זיך דריי בחורים פון אדאלינע און איבער'ן טאג אנגעבראכט אלץ, וואס מיר האבען בעדארפט. ביז צעהן אין דער-נאכט האט מען כסדר געטראגען ספרים און אויף מאר-גען איז דארט געוועזען א לערנעריי מיט די שענע הארציגע נגונים, אז עס האט פערהילכט גאנץ אדאלינע. איך האב אזוי אנגערעדט אלע לערנערס, אז דא זאל מען נישט ריידען, נאר לערנען, און הויך לער-נען, יעדער ווי ער קען, און גאנץ אדאלינער ווייבער און קינדער זע-נען געקומען ארום די פענסטער קוקען אויף די גוטע זינגענדיגע לער-נער. מיר האבען פערנומען די ווייבער-שוהל אויך צום לערנען, אויסער

אין דער-פריה, ווען עס קומען די צוועלף צדקניות'ן דאַוונען — און ר' משה-ראובן האָט געשעפּט נחת אָהן אַ שיעור.

און אַז ר' שבתי-הירש, דער גבאי, איז געקומען מנחה דאַוונען אין בית-המדרש, איז איהם געוואָרען פינסטער אין די אויגען. דער גרויסער בית-המדרש איז פוסט, עס איז חושך, פינסטער, מען הערט נישט קיין קול פון לערנען, און דערנאָך, אַז עס זענען אָנגעקומען די בעלי-בתים, זענען זיי גאָר מבולבול געוואָרען. זיי האָבען נישט געוואוסט פון דער גאַנצער איבערקעהרעניש. זיי האָבען געמיינט, אַז עפּעס אַן'אומגליק האָט געשעהן, און מבולבול'ע האָבען זיי געפרעגט שבתי-הירש'ן:

— וואָס איז דאָ אַזוינס?

שבתי-הירש האָט זיי דערצעהלט, אַז משה אהרן-לייזער'ס יונגעל האָט געמאַכט אַ בונט און אַרויסגענומען אַלע לערנערס פון דאַנען און איבערגעפיהרט זיי אין אַדאָלינע צו ר' משה-ראובנ'ען.

— פאַרוואָס? עס מוז דאָך עפּעס זיין אין דעם? גלאַט אָהן אַ טעם קען דאָך נישט זיין.

— איהם האָט זיך פערוואָלט, דעם יונגאַטש, — האָט ר' שבתי-הירש גערעדט אַ צוקאָלטער — אַז איך זאָל איהם אַרויסגעבען דעם נייעם זשיטאָמירער ש"ס. איך דאַרף נאָר אַרויסנעהמען, וועט מען דאָס אין דריי וואָכען צורייסען, אַזאַ טייערער ש"ס.

עס איז געוואָרען אַ מהומה, און זיי האָבען איהם נישט געגלויבט. פאַר זיי איז דאָס עפּעס געווען צו-ווייניג.

איך האָב געוואוסט, אַז ווען די בעלי-בתים וועלען קומען צו מנחה, וועט ווערען אַ מהומה. צווישען מנחה און מעריב וועט זיך קאָכען ביי די בעלי-בתים מיט שבתי-הירש'ן, און איך בין אומישנע צו מעריב געקומען אין בית-המדרש. אַז זיי האָבען מיך דערזעהן, איז געוואָרען אַ געשריי:

— שאַ! שאַ! חצקיל איז דאָ. זאָל ער רײדען, וועלען מיר הערען!

ביי זיך בין איך נישט אַראָבגעפאַלען און האָב גענומען די גרעסערע בעלי-בתים, צוגעפיהרט זיי צו די פאָליצעס, וואָס זענען געווען

אַרום אַלע ווענד, איבער די טישען, געפּאַקט מיט ספרים און האָב זיי אַראָבגענומען אַלע גמרות און געוויזען:

— נאַט, זעהט. צי עס איז דאָ אַפילו איין גמרא אַ גאַנצע, וואָס מען זאָל קענען אין איהר לערנען? אַלץ צוריסען. נו, איז דאָס ביי אייך רעכט, אַז שבתי-הירש זאָל האַלטען פערשלאָסען צוועלף גוטע ש״ס׳ען, מיט אַזוי פיעל גוטע מפרשים, שאלות-תשובות, און דאָ האַלטען די צוריסענע? פאַר וועמען בעהאַלט ער דאָס, די גוטע ש״ס׳ען? וואָס זשאַלעוועט ער?

יעדען יאָהר שטאַרבען אַ פּאָר נגידים, וואָס לאָזען איבער ש״ס׳ען אין גרויסען בית-המדרש, און ער פּאַקט אַהין, אין שטיבעל אַריין, און פערשליסט אויף דער אייזערנער טהיר.

אויסהערענדיג מיך, האָבען אַלע געזאָגט, אַז חצקיל איז גערעכט און אַז שבתי-הירש זאָל עפענען דעם קהל-שטוב און אַרויסנעהמען פון דאָרט ספרים, וויפיעל די יונגע-לייט וועלען אויסקלויבען. אָבער שבתי-הירש, אַן׳אַלטער מאַן פון אַ יאָהר עטליכע און זיעבעציג, וואָס איז דאָ טאַקע אַ גאַנצער קיסר, האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבען, און איבערהויפּט האָט איהם פערדראָסען, וואָס אַזאַ יונגעלע פון פערצעהן יאָהר, זאָל אויספיהרען געגען איהם. קיינמאָל האָט קיינער נישט געוואַגט איהם זאָגען אין עפּעס אַ דעה, און ער האָט נישט געקענט ביי זיך פּועל׳ן אונטערצוגעבען זיך.

און אַ מהומה איז געווען אין בית-המדרש אַלע אין דער-פריה ביים דאַוונען און ביי מנחה און מעריב. די גאַנצע שטאָדט איז געקומען זעהן, ווי דער גרויסער בית-המדרש איז פּוסט און אַלע האָבען געזאָגט, אַז חצקיל איז גערעכט. מחמת אַלע האָבען מיר געקענט אונ ער האָט זיך נאָך אַלץ גע׳עקשנ׳ט, האָט מען זיך מיט איהם געקריגט און ער האָט נישט געהאַט קיין איינעם, וואָס זאָל שטעהן אויף זיין צד. אָבער ער איז אַלץ געווען איינגעשפּאַרט.

שבת האָבען בעלי-בתים מעכב הקריאה געווען און דער רב האָט געזאָגט, אַז ווען חצקיל וואָלט געווען מיט איהם אַ פרעמדער, וואָלט ער באַלד געזאָגט, אַז חצקיל איז גערעכט, נאָר אַזוי ווי ער איז זיין ברודערס אַנ׳אייניקעל, מוז ער, דער רב, שווייגען. אַז די בעלי-בתים האָבען דערהערט דעם רב׳ס ווערטער, איז געבליבען ביי אַלעמען

שבת צו-נאַכט מאַכען אַנ׳אספּה רבּה און אַראָבוואַרפען פאַר אייַנוועגס שבתי-הירש׳ן פון די נבואות. נאָר באַלד איז אַרויפגעגאַנגען שבתי-הירש אויף דער בימה, ווי שטענדיג צום לייענען, האָט אַ פּאַטש געטהאָן און געזאָגט:

— רבּותי! איך גיב איבער דעם שליסעל פון די ספרים דעם רב, זאָל ער טהאָן מיט די ספרים, וואָס ער וויל, און מען זאָל געהן לייענען.

און אַזוי האָט ער געטהאָן. שבת בייַטאָג האָט ער אַרייַנגעשיקט דעם שליסעל צום רב און דער פעטער האָט מיך געשיקט רופען.

— איך האָב זעהר הנאה, מייַן קינד — האָט ער געזאָגט — וואָס דו פיהרסט אַ מחלוקת לשם-שמים, עס איז טאַקע אַנ׳עולה פון שבתי-הירש׳ן, איך האָב שוין לאַנג געהערט די מסירות אויף איהם, אַז אין בית-המדרש איז נישטאָ קיין איין גאַנצע גמרא... נאָר שבתי-הירש האָט מיר אַרייַנגעשיקט דעם שליסעל און איך וועל מאָרגען שיקען בייַנוש דעם שמש מיט׳ן שליסעל אַרום עלף, צוועלף אַ זייַגער און דו קענסט שוין קומען מיט אַלע לערנערס אין בית-המדרש. נאָר פונדעסטוועגען, מייַן קינד, דאַרף מען קיין מחלוקת נישט האַלט האָבען, בעסער זיי אויסמייַדען, מייַן קינד...

שבת צו נאַכט בין איך געגאַנגען צו ר׳ משה-ראובנ׳ען און דערצעהלט איהם, וואָס דער פעטער האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל ברענגען אַלע לערנערס אין בית-המדרש.

— אַז דער רב האָט געהייסען, מוז אַזוי זייַן, — האָט ער צוגעשטימט.

זונטאָג אין דער-פריה, זענען מיר אַלע געקומען אין בית-המדרש. מיר האָבען אויסגעקליבען פון אונז צעהן יונגע-לייַט, וואָס זאָלען געהן אויסקלויבען ספרים, און אַז מיר זענען אַרייַן אין שטיבעל, וואו די ספרים זענען געלעגען, איז אונז געוואָרען ליכטיג אין די אויגען. עס איז געווען נישט קיין צוועלף ש״ס׳ען, נאָר זיבעצעהן, מיט די טייַערסטע שאלות-תשובות!

האָבען מיר דאָרט, ווי געזאָגט, געפינען אַ גאַנצען אוצר, וואָס האָט אונז שרעקליך געפרעהט. צווישען די ש״ס׳ען האָבען מיר געפונען אַנ׳אַנטיקעל — אַ ש״ס נאָך פון קאָפּוסטער דרוק, וואָס איז אַלט געווען

מעהר פון דריי הונדערט יאָהר. דאָרט האָבען מיר געפונען אָריגינעל די גאַנצע מעשה פון יעזוס כריסטוס באריכות, פון אָנהויב ביז'ן סוף, איצט האָבען בענייט דעם בית-המדרש נייע גמרות. גאַנצע צוועלף ש״ס'ען, וואָס מיר האָבען אַריינגעטראָגען און נאָך פיעל טייערע ספרים, שאלות-תשובות און פוסקים, טייערע עשרים-וארבעה. די פרייד אין דעם טאָג איז געווען אין לשער ולספר.

גענומען, וואָס מיר דאַרפען, האָבען מיר צוריק פערשלאָסען די טהיר, און דער פעטער האָט אָבגעשיקט דעם שליסעל צוריק צו שבתי-הירש'ן. פון דער מעשה אָן בין איך געווען בעוואוסט אין שטאָדט.

פון טאַטען'ס מלמד דעם חסיד, איז מיר אַרויסגעקומען פון איין זייט אַ רעה, וואָס איך האָב גאָרנישט געלערנט, און פון דער צווייטער זייט אַ גרויסער טובה. ביי ר' אפרים'ן וואָלט איך געקענט בעסער לערנען, אָבער איך וואָלט געמוזט זיצען דעם גאַנצען טאָג אין חדר; ביי דעם חסיד אָבער, בין איך געווען פריי דעם גאַנצען טאָג און איך האָב מיך גענומען אינטערעסירען מיט אַנדערע ענינים, לויט מיין גייסט, וואָס איז געווען פאַר מיר זעהר ווילטיג.

איך האָב זיך גענומען צו חקירה, און צו דעם צוועק האָב איך אַרויסגענומען אַלץ פון דעם פערשלאָסענעם שטיבעל: אַלע חקירה-ספרים, ווי דעם מורה-נבוכים, דעם כוזרי, אַלע חכמת-ישראל'ס, דעם בחינות-עולם מיט גוטע פרושים, דעם חובות-הלבבות מיט אַלע דרוש-ספרים, און האָב אָנגעהויבען שטאַרק צו לעזען.

דעם רבי'ן פלעג איבערלאָזען אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אויף די הענד, קלערענדיג אַלץ וועגען דעם תוספות. אין אַ צעהן מינוט האָב איך איהם אָבגעלערנט, און אַז איך האָב נישט געוואוסט, האָב איך זיך שטאַרק נישט געמאַטערט, איך האָב נאָר אַ פרעג געטהאָן אַ לערנער, און יענער האָט מיר שוין געזאָגט. מיר איז געווען אַ שאָד די צייט צו פערברענגען אין גמרא מיט תוספות. איך האָב זיך אַריינגעלאָזען אין חקירה-ספרים און צו-געצויגען צו זיך אַ גאַנצע קאָמפּאַניע יונגע-לייט, בחורים לערנערס און פרושים.

ביי-טאָג האָבען מיר געלעזען די חקירה-ספרים און האָבען שטענדיג געפיהרט וכוחים און פילאָזאָפירט. צו דעם האָב איך געקראָגען צוויי גוטע חברים, יאָסעל דעם גביר'ס און שמואל מיירים'ס, זיי

האָבּען גענהאַט טייַערע קעפּ אין לערנען, זענען געווען זעהר פרומע און גוטע. פלעגען מיר גאַנצע טעג פערבּרענגען אין חקירות, און אין די אָווענדען פלעגט מען עפּענען אַ גמרא און ריידען. קיינער האָט נישט געטאָרט וויסען, אַז מיר לערנען חקירה־ספרים.

דערנאָך האָט יאָסעל אויפגעגעבּען: צו וואָס זאָלען מיר דאָ לערנען די חקירה־ספרים און מורא האָבּען פאַר די אַלטע בּהמות (מיר האָבּען שוין אַ נאָמען געגעבּען די אַלטע בּעלי־בּתים — „אַלטע בּהמות"), אַמעהר בּעסער געהן צו איהם, צו יאָסלען. בּיי זיין טאַטען איז דאָ אַ בּיבּליאָטעק, נאָך אַ רייַכערע, ווי אין שטיבּעל. בּיי זיי איז דאָ ממש פון פייגעל־מילך. וועלען מיר לערנען וויפיעל מיר ווילען און אויפ'ן לעצטען אופן קענען מיר אַוועקגעהן צו זיי אין שייַער און פיהרען דאָרטען אונזערע וכּוחים.

אָט אַזוי איז בּיי אונז געוואָרען אַ קרייַזעל, און מיר פלעגען שטאַרק לעזען און פיהרען וכּוחים. אין דעם גאַנצען קרייַזעל זענען געווען שטאַרק נאָר מיר, אַ דריי יונגלעך, וואָס האָבּען זיך גוט אַריינגעטהאָן און מיר פלעגען זיך אַזוי אַריינלאָזען אין די וכּוחים, אַז מיר פלעגען פערגעסען עסען.

## ניינצעהנטעס קאפיטעל.

דער נישביצער חסיד. — „מי השלח". — מיין קשיא. — דער ענטפער פון די חסידים. — די בעקאנטשאפט מיט'ן מניד'ס זוהן. — דער „המניד". — דער קלאץ־זענער. — אונזערע פער־זאמלונגען. דער אנהויב פון מיינע געזעלשאפטליכע ארבייטען.

דער טאטע האט צוגענומען צו זיך איינעם א. י. וו. צו העלפען פיהרען די ביכער און נאך אזוינע זאכען, וואס זענען דעם טאטען נוי־טיג געוועזען. דער דאזיגער י. וו. איז געוועזען א נישביצער חסיד. מען האט איהם אבגעגעבען א וואוינונג טאקע ביי אונז אין דער גלח'עשער קרעטשמע, וואו מיר האבען געוואוינט. דארט איז אויך געוועזען אונזער בראנפען־שפייכלער, און ער האט געוואוינט מיט אונז א טהיר נעבען א טהיר. דאס איז געוועזען א קלוגער און ענערגישער פארשוין, נאר א גרויסער עזות־פנים און א צולאזענער.

און דער מאמען מיינער פלעגט ער שטענדיג אויסצאפען דאס בלוט, פאר איהרע זיידעס, די גאונים א. ז. וו. ער פלעגט, צום ביישפיעל, זאגען אויף איהר זיידען, ר' חיים וואלאזשינער:

— ר' חיים זכרונו לסרחה...

ביי אונז איז געהאנגען דעם ווילנער גאון'ס בילד, האט ער גע־געבען א פיק אין נאז פון בילד.

די מאַמע פלעגט פיעל מאָל וויינען פון דעם שייגעץ, אָבער דער טאַטע, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט געשמייכעלט און געזאָגט:

—נאַרעלע, וואָס אַרט דיך, וואָס מעהר דיר אַרט, אַלץ מעהר טהוט ער דיר צו־להכעיס.

אַגב האָט דער טאַטע מיטגעהאַלטען מיט איהם. פאָרט אַ חסיד!

דער טאַטע איז געווען זעהר צופריעדען פון איהם, ווייל ער האָט זיך געקענט מיט איהם אין אַלץ שאַפען, ער האָט אַלץ אויסגעפיהרט אויפ'ן בעסטען אופן.

ער האָט קיינמאָל נישט געלערנט. זיין דאַווענען האָט געדויערט צעהן מינוט און געטרונקען האָט ער אַ סך שנאַפּס און געשפּיעלט אין קאָרטען. נאָר צום געשעפט האָט עס נישט געהאַט.

איינמאָל שבת ביי טאָג בין איך אַריינגעגאַנגען צו איהם אין שטוב. ער האָט דעמאָלט געשלאָפען אויפ'ן קאַנאַפּע און נעבען איהם איז געלעגען דער נישביצער ספר „מי השלח". איך האָב אַ נעהם געטהאָן דעם ספר און אַ קוק געגעבען אינוועניג.

מיין אויג איז געפאַלען אויף די סדרה פּנחס. דאָרט איז געווען געשריבען, אַז זמרי בן סלוא האָט געטהאָן כרת וכדין בנוגע צו כזבי בת צור, ווייל ער האָט געזעהן, אַז זי איז זיין זיווג מששת ימי בראשית. ווייטער איז דאָרטען געווען גערעדט וועגען פּנחס'ן, אַז ער האָט איהם געשטאָכען נישט וויסענדיג אַקוראַט פון דער מעשה, און אַז משה רבינו האָט געמאַכט פּנחס'ן גערעכט, ווייל ער איז געווען זיינער אַ פעטער. דאָס האָב איך שוין נישט געקאָנט אַריבערטראָגען. האָב איך געליהען דעם ספר און גלייך אַוועקגעטראָגען צום פעטער עם רב, בעטענדיג איהם, אַז ער זאָל מיר דאָ זאָגען דעם פּשט דערפון. דער רב האָט דאָס איבערגעלעזען, און האָט זיך די האָהר געריסען. סטייטש, אַז אַ רבי (דער מחבר פון ספר) זאָל מאַכען אַזוי פון משה רבינו, טאָ וואָס איז שוין אַ פּשוט'ער יוד!

— זעהסט, מיין קינד, — האָט ער אויפגערעגט געזאָגט, — ווי ווייט די חסידים זענען פערפיהרט. איבערמאָרגען שבת זאָלסטו דאָס ווייזען דעם טאַטען, ווען ער וועט זיצען מיט די חסידים ביים טיש— זאָל ער דיר דאָ זאָגען דעם פּשט.

שבת בײַטאָג זענען געווען בײַם טאַטען אַלע חסידים, עס איז געווען אַ גאַסט ר' שלמה-איציל, אַ קלוגער חסיד און אַ נגיד. מען איז געזעסען אַרום גרויסען טיש, געטרונקען ווײַן און גערעדט חסידות. איך בין אַרויס פון טיש, האָב גענומען דעם נישביצער ספר „מי השלח" — די הענד האָבען זיך מיר געטרײסעלט, — האָב צוגעטראָגען דעם ספר, אויפגעמישט די סדרה און געפרעגט:

— טאַטע, זאָג מיר דאָ דעם פשט, איך פערשטעה נישט.

דער טאַטע האָט איבערגעלעזען און האָט זיך עטוואָס פערלוירען. ער איז געווען זעהר אַנ'ערליכער מאַן, פערדרעהען יענעם אַ קאָפּ קען ער נישט, בפרט זײַן אייגען קינד. די חסידים האָבען זעהר געוואָלט וויסען, וואָס דאָ איז אַזוינס, און שלמה-איציל דער אורח, אַ יוד זעהר אַ חיטרער, האָט פערשטאַנען אָן טאַטענס פנים, אַז ער האָט נישט קײן לשון, און ווײס נישט זײַן יונגעל וואָס צו ענטפערן.

דער טאַטע האָט איהם געגעבען דעם ספר. יענער האָט עס איבערגעזעהן און אָנגעהויבען צו פּאַטשען מיט די הענד אָן טיש.

— עס איז רעכט! עס איז רעכט! — האָט ער געשריען.

און געגעבען דעם ספר די איבעריגע חסידים. יענע האָבען באַלד אויך אָנגעהויבען שרײַען:

— עס איז רעכט.

און אַז איך האָב געפרעגט, וואָס איז רעכט, האָט מען מיר בעענטפערט, אַז איך וועל עלטער ווערען, וועל איך וויסען. זיי האָבען אין מיר געהאַט אַ גרויסען טעות. איך האָב נישט געקענט וואַרטען ביז איך וועל עלטער ווערען, און אָט דאָס פּאַטשען מיט די הענד און שרײַען: „ס'איז רעכט" אויף אַ זאַך, וואָס איז מיר אויסגעקומען שרעקליך קרום, גראָב און ווילד, האָט מיר, אַפילו אונבעוואוסטזיניג, געגעבען אַ שטאַרקען שטויס פון חסידות.

און יעדע חסידישע תורה האָט זיך מיר פון דעם מאָל גענומען שטעלען אין האַרצען אין דער לענג און אין דער ברײט, און איך האָב זיך נישט געקענט בערוהיגען. איך האָב אָנגעהויבען איבערקלערען פאַר זיך אַלע זײַערע ווערטליך און עס האָט זיך מיר אַלץ געשטעלט קאַפּויר, משונה, און איך האָב געטמען ציהען צוריק, „השיבנו נאַזאַד".

איך האָב אָנגעהויבען אַרייַנגעהן צום מגיד אין שטוב. דאָרטען האָבען זיך געפונען אַלע פערביסענע מתנגדים; זיין זוהן משה-אהרן, אַ גרויסער עילוי, איז געווען אַ פערברענטער מתנגד און האָט שטענדיג פּראָפּאָגאַנדירט מתנגדות.

ווייַל איך בין געווען אַ הייסער חסיד, האָב איך זיך שטענדיג דערווייַטערט פון דעם מגיד'ס הויז, פון זיינע זיהן, חאָטש זיי זענען געווען די גרעסטע לומדים אין שטאָדט, און איך פלעג נישט קענען הערען, ווי ער מאַכט אַ תל פון חסידים מיט די רביים, מיט'ן בעל-שם צוזאַמען.

אָבער איצט האָב איך אויסגעזאָגט דעם מגיד מיט'ן זוהן אַ סוד, אַז איך קען שוין מעהר קיין חסיד נישט זיין, אַז זיי זענען גערעכט מיט זייער מתנגדות, און איך האָב זיך אָנגעהויבען צו חבר'ן מיט משה-אהרנ'ען, וואָס איז נאָר-וואָס געקומען פון מינסק, וואו ער איז געווען ראש-ישיבה אין דער עלטער פון צוואַנציג יאָהר. אַז ער איז קראַנק געוואָרען, איז דער מינסקער רב, ר' גרשון-תנחום, וואָס איז געווען בײַם פראַנקפורטער ראָטשילד אַ גרויסער חשוב, געפאָהרען מיט איהם קיין פראַנקפורט, און פאָרגעשטעלט משה-אהרנ'ען פאַר'ן באַראָן ראָטשילד, וועלכער האָט מיט איהם פערבראַכט אין לערנען אַ פּאָר שעה צייַט.

משה-אהרן איז איהם געפעלען געוואָרען, און ראָטשילד האָט איהם אַוועקגעשיקט אין אַ באָד אויף זיין רעכענונג. דערנאָך האָט ער איהם אַוועקגעשיקט צוריק קיין קאַמעניץ, און מיטגעגעבען איהם וואַסער צום טרינקען. די דאָקטוירים האָבען איהם נישט געהייסען לערנען, ווייַל זיין מוח איז צו-שאַרף און עס קען איהם שאַדען. האָט משה-אהרן בעדאַרפט שפּאַצירען און טרינקען וואַסער.

איצט האָט ער בעדאַרפט האָבען אַ מענשען, מיט וועמען צו געהן שפּאַצירען און ער האָט מיך גענומען, חאָטש איך בין יונגער געווען פאַר איהם מיט אַ יאָהר זעקס, זיבען. איך בין איהם, אפּנים, געפעלען געווען. ער האָט געזעהן, ווי איך רייַס זיך צו פערשטעהן, צו געפינען דעם אמת'ן וועג און ער האָט מיט מיר אַ סך גערעדט.

דעם זומער בין איך געבליבען אויף ווייַטער בײַ יצחק-אשר'ן, ער האָט זיך ווייַטער געקנײַטשט דעם שטערן אין תוספות און געפּראַוועט

זיינע „פרומקייטען”, און עס איז נישט געווען מיין טאטענס דאגה. איך האב מיר געהאט צייט אויף אלץ, און אויף שפאצירען מיט משה־אהרנ׳ען א צוויי שעה צייט — אודאי און אודאי.

און משה־אהרן האט מיר אנגעוויזען די אלע ערטער אין תלמוד, וואס זענען געגען דער שיטה פון דעם חסידיזם. א סך צייט האב איך אויך פערבראכט ביי יאסעל דעם גביר׳ס אין פילאזאפיע און אין חקירה און אויף א שעה אין טאג פלעג איך קומען צום שמאלען שטערענדיל, צו יצחק־אשר׳ן, מיין רבי, אבזאגען פאר איהם דעם עמוד גמרא מיט די תוספות׳ן — און א גוטען טאג.

אקוראט צו יענער צייט האט ר׳ שמחה־לייזער, יאסעל׳ס פאטער, געהאלטען דעם „המגיד” און מיר פלעגען שטענדיג לעזען די צייטונג. דורך איהר האבען מיר אנגעהויבען א ביסעל צו וויסען, וואס עס טהוט זיך אין דער יודישער וועלט. אין „המגיד” זענען דעמאלט געגאנגען גאנצע פראיעקטען וועגען קויפען קאלאניעס אין ארץ־ישראל און עמיצער האט דארטען אפילו אויסגערעכענט, אז מיט זעקס הונדערט רובל קען מען האבען אין פאלעסטינע א גאנצע קאלאניע. דאס האט מיך גאר איבערראשט, און איך מיט יאסלען האבען אויפגעקליבען אין קאמעניץ ביי א זעכציג בעלי־בתים, וועלכע זענען געווען גרייט צו פערקויפען זייערע הייזער און פאהרען קיין ארץ־ישראל. צווישען זיי זענען געווען יודען, וואס האבען געקענט צונויפשלאגען א סומע פון דריי טויזענד רובל.

געדענק איך, אז איך מיט יאסלען האבען גענומען ארבייטער, יונגע־לייט, צווישען זיי איינער, וואס זענט קלעצער, א למדן א יוד, און „ארגאניזירט” א קרייז אויף פאלעסטינע.

דער דאזיגער קלאץ־זעגער איז געווען בעזונדערס אינטערעסאנט. ערשטענס, האט ער זיך אינטערעסירט מיט אונזער „פילאזאפיע” און „חקירה” און, צווייטענס, האט ער געצויגען דערמיט, וואס ער, א **יוד שוין**, חבר׳ט זיך מיט אונז, און פיעל מאל, געדענק איך, אז מיר פלעגען געפינען אנ׳ענטפער אויף א חקירה־פראגע, וואס דער זעגער האט זי בעריהרט, און מחמת די פראגע האט אונז פריהער געפייניגט, פלעגען מיר איצט מיט שמחה לויפען זוכען דעם קלאץ־זעגער. געפינען פלעגען מיר איהם, שטעהענדיג אויפ׳ן קלאץ און ציהענדיג די

גרויסע זעג אין קלאָץ, און מיר פלעגען איהם דערצעהלען צופריעדע-נע, אַז די פראַגע וועגען דאָס און דאָס האָבען מיר היינט געפונען אין אַ ספר, און אַז דאָרטען רעדט זיך וועגען איהר באריכות און עס ווערט געגעבען קלאָרע און דייטליכע ערקלערונגען. פלעגט ער אַראָב-קריכען פון דעם קלאָץ און אויסהערען מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. אַמאָל פלעגען מיר איהם ברענגען דעם ספר גופא, וואָרום ער האָט ליעב געהאַט צו זעהן שוואַרץ אויף ווייס און מיר פלעגען זיך בעת מעשה שטעלען אונטער'ן קלאָץ און ער האָט געהאַלטען די זעג אין האַנד . . .

אָט דער זעגער (צו מיין גרויסען פערדרוס האָב איך פערגעסען זיין נאָמען) איז געווען שטאַרק פערהיצט אין דער אידעע צו קאָלאָני-זירען ארץ-ישראל. ער איז געווען זעהר אַ גוטער אַגיטאַטאָר, אַ מויל — שוועבעל און פעך, און אַ דאַנק איהם האָבען מיר דעמאָלט אויפגערו-דערט די גאַנצע שטאָדט. כמעט אַלע וואָלטען מסכים געווען צו פער-קויפען די בעבעלעס און אַרויספאָהרען קיין ארץ-ישראל.

אַז מיר זענען געוואָרען מוטהיגער, האָבען מיר געגעבען אַ דע-פעש קיין לוק צום „המגיד”, ער זאָל אונז ענטפערן, צי עס הויבט זיך שוין אָן דאָרט די אַרבייט, דערביי האָבען מיר איהם אַוועקגעשיקט אַ צעטעל פון די אַלע פאַרשוינען, וואָס זענען גרייט שוין אַרויסצושי-קען געלד, אויב עס איז דאָ אַ וויכטיגע בטוחות.

אַזוי האָבען מיר אָבגעאַרבייט אַ פּאָר חדשים. ביי יאָסלען איז געווען דער זאַמעלפונקט. עס איז שטענדיג געווען געפּאַקט מיט מענ-שען, יונגערע, עלטערע, און מיר האָבען גערעדט מיט היץ און התלהבות. און אַז דער זעגער פלעגט נעהמען רעדען, פלעגען אַלע וויינען און אין איין קול זאָגען:

— בנעורינו ובזקנינו נלך, קוים האָבען מיר שוין דערלעבט, אַז מיר קענען קויפען ארץ-ישראל.

פונ'ם „המגיד” האָבען מיר אָבער נישט בעקומען קיין ענטפער. די צייטונג איז פלוצלונג אַנטשוויגען געוואָרען, און אונזער גאַנצער אַר-בייט האָט מיט אַמאָל אַ ציטער געטהאָן. איך בין געגאַנגען צום פעט-טער ר' אפרים, ער זאָל אונז צוגרייטען אַ בריעף פאַר'ן „המגיד”, אין וועלכען ער זאָל אויספיהרליך איבערגעבען, וויפיעל געלד מיר האָבען,

וויפיל מענשען זענען גרייט צו פאהרען א. ז. וו. אבער די רעדאקציע האט אונז ווידער נישט געענטפערט. איצט האב איך שוין אנגעהויבען צו צווייפלען אין דער גאנצער מעשה. דאך איז נעבליבען, אז מיר זאלען ארויסשיקען א מענשען אויף אונזערע הוצאות אין רעדאקציע אריין. קיין פאסיגערן מענשען פונ׳ם זעגער האבען מיר נישט געפונען. מען האט געמאכט א רעכענונג, וויפיל געלד מען בעדארף האבען אויף זיין רייזע, ווי אויך פאר זיין ווייב און קינדער, פאר דער צייט אויף צום לעבען און יעדערער פון אונזערע זעכציג מיטגלידער האט אסיגנירט דערויף צעהן גילדען. אזוי איז שוין געווען א רובל נייינציג, און מיר האבען נאר געוואלט דערקלויבען נאך עטוואס געלד. אבער צו אונזער גרעסטען טרויער און פערדרום האט דער „המגיד" פלוצלונג געמעלדעט, אז דער גאנצער ענין איז דערווייל אבגעלעגט געווארען.

דער זעגער האט זיך, נעבעך, גענומען צוריק צו די קלעצער און אין די פרייע שעה׳ן פלעגט ער קומען צו מיר מיט יאסלען פילאזאפירען און בעקלערען די וועלט. און איך געדענק, ווי מיר פלעגען אהעקגעהן זומער אין די לאנקעס, אנ׳עדה יונגלעך אונזערע, און דארטען פערברענגען אין זעהר טיפע שמועסען. מיר דאכט זיך אפטער, אז ווען איך וואלט געהאט אנ׳אויסערגעווערהנליכען זכרון און געדענקען די אלע אונזערע שמועסען, וואלט איך איצט געקענט אנשרייבען אפשר אנ׳אונגעהויער אינטערעסאנט בוך וועגען אמאליגען יודישען, קינדערשען טרוימען...

מיין פאטער איז זיך געווען צופרידען מיט זיין יצחק-אשר׳ן, און האט גאר נישט געוואוסט פון דער גאנצער מעשה מיט מיין לערנען און אין וואס איך פערברענג די צייט, וואס איך טהו און וואס איך טראכט, אז איך בין שוין איננאנצען א בן-בית ביים מגיד אין הויז, וואס דארטען זענען די גרעסטע מתנגדים מיט די גרעסטע כחות געגען די חסידים. מיט מיין ארבייט פאר ארץ-ישראל איז ער געווען צופריעדען, און ווייטער האט ער גאר פון מיר נישט געוואוסט. אמאל פלעגט ער א פרעג טהאן יצחק-אשר׳ן:

— נו, וואס זאגסטו אויף מיין חצקל׳ען?

דעמאָלט האָט דער רבי געענטפערט:

— ער איז אַ גוטער יונגעל, ער האָט אַ וואויל קעפּעל.

און דאָס איז שוין געווען אַ געניגענדער ענטפער פאַר'ן טאַטען. די גאַנצע וואָך איז ער געווען פערנומען מיט דער ארענדע און מיט די חסידים.

## צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

מען רעדט מיר שוין שדוכים. — דאָס פערהערען מיך. — ר׳ יחזקאל דעם רב׳ס זוהן. — דער יחוס. — מיין אונבעקאַנטע כלה. — ז׳ער בריעף. — די פעטש. — מיין פעטער. — דאָס לעבען מיט איהם. — דאָס גרייטען זיך צום וכוח. —

דער טאַטע האָט שוין אָנגעהויבען קלערען וועגען אַ שידוך פאַר מיר, און דער שדכן האָט איהם שוין אָנגעהויבען פאָרצולעגען פערשיעדענע שדוכים מיט נגידים יחסנים, וואָס ווילען מיר געבען טויזענד רובל, און צוויי טויזענד און פינף יאָהר קעסט, צי צעהן יאָהר קעסט. דער טאַטע האָט אָבער אַלץ געוואָלט אַ מחותן אַ חסיד, נאָר אַז מען האָט גערעדט שדוכים מיט חסידים, האָט דער זיידע נישט געוואָלט. דערווייל איז אַוועקגעגאַנגען אַ היבשע צייט און עס האָט זיך אַלץ נישט געמאַכט קיין שידוך, דאָס הייסט, אַז עס זאָל ביידען געפעלען: אי דעם טאַטען, אי דעם זיידען. איך בין שוין געוואָרען אַן אַלטער בחור פון... פופצעהן יאָהר, און עס איז מיאוס פאַר לייטען. אַלע מיינע חברים זענען שוין חתנים און בעלי־בית׳לעך געוואָרען.

די מאַמע האָט נישט געלאָזט צו־רוה דעם טאַטען, פאַרוואָס ער טהוט מיט מיר קיין שידוך נישט. ער קען דאָך נעהמען אַ סך געלד מיט קעסט.

— דו ווילסט, — האָט זי גע'טענה'ט — אַז חצקיל זאָל האָבען אַ שוועהר, אַ חסיד, אָבער דו ווייסט דאָך, אַז דער שוועהר וויל קיין חסיד נישט פאַר קיין מחותן, וועט ער דאָך אויספיהרען. חצקיל חערט עלטער, עס איז דאָך אַ חרפה פאַר לייטען...

זי האָט אַלץ גע'טענה'ט און דער טאַטע, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט אַלץ געשוויגען. ער זאָגט נישט אָב און זאָגט נישט צו. ער שמייכעלט נאָר פאַר זיך. ווערט יענער אַ ביסעל אָבגעקיהלט. אָבער די מאַמע האָט דאָס שוין נישט געקענט אריבערטראָגען. ווי די מאָדע איז, איז זי געגאַנגען זיך בעקלאָגען פאַר'ן פעטער דעם רב.

— דו זאָלסט זעהן — האָט איהר דער רב אָנגעזאָגט — אַז חצקיל זאָל אַריינפאַלען צו אַ מתנגד, אַ נגיד, וואָס גיט אַ סך יאָהרען קעסט. ער איז אַ וואויל יונגעל אין לערנען, אַז ער וועט האָבען אַ סך קעסט, וועט ער קענען לערנען, קענסטו האָפען, אַז חצקיל זאָל ווערען אַ רב.

דער רב האָט געהאַט אַ זוהן יחזקאל (מיר הייסען ביידע נאָך איין זיידען), דער דאָזיגער יחזקאל איז געווען אַ גרויסער עילוי און האָט שוין געקענט ווערען אַ רב אפילו אין אַ גרויסער שטאָדט. ער איז אָבער געווען אַ חסיד און דערפאַר איז ער נאָר געווען בלויז דין אין קאָברין.

און אָט דער יחזקאל פלעגט אַרומפאָהרען נאָך ארץ-ישראל-געלד. דער סלאָנימער רבי, פון זינט מען האָט איהם גע'מסר'ט, פלעגט שוין אַליין נישט פאָהרען, און אַז ר' יחזקאל פלעגט קומען קיין קאַמעניץ, איז געווען, געוועהנליך, ביים טאַטען ששון ושמחה, הילולא וחינגא. די חסידים האָבען זיך בעזונדערס געפרעהט מיט איהם: ער איז געווען דעם רב'ס זוהן, און איך האָב נישט אָבגעטראָטען פון טיש און געהאָרכט וואָס מען רעדט. איצט בין איך שוין געזעסען ביים חסיד'ישען טיש גאָר מיט אַנ'אַנדער צוועק. איצט האָב איך שוין אויסגעהערט זייערע רייד, כדי איך זאָל זיי דערנאָך קענען קריטיקירען.

ר' יחזקאל האָט מיך ליעב געהאַט. ער האָט מיך געהאַלטען פאַר אַ שטיל יונגעל, און איינמאָל גיט ער מיר אַ קניפּ אין בעקעל און זאָגט:

— חצקיל, אַז דו וועסט זײַן אַ שײנער חסיד, וועל איך דיר געבן אַ שײנע כּלה.

איך בין רויט געוואָרן און געשוויגן. אין האַרצן האָב איך שוין לאַנג מקנא געווען מײַנע חברים: יענע זענען שוין חתנים און בעלי־בית'לעך און איך, צוליב דעם קריג צווישן טאַטן מיט'ן זיידן, בין איך נאָך אַלץ קיין חתן נישט.

יחזקאל האָט אַרײַנגערופן נאָכ'ן עסן דעם טאַטן אין אַ צימער און איבערגעגעבן אים, אַז ער האָט פאַר מיר אַ וואוילן שידוך, אַן אײַגענע זאַך, זײַן ווײַב'ס אַ שוועסטער. זי האָרעוועט זיך בײַם שוואָגער אהרן צײַלינגאָלד, אַ שײנער חסיד, אַ למדן און אַ נגיד, וואָס איז בעליבט בײַ ר' אהרן קאַרלינער.

— דאָס, ווײַזט מיר אויס, איז אַ זיווג מששת ימי בראשית — האָט ער גערעדט.

דעם טאַטן, ווי דאָס איז נישט מאָדנע, איז געפעלן געוואָרן דער שידוך, מחמת די כּלה איז אַ יתומה, אָהן אַ טאַטן און אָהן אַ מאַמען... דאָ וועט שוין דער זיידע אהרן־לײזער נישט זײַן דערגעגן. וואָס די שוואָגערס זענען חסידים, מאַכט שוין נישט אויס, איבערהויפּט דער מחותן זאָל נישט זײַן קיין חסיד; יחוס, ווידער, איז דאָ אויך פאַראַן, וואָרום ער האָט געוואוסט, אַז דעם רבּ'ס שנוהר, הרס, איז געווען פון גרויס יחוס.

האָט דער טאַטע געזאָגט חצקלען, אַז דאָס איז בײַ אים נישט אָבגעפרעגט, ווי זײַן שטײַגער איז געווען צו ענטפערן וועגן אַ זאַך, וואָס עס איז אים געפעלן געוואָרן, און ר' חצקיל האָט געבעטן אַ גמרא צו פערהערן מיך. ער האָט טאַקע געהערט, זאָגט ער, אַז איך בין אַ גוט יונגעל, נאָר פונדעסטוועגן דאַרף ער מיך פערהערן. בײַ אים מיט דער כּלה'ס שוועסטער, זאָגט ער, איז פערבליבן צו נעהמען פאַר דער שוועסטער אַ חתן אַ למדן, נישט אַנדערש.

ר' חצקיל האָט אַרויסגענומען אַ גמרא קדושין און, צו מײַן גליק, אויפגעעפענט אַקוראַט אויף דער מסכתא קדושין, וועלכע איך האָב נאָך געלערנט מיט דוד דעם בלינדען, און איצט מיט יצחק־אשר'ן, און אַליין געלערנט. און בין געווען געניט קלאָר אין דעם תוספות און אין דעם מהרש"א, און ער האָט הײסט מיר זאָגן די משנה מיט'ן תוספות.

איך זאָג דאָס אָב גאַנץ גלאַט. הײסט ער מיר פרעגען דעם מהרש״א׳ס קשיא, פרעג איך, מאַלט ער צו די גמרא און גיט מיר װײַטער אַ קניפּ אין באַק און זאָגט:

— איך האָב שוין פאַר דיר אַ שענע כלה.

איך בין װײַטער רויט געװאָרען, און ער איז אַװעק מיט׳ן טאַטען אין אַ צװײטען צימער איבערריידען שוין פון אַלע פּרטים, פון נדן א. ז. װ. דער טאַטע האָט געשיקט ר׳ חצקלען צום זײדען.

חצקיל איז אַװעק, און אַז ער האָט דעם זײדען פאָרגעלעגט דעם שידוך, האָט דער זײדע געזאָגט:

— מײַן חצקיל איז זעהר אַ גוט יונגעל. די מוטער זײַנע איז אַ גרויסע יחסנ׳טע, זי איז פון ר׳ חיים װאָלאָזשינערס אייניקלעך, װײל איך נישט פערשעמען דעם יחוס. איך מעג זיך אפילו פערלאָזען אויפ׳ן רב, אַז ער האָט דעם שידוך געטהאָן מיט אײַך, װאָס איהר זענט דאָך אַ גרויסער למדן, מסתמא איז דאָך דאָס גוט, פּאַסט דאָס דאָך פאַר מיר אויך, נאָר פונדעסטװעגען דאַרף איך װיסען אײַער װײַב׳ס פאַמיליע באריכות.

דאָס האָט חצקיל געטהאָן, ער האָט דערצעהלט דעם גאנצען יחוס באריכות:

זײַן שװעהר האָט געהײסען ר׳ הירש־יואל רײַצעס, װעמעס פאָטער, ר׳ מרדכי, פון אַסטרע (װאָהלין) האָט געשפּילט אַ ראָליע אין װאָהלין, װי דער פרומער ראָטשילד אין פראַנקפורט. ער פלעגט נאָך פערצײַטען אַרומפאָהרען אין אַ קאַרעטע מיט פיער פערד. דער שפּאַן און קאַרעטע זענען געװען כמעט בלויז פון זילבער. בײַ איהם פלעגט מען װאַשען רענדלעך אין זילבערנע מולטערס. ער איז געװען אַ חסיד, און האָט אויסגעהאַלטען אַלע װאָהלינער רבּיים. בײַ איהם אין הויז זענען שטענדיג געװען רבּיים. דער רבּי איז אַװעקגעפאָהרען, און אַ צװײטער איז געקומען. ער האָט זעהר גרויס געלעבט און געזעסען איז מען בײַ איהם חדשים־װײַז. דאָס הויז האָט גערױשט פון די חסידים מיט די רבּיים, — מיט איין װאָרט, בײַ איהם איז געװען אַנ׳אמת׳ער חסיד׳ישער גן־עדן אויף דער װעלט.

געהאַנדעלט האָט ער מיט װאַלד; נאָר אײנמאָל האָט איהם געטראָפען אַנ׳אומגליק. ער האָט געשיקט קײן דאַנציג פאַר זעקס הונדערט

טויזענד רובל האָלץ, זענען די פליטעס צוריסען געוואָרען אויפ'ן וואסער איינציגוויין, — און צושוואומען. עס איז געווען אַ גרויס געווינער, בייַ קראָקע אויפ'ן ווייסעל, און קיין דאַנציג האָט ער קיין איין פליטע האָלץ נישט געקענט ברענגען. אויסערדעם איז אין דאַנציג דאָס יאָהר געווען קליין דער מקח פון האָלץ און ער האָט געהאַט פיעל סחורה אין דאַנציג פון פריהער, האָט ער צוגעלעגט צו יענע האָלץ פיעל געלד. און אַזוי האָט ער, ר' מרדכי, דערלעגט אין איין יאָהר בייַ זיעבען אַכט הונדערט-טויזענד רובל.

נאָר פונדעסטוועגען איז ער נאָך געבליבען אַ גביר, זיין הויז האָט זיך נאָך געפיהרט מיט צדקה און מיט הכנסת-אורחים, אָבער שוין נישט אַזוי ווי פריהער. די רביים האָט ער קיין געלד נישט געגעבען און זיי פלעגען שוין צו איהם אַזוי אָפט נישט קומען.

איין זוהן זיינעם, הירש-יואל, האָט ער חתונה געמאַכט מיט'ן דובנער רב'ס טאָכטער. ער האָט געוואוינט מיט'ן פאָטער צוזאַמען, איז געווען אַ גרויסער למדן און אויך זעהר אַ גוטהערציגער. ער איז אָבער נישט געווען נוטה צו חסידות. אַז דער פאָטער איז געשטאָרבען, האָט דער זוהן גע'ירשנ'ט אַ געוויסע סומע געלד. נאָר אַזוי ווי אין וואַלד-געשעפט איז דער פאָטער צום סוף בדלות געוואָרען, האָט ער זיך דערמיט נישט געוואָלט בעשעפטיגען. ער האָט זיך בעסער גענומען צו פאַדריאַדען. דעמאָלט האָט ער אָנגענומען, אַלס פאָדריאַד, דעם בעוואוסטען אַקציז פון באַראָן גינזבורג, אָנגענומען אויף צוויי אויעזדען: ביאַליסטאָקער און בילסקער. געוואוינט האָט ער אין ביאַליסטאָק.

ער האָט געהאַט צוויי טעכטער מיט אַ זוהן, די עלטסטע טאָכטער הדס, איז טאַקע זיינס, יחזקאל'ס, אַ ווייב און ער האָט געגעבען אַ סך געלד נדן און קעסט.

אין ביאַליסטאָק האָט ער געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע, ער האָט זיך געפיהרט, ווי דער פאָטער אין ענין צדקה און הכנסת-אורחים, נאָר דער פאָטער איז געווען פאַר חסידים און ער פאַר מתנגדים. אַלע שבת האָבען געמוזט זיין צעהן אורחים הגונים, די שענסטע מענשען, וועלכע מען האָט נאָך צוגעצאָהלט, אַז זיי זאָלען עסען, און יעדער טאָג זענען בייַ איהם געווען אַמוועניגסטענס דריי אנשים נכבדים צו מיטאָג.

געווען איז ער אַ בעריהמטער מוהל. כמעט אין דער גאַנצער שטאָדט איז ער געווען מוהל און אַנ'אָרימער בעל-ברית פלעגט נאָך קריגען ביי איהם צוגעצאָהלט, אַזוי, אַז די קינפעטאָרין האָט געהאַט אויף אַ חודש צום לעבען. ער האָט געהאַט ביי זיך אַ צעטעל פון פינף טויזענד קינדער, וועלכע ער האָט מל געווען.

ער איז געווען אַזוי נעשעצט אין ביאַליסטאָק, אַז ביי די גרעס־טע לייט אויף די חתונות האָט מען איהם מכבד געווען מיט מסדר קדושין זיין. דאָס איז דעמאָלט געווען איינער פון די שענסטע כבודים ביי יודען און מען פלעגט אויסזוכען די שענסטע יודען אויף דעם כבוד.

דער פאָדריאַד פון אַקציז האָט זיך ביי איהם נישט לאַנג געהאַל־טען, ווייל דער באַראָן האָט זיך אָבגעזאָגט צו טיילען דעם אַקציז אין לאַנד אויף קליינע טיילכלעך אין די הענד פון די פאָדריאַדטשיקעס. איצט האָט דער באַראָן אַליין געוואָלט האַלטען דעם אַקציז אין יודישען תחום, און דער שוועהר איז אַריינגעפאָהרען קיין בריסק, וואו ער איז געוואָרען פאָדריאַדטשיק אין פעסטונג. ער האָט אויך געעפענט אין שטאָדט אַ גרויסען וויין-שענק פאַר די אָפיצירען פון פעסטונג און גע־מאַכט זעהר גוטע געשעפטען. האָט ער ווייטער געפיהרט זיינע צדקות מיט די הכנסות-אורחים מיט די מוהל'שאַפט פאַר די אָרימע-לייט, וועלכע ער האָט גוט געצאָהלט.

אין פינף-און-פופציגסטען יאָהר, בעת סעוואַסטאָפּאָלער מלחמה, זענען אַוועק אַלע פּאָלקען פון פעסטונג אין מלחמה אַריין. די אָפיצי־רען האָבען איהם געבעטען, ער זאָל מיטגעהן מיט זיי אין סעוואַס־טאָפּאָל.

איינער אַ גענעראַל האָט איהם געוואָלט אָבגעבען אַ סך פאָדריאַ־דען אין מלחמה און צוגעזאָגט אויפ'ן מלחמה-פּלאַץ ממש בעגילטען, נאָר ער האָט נישט געוואָלט געהן מאַכען געשעפטען אין אַזאַ אָרט, וואו מען פערוואונדעט, קאַלעטשעט און דער'הרג'עט מענשען.

דערווייל אָבער האָבען איהם אַלע אָפיצירען באַנקראָטירט אַ סך געלד. אויף איינינע פון זיי האָט ער געהאַט ביז דריי טויזענד רובל וועקסלען, און ער איז דעמאָלט אַ ביסעל צו רואינירט געוואָרען.

נעהאַט האָט ער אַ זוהן פון זיבעצעהן יאָהר, אַ זוהן אַ צאַצקע,

אַנ׳אויסחאַפּ, אַ זעלטענער עילוי, און דערצו אַזאַ בעהאַרצטער, אַז ער האָט איבערגעשטיגען דעם זיידען, ר׳ מרדכי, מיט׳ן פאָטער. אַז ער איז געוואָרען אַ חתן, איז ער אַ חודש פאַר דער חתונה קראַנק געוואָרען און אין אַ קורצער צייט אַרום געשטאָרבען. אויף זיין לויה האָט די גאַנצע שטאָדט געטרויערט; מען האָט פערמאַכט אַלע בריסקער קראָמען אין דער צייט פון דער לויה.

דאָס האָט דעם פאָטער זיינעם אינגאַנצען דערשלאָגען, און אין צוויי וואָכען אַרום איז ער געשטאָרבען, די מוטער ווידער האָט זיך געפּייניגט עטליכע מאָנאַטען נאָכאַנאַנד און איז אויך געשטאָרבען. נאָך זייער טראַגישען טויט איז דאָס מיידעלע זייערס, מיין קינפטיגע כלה, אַלט געווען אינגאַנצען זעקס יאָהר. דעמאָלט האָט זי גענומען צו זיך די עלטערע שוועסטער אין פּינסק, נאָך גאָר אַ יונג ווייבעל, אַ גביר׳ס אַ שנוהר. דער מאַן איהרער, אהרן צייליגנאָלד, אַ למדן און אַ מושלם, איז געווען אַ גרויסער נדבן, אַנ׳איש נכבד אַ בּיי רבּי׳ן, ר׳ אהרן קאַרלינער, אַ אין דער גאַנצער שטאָדט.

נאָך אָט דעם גאַנצען אומגליק מיט די אַלע שטאַרבענישען, איז דאָס גאַנצע פערמעגען פערשוואונדען געוואָרען, און ס׳איז פון אַלץ געוואָרען אַ תל. דערנאָך האָט מען עטוואָס אויפגעזאַמעלט פון דעם פערפאַלענעם פאַר דער יתומה צוזאַמען מיט עטליכע וועקסלען.

דאָס אַלץ האָט יחזקאל דערצעהלט דעם זיידען, וועלכער האָט איצט, נאָך דער געשיכטע, שוין צוגעשטימט, און אויף מאָרגען איז דער שידוך געשלאָסען געוואָרען. איך בין דעמאָלט אַלט געווען בּיי פופצעהן יאָהר, און ר׳ יחזקאל האָט געשריבען אַ בריעף קיין פּינסק צו דער שוועגערין פעשע, איז זי געקומען קיין קאַמעניץ, און מען האָט געשריבען תנאים.

קיינער פון דער פאַמיליע האָט נישט געזעהן דער כלה און איך אַודאַי נישט. דאָס האָט מיך געקרענקט. איך האָב זי, דאַכט זיך, שוין ליעב געקראָגען, אָבער איך ווייס נישט וועמען איך האָב ליעב, איך קען דאָס פּנים נישט... איך האָב גאָרנישט געהערט ריידענדיג וועגען איהר, צי זי איז אַ שענע, צי אַ מיאוס׳ע, צי אַ קלוגע, צי אַ נאַר, און איך האָב נישט געטאָרט אַפילו פרעגען אויף דער כלה.

דער זיידע האָט געקויפט אין בריסק צוויי דימענטענע פינגערלעך

און געגעבען פעשע'ן, זי זאָל אַוועקפיהרען דער כלה אַ מתנה.

און אין אַ מאָנאַט ציַיט האָב איך ערהאַלטען פון שוואָגער, אהרן צוַײלינגאָלד, אַ מתנה: אַ זילבערנעם הדס און משניות'ן מיט'ן תפארת-ישראל, שען געבונדען, און פון דער כלה אַנ'אויסגעהאָפטען זײַדען תפילים-זעקעל. האָט דער טאַטע געהייסען, אַז איך זאָל שרײַבען אַ בריעף צום מחותן, דאָס הייסט, צו איהר שוואָגער, מיט אַ דאַנק פאַר דער מתנה.

לשון-קודש האָב איך דעמאָלט געקענט ווי טערקיש, בין איך געגאַנגען צום פעטער, ר' אפרים, און ער האָט מיר אָנגעשריבען אַ בריעף מיט פערצייטישער מליצה. איך געדענק נאָך דעם אָנהויב, ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבען. מיר איז געפעלען געוואָרען דער „הוי-כער" גערדאַנק. אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבען:

„קול אומר אלי קרא, ואומר מה אקרא, ואת אשר לא יערתי איך אכני לתאר את רום כבודו, אולי אקלה בשערה מכבודו הרמה והנשאה ואחטא, והשיבותי אל לבבי, אשר בודאי לפי רוב גדולת כבודו שם רוב ענוותנותו, ובודאי לא יאשימינו אם הבל יפצה פי".

אין יודיש:

„אַ קול האָט מיר געזאָגט, איך זאָל רופען, זאָג איך, וואָס זאָל איך רופען, און דעם, וואָס איך קען נישט, ווי קען איך פאַר-שטעלען זײַן הויכען דערהויבענעם כבוד, טאָמער וועל איך מאַכען גרינג מיט אַ האָהר פון זײַן הויכען כבוד, וועל איך זײַן זינדיג" א. ז. וו. ווײַטער געדענק איך שוין נישט, וואָס איך האָב דאָרט געשריבען, נאָר דאָס געדענק איך, אַז גאַנצע דרײַ טעג האָב איך געשריבען דעם בריעף, אַלעמאָל געשריבען און צוריסען, ביז, גאָט צו דאַנקען, עס איז אַרויסגעקומען אַ געדרעקסעלטער לשון-קודש-בריוועלע צום מחותן.

גראָד דעמאָלט איז אָנגעקומען אַ שרײַבער, וואָס האָט געלערנט קינדער שרײַבען יודיש און רוסיש. ער פלעגט קומען צום זיידען אין שטוב אַלע טאָג לערנען שרײַבען זײַנע מיידלעך, נאָר מיך האָט דער טאַטע נישט געוואָלט אָבגעבען צום שרײַבער. פלעג איך אַליין קומען אין דער צײַט, ווען ער האָט געלערנט דעם טאַטענ'ס שוועסטער און האָב זיך דערווײַל צוגעלערנט אָהן דעם טאַטענס וויסען. אײַנמאָל האָט דער שרײַבער מיר געזאָגט:

— פאַרוואָס זאָלסטו נישט שרייבען אַ גרוס דער כלה?

דאָס איז מיר געפעלען. איך האָב איהם געגעבען אַ האַלבען רובל און ער האָט מיר אָנגעשריבען אַ גרוס. דאָס איז שוין געווען אין יודיש:

„איך גריס הערצליך מיין ליעבע ברויט איך דאַנק דיר פאַר'ן טייערן פריזענט פון מיר דיין ליעבען ברויטיגאַם יחזקאל".

כדי דער גרוס זאָל אַרויסקומען געדרעקסעלט, האָב איך ווידער געטהאָן און איבערגעשריבען די עטליכע ווערטער. דאָ האָט זיך געמאַכט אַ קלעק מיט טינט און דאָ איז דאָס וואָרט נישט גוט אַרויסגעקומען, האָב איך אַלץ איבערגעשריבען. איך האָב זיך געמאַטערט פינף טעג און געמאַכט פאַרטיג; דעמאָלט האָב איך געגעבען דעם טאַטען, ער זאָל צושרייבען אַ גרוס. ער האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן שטיקעל פאַפיר און מאָמענטאַל דערלאַנגט צוויי הייסע פעטש.

— אַ דייטש־מאַן ביזטו שוין גאָר געוואָרען — האָט ער געריסען דאָס בריוועלע אויף שטיקלעך — און זאָג מיר אָקאָרשט, ווער האָט דאָס דיר אָנגעשריבען?

איך האָב נאַאיוו אויסגעזאָגט — ווער.

— אַזוי, ער וועט אייך גאָר מאַכען פאַר דייטשען!...

און ער האָט פערזאָגט, אַז קיינער פון דער פאַמיליע זאָל זיך נישט לערנען ביים שרייבער. אין אַ קורצע צייט אַרום איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז דער שרייבער מאַכט אַלע קינדער פאַר אַפיקורסים, און מען האָט איהם משלח געווען פון קאַמעניץ.

דער קאַמעניצער רב האָט געהאַט אַ זוהן אין פינסק, וואָס איז איינמאָל געקומען צופאָהרען צום פאָטער צו גאַסט און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ מיידעל פון אַ יאָהר זעכצעהן. אַז מיין מאַמע איז געווען ביים פעטער און געפרעגט דאָס דאָזיגע מיידעל, צי קען זי אין פינסק חצקיל'ס כלה, האָט דאָס מיידעל געענטפערט, אַז זי קען די כלה גוט: די כלה איז אַ מיאוס'ע מיט אַ געשטופעלטען פנים, איז פאָנפאַטע, אַ שלימזול'ניצע.

די מאַמע האָט אָנגעהויבען וויינען, אָבער פערפאַלען. דעמאָלט איז אָבשיקען תנאים ערגער געווען ווי גט'ן, און זי האָט עס דערצעהלט דעם טאַטען.

— וואָס אַרט דיך, אַז זי איז אַ מיאוס'ע ? — האָט זי דער טאַטע געפרעגט -— ואָלען זיי נאָר האָבען מזל, וועט זי שוין זיין שען.

בײַ דאָס וואָרט אַ „שלימזל'ניצע” האָט ער אָנגעהויבען שמײַכלען און געזאָגט:

— צווישען זיך רײַדענדיג, ביזטו אַ בריה?

און ער האָט זיך אויסגעלאַכט. די מעשה איז געוואָרען בעוואוסט בײַ דער גאַנצער פאַמיליע, און עס איז אָנגעקומען צו מיר. מײַן צער, וואָס איך האָב געהאַט, איז נישט צו בעשרײַבען. איך האָב שטענדיג מקנא געווען יענעם, וואָס האָט געהאַט אַ שען ווײַב און אויף די בעלי-בית'לעך, וואָס זײַערע ווײַבער זענען געווען מיאוס'ע, האָב איך געקוקט מיט רחמנות. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס לעבען איז גאָר קיין לעבען נישט, ווען מען האָט אַ מיאוס ווײַב.

די פאַמיליע האָט זיך דאָך אָנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט מײַן כלה, צי זי איז טאַקע אַזאַ מיאוס'ע, און נאָך אַלע אויספאָרשונגען איז מען דערגאַנגען, אַז די כלה איז גראָדע אַ שענע... דערצו קען זי אַלע האַנד-אַרבײַט, איז אַ גרויסע בריה. דערגאַנגען איז מען דאָס אָבער אין אַ יאָהר נאָך די תנאים. אַ גאַנץ קײַלעכדיג יאָהר אָבער האָב איך געהאַט קרענקונג צום טויט. איך האָב בײַ קיינעם נישט געטאָרט פרעגען און דערמאָהנען דער כלה'ס נאָמען.

די תנאים מײַנע האָבען זיך געצויגען בײַ אַ צוויי און אַ האַלב יאָהר. זי איז געווען, ווי געזאָגט, אַ יתומה און בײַ זיי אין דער-היים האָט מען זיך פאָרגעשטעלט, אַז די קאָטיק'ס, אַזאַ גרויסע פאַמיליע, מוזען געהן זעהר שען געקלײדט, מוזען זײַן פראַנטען, און מען האָט זיך דאָרטען געשראָקען פאַר דער גאַרדעראָבע... און ווער רעדט נאָך — אײַנלעגען דעם נדן, איז געווען גאַנץ שווערליך...

און פון אונזער זײַט איז אויך געוואָרען אַ מניעה. אין דער צײַט זענען בטל געוואָרען לײַב-קנעכט, די פריצים זענען אָרים געוואָרען, עס האָט זיך אונטערגערוקט דער פוילישער אויפשטאַנד און די אַרענדע איז בטל געוואָרען — זענען מיר אַלע געבליבען אָהן פרנסה, און די חתונה האָט זיך שוין געמוזט פערציהען.

פריהער האָב איך געהאַט גענוג קרענקונג, וואָס מײַן כלה איז אַ מיאוס'ע און דערנאָך, אַז מען האָט מיר פערזיכערט, אַז זי איז אַ

שענע, איז אָבגעלעגט געוואָרען, צו מײַן גרויסען פערדרוס, די חתונה, און מיר האָט זיך אָנגעהויבען צו בענקען נאָך אַ מענשען, וואָס איך קען איהם נישט, און עס האָט זיך, בחרפתי, איך בין מיך מודה, אַזוי געוואָלט חתונה האָבען! ביני לביני האָב איך נאָר געהאַט עגמת-נפש, אַז איך האָב שוין לערנען גאָר נישט געקענט און נישט געקענט קוקען אין אַ חקירה-ספר.

איך האָב מיך נאָך אַלץ געלערנט בײַ יצחק-אשר'ן „דעם שטערן-קנײַטשער", ווי איך מיט מײַן חבר האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען. נאָר צו דער צײַט זענען בײַם פעטער, דעם רב, קאַליע געוואָרען די אויגען, ער איז געפאָהרען קײַן וואַרשא און דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז די אויגען זענען איהם קאַליע פון צופיעל קוקען אין ספרים. איצט מוז מען איהם איין אויג אינגאַנצען קאַליע מאַכען, און דאָס צווייטע אויג, אויב ער וועט נישט לעזען, וועט דיענען נישקשה.

אין וואַרשא האָבען איהם קרובים געקויפט אַ גרויסע שטוהל צים לערנען, און ער איז געפאָהרען מיט דער שטוהל אַהײם. איצט האָט ער בעדאַרפט האָבען אײַנעם אַ מענשען, וואָס זאָל לערנען פאַר איהם ש"ס און פוסקים און שאלות-תשובות. ער וועט דאָך נישט זיצען אַזוי און נאָרנישט לערנען. קריגען אַזוינעם אָהן געלד איז געוועען שווער, און צאָהלען געלד האָט ער נישט געקענט. דעמאָלט איז איהם אײַנגעפאַלען נעהמען מיך, אַז איך זאָל פאַר איהם לערנען. קײַן געלד וועל איך דאָך איהם נישט קאָסטען. דאָס איז געוועען פאַר איהם אַ גוט געשעפט. און איך האָב פאַר איהם געלערנט און גוט געזעצט די ווערטער, און ער איז געזעסען אין דער הויכער לעדערנער שטוהל, אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אויף די הענד און צוגעשאָקעלט ווײַלעווײַז מיט'ן קאָפּ. דאָס הײַסט: „גוט, גוט", און ער האָט מיך אַזוי געטריבען מיט'ן קאָפּ ווײַטער, איך בין געלאָפען און געזעצט אַלץ: גמרא, תוספות, שאגת-אריה, פני-יהושע — אַלץ, איך האָב געזעצט און ער האָט מיר געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. איך האָב נישט געהאַט קײַן צײַט צו בעטראַכטען אַזעלכע שווערע ענינים, אַזעלכע הויכע פערוויקעלטע סברות, ער האָט דאָס אַלץ געקענט כמעט ווי אויסווענדיג, און איך בין געוועען בײַ איהם נישט מעהר, ווי אַ גוטער זאָגער. אָבער לויפענדיג אַזוי אין דער גמרא, האָב איך פאַר מיר נישט

געקענט משיג זיין, וואָס איך זאָג, און דערווייל איז מיר אַלץ בעשערט געוועזן צו פּטר'ן די יונגע יאָהרען מיינע מיט אַ גוטען קאָפּ אין גאָרנישט, וואָס עס טהוט מיר עד היום שטאַרק, שטאַרק לייד.

אַ גליק איז געווען, וואָס מען פלעגט קומען צום רב מיט דין־תורות. אַנדערע פלעגען צו איהם קומען שואל-עצה זיין מכח זייערע געשעפטען און ער האָט דעריבער געמאַלט, מיר זאָלען לערנען זעקס שעה אין טאָג. די איבעריגע צייט פלעג איך שוין פערברענגען אַמ-מיינסטען ביי משה-אהרנ'ען, וואו איך האָב זיך צוגעגרייט צו אַ גרויסען וכּוח נעגען די חסידים.

אַז איך בין געוואָרען אַ חתן, האָב איך אָנגעהויבען צו דאַוונען אין חסידים־שטיבעל און מיטזינגען מיט אַלע חסידים די נגונים. איך האָב דאָס געטהאָן צוליעב דעם טאַטען, ווייל ער האָט געמיינט, אַז איך בין אַ חסיד און וועל נאָך דער חתונה אָנהויבען פאָהרען צום רבי'ן. געוועהנליך, האָב איך פאַר דער חתונה נאָך בעדאַרפט אַ סך אַנגיסען צום טאַטען, און נאָך דער חתונה האָט דער טאַטע געמיינט, וועל איך איהם צוליעב טהאָן און פאָהרען צום רבי'ן, וועט ער שוין זיין מיט מיר זיכער.

איך האָב אַפילו בעשלאָסען גלאַט איצט נישט אַריינגעהן מיט איהם אין קיינע מחלוקת'ן. ערשטענס, האָט עס נישט געפּאַסט און, צווייטענס, האָב איך איהם געשאַנעוועט. דאָס אַלץ האָב איך אָבגעלעגט אויף נאָך דער חתונה. דעמאָלט וועט ביי מיר געפיהרט ווערען מיט איהם אַ וכּוח. און אַזוי ווי איך האָב איהם געהאַלטען פאַר אַ וואוילען און אַ למדן, וועט ער מיך פערשטעהן און איך וועל זיך מיט איהם לאַנג נישט דאַרפען ראַנגלען. אָבער דאָך האָב איך זיך געשראָקען פאַר'ן וכּוח, אויף וועלכען עס וועלען געוויס זיין אַזוינע לומדים־חסידים, ווי ר' אָרעלע און דעם פעטערס זוהן, און איך האָב זיך שטאַרק דערצו צוגעגרייט.

צוויי יאָהר צייט האָב איך זיך אַלץ אַזוי געגרייט צום וכּוח, און געקוקט אין תלמוד און אין אַנדערע גרויסע ספרים, וואָס זענען געגען **דעם דרך החסידות.**

## איין=און=צוואנציגסטעס קאפיטעל.

דער מאניפעסט פון דער פויערים=בעפרייאונג. — דאס שמייסען די פויערים. — דער רושם פון מאניפעסט אויף די פריצים. — די שווערע צייט פאר יודען. — מיין זיידע מיט די פריצים. — דער פוילישער אויפשטאנד. — „וויענטא ראסיא". — די פוילישע בונטאוושטשיקעס. — די בעציהונגען פון די פוילישע רעוואלוציאנערן צו יודען. — אנינסקי. — די אונטערדריקונג פון דעם אויפשטאנד. — די נקמה פון די פויערים. —

אין תרכ"א, 1861-טען יאהר, איז ארויס דער בעריהמטער מאניפעסט וועגען פויערים=בעפרייאונג. דאס איז עפעס אויסגעפאלען צו שבת, און שבת איז געקומען צופאהרען קיין קאמעניץ דער איספראווניק. זונטאג, צוועלף א זייגער, ווען דער מארק איז געווען פול מיט פויערים, איז געקומען דער איספראווניק מיט'ן אסעסער און מיט'ן קליוטשוואיט, וואס האט געהאלטען א מעשענע „מעדניצע" מיט א האמער און געפויקט מיט'ן האמער אין מעדניצע, און אז עס האבען זיך אויפגעזאמעלט אלע פויערים, האט דער איספראווניק געלעזען דעם מאניפעכט.

נאכ'ן לעזען זענען די פויערים אוועקגעפאהרען אהיים. ארבייטען האבען זיי שוין גארנישט געוואלט, וואס זיי האבען נאך בעדארפט דעם זומער לויט'ן מאניפעסט. זיי האבען נישט געוואלט ווארטען ביז נאכ'ן זומער. דער פריץ ווידער האט זיי שוין נישט געקענט מעהר שמייסען, און די פויערים האבען זיך צובונטעוועט.

צאָהלען אין קאַזנאַ פאַר דער ערד אין אַ משך פון פיערציג יאָהר צייט.

דאָס ביסעל יודען, וואָס האָבען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, געלעבט גרויסאַרטיג און האָבען געשפּיעלט אַ נגיד'ישע ראָליע, זענען געוואָרען געדריקט. מען האָט שוין אויפגעהערט צו פיהרען אַ ברייט לעבען, און די קרעמער, וואָס האָבען געהאַלטען לוקסוס-זאַכען פאַר די פּריצים, זענען געבליבען מיט זייער סחורה, האָטש וואַרף דאָס אַרויס אויף דער גאַס.

דער ווידע איז אומגעפאָהרען צו די פּריצים „טרייסטען זיי". זיי זענען, נעבעך, אַראָבגעשליידערט געוואָרען פון הימעל אויף דער ערד. איבערהויפּט אָבער האָבען דאָס נישט געקענט איבערטראָגען די פּריצ'טעס. אַ קליינינקייט, מען האָט ביי זיי צוגענומען אַזאַ ממשלה! זיי האָבען ממש געוויינט מיט ביטערע טרעהרען.

די פּריצים האָט, אייגענטליך, מעהר געקרענקט דאָס, וואָס די פּויערים, וועלכע זענען פריהער געקראָכען אויף דער ערד פאַר זיי און ער, דער פּריץ, האָט זיך פערגונען צו שמייסען אַ גאַנצע פאַמיליע, אַ פאָטער מיט אַ מוטער, מיט זיהן און שניהר, און טעכטער און איידעמ'ס אויף איין מאָל, אין איין הויז, און וואָס דערנאָך זענען זיי, די אָבגעשמיסענע, אויפגעשטאַנען און געקושט דעם פּריץ די פיס און איהם איבערגעבעטען, — זאָלען זיי, די פּויערים, איצט אַרומגעהן פרייע און פרעהליכע און מען זאָל נישט קענען מעהר אַרויפלעגען אויף זיי אַ פינגער. חאָטש איין שמיצעלע!

איצט, אַז אַ פּויער וועט וועלען, וועט ער אַפילו פאַר'ן פּריץ דאָס היטעל אויך נישט אַראָבנעהמען, און דער פּריץ וועט זיך בעדאַרפען ביי איהם בעטען, אַז ער זאָל איהם פעראַרבייטען זיינע פעלדער פאַר געלד, און וויפיעל דער פּויער וועט זיך הייסען געבען, וועט ער איהם מוזען בעצאָהלען.

אָבער דער ווידע האָט זיי געטרייסט און געזאָגט, אַז דאָס איז טאַקע „סטראַשנע", נאָר אַלץ פון אָנפאַנג, איידער מען ווערט געוועהנט.

— איהר האָט נאָך גענוג פערמעגען, איהר האָט נאָך גענוג ערד — האָט ער זיי בערוהיגט — און איהר וועט טאַקע דינגען די

פויערים צו אַרבּייטען אויך פאַר געלד. אָבּער דאָס איז נאָר שרעקליך פון אָנהויבּ. גלויבּט מיר, זיי וועלען בּלייבּען דיזעלבּע קנעכט, ווי געוועזען, ווארום איצט וועט בּיי זיי זיין דער האַר די קאָפּיקע, און זיי וועלען געהן פאַר איין אויף אַלע פיר.

— אַדרבה, נאָך מיין מיינונג — האָט ער זיי אַלץ „געטרייסט״ — איז פאַר אייך אַ טובה אָט די פויערים-בּעפרייאונג. איהר וועט אָנהויבּען לעבּען אַ סאָליד לעבּען, איהר וועט פיהרען אייער מאַיאָנטעק, איהר וועט אַליין דאַרפען אומעטום זיין און פילעווען די אַרבּייטער. איהר וועט היטען, מען זאָל אייך נישט בּע׳גנב׳ענען, איהר וועט נישט שפּילען אין קאָרטען. איהר וועט נישט פראַווען קיין אומזיסטע און איבּעריגע בּעלער, און אייער לעבּען וועט אַוועק נאָך בּעסער.

אהרן-לייזער׳ס ווערטער האָט זיי אַ בּיסעל בּערוהיגט. זיי האָבּען געפיהלט אַ סך אמת אין די ווערטער. אַנדערע פריצים, וואָס האָבּען נישט געקאָנט איבּערטראָגען די איבּערקעהרעניש, האָבּען אומישנע געשיקט נאָכ׳ן זיידען, ער זאָל זיי אַ בּיסעל בּערוהיגען.

און אַזוי איז ער כּמעט אַ גאַנץ יאָהר אומגעפאָהרען צו אַלע פריצים, זיי מנחם געווען און געמאַכט אַ בּיסעל גרינגער דאָס האַרץ. און ער אַליין, דער זיידע, האָט גאָרנישט געהאַט קיין האַרץ צו רייעדען מיט זיי וועגען געשעפט און האָט מיט זיי קיין געשעפט דעם גאַנצען יאָהר נישט געמאַכט. ער האָט נאָך בּיי די געמיינערע פריצים געהאַט איבּערגעלאָזען זיין געלד, בּיז זיי וועלען זיך בּערוהיגען.

און בּיי אונז אין דער פאַמיליע האָט מען שוין אָנגעהויבּען צו שפּירען אַ שלעכטע צייט. עס איז מעהר נישט געבּליבּען ווי נאָר דער איין געשעפט—די אַרענדע, דערפון דאַרף לעבּען אַ פאַמיליע אפשר פון אַ זעכציג נפשות.

און בּאַלד איז ארויסגעשפרונגען דער אויפשטאַנד אין פוילען און ליטאָ אין אָנפאַנג פונ׳ם 1863-טען יאָהר. דאָ איז שוין גאָר געװאָרען פאַר די יודען אַנ׳אומגליק. די פריצים און די שליאַכטעס זענען אַרוים מחנות׳ווייז אין די וועלדער מיט געוועהר, האָבּען אָנגעהויבּען צו געהן „איינעמען״ די קליינע שטעדטליך, וואו עס איז נישט געווען קיין פוס פון קיין רוסישען זעלנער. אַז זיי זענען אַריין אין אַ שטעדטיל האָבּען זיי צום ערשטען אַראָבּגעריסען דעם רוסישען אָדלער פון

די פּריצים האָבען געגעבען צו וויסען דעם איספּראַווניק, און ער איז געקומען מיט אַ ראָטע זעלנער קיין קאַמעניץ. ער האָט פונאַנדער־געשיקט די סאָלדאַטען מיט דעסיאַטניקעס ברענגען די פּויערים פון די דערפער, און נאָך ריטער צום שמייסען האָט ער אַוועקגעשיקט אַ גאַנ־צע פוהר אין וואַלד.

דער איספּראַווניק האָט געפרעגט די פּויערים, צי זיי ווילען ארבייטען זומער. דערויף האָבען זיי געגעבען אַנ׳ענטפער, אַז ניין. האָט מען אָנגעהויבען צו שמייסען צו דריי פּויערים מיט אַמאָל אין רעכטען מיטען מאַרק, די קולות האָבען זיך געהערט פאַר אַ מייל און מען האָט אַזוי לאַנג געשמיסען, ביז זיי האָבען געזאָגט, אַז זיי וועלען שוין יאָ אַרבייטען.

ביי די פּריצים איז ממש געוואָרען אַ טרויער. נאָר אַ קליינינקייט, זיי האָבען מיט איין מאָל בעדאַרפט פערלירען אַלע זייערע לייב־קנעכט, וואָס האָבען געהאָרעוועט אויף זיי ווי פערד, ווי אייזלען, וואָס האָבען אַריינגעבראַכט דעם פּריץ אַזוי פיעל אַרבייט, בלוט און שווייס!

דאָס, וואָס איז געווען שלעכט פאַר׳ן פּריץ, איז אויך טײלווײז געווען נישט גאָר גוט פאַר די דעמאָלטיגע יודען. זיי האָבען דאָך כמעט אַלע געלעבט פון פּריץ, און איצט האָט זיך עס אויך אָבגעריס־סען אויף זיי. מילא, די פּריצים, ווי די פּריצים, „עפּעס" איז זיי נאָך געבליבען פון אַזאַ חורבן. אָבער פאַר די יודען, איז ווירקליך דעמאָלט געווען אַ שרעקליכע צייט.

פאַר זיי איז דעמאָלט אויפגעשטאַנען אַ גרויסע לעבענס־פראַגע: וואָס טהוט מען? וואוהין קעהרט מען זיך? וואוהין געהט מען? און אָט די פראַגע איז געשטאַנען נישט נאָר פאַר די אָרימע קלאַסען, נאָר אויך פאַר די סאַמע פערמעגליכע, וואָס האָבען פריהער אַזאַ ברייט לעבען געפיהרט, וואָס האָבען פון קיינע צרות נישט געוואוסט. און אפשר נאָר פאַר די פערמעגליכע האָט זיך די נייע פראַגע אַוועקגעשטעלט אין איהר גאַנצער גרויס.

און אַזוי האָט זיך אַוועקגעצויגען אַ דלות; אַ סך יודישע פאַמיל־יעס זענען געבליבען אָהן ברויט. די, וואָס האָבען נאָך געהאַט געלד, האָבען געגעסען פון גרייטע רובל, און די, וואָס האָבען גאָר קיין געלד נישט געהאַט, זענען געבליבען אָהן ברויט. עס האָט זיך דעמאָלט

געדאַכט, אַז דער קוואַל פון יודישע פּרנסות, וואָס האָט יודען געשפּייזט הונדערטער יאָהרען, האָט אינגאַנצען אויסגעטריקענט און קיין נייע אויסזיכטען אויף פּרנסה איז נישטאָ און וועט אפשר נישט זיין, און מען האָט געמיינט, אַז מען איז שוין פערלוירען אויף אייביג.

נאָר די פּריצים האָבען אויך דאָסזעלבע געמיינט, און אַנדערע פון זיי האָבען זיך נישט געשעמט צו וויינען מיט טרערען.

די גאַנצע פּרנסה איז איצט געבליבען בלויז ביי די שענקערס, וועלכע האָבען פריהער אויך געלעבט פון די פויערים, וואָס פלעגען קומען אַלע זונטאָג אין מאַרק ברענגען וואָס צו פערקויפען און פערשכור'ן. איצט איז נאָך זייער פּרנסה שטאַרקער געוואָרען, די פויערים האָבען זיך שוין פערגונען טרינקען מעהר בראָנפען, פאַר די פּריצים האָבען זיי מעהר קיין מורא נישט געהאַט, טאָמער וועלען זיי זיין שכור מאָנטאָג אויך און וועלען קריגען געשמיסען. אָבער נישט דאָס גאַנצע פאָלק יודען זענען שענקערס; נאָר פונדעסטוועגען זענען די פויערים געוועזען אַ שטיצע נישט בלויז פאַר די שענקערס אַליין.

אַז עס איז געקומען דער ערשטער פרייער ווינטער און די פויערים האָבען נישט געהאַט וואָס צו טהאָן, האָבען זיי זיך אָנגעהויבען לערנען פערשידענע ארבייטען, ווי באָנדעריי, טעפּעריי און דרעסגלייכען, און די פויערטעס האָבען געשפּונען און געוועבט האַנטעכער, טישטיכער, לייווענדען אויף ספּאָדניצעס און האָבען אָנגעהויבען פערדינען געלד. און זונטאָג, אַז זיי פלעגען קומען אויפ'ן מאַרק, האָבען זיי זיך ביסלעכווייז אויסגעלערנט צו קויפען לוקסוס-זאַכען, ווי סטענגעלעך, פּאַטשערקעס, טיכלעך און האָבען אָנגעהויבען אָפּטמאָל צו טראָגען שטיוועל אָנשטאָט לאַפּטיעס.

און ביסלעכווייז האָט מען אין קאַמעניץ צוגעבויט נאָך אַ דריטיג קראָמען און ווער עס האָט געהאַט אַ הויז, האָט געעפענט אַ שענק און מען האָט געלעבט אין דחקות. עס פערשטעהט זיך, יענע יודען, וואָס זייער פּרנסה איז געוועזען נאָר פון די פּריצים, זענען געבליבען אינגאַנצען אָהן פּרנסה.

אין אַ יאָהר אַרום, תרכ״ב, איז אומגעפאָהרען אַ קאָמיסיע פון דער רעגירונג צו בעטיילען די פויערים מיט ערד און צו בעשטעטיגען אויף יעדען פויער די בעוואוסטע קאָנטריבוציע, וואָס ער דאַרף אויס-

ניִשט מיִר, פּאָליאַקען. שווער, אַז דו וועסט אונז זײַן געטרײַ? און טאָמער וועסטו בעגעגענען אויפ'ן וועג דעם רוס, זאָלסטו ניִשט זאָגען, וואו מיִר געפונען זיִך — און גערה!...

פלעגט קומען דער יוד, אָדער די עטליִכע יודען אַהײַם מיִט טויטע פּנים'ער, אָהן אַ טראָפּען לעבען און מיִט זײַער איִיסזעהן דערשרעקען ביִז'ן טויט דאָס ווײַב מיִט די קיִנדער. אַנדערע זענען אפילו גיִך געשטאָרבען פון אַזאַ „שפּיִעל" פון די „גוטע" פּאָליאַקען.

דער קאַמפף איִז געגאַנגען אַזוי. אויב די פּאָליאַקען זענען געוועזען איִן דרײַ מאָל, ציִ איִן פיִער מאָל אַזוי פיִעל איידער די רוסען, דעמאָלט איִז געווען אַ שטאַרקע שלאַכט, ביִז די רוסען, ווי אַ נאָרמאַל מיִליִטער, האָבען זײַ מנצח געווען, אָדער גענומען איִן געפאַנגענשאַפט. אויב אָבער די פּאָליאַקען זענען געווען ניִשט פיִעל מעהר, האָט מען זיִך לאַנג ניִשט געשלאָגען. די פּאָליאַקען האָבען זיִך באַלד אונטערגעגעבען, אָדער צולאָפען. נאָר אָפטמאָל פלעגען די רוסען בעפאַלען דעם גאַנצען וואַלד, אַרומנעהמען איִהם און ביִסלעכווײַז נעהמען אַלע פּאָליאַקען איִן געפאַנגענשאַפט.

אײַנמאָל האָבען די פּאָליאַקען נעבען שטעטיִל טשערנאַוטשיִטש, ניִשט ווײַט פון אונז, אָנגעטהאָן אַ יודען אַ שטריִק אויפ'ן האַלז, ווי זײַער שטײַגער איִז. בעת מעשה איִז אָנגעקומען אַ גאַנצער באַטאַליאָן רוסיִשע זעלנער מיִט אַנ'עסקאַדראָן קאָזאַקען. פּאָליאַקען זענען איִנגאַנצען געווען אַ פּאָר הונדערט און צוויִשען זײַ האָבען זיִך געפונען די גרעסטע יחסנים פּריִצים. מען האָט זײַ אַרומגעריִנגעלט, און אַז די רוסען זענען געקומען נעהנטער, האָבען זײַ דערזעהן, ווי די פּאָליאַקען האַלטען איִן הענגען אַ יודען. דעם יודען האָבען זײַ באַלד בעפרײַט פון דעם שטריִק און דער רוסיִשער פּאָלקאָווניִק, וואָס האָט דערקענט דעם פּויליִשען פּאָלקאָווניִק, האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס האָסטו דעם יודען געוואָלט הענגען?

— מיִר האָבען זיִך געוואָלט לוסטיִג מאַכען, — האָט דער פּויליִשער פּאָלקאָווניִק געענטפערט.

עס פערשטעהט זיִך, אַז דעם רוסיִשען פּאָלקאָווניִק האָט זיִך איִצט געוואָלט לוכטיִג מאַכען איִבער דעם פּויליִשען פּאָלקאָווניִק...

גענעראַל מוראַוויאָוו איִז געוואָרען דיִקטאַטאָר איִבער גאַנץ ליִטאָ.

די אלע געפאנגענע פריצים האט מען אדער פערשמיסען, אדער גע־האנגען און דערשאסען, אדער אריינגעזעצט אין טורמע, אין נאסע קעלערס, וואו מען האט אריינגעלאזט צו זיי מייז און פאצוקעס. מען האט זיי אזוי געפייניגט, אז קיינער האט מעהר ווי דריי חדשים נישט געקענט אויסהאלטען.

צעהן ווארסט פון קאמעניץ, אין טשעמעריער וואלד, איז געוועזען א גרויסע מחנה פאליאקען. אין דער מחנה האט זיך דעמאלט געפונען דער גאנצער אנפיהרער פון אויפשטאנד, וועלכען איך האב שוין איין מאל דערמאהנט, דער פריץ אגינסקי מיט זיין סוויטע, וואס איז בע־שטאנען פון די גרעסטע חראביעס פון ליטא. אגינסקי איז געוועזען קאנ־דידאט אויפ'ן פוילישען טראהן.

פון ערגעץ האט זיך פערשפרייט א קלאנג, נאך ראש־השנה, אז די פאליאקען וועלען אריין צו כל־נדרי אין קאמעניץ און וועלען אויס־שעכטען אלע יודען אין שוהל און אין די בתי־מדרשים, אזוי ווי אין חמעלניצקי'ס צייטען, אין גזירות ת"ח. האט מען זיך שטארק דער־שראקען. נאר דער זיידע אהרן־לייזער האט מעהר אדער ווייניגער בערוהיגט דעם עולם.

— מיר האבען נאך נישט געהערט — האט ער איינגע'טענה'ט מיט'ן עולם, אז די פאליאקען זאלען טהאן די יודען שלעכטס. עס מאכט זיך אמאל, אז זיי שרעקען איבער א יודען מיט'ן טויט, אבער זיי זענען נישט קיין רוצחים, בשום אופן נישט, און מען זאל אין דעם נישט גלויבען. גאוה האבען זיי האלט — דאס יא...

דערנאך זענען געקומען צוויי פאלקען רוסיש מיליטער בראש מיט עפעס א בעריהמטען פאלקאווניק, וואס איז געשיקט געווארען ספעציעל פון פעטערבורג צו חאפען אגינסקי'ן, וואס האט זיך זעהר אויסגעצייכענט געגען די רוסען, און וועגען איהם זענען אפילו פארהאן לעגענדעס ביי יודען, וואס וואוינען אין די ערטער, וואו דער אויפשטאנד איז געוועזען.

דער רוסישער פאלקאווניק האט איהם געוואלט חאפען לעבעדי־געריהייד, וואס דאס האט מען זיך וואהרשיינליך, געוואונשען אין פע־טערבורג. און אט האט אויסגעבראכען די שלאכט אין טשעמעריער וואלד. דאס שיסען האבען מיר געהערט אין קאמעניץ. עס האט לאנג

חאַלאַסט, אויפגעהאָנגען אַ פויליִשען הערב און דערבײַ געשריִען: „וזיעֶנטאַ ראָסיאַ". די פּריִצים־רעוואָלוציאָנערען זענען זיך דערבײַ זעהר „אײַנגענאַרטיִג" בעגאַנגען מיִט יודען.

אין שטאָדט איִז געפאַלען אויף די יודען אַ שרעק, מען האָט מורא געהאַט אַרויסצוגעהן אויף דער גאַס, און דער יוד, וואָס איִז געגאַנגען אין גאַס און געזעהן אַ פויליִשען זעלנער, דאָס הײַסט אַ שליאַכטשיִטש, ניִשט זאָגאַר קײַן אָפיציר, וואָס איִז געוועזען אַ פּריִץ, האָט ער געמוזט אַראָבנעהמען דאָס היִטעל און זיך אײַנבויגען אין דרײַען, מיִט הכנעה, און ווער רעדט — אַן אָפיציר, דאָ האָט ער געמוזט פאַלען אויף אַלע פיִער, זיך בויגען און בוקען, און טאָמער איִז דעם פּריִץ ניִשט געפעלען געוועזען דעם יודענ'ס בוקען זיך, האָט מען איִהם באַלד צוגענומען, געשלעפּט איִהם פאַר דער באָרד, געבראַכט צום פאָלקאָווניִק, יענער זאָל איִהם משפּט'ן. דערווײַל האָט מען געמאַכט חוזק פון דעם יודען, פון זײַנע ציִצית און פון זײַן באָרד און פּאות, מען האָט איִהם געריִסען, אומגעשלײַדערט און אומגעוואָרפען, און דער יוד האָט עס אַלץ בעדאַרפט אויסשטעהן, ביִז דער פאָלקאָווניִק האָט געהײַסען אָבלאָזען דעם זשיִד, וואָס האָט דאָ אויפ'ן אָרט געמוזט שווערען צו זײַן געטרײַ דער פויליִשער רעגיִרונג.

לאַנג פערבלײַבען איִן אַ שטעדטיִל האָבען די מיאַטעזשניִקעס ניִשט געקענט. אין אַ צווײַ, דרײַ טעג אַרום פלעגען קומען רוסיִשע סאָלדאַטען, קאָזאַקען מיִט אַרטיִלעריע, און די פּריִצים פלעגען אַנטלויפען. פיִעל האָבען זיך בעהאַלטען בײַ די יודען אויף די בוידעמ'ס, אין די קעלערס, אין די „פּאָפּיעצען" פאַר היִהנער, אין די אויווענס; און די בעהאַלטענע פּריִצים האָבען אָבער מורא געהאַט, אַז די יודען זאָלען ניִשט אַרויסגעבען, וואו זיי ליִעגען בעהאַלטען, ווען די סאָלדאַטען וועלען די יודען נויטען, און די פּריִצים האָבען מיִטגענומען מיִט זיך אין „פּאָפּיעץ", אָדער ערגעץ אויפ'ן בוידעם אין אַ לאָך — אַ יודען פאַר אַ משכון. עס איִז ניִשט קײַן לעגענדע, וואָס מען דערצעהלט, אַז די פּריִצים, ליִעגענדיִג בעהאַלטען אין די לעכער מיִט די פער־משכונ'טע יודען, האָבען געפאָדערט בעת־מעשה פונ'ם יודען, אַז ער זאָל אַראָבנעהמען דאָס היִטעל און ליִעגען בעהאַלטען מיִט אַ בלויזען קאָפּ, וואָרום ער ליִעגט מיִט אַ פּריִץ! און אַפילו קײַן יאַר־

מאָלקע האָט דער יוד נישט געמאָרט טראָגען אויפ׳ן קאָפּ.

דאָס רוסישע מיליטער האָט געיאָגט די פּריצים, צוהאַנגען און צושמעטערט זיי, נאָר מאַכען מיט איין מאָל אַ סוף איז געווען שווער־קוים זענען די רוסישע סאָלדאַטען אַרוים פון שטאָדט, האָבען זיך ווידער בעוויזען נייע מחנות פּריצים. דאָס גאַנצע יאָהר איז געגאַנגען אַ קאַמפּף צווישען די רוסען און פּאָליאַקען.

אויף די פּויערים איז געפאַלען אַנ׳אימה מיט אַ פּחד, אַז די פּאָליאַקען זאָלען נישט איינגעהמען רוסלאַנד. זיי האָבען מורא געהאַט, אַז דעמאָלט, אויב דאָס וועט מקוים ווערען, וועט צוריק איינגעפיהרט ווערען לייב־קנעכט. זיי האָבען אויך מורא געהאַט אַרויסצוגעהן פון דאָרף, מען זאָל זיי נישט נעהמען מיט געוואַלד אין אויפשטאַנד אַריין.

די פּויערים האָט מען אָבער נישט גענומען, מען האָט זיך אויף זיי נישט אָנגעטרויט. נאָר אַז מען האָט געכאַפּט איינצעלנע פּויערים אויפ׳ן וועג, אָדער אין וואַלד, האָט מען זיי צוגענומען און געגעבען זייטיגע אַרבייט, נישט מיט׳ן ביקס.

אָבער מיט יודען איז צוגעגאַנגען טויזענד מאָל ערגער. אַז מען האָט געכאַפּט אַ יודען, וואָס איז געגאַנגען אין די הויפען, אָדער געפאָהרען ערגעץ פערדינען, האָט ער שוין געהאַט דעם אמת׳ן טויט־שרעק. קודם־כל, האָט מען איהם אָנגעזאָגט, אַז מען וועט איהם הענגען, דערנאָך האָט מען זיך גוט אָנגעלאַכט פון „זשיד" און אַז ווייטער חוזק׳ן האָט מען שוין נישט געקענט, האָט מען גענומען אַ שטריק, לאַנגזאַם אָנגעטהאָן דעם יודען אויפ׳ן האַלז און געהייסען איהם זאָגען וידוי, דערביי איז מען, פערשטעהט זיך, צופאַלען אויף דער ערד, לאַכענדיג.

דער יוד האָט געזאָגט וידוי ביי זייער חיה׳שען געלעכטער. דאָס איז צוגעגאַנגען שרעקליך לאַנגזאַם, אינקוויזיטאָריש, טיראַניש. אין אַ פּאָר שעה אַרום, אַז דער יוד האָט מיט טייכען טרעהרען געענדיגט זיין וידוי און האָט שוין נישט געהאַט קיין כח מעהר צו וויינען, האָט מען איהם אָבגעבונדען די שטריק און געזאָגט:

— זשיד, דו ווייסט דאָך, אַז מיר זענען גוטע מענשען, האָסטו געמיינט, אַז מיר וועלען דיך הענגען? דאָס קען דער רוס, אָבער

— יאַ יעשטשע ניע פּאָדאַמסאַ.

מוראַוויאָוו האָט אַרײַנגעשיקט אין יעדען אויעזד צוויי אָפיציר'ען, וואָאינסקע נאַטשאַלניקעס. יעדער רוסישער אָפיציר'ל איז אַרומגעפּאָהרען, אַרומגערינגעלט מיט אַ סאָטניע קאָזאַקען. אין זיין קאַרעטע איז ער געזעסען בעהאַנגען אַרום זיך מיט אַ סך געוועהר, געפּאָהרען איז ער איבער אַלע הויפען קאָנטראָלירען, וועלכע פּריצים זענען דאָ אין דער-היים, און וועלכע נישט, און אַז ער האָט אַ פּריץ נישט געטראָפען, האָבען די קאָזאַקען געשמיסען די פּריצ'טעס מיט די טעלטער, אַז זיי זאָלען אויסזאָגען, וואו דער פּריץ איז.

אויך האָבען די אָפיצירען געהאַט ביי זיך מעדאַלען פון מוראַוויאָוו'ן, צו געבען יענע פּריצים, וועלכע וועלען אויסזאָגען, וואו עס געפינען זיך די שייקעס פון פּאָליאַקען.

פון אָנפאַנג, ווי געזאָגט, האָבען די פּויערים מורא געהאַט פאַר די פּאָליאַקען. זיי האָבען מורא געהאַט אַרויסצוטרעטען פון דאָרף, טאָמער וועלען זיי די פּאָליאַקען מיט געוואַלד נעהמען אין שלאַכט אַריין. אָבער צום סוף, אַז עס האָט אָנגעהויבען ווערען וואָס ווייטער וועניגער שטרייטענדע פּאָליאַקען און זיי האָבען שוין אויך קיין מוטה נישט געהאַט און אַהיים האָבען זיי נישט געקענט קומען, ווייל זיי זענען שוין געווען פ ע ר צ י י כ ע נ ט ביים וואָאינסקי נאַטשאַלניק, אַז זיי געפינען זיך אין וואַלד — האָבען די פּויערים אָנגעהויבען צו נעהמען נקמה אָן די פּריצים. זיי פלעגען קומען צו זייער פּריץ ביינאַכט, אַרויסגעשלעפּט איהם פון בעט, געבונדען איהם, אָבגעשמיסען, און דערנאָך אַוועקגעפיהרט צום וואָאינסקי נאַטשאַלניק און געזאָגט, אַז זיי האָב איהם געפונען אין וואַלד. וואָס מען האָט דעם פּריץ געטהאָן דערפאַר, איז פערשטענדליך.

אַזוי האָבען די פּויערים גענומען נקמה אָן זייערע פּריצים. אַ סך פּריצים זענען אַריינגעפאַלען צו זייערע פּויערים, געוועזענע לייב-קנעכט, אין די הענד אַריין, און זיי האָבען מיט זיי געטהאָן, וואָס זיי האָבען געוואָלט.

אַ געוואַלדיגע צאָהל פּריצים איז צוּנישטערט געוואָרען: צוהאַנגען, צושאָסען, צו'מזיק'ט, צושטיקט, צושיקט אין סיביר און אין אַלדע

שוואַרץ יאָהר. אַ סך הויפּען איז קאָנפיסקירט געוואָרען, און רוסישע אָפּיציִרען האָבען אָבגעקויפט די גרעסטע מאַיאָנטקעס מיט אַ הונדער־טער, פאַר אַ מאַיאָנטעק, וואָס מען האָט דערנאָך געצאָהלט דריי טוי־זענד רובל אַ יאָהר אַרענדע, האָט דער רוס געגעבען אַ קלייניגקייט, אָדער גאָרנישט.

דער חורבן פון די פּאָליאַקען — איז איינס פון די שרעקליכסטע גרוילען פאַר די לעצטע פאָר הונדערט יאָהר.

געדויערט, און די רוסען האָבען מנצח געווען. נאָר אָגינסקי איז אַנטלאָפען. זיין זעבעל האָט דאָס רוסישע מיליטער געפונען, און איך אַליין האָב איהם געזעהן. דאָס איז געווען זעהר אַן׳אויסטערלישער זעבעל, נישט קיין גרויסער און האַלב אַ רונדער, אַזוי ווי אַ היבשער סערפּ, בעזעצט מיט גרויסע פּערל. דער רוסישער פּאָלקאָווניק האָט איהם געהאַלטען.

דער פּאָלקאָווניק מיט די צוויי פּאָלקען און פיער עסקאַדראָנען קאָזאַקען האָט זיך געלאָזט ווייטער נאָך אָגינסקי׳ן, ביז ער איז געקומען קיין פּינסק. דאָרט האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אַ שלאַכט. די פּאָליאַקען האָבען פערלוירען דעם שלאַכט און אָגינסקי איז ווידער אַנטלאָפען. אַנטלאָפען איז ער אין אַ דאָרף צו אַ פּויער, האָט דעם פּויער געגעבען צעהן הונדערטער, אַז יענער זאָל איהם פערבעהאַלטען ביי זיך. דער פּויער האָט איהם אַריינגעלאָזען אין אויווען און אַליין האָט ער אָבער באַלד געשיקט קיין פּינסק, צום רוסיש מיליטער, אָנזאָגען, אַז ביי איהם האָט זיך בעהאַלטען אָגינסקי. אויף מאָרגען האָט מען איהם גענומען ביי דעם פּויער. איידער מען האָט איהם גענומען, האָט ער צוריסען צוויי הונדערט טויזענד רובל פּאַפּיר-געלד, וואָס ער האָט געהאַט בעהאַלטען ביי זיך. אַזוי איז ער געפאַנגען געוואָרען, און מען האָט איהם געבראַכט קיין פּעטערבורג. נאָכדעם ווי מען האָט געחאַפּט אָגינסקי׳ן, האָבען די פּאָליאַקען פערלוירען דעם מוטה און זיי האָבען שוין נישט אַרויסגעשטעלט קיין גרויסע אַרמעע אויף אַ פּלאַץ, נאָר אין די וועלדער, צו ביסלעכווייז, און אַזוי האָט זיי מוראַוויאָוו דערשטיקט.

מיין פּעטער, ר׳ ליפּע׳ס אַ זוהן, איז געווען אַ סעמיאַטיטשער איידעם און האָט דאָרטען געוואוינט. מיט אַמאָל איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז אַהין זענען געקומען פּאָליאַקען אַ טויזענד פינף הונדערט מאַן, ווי דער שטיינער איז, איבערגעביטען די אָדלערס און שוין איינגענומען רוסלאַנד. אין גיכען איז געקומען אַ גאַנצער פּאָלק זעלנער מיט קאָזאַקען און אַרומגערינגעלט גאַנץ סעמיאַטיטש, צושאָסען אַלע יודען מיט די פּאָליאַקען צוזאַמען. אַזאַ קלאַנג איז אַרויס. איז געוואָרען ביים פּעטער אין שטוב אַ געוויין. דער פּעטער האָט זיך איינגעשטעלט און געפאָהרען קיין סעמיאַטיטש. ער איז געקומען אַהין צוויי טעג נאָך דער שלאַכט, און אַז ער איז אַריין אין שטאָדט, איז ווירקליך געווען

עהנליך אן דעם. אומעטום איז געווען וויסט און לעער, מען האט נישט געזעהן קיין לעבעדיגען נפש אין די אויגען. אויף יעדער שריט און טריט האבען זיך געוואלגערט גע׳הרג׳עטע פאליאקען. אנדערע האבען זיך נאך געווארפען אין אגאניע. ער געהט א ביסעל ווייטער, דערזעהט ער א יודען, געהענדיג. פרעגט ער, א טויט דערשראקענער:

— וואו זענען אלע סעמיאטיטשער איינוואוינער?

זאגט דער יוד:

— זיי ליגען אלע אויפ׳ן בית-עולם.

און דער יוד האט איהם אוועקגעפיהרט אהין. דארט האט ער געפונען זיין זוהן מיט דער שנוהר און קינדערלעך. דאס איז געווען אזוי: דאס רוסישע מיליטער האט ארומגערינגעלט די שטאדט. די פאליאקען, אז זיי האבען דערזעהן דאס רוסישע מיליטער, האבען זיי זיך גאר נישט געשלאגען און דער פאלקאווניק האט געהייסען אלע איינוואוינער פון שטאדט, אז זיי זאלען פערלאזען זייערע הייזער און ארויף אויפ׳ן בית-עולם. האט מען אזוי געטהאן: יודען זענען ארויף אויף זייער בית-עולם, און די פראוואסלאווע אויף זייער בית-עולם. און איצט האט זיך אנגעהויבען די שלאכט, אין וועלכער עס זענען געפאלען אלע פאליאקען ביז איינעם. דער פאלקאווניק האט געהאט א בעפעהל נישט צו נעהמען געפאנגען, ווייל אלע טורמעס זענען שוין געווען פול געפאקט. בעסער הרג׳ענען.

און די איינוואוינערס האבען געווארט אויף די בית-עולם׳ס, ביז דער פאלקאווניק וועט זיי הייסען אומקעהרען זיך אהיים. אויפ׳ן דריטען טאג האט ער געהייסען אלעמען געהן אהיים.

דער פעטער האט דערצעהלט, אז עס האט קיינעם נישט געשאט, נאר איין יוד, ר׳ דוד דער ברייטער, איז גע׳הרג׳עט געווארען. איך האב שוין געשריבען וועגען איהם.

די פאליאקען האבען זיך העלדיש, מיט גרוים מוטה געראנגעלט. בשעת די יודען זענען געגאנגען פון בית-עולם, האבען זיי געזעהן אויף דער ערד ליעגענדיג געטויטע און פערוואונדעטע פאליאקען. איין פאליאק, האט דערצעהלט דער פעטער, איז געלעגען אויף דער ערד מיט אנ׳אויפגעשניטענעם בויך. ער האט גע׳גוסס׳ט און האט דאך געשעפטשעט מיט די לעצטע כחות:

שוין געטראָפען דעם פּריץ מיט אַ מעדאַל און ער גיט דעם רב אַכצעהן רובּל אויף ר׳ מאיר בעל־הנס.

אין ניכען איז בּעקאַנט געוואָרען די מעשה, און דעם רבּ׳ס פאָר־אויסזאָגונג איז אָנגענומען געוואָרען פאַר אַ מין מופת.

נאָר אין שטאָדט און אין דער אומגעגענד האָט מען צוטראָגען דעם „מופת״ נאָך מיט אַכצעהן ליגענס און דערפון איז פלוצלונג דער רב אויסגעוואַקסען געוואָרען פאַר אַנ׳עכטען בּעל־מופת. מען האָט איהם שוין נישט געלאָזען רוהען. איז אַ ווייבּעל געגאַנגען צו קינד, איז מען געקומען בּעטען און וויינען פאַר׳ן רב, ער זאָל מתפלל זיין און אין עטליכע שעה אַרום איז מען געקומען אָבּגעבּען מזל־טוב דעם רבּי, אַז דאָס ווייבּעל האָט נעלונגען געהאַט אַ יונגעל צי אַ מיידעל. און אַז עמיצער איז קראַנק געוואָרען, האָט מען זיך בּאַלד געווענדט צום רב און ער האָט שוין געשטעלט אַ פּושקע אויף ר׳ מאיר בּעל־הנס, וואוהין מען פלעגט אַריינוואַרפען ווי איינער האָט געקענט; נאָר דער קראַנקער איז געזונד געוואָרען, און דעם רבּ׳ס נאָמען האָט גע־קלונגען און געקלונגען, אַז ער איז פּראָסט מחיה־מתים און טהוט כּל הוואונדער.

דערווייל האָט מען שוין איבּערגעשלאָגען דאָס לערנען, און איך בּין שוין אויך געוואָרען אַ מין בּעל־מופת אַרום פעטער. מחמת איך פלעג נישט קענען הערען פון די ווייבּער זייערע ריידעניישען מיט די בּעטעניישען און מיט׳ן טויזענדער מאָל איבּער׳חזר׳ן איין זאַך, פלעג איך זיי זאָגען מעשה בּעל־מופת:

— דער רב גיט דאָך אייך אַ בּרכה, טאָ געהט אייך אַהיים, גאָט וועט מסתמא העלפען. העלפען...

נאָכ׳ן אויפשטאַנד, וואָס האָט געמוזט צוליעבּ׳ן טומעל אויפהאַל־טען דעם רבּ׳ס פּאָפּולאַריטעט אַלס בּעל־מופת, האָט מען אָנגעהויבּען קומען צום רב פון בּריסק ממש אויף צעהנדליגער בּריטשקעס. מען האָט זיך געשאָטען פון אַלע זייטען אַזוי, אַז מיר האָבּען שוין נישט געקענט לערנען. האָט שוין דער רב געמאַכט, מיר זאָלען לערנען פיער שעה אין טאָג, פון צוועלף בּיז פיער. דעמאָלט האָבּ איך פער־קייטעלט די טהיר און געלערנט פאַר איהם, און דער גאַנצער שוהל־הויף איז געוועזען שוואַרץ פון מענשען. דאָס האָט מען געוואַרט

אויפ׳ן בעל-מופת, און וואס א טאג ווייטער איז דער עולם געווארען אלץ איינגער און געדיכטער. מען האט שוין אנגעהויבען פאהרען פון ביאליסטאק און עס איז אוועק אזוי ווייט, אז דער רב האט געמוזט שיקען נאך זיין זוהן שמחה׳ן פון פינסק. יענער איז געקומען צופאהרען מיט זיין ווייב און קינדער, און אנגעהויבען האט זיך שוין מיט קוויטלעך און מיט צעטלעך, וועלכע דער זוהן האט שוין געשריבען און מען האט אויך בעדארפט האבען נאך א מענשען, וואס זאל ארומגעהן ארום די קליענטען. דער מענש, בייגוש דער שמש, איז שוין אבער באלד אויך ווייניג געווען, האט מען צוגענומען זיין זוהן, יענער זאל איהם העלפען שטעהן ביים טהיר, נישט אריינלאזען אלעמען מיט אמאל — און די אונגאטירליכע מופתים האבען זיך געמעהרט.

אין יענער צייט האט געשפילט א גרויסע ראליע פון א בעל-מופת דער סיחעוויזשער רבי. איז ער געווען דער גרעסטער בעל-מופת פון אלע רביים. באלד איז אבער געווארען דער קאמעניצער רב דער גרעסטער און איך האב שוין נישט געלערנט מיט איהם. איך האב מיט קיינעם נישט געלערנט, נאר געהאלטען אין איין צוגרייטען זיך צו א וכוח מיט׳ן טאטען און מיט אלע חסידים וועגען חסידות און מתנגדות.

נאכ׳ן אויפשטאנד האט די רעגירונג בטל געמאכט אלע פריצ׳ישע פראפינאציעס און בתוכם אויך די קאמעניצער ארענדע. זענען מיר שוין געבליבען אינגאנצען אהן פרנסה, נאר באלד איז געווארען לייכטער אין יודישען תחום, עס האט א וועהע געטהאן מיט א פרייען ווינדטעל, סיי אין מאטעריעלען, סיי אין גייסטיגען זין און ביי יודען האט זיך אנגעהויבען א נייע עפאכע. אנשטאט וואס פריהער האבען יודען בלויז בעדארפט זיך דרעהען ארום פריץ, וועלכער איז געווען די איינציגע קוועלע פון יודישער פרנסה, זענען איצט די פערמעגליכע יודען געווארען אליין פריצים: גרויסע וואלד-סוחרים און תבואה-סוחרים, מען האט זיך אין כלל גענומען צום גרויסען מסחר.

נאכ׳ן אויפשטאנד זענען כמעט נייצניג פראצענט הויפען געבליבען ביי די פריצ׳טעס אין די הענד. די פריצים זענען טראגיש אומגעקומען און די פריצ׳טעס, וואס זענען געבליבען אליין, האבען נישט

## צווי=און=צוואנציגסטעס קאפיטעל.

מיין פעטער אלם בעל=מופת. — בעדיל=בענדעט און סיחאווסקי. — דער קראנג וועגען מופת. — זיין שם אין דער סביבה. —דעם זיידענ׳ס פלאן. —די לאגע פון יודען נאכ׳ן אויפשטאנד.

אין דער צייט פון אויפשטאנד, ווי געזאגט, איז די יודישע לאגע געווען אויסערסט שלעכט. עס איז נישט געווען קיין פרנסה, די קרא-מען האבען געפוסטעוועט. פריצים און פויערים זענען נישט געקומען אין שטאדט. די לעצטע האבען מורא געהאט פאר די באנדעס פאליא-קען — און דער יודישער דלות איז געווען אין לשער. יודען האבען מורא געהאט ארויסצוגעהן פון שטעדטיל און אלע קוואלען פון פרנסה האט זיך אויסגענומען.

בעלי-מלאכות זענען צופאהרען קיין אדעס און אין וואהלינער געגענד, מען האט פערקויפט הייזער אויף ברויט, מען האט פערקויפט און פערזעצט, וואס איינער האט געהאט, אבי צו דערהאלטען זיך ביים לעבען.

די איינציגע האפנונג איז געווען, אז דער נישט-גלייכער שטרייט וועט לאנג נישט דויערן: דער שטארקער רוס וועט מסתמא מנצח זיין די פאליאקען, און דערנאך וועט זיך אפשר ווידער אנהויבען א לעבען,

און נאָט וועט ווידער העלפען, אַזוי ווי ער האָט ביז איצט נישט פערלאָזען. אַזוי האָבען די יודען מסדר געווען אין די בתי-מדרשים.

אָבער דערווייל האָבען די יודען, נערוועזע, געפאַלענע, צורודערטע, אַרומגעבלאָנקעט אין דרויסען, גערעדט בסדר פון אויפשטאַנד און זיך צוגעהערט צו יעדער פאָליטישער נייעס.

איך האָב דעמאָלט געלערנט מיט מיין פעטער, דעם רב. און אין דער צייט, געדענק איך, איז צום רב געקומען צופאָהרען דער פעטער בעריל-בענדעט, שרעקליך אויפגערעגט און פערסאָפּעט, און דערצעהלט, ווי צו זיין פריץ סיחאָוווסקי'ן איז געקומען היינטיגע נאַכט אַ שייקע פריצים, געגעסען און געטרונקען און נאָך צוגענומען ביי איהם דריי טויזענד רובל. וועגען דעם האָט ער, וועלענדיג ריין מאַכען דעם פריצ'ס נאָמען, געמעלדעט דעם וואָאינסקי נאַטשאַלניק אין שערשאָוו און לויט'ן אוקאַז פון מוראַוויאָוו'ן קומט דעם פריץ אַ מעדאַל. נאָר דער וואָאינסקי נאַטשאַלניק, אָנשטאָט צו שיקען אַ מעדאַל, האָט געשיקט נאָך דעם פריץ דריי קאָזאַקען, אַז זיי זאָלען איהם ברענגען, און בעריל-בענדעט האָט מורא, אַז מען זאָל קיין שלעכטס נישט טהאָן דעם פריץ.

על-כן זאָל דער רב בעטען, אַז דער פריץ זאָל בעפרייט ווערען און אַז דעם רב'ס תפילות וועלען אָנגענומען ווערען, גיט ער, בעריל-בענדעט, אויף ר' מאיר בעל-הנס אכצעהן רובל.

אָבער דער רב, וואָס איז געווען אַ חכם, האָט אַפּנים פערשטאַנען, אַז מען וועט דעם פריץ קיין שלעכטס נישט טהאָן און ער האָט מעהר נישט געפרעגט:

— וויפיעל מייל איז פון הויף טשעכטשאָווע קיין שערשאָוו און וויפיעל מייל קיין קאַמעניץ.

— פון הויף קיין שערשאָוו — צוויי מייל און דריי מייל קיין קאַמעניץ.

— נו, — האָט געזאָגט דער רב — אַז איהר וועט קומען אַהיים, וועט איהר שוין אַודאַי טרעפען דעם פריץ מיט אַ מעדאַל.

אין עטליכע שעה אַרום איז טאַקע געקומען צום רב ישראל-אהרן, בעריל-בענדעט'ס איידעם, מיט אַ שמחה, אַז דער שוועהר האָט

געוואוסט און נישט געקענט אנהויבען פיהרען זייערע הויפען מיט די געדונגענע ארבייטער פויערים, וועלכע זענען פריהער געווען זייערע לייב-קנעכט. די דאזיגע דאמען, וואס זענען געוועהנט געווען צו לעבען א ברייט לוקסוס-לעבען און זענען לויטער געווען פערנומען מיט בעלער און קאקעטעריי, האבען בשום אופן נישט געקענט ווערען מיטאמאל און נאך אהן די מאנען גוטע בעלי-הבית'טעס און האבען אנ'ערנכטען בעגריף אין לאנד-ווירטשאפט.

דעם זיידען איז דעם ערשטען איינגעפאלען דער פלאן קומען צו הילף די פריצ'טעס, וואס וועט שוין אין איין גאנג זיין א פעולה פאר יודען אויך. דהיינו, יודען וועלען נעהמען ביי די פריצ'טעס אין דער ארענדע הויפען, וועלכע די פריצ'טעס קענען נישט פיהרען, זיי וועלען ממש דערמיט געהאלפען ווערען, וועלען בעקומען א יעהרליכע זיכערע אבצאהלונג און וועלען נישט זיין געצוואונגען צו זארגען פאר די צונישטערטע הויפען. עס וועט זיי ארויב א שטיין פון הארצען.

דער זיידע איז באלד ארויסגעפאהרען צו זיינע בעקאנטע פריצים און האט פארגעלעגט זיי דעם אויבענדערמאהנטען פלאן. ער האט זיי געגעבען צו דערקלערן, אז ביי דער איצטיגער שווערער צייט איז זעהר גלייך, אז זיי זאלען פערדינגען זייערע מאיאנטקעס די יודען, און די פריצ'טעס וועט פינקטליך אריינגעטראגען ווערען א געוויסע הכנסה. דאסזעלבע אויך מיט דער קלייניער צאהל פריצים, וואס זענען געבליבען נאכ'ן אויפשטאנד צובראכענע אין דער-היים. יענע האבען פון צובראכענקייט נישט געקענט אנהויבען פיהרען די ווירטשאפט מיט די ארבייטער-פויערים, זייערע געוועזענע לייב-קנעכט, און פאר זיי איז אויך גלייכער געווען צו פערדינגען די מאיאנטקעס אין ארענדע. עס פערשטעהט זיך, אז די עצה איז געווען דעמאלט פאר די פריצ'טעס און פריצים זעהר א גוטע, ממש דאס לעבען אליין האט עס דיקטירט.

דער זיידע האט טאקע באלד געדונגען עטליכע הויפען, פאר יעדען קינד א בעזונדערן הויף. פאר זיך האט ער געדונגען דעם הויף „פרוסקע", (פארהאן צוויי „פרוסקעס": איינע האט געהערט צו אסערעווסקי'ן און איינע צו ווילעווינסקי'ן) ביי ווילעווינסקי'ן, פיער וויארסט פון קאמעניץ, א הויף מיט א ברויז צוזאמען. די ערשטע יאהרען האט זיין פאמיליע געוואוינט אין שטאדט און ער אליין איז דארט געזעסען מיט

אַ מענשען כּמעט די גאַנצע וואָך, גאָר אויף שבּת פלעגט ער קומען אַהיים.

און אַזוי האָבּען אָנגעהויבּען די פערמעגליכע יודען צו דינגען הויפען און אין אַ קורצער צײַט זענען די הויפען פון גראָדנער גובּערניע, אוּדאַי בּײַ אַ פינף-און-זעכציג פראָצענט בּעזעצט געוואָרען מיט יודען, און מען קען זאָגען, אַז די פריצ'טעם מיט די עטליכע פריצים זענען געווען זעהר צופרידען פון די יודען, די פריש-אויסגעבּאַקענע ערד-בּעזיצער.

פון אָנפאַנג האָט מען געדונגען די הויפען בּיליג, דערנאָך אָבּער, אַז עס האָט אָנגעהויבּען צו שטײַגען דער מקח אויף תּבוּאות, האָט מען די אַרענדע אויף הויפען אַרײַנגעטריבּען אין אַזעלכע גרויסע פרײַזען, אַז אין אַ צעהן יאָהר אַרום האָבּען שוין די יודישע אַרענדאַטאָרען געמאַכט נישט אַזוינע גוטע געשעפטען פון זײַער ערד-אַרבּײַט.

אויך האָבּען די פריצ'טעם מיט די פריצים אָנגעהויבּען פערקויפען די וועלדער און מאַכען אַלץ צו געלד. דאָס האָט אויך נישט אויסגעמידען קײַן יודען, וואָס זענען געוואָרען גרויסע וואַלד-סוחרים. זײַ האָבּען געקויפט פערשידען וואַלד-געהילץ סײַ צו פערקויפען אויפ'ן אָרט גופא, סײַ צום בּויען הײַזער. בּוי-מאַטעריאַלען האָבּען זײַ געליפערט אין אַלע גרויסע שטעדט, און עס איז אַוועק אַ לעבּעדיג געשעפט. גרויסע געהילץ-טראַנספּאָרטען האָבּען זײַ אויך געשיקט קײַן דאַנציג.

מיט וואַלד איז אויך געווען ווי מיט מאַיאָנטקעס. פון אָנפאַנג האָט מען געקויפט די וועלדער זעהר בּיליג, דהיינו, צוויי, דרײַ הונדערט רוּבּל האָט געקאָסט אַ דעסיאַטין גוטער וואַלד. אָבּער אין עטליכע יאָהר אַרום האָבּען די וואַלד-פרײַזען שרעקליך געשטיגען. די יודען אַלײַן האָבּען געהעכערט די פרײַזען. קויפען אַ וואַלד זענען געקומען צעהנדליגער סוחרים און די קאָנקורענץ האָט טײַלווײַז קאַליע געמאַכט דעם האַנדעל. איצט האָט אַ דעסיאַטין וואַלד געקאָסט נישט צוויי, דרײַ הונדערט רוּבּל, נאָר — גאַנצע צוועלף!...

און אין דער צײַט האָט קאַזנאַ אויך אָנגעהויבּען צו פערקויפען איהרע וועלדער, דעסיאַטינעס-ווײַז און אויך די קאָנפיסקירטע וועלדער פון די פריצים. קאַזנאַ האָט זיך דעמאָלט נישט אַזוי בּעצויגען צו די

יודען, ווי איצט. און האט געהאנדעלט מיט יודען, ווי מיט נישט יודען.

נאכ'ן אויפשטאנד האט מוראוויאוו ארויסגעגעבען אנ'אוקאז, אז פאליאקען טארען נישט קויפען קיין ערד אין ליטא. ער האט אבער אויך נישט פערגעסען אן יודען, וועלכע טארען אויך נישט קויפען, לויט זיין אוקאז, און דאס האט געשטעלט די יודען א צוים אויפ'ן וועג צום לעבען און צו פרנסה.

נאר גענוג איז, אז יודען האבען אין דער דאזיגער אינטערעסאנטער צייט אין א סך ערטער אויפגעשטעלט ברויזען פון בראנפען און ביער, גרויסע וואסער-מיהלען, ווינד-מיהלען, פערד-מיהלען, אליוועס, מאליארנעס א. ז. וו. זיי האבען געלאזט האדעווען גרויסע סטאדעס פון פיה: שעבסען, בהמות, אקסען א. ד. ג. די סטאדעס האבען פעטער געמאכט די ערד דורך זייער מיסט און אנשטאט דעם, וואס פריהער, פאר די פריצים, האט די ערד ארויסגעגעבען פיער שאק סנאפעס פון מארג, האט זי איצט ארויסגעגעבען זעקס שאק סנאפעס. יודען האבען געהאט גרויסע פאקטען, אויך האבען זיי געהאדעוועט פערד און זיך געסטארעט צו קריגען די בעסטע סארטען פערד, כדי עס זאל ארוים א גוטער דור. אויך האבען זיי אויסגעשריבען מאשינעס צו אקערן די ערד, מיט פערשידענע פערפאלקאמענהייטען, וואס האט זיי אין א סך פרטים פערלייכטערט און פערשנעלערט די ארבייט.

די מאיאנטקעס האבען גאר געקראגען אנ'אנדער אויסזעהן. די ערד איז פעטער געווארען און פון יעדער קלייניגקייט האבען זיי געמאכט געלד. די תבואה אליין איז געוועזן א קלייניגער פראדוקט אנטקעגען די אלע פערשידענע פראדוקטען, וואס יודען האבען ארויסגעצויגען פון די מאיאנטקעס מיט זייער ענערגיע, פעהיגקייט און ארבייט. זיי זענען געלעגען אין נעשעפט טאג און נאכט, האבען אלץ געזוכט מיטלען ווי אזוי ארויסצוציהען מעהר יניקה פון דער נאטור מיט פערשידענע קאמבינאציעס.

די פריצים, וואס זענען געקומען אין א געוויסער צייט ארום צוריק אהיים, אויסגעמוטשעטע און אויסגעפייניגטע פון די טורמעס און סיביר, האבען נישט דערקאנט זייערע אייגענע גיטער. אלץ האט גאר

געהאט אַנ'אַנדער מראה: שען, ריין, ציכטיג, מיט פיעל נייע בודינקעס, נייע מאַשינען און נייע שטאַהלען.

די פריצים האָבען זיך ממש געצלמ'ט. קוקענדיג אויף דעם גן־עדן, וואָס די „ושירעס" האָבען געמאַכט פון זייערע מאַיאָנטקעס. די פריצ'טעס, ווידער, האָבען געלויבט פאַר די מאַנען די יודישע ענערגישע אַלע אַרבייטען. ער, דער מאַן, אַרבייט טאָג און נאַכט, זיינע זיהן אַרבייטען, זיינע שניהר, טעכטער און איידים'ס אַרבייטען. אַלץ אַרבייט און קיין זאך געהט נישט ביי זיי לאבוד. נישט ווי ביי זיי, די פריצים. וואָס האָבען זיי געוואוסט? זיי האָבען זיך נאָר פערלאָזט אויפ'ן עקאָנאָם, דעם שכור.

די פריצ'טע דערצעהלט, אַז זי נעהמט שוין היינט פאַר'ן מאַיאָנטעק דריי טויזענד־פינף־הונדערט רובל אַ יאָהר, אָנשטאָט דעם, וואָס פון אָנהויב האָט זי גענומען טויזענד, צוויי הונדערט.

אַנדערע פריצים האָט אָנגענומען אַ קנאה, האָבען זיי אָבגעזאָגט די יודען און אַליין זיך גענומען פאַר דער אַרבייט. זיי האָבען זיך צוגעקוקט צו די אַלע אָרדנונגען, צו דעם פיהרען פון יודען און האָבען אויך אַזוי גענומען פיהרען. אָבער ס'האָט נישט געדויערט קיין צוויי, דריי יאָהר און אין מאַיאָנטעק איז געוואָרען אַנ'איבערקעהרעניש. עס איז נישט דאָס, עס טויג נישט, עס איז שוין אָבגעלאָזט און עס ווערט וואָס ווייטער ערגער און זיי האָבען צוריק פערדונגען די הויפען צו יודען.

די דאָזיגע צייט צייכענט זיך אָבער אויס נישט בלויז מיט מסחר אַליין, וואָרום אין דערזועלבער צייט האָבען יודען זיך אויך גענומען צו בילדונג. די רעגירונג האָט געעפענט פאַר די יודען אַלע לעהר־שולען. מאַסען יודען זענען געוואָרען דאָקטוירים, יוריסטען, אינזשענערען. די רעגירונג האָט צוגעלאָזען די יודען אפילו צו רעגירונגס־שטעלען, און אין פיעל שטעדט זענען יודען געוועזען סלעדאָוואַטעלעס, דאָקטוירים מיט טיטולען פון פאָלקאָווניקעס, גענעראַלען א. ז. וו.

עס איז זיכער, אַז דאָס איז געוועזען די בעסטע צייט פאַר יודען אין רוסלאַנד־גלות. יודען זענען דעמאָלט צופאָהרען אין אַלע רוסישע גרויסע שטעדט און האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען אומעטום גרויסע געשעפטען. אין מאָסקווע איז אין אַ קורצע צייט געוואָרען אַ גרויסע

יודישע קהלה פון אַ פופציג טויזענד יודען, וואס האָבען אַ סך אויפגעטהאָן פאַר דער ענטוויקלונג פון דער מאָסקווער אינדוסטריע.

אין קיעוו האָט כּאַר ניקאָלאַי דעם ערשטען אַ יוד מורא געהאַט צו געהן אין גאַס. די בערלינטשיקעס פון פינסק קיין ניקאָלאַיעוו, פאַרבּייַשווימענדיג קיעוו אויפ'ן דניעפּר, האָבען געשלאָפען אין די קאַיוטעס. זיי האָבען מורא געהאַט צו געהן נעכטיגען אין אַ האָטעל אין שטאָדט, און טאָמער האָט עמיצער פאָרט גענעכטיגט אין אַ האָטעל, האָט ער מורא געהאַט אַרויסצעווייַזען דעם קאָפּ אין אַנ'אָפענעם פענסטער. אַז אַ יוד איז געגאַנגען זונטאָג קויפען סחורה, געווענליך, בּיי אַ רוס, וואָרום קיין יודישער קרעמער איז דאָרט נישט געווען, האָט ער בּאַלד געמוזט צאָהלען אַקוראַט אַזוי פיעל, וויפיעל דער קרעמער האָט געבעטען, און טאָמער האָט ער זיך ערלויבּט צו זאָגען עטוואָס ווייניגער, איז שוין געווען אַז-אָח-און-וועה צו איהם. ער האָט בּאַלד געקראָגען אין די צייהן, אָדער מען האָט איהם בּאַלד צובּלוטיגט און צושעדיגט, און דער אומזיסט-געשלאָגענער האָט נישט געטאָרט רידען אַ וואָרט. וואָרום ער טאָר דאָך דאָ, אויף דעם אָרט, נישט שטעהן!... כּמעט פונקט דאָסזעלבּע, וואָס מען זעהט איצט.

אָבער שפּעטער, פאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, איז אין קיעוו געוואָרען אַ יודישע קהלה פון אַ פופציג טויזענד נפשות. צווישען זיי זענען געווען מיליאָנערן, צוקער-פאַבּריקאַנטען. די גרעסטע בּאָקאַלייבעשעפטען האָבען דעמאָלט אין קיעוו אויפגעבּליהט.

נאָכ'ן אויפשטאַנד, אַז די אַרענדע פון די שטעדט איז בּטל געוואָרען, האָבען מיר אָנגעדונגען הויפען, זיך גענומען צו בּעאַרבּייטען פעלדער, און מען האָט קוים געצויגען חיונה, וואָס מיר זעהען נאָר נישט געוועהנט געווען. דאָ האָט שוין דעם ווידענס חכמה נישט געהאָלפען. נישטאָ קיין פריצים! דער ווידע האָט זיך קיינמאָל נישט פערזאָרגט מיט געלד, ער האָט געמיינט, ער וועט אייבּיג האָבען די שטאָדטישע אַרענדע מיט די פריצים.

אין די הויפען זענען מיר נאָך נישט אַרויסגעפאָהרען. ס'איז נאָך געווען אַ שאַנדע צו וואוינען אין דאָרף. האָבען מיר געהאַלטען מענשען אין די הויפען און אַליין פלעגען מיר אַלע טאָג צופאָהרען אהין.

## דריי־און־צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

ערב מיין חתונה. — געזעהן די כלה. — דאָס שטעלען פריהער דעם פוס. — „גלייך, גלייך!" — אַנ'עסק מיט חסידים און מתנגדים. ביי מיין חתונה. — די דרשה. —

אין תר"כה (אין 1865־טען יאָהר) האָט דער טאַטע אָנגעהויבען צו־טרייבען, אז מען זאָל מיך גיכער חתונה מאַכען, ווארום איך בין שוין אַנ'אַלטער בחור, זיעבעצעהן יאָהר אַלט, אז ס'איז פּשוט אַ שאַנדע פאַר לייטען. מען האָט אָבגעלעגט די חתונה אויף אלול. די חתונה זאָל זיין ביי אונז, ווייל די כלה איז אַ יתומה, אָהן אַ טאַטען און אָהן אַ מאַמען. דאַרף מען מיר אָנהויבען מאַכען אַ גאַרדעראָבע. ווילט זיך דעם טאַטען, אז איך זאָל געהן צו דער חופּה אין פּאַנטאָפּעל און זאָקען מיט אַנ'אַטלעסענער קאַפּאָטע. דערצו וויל ער אויסמיידען די קאָברינער כלי־זמר, ווייל טודרוס דער בדחן איז אַ מתנגד. בעסער וויל ער נעהמען די בריסקער כלי־זמר, וואָס ביי זיי שטעהט אין דער שפּיץ אַ בעוואוסטער כלי־זמר, אַ חסיד, מיט אַ בדחן אַ חסיד. האָב איך אַ פּאָר חדשים פאַר דער חתונה געאַרבייט און געקאָכט זיך און געחיינט, אז איך זאָל נישט געהן אין פּאַנטאָפּעל און זאָקען צו דער חופּה, און אז נאָר שעבסעל'ס כלי־זמר זאָלען זיין אויף דער חתונה.

מיט גרויסע שוועריגקייטען און מיט דער הילף פון דעם בן-יחיד אריה-ליב האָב איך אויסגעפיהרט, אַז איך זאָל געהן אין שטיוועל צו דער חופּה, און שעכסעל'ס כּלי-זמר זענען געקומען דאָנערשטאָג, אַ טאָג פאַר דער חופּה.

דאָנערשטאָג איז אויך געקומען די כּלה מיט די מחותּנים. זיי זענען פערפאָהרען צום פעטער מרדכי-לייב, וואָס ביי איהם האָט בעדאַרפט זיין די גאַנצע חתונה. דעמאָלט איז געווען אַ מנהג, אַז אין דעם טאָג פון דער חופּה, צוועלף אַ זייגער, פלעגען זיך צונויפקומען ווייבער מיט מיידלעך טאַנצען, און די כּלי-זמר שפּיעלען עטליכע שעה. דאָס איז ביי דער כּלה. דערנאָך, פאַרנאַכט, פלעגען זיך צונויפקומען די מאַנסביל און פלעגען געהן מיט די כּלי-זמר צום חתן אויפ'ן קבּלת-פּנים, און דער חתן פלעגט זאָגען אַ דרשה, דערביי עסט מען לעקעך מיט איינגעמאַכטס און מען מאַכט אַ שנעפּסיל. דערנאָך פיהרט מען דעם חתן מיט די כּלי-זמר אין גאַס אַריין צו דער כּלה-בעדעקען, דערנאָך פיהרט מען דעם חתן מיט כּלי-זמר אין בית-המדרש אַריין צו דער חופּה, און פון דער חופּה געהט דער גאַנצער עולם מיט די כּלי-זמר צו דער כּלה אַהיים. דאָרטען קומט שוין די וועטשערע מיט די טענץ און מען הוליעט אָב ביז טאָג.

און אַז די חתונה איז פרייטאָג פאַרנאַכט, פיהרט דער עולם מיט די כּלי-זמר אָב חתן-כּלה פון דער חופּה אַהיים און דערנאָך געהט דער עולם אַוועק דאַווענען, און קומט זיך דערנאָך צונויף אויף שבעת-ימי-המשתה. נישט אַלע, פערשטעהט זיך, קומען. אויף מאָרגען, שבת, קומען אַלע גוטע פריינד מיט די מחותּנים צום חתן און מען פיהרט איהם אין בית-המדרש אַריין, וואו מען „רופט איהם אויף" צו קריאת התּורה און די טענץ מיט דער וועטשערע מאַכט מען שבת-צונאַכט.

מיין טאַטע, דער חסיד, האָט נישט געפונען פאַר נויטיג מיר צו ווייזען די כּלה פאַר דער חופּה. אַז זי איז געקומען צופאָהרען, איז די גאַנצע פאַמיליע, פון קליין ביז גרויס, געגאַנגען זי זעהען, אויסער מיך. אַלע זענען איינגענטליך געלאָפען זעהן די כּלה, די גאַנצע שטאָדט, און אַלע זענען געקומען מיר אָנזאָגען די שמחה, אַז די כּלה איז זעהר אַ שענע... זי האָט נישט קיין איין שפּרינקעלע אויפ'ן פּנים,

עס זענען אָבער געווען אַזוינע, וואָס האָבען זיך געשפּאַרט, איז געבליבען מען זאָל נאָכאַמאָל געהן אָנקוקען די כּלה, און ווידער איז מען געקומען מיט אַ שמחה און בעשטעטיגט, אַז קיין איין שפּרינקעלע איז נישטאָ אויפ'ן פּנים, און איך האָב געהאַט קרענקונג, וואָס מ'ווייזט מיר נישט די כּלה.

איך האָב געבעטען דעם בן-יחיד אריה-ליב'ן, דער איינציגער מענש, וואָס קען טהאָן אַ טובה אין אַ נויט, געהן מיט מיר צום פעטער זעהן די כּלה. און אויף מאָרגען פריה, איידער די ווייבער זענען זיך צונויפגעקומען, האָב איך געזעהן די כּלה ביים פעטער אין שטוב. זי איז ווירקליך געווען אַ שענע. איך האָב זיך עטוואָס פערלוירען און דאָך האָב איך איהר מוטהיג געזאָגט מזל-טוב און געפרעגט, וואָס זי מאַכט...

איך האָב זיך געוואָלט אַנידערזעצען, כּדי איך זאָל נאָך אַ ביסעל קענען קוקען אויף איהר שען געזיכט, אָבער אריה-ליב האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנד און געזאָגט:

— קום, זיצען איצט ביי דער כּלה טאָר מען נישט...

און אַנ'אומעטיגער בין איך אַוועקגעגאַנגען צו זיך אויפ'ן „סטאַנציע", דאָס הייסט, צום זיידען אין שטוב.

אויפ'ן קבלת-פּנים איז געווען דער פעטער, דער רב, און איך האָב געזאָגט אַ דרשה. גאַנץ קאַמעניץ האָט געקאָכט מיט דער דרשה, און עס איז געווען פרעהליך.

אונטער דער חופּה האָב איך געקראָגען אַ טראָט אין פוס פון דער כּלה און איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אונגערן. פון דער חופּה האָט דער כּלה'ס צד גיכער געהאַפּט די כּלה און אַוועקגעפיהרט, כּדי זי זאָל קענען פריהער אַריינגעהן אין שטוב, איידער איך. דאָס איז ביי זיי געווען אַ מין סגולה, אַז זי זאָל הערשען איבער מיר. דערפון האָט מען דעמאָלט שטאַרק געהאַלטען. ווער פון חתן-כּלה עס שטעלט אַריין פריהער אַ טריט אין שטוב, פון דער חופּה געהענדיג, דער הערשט איבער'ן אַנדערן. אָבער אריה-ליב מיט מיין צד, וואָס זענען גאָר נישט געווען פון די נאָכגעבער, האָבען גיכער גענומען פערלויפען דעם וועג, כּדי איך זאָל פריהער אַריינגעהן אין שטוב. דער כּלה'ס צד ווידער האָט נישט געוואָלט פערלירען די „הערשונג" און עס איז געוואָרען אַ לויפעריי, אַז גאָט זאָל אָבהיטען. איך האָב

דעמאָלט געטראָגען אַ קיטעל אויף דער אַטלעסענער קאַפּאָטע און אויבען אַ פאַלטאָ. אָבער יהודה-לייב דער שניידער האָט מיר פערשמעלט דעם פאַלטאָ און, לויפענדיג, האָט ער זיך פערקאַטשעט. עס האָט זיך אַרויסגעזעהן דער קיטעל און איך האָב זיך זעהר געשעמט.

די כלה מיט איהר צד זענען שוין דערווייל געווען אויפ'ן גאַניק און איך בין נאָך געווען פאַר'ן גאַניק, וואָס האָט געהאַט זעקס שטיגלעך. דעמאָלט האָט אריה-ליב אַרויסגעזאָגט, אַז די כלה מוז אַראָבגעהן צוריק פון גאַניק און חתן-כלה מוזען אַריינגעהן ביידע גלייך אין טהיר.

עס האָט נישט געהאָלפען. די כלה מיט די מחותנים האָבען געמוזט צוריק אַראָבגעהן פון די שטיגען און פון ביידע זייטען האָט מען געהיט, אַז חתן-כלה זאָלען גלייך איבערטרעטען די שוועל. געהען מיר אַרויף אויפ'ן גאַניק און פון די זייטען שרייט מען:

— גלייך! גלייך!...

אָבער די כלה גיט אין דער-גיך אַ שטעל אַריין איהר פיסעל איבער'ן שוועל פון שטוב, און אָט וועט זי הערשען איבער מיר!... דאָס האָט אָבער אַלץ דער שטאַרקער אריה-ליב דערזעהן און נישט דערלאָזען, געהייסען ווידער אונז ביידען אַרויפגעהן גלייך און פון ביידע זייטען האָט מען ווידער געשריען:

— גלייך! גלייך!

אַזוי ווי מען מושטירט זעלנער. איך האָב זיך אין האַרצען אויסגעלאַכט פון דער גאַנצער מעשה, און האָב איהר טאַקע עקסטרע געלאָזען אַריינגעהן פריהער. זאָל זי הנאה האָבען. און מיינע האָט טאַקע ווייטער געגעבען אַ חאַפּ דאָס פיסעל אין טהיר. דאָ איז שוין אריה-ליב גאָר בייז געוואָרען און געזאָגט, אַז חתן-כלה זאָלען אַהער נישט אַריינגעהן, נאָר מען בעדאַרף זיי אַוועקפיהרען צום חתנ'ס סטאַנציע, דאָס הייסט, צום זיידען, און אויב זי וועט ווייטער פּרובען אַריינגעהן פריהער פאַר'ן חתן, מעג אַפילו דויערן אַ גאַנצע נאַכט, וועט ער דאָס נישט דערלאָזען. האָט מען אונז געפיהרט מיט די כלי-זמר נאָך אַ שטיקעל וועג צום זיידען. דאָרט איז אָבער אויך אַזאַ הויכער גאַניק. אָבער די מחותנים פון איהר צד, וואָס זענען שוין געווען מיד און האָבען, קענטיג, פערלוירען דעם מוט צו שטרייטען מיט

אריה-ליב׳ן, האָבען זיך שוין מעהר נישט געסטארעט, מען האָט דאָ אויך געשריען:

— גלייך. גלייך!

און מען האָט געקוקט אויף די פּנים, נאָר עס איז מיט מזל דאָסמאָל אַדורכגעגאַנגען און מיר זענען אַריין אין שטוב גלייך.

איצט האָט מען געבראַכט די גאָלדענע יוך פאַר חתן-כלה פון פעטער צום זיידען אין שטוב, ווארום סיי-ווי דאַרף מען דאָך חתן-כלה מיחד זיין נאָך דער חופה אין אַ בעזונדער צימער, און ביים זיידען האָבען מיר געגעסען די בעריהמטע יוך. די כלי-זמר האָבען זיך צו-טיילט: אַ פּאָר כלי-זמר מיט שעבסלען האָבען געשפּיעלט ביים זיידען און עטליכע ביים פעטער. באַלד איז געוואָרען שבת, מען האָט גע-בענטשט ליכט. דער פרעמדער עולם איז אַוועק אין שוהל אַריין און מיר האָבען געדאַווענט אין דער-היים.

דער זיידע איז געווען מחולק מיט׳ן טאַטען. ער האָט נישט גע-וואָלט, אַז די חסידים זאָלען זיין אויף מיין חתונה, און דער טאַטע האָט אָבגעמאַכט מיט׳ן זיידען, אַז פרייטאָג-צו-נאַכט׳ס, שבת פריה, ביז שבת-צונאַכט׳ס, זאָלען זיין בלויז חסידים. די חסידים האָבען געזונגען, גערעדט פון חסידות און איך האָב זיך איינגעהערט, וואָס זיי רעדען. אָבער זיי האָבען נישט געוואוסט, אַז איך בין שוין אַ זאַ מתנגד און זיי זעהען אוים ביי מיר מאָדנע מיט זייער חסידות. די כלי-זמר האָבען געשפּיעלט כמעט אַ גאַנצע וואָך. אַלע טאָג האָט מען געמאַכט גרויסע סעודות פאַר דער גאַנצער שטאָדט, ווי עס פלעגט זיך פיהרען אַמאָל.

# פיער-און-צוואנציגסטער קאפיטעל.

ראש-השנה צום רבי'ן. — דער כעס פון טאטען, וואס איך בין נישט געפאהרען צום רבי'ן. — מיינע צרות צוליעב חסידות. — דער קאמפף מיט חסידות. — דער וכוח. — דער רושם פון וכוח אויף די הויזיגע.

אויף ראש-השנה איז דער טאטע געפאהרען קיין סלאנים צום רבי'ן, באלד נאך דער חתונה האט ער זיך מיט מיר אנגעהויבען פיהרען זעהר ערנסט. ער האט מיר קיין איין מאל נישט געזאגט, וואס איך האב צו טהאן. ער האט געהאלטען, אז איך פערשטעה שוין אליין און ער האט צו מיר שטענדיג גערעדט מיט די אויגען, דאס הייסט, איך האב איהם געקוקט אין די אויגען אריין און האב פערשטאנען, וואס איך דארף טהאן, אדער וואס ריידען. ער האט געהאלטען פאר איבעריג מיר צו זאגען, אז איך זאל פאהרען צום רבי'ן, ווארום נאך דער חתונה פאהרען אלע חסידישע קינדער צום רבי'ן, און דא, אז ער פאהרט, האט ער געמיינט, וועל איך מיך באלד אנכאפען:

— טאטע, איך וויל אויך פאהרען.

אבער איך האב דאס איהם נישט געזאגט. דאס האט איהם געמאכט א וואונד אין הארץ און ער איז אליין אוועקגעפאהרען צום רבי'ן.

ער האט זיך דארט זעהר שטארק געשעמט פאר'ן רבי'ן, ווארום ער האט דאך נישט געקענט פערשווייגען פאר איהם, אז צעהן טאג אין אלול האט ער חתונה געמאכט זיין זוהן, וואס דער רבי האט מיך גוט געקאנט און האט אויף מיר געזאגט נביאות, אז איך וועל זיין א שענער חסיד, און איצט קומט ער אהן דעם זוהן. דאס איז איהם געוועזן זעהר שווער.

און נאך ראש-השנה, אז ער איז געקומען פון סלאנים, איז ער געוועזן שטארק ברוגז אויף מיר. ער האט מיך פראסט געבראנט מיט זיינע קורצע ווערטער, און אלץ צוגעווארפען פון דער זייט, פארבייגעהענדיג:

— עולם-הבא וועל איך האבען פון דיר.

דעמאלט איז ביי מיר פערבליבען איינמאל פאר אלעמאל מאכען אנ'עק, האלטען מיט איהם א וכוח און מיר וועלען זיך ביידע נישט פייניגען. א וכוח איז שוין עפעס אנדערש. איך בין געוועזן בטוח אין נצחון. זאל ער וויסען, אז איך בין א מתנגד, אז איך וועל שוין קיינמאל קיין חסיד נישט זיין — און ער וועט צוגעוועהנט ווערען.

דאס איז אבער גאר נישט געוועזן, ווי איך האב באלד ארויסגעזעהן, פון די גרינגע זאכען. בפרט נאך מיט אזא טאטען, ווי מיינער איז געוועזן, א מענש א מלאך, וואס האט מיך שטענדיג ערצויגען מיט'ן בליק, מיט די אויגען. ווי קען מען דאס א טאטען, און א זא טאטען, זיין כנגד, שטעלען זיך געגען איהם און אויפווייזען, אז זיין דרך איז א פאלשער איינגאנצען? איז מיר געוועזן שווער ביז'ן טויט!

און איך האב שטענדיג געזוכט עפעס אזא געלעגענהייט, וואס זאל מיר געבען מוט און פרייהייט אין אזא שווערען ענין.

מיין יונג שען ווייבעל איז, צום אומגליק, אויך געוועזן א חסיד'אצקע. זי האט זיך געהאדעוועט ביי איהר שוואגער, א הייסער קארלינער חסיד, און האט אפטער דערצעהלט, אז ר' אהרן, קארלינער רבי, איז געוועזן ביי איהר שוואגער צו גאסט, האט זי געקאכט פאר איהם פיש (די פינסקער צייכענען זיך אויס מיט פיש קאכען), האט דער רבי געגעסען די פיש (ער איז געוועזן, קיין עין-הרע, נישט קיין קליינער עסער). האט ער געזאגט, אז ער האט אזעלכע גוטע פיש שוין לאנג נישט געגעסען.

— ווער האָט דאָס געקאָכט ? — האָט ער געפרעגט.

האָט מען איהם געזאָגט — ווער.

א יתומה א מיידעל פון פופצעהן יאָהר האָט דאָס געקאָכט, און ניט גראַדע פיש, נאָר אַלץ וואָס זי קאָכט האָט דאָס כל הטעמים. האָט ער איהר געגעבען א ברכה, אַז זי זאָל האָבען א מאַן א גרויסען חסיד. מען קען פערשטעהן מיין ווייבעל'ס עגמת-נפש, ווען זי האָט דערזעהן, אַז איך בין נישט קיין חסיד און בין נישט געפאָהרען צום רבי'ן.

מיין ווייבעל האָט געשפּיעלט אין דער פאַמיליע א גרויסע ראָליע. אַלע האָבען זי געליעבט פאַר איהר שענקייט, פאַר איהר בריה'שאַפט, פאַר איהר שכל, און דער טאַטע האָט געלעגט אויף איהר גרויס האָפנונג, אַז זי וועט מיך געוויס מיט איהר שענקייט און שכל דערפיהרען צו חסידות.

אויף שבת און יום-טוב האָט מיך מיט דעם ווייבעל דער זיידע פערבעטען צום טיש. געוועהנליך, ווען איך וואָלט געווען א חסיד, וואָלט איך דעם זיידען אזא נחת נישט אָנגעטהאָן, נאָר איצט בין איך געוועזען צופריעדען מיט דער געלעגענהייט, און פלעג קומען צום זיידען עסען פריה, ווי ביי מתנגדים. נאָכ'ן עסען פלעג איך זעהן דורכ'ן פענסטער, ווי דער טאַטע געהט פון שטיבעל. ער פלעגט פאַרביי געהן פאַר'ן זיידענ'ס שטוב. פלעג איך מיט ליבע'ן, מיין יונג ווייבעל, געהן אַהיים, און דער טאַטע האָט מיט איהר גערעדט פון חסידות. און מיר האָט ער אַלעמאָל געגעבען שטעך-ווערטער, אַז עס פלעגט מיר נישט גוט ווערען.

און מיין גוטער טאַטע, וועלענדיג, אַז דאָס ווייב זאָל מיך מאַכען פאַר א חסיד, פלעגט געהן אַזוי ווייט, אַז ער פלעגט מיך פאַר דאָס ווייב שטאַרק אַראָבוואַרפען, כדי איך זאָל זיין געגען איהר געפאַלען. איהר, ווידער, האָט ער אויפגעהויבען געגען מיר, און דאָס פלעגט מיר פערשאַפען בעזונדערע שמערצען. ער האָט נישט פערשטאַנען, אַז מיט אַזוינע דרכים קען ער נאָר מאַכען א שלעכט לעבען צווישען מיר מיט דעם ווייב. עס איז געווען עהנליך דערויף, ווי ביי איהם וואָלט אויסגעקומען, אַז אויב נישט קיין חסיד, טאָ זאָל איך טאַקע האָבען א שלעכט לעבען.

שמחת־תורה האָב איך מיט ליבע'ן געגעסען ביים זיידען, און אז איך מיט'ן ווייב זענען געגאַנגען פון זיידען אהיים, האָט שוין דער טאַטע איינס אַ זייגער געפיהרט אַלע חסידים צו זיך. היינט וועט שוין יאַנקעל עסיג־מאַכער און שעבסיל דער סופר אַרויסנעהמען פון אַלע אויוועגס אין שטאָדט דאָס גאַנצע עסען און וועט אָנבּרענגען צום טאַ־טען פאַר די חסידים. אַך, ס'אַרא ליבער טאָג!

איך האָב דערזעהן דעם טאַטען מיט די חסידים און דערהערט יאַנקעל'ס קול. מען איז שוין געווען שכּור'לעך. זיי זענען געגאַנגען אַ גאַנצע חאָפּטע צו אונז, און איך מיט ליבע'ן זענען געגאַנגען אויף דער אַנדער זייט. יאַנקעלע, וואָס האָט מיר געוואָלט אַריינלאָזען שפּילקעס, האָט איבּער דער גאַנצער גאַס געשריען, ווי הויך ער האָט געקענט, די דאָזיגע ווערטער:

—על כּן יעזוב אש את אביו ואת אמו.

און נאָך העכער:

— הונד־טאַטע, הונד־מאַמע, דבק באשתו, מיט דער פרוי.

און נאָכאַמאָל דאָס איבּערגע'חזר'ט:

— הונד־טאַטע, הונד־מאַמע, ודבק באשתו, מיט דער פרוי.

און אַזוי וויטער, ביז מיר זענען אַריין צום טאַטען אין שטוב.

אין שטוב האָב איך געפרעגט דעם טאַטען, ווי אַזוי ערלויבט ער דאָס יאַנקלען מיך צו בעליידיגען? נאָר יאַנקעל האָט זיך אַריינגע־מישט אין מיטען:

— וואָס? ווען? איך האָב איהם פערטייטשט אַ שטיקעל חומש, ווי דער דעסער אַפּיקורס טייטש.

דאָס האָט ער געמיינט דעם תרגום אשכּנזי פון ר' משה מענ־דעלזאָהן, וועלכען מען האָט גערופען ר' משה דעסער.

— אונד טאַטע, אונד מאַמע, — האָט ער געלייגט.

— איהר האָט דאָך אָבער געשריען „הונד" — האָב איך איהם בּעמערקט.

— ניין, אונד, אונד... — האָט ער זיך געוויצעלט.

„נו, מען מוז היינט מאַכען אַ סוף", האָב איך אַ טראַכט גע־טהאָן — „מען בּעדאַרף זיך גוט אָנ'שכּור'ן און פערפיהרען אַ וכוח". אַז מען יאיז שכּור, איז מען שטאַרק ביי זיך".

שמחת-תורה בײַנאַכט מאַכט שטענדיג דער מגיד אַ סעודה פאַר אַלע שטאָדט-בעלי-בתים, פאַר שטאָדטישע געלד. מען קומט זיך אויף צום מגיד שמחת-תורה פאַר מנחה, און מ׳פראַוועט דאָרט גאָר אַ גרויסע סעודה מיט געבראָטענע גענז, מיט פרוכטען, מיט שנאַפּסען און וויינען. בעלי-בתים שיקען אַרײַן ווײַנען נאָך ערב שמחת-תורה און ס׳איז בײַם מגיד לעבעדיג. דעם גאַנצען שמחת-תורה ביז צוועלף בײַנאַכט עסט מען און מען טרינקט, און מען זינגט, און מ׳טאַנצט. דאָס איז שוין געווען אַזאַ טראַדיציע משנים קדמוניות, מדי שנה בשנה.

דעם מגיד׳ס זוהן מיט׳ן אײדעם מאַכען אויך אַ סעודה שמחת-תורה, בעזונדער פאַר די לומדי׳שע יונגע-לײַט, און דאָרטען הוליעט מען ווידער אָב אַ טאָג, אויך מיט גוטע שנאַפּסען, ווײַנען און געבראָטענע גענז.

מיט איהם, מיט משה-אהרנ׳ען, האָב איך אָבגערעדט, אַז איך זאָל היינטיגען שמחת-תורה אַוועקוואַרפען דעם טאַטען מיט די חסידים, און הוליען עפענטליך בײַ איהם מיט אַלע אונזערע יונגע-לײַט די לערנערס.

דערווײַל האָט בײַם טאַטען אָנגעהויבען צו זײַן פרעהליך. מען האָט זיך גענומען אַרומזעצען בײַם טיש. איך האָב זיך אויך אַנידערגעזעצט, אָבער איך בין שוין געזעסען, ווי אויף שפּילקעס, און נישט לאַנג וואַרטענדיג, בין איך אַרויסגעגאַנגען פון טיש און אַוועקגעגאַנגען צו משה-אהרנ׳ען, וואו אַלע אונזערע יונגע-לײַט האָבען זעהר גוט פערבראַכט. איך מוז זאָגען, אַז דאָס איז בײַ מיר איינער פון מײַנע בעסטע טעג אין מײַן גאַנץ לעבען. ווייניג טעג האָב איך געהאַט אַזוינע. מיר אַלע, אַ צוועלף יונגע-לײַט, די בעסטע לערנערס, האָבען געטאַנצט, זיך געקושט און געזונגען. עס האָט עפּעס גײַסטיג געצויגען איינער צו דעם אַנדערן, עס האָט זיך געוואָלט נאָכאַנאַנד קושען...

אַזוי האָבען מיר אָבגעהוליעט ביז עלף אַ זייגער בײַנאַכט, און דערנאָך זענען מיר אַרײַנגעגאַנגען בגלופינ׳דיג צו די בעלי-בתים און געמאַכט מיט זיי אַ טענצעל.

איך געדענק, אַז איך האָב געחאַפּט אַ יוד, אַ בעל-הבית, ר׳ שמעריל, מײַן חבר׳ס אַ פאָטער, וועלכען איך האָב ליעב געהאַט, אַרומגענומען איהם און צוגעשטיקט צו זיך פון גרויס ליעבע. איך

בין געווען זעהר א געזונדט יונגעל און איך האב איהם שיער נישט דערשטיקט. ער האט זיך נישט געקענט ארויסרייסען פון מיינע הענד און עטליכע מענשען האבען איהם קוים אבגענומען ביי מיר. נאכרעם בין איך באלד געפאלען אויף דער ערד, ווי דאס איז נישט מיאוס, טויט-שכור, מען האט מיך אריינגעטראגען אין א צימער, וואו מען האט מיך געלעגט שלאפען. א ווייגער איינם ביינאכט האט מיך משה-אהרן אויפגעוועקט געהן אהיים.

אז איך בין געקומען אהיים, האבען די חסידים ערשט געהאלטען ביי די פיש, און עס איז געווען פרעהליך. יאנקעלע, דער קאצקער חסיד, וואס איז, געוועהנליך, געווען שכור ווי לוט, האט מיך באלד דערזעהן און געזאגט:

— חצקיל, דו געהסט פון משה-אהרנ'ען, א רוח אין זיין טאטען אריין.

דערויף האב איך פלוצלונג און מיט אמאל ארויסגעשאסען:

— א רוח אין דיין רבי'ס טאטען אריין!

א יודיש גראב ווערטיל...

ווען די חסידים וואלטען נישט מורא געהאט פאר'ן זיידען, וואלטען זיי מיך אלע אויפ'ן ארט געשלאגען מכות רוצח און דער טאטע וואלט געווען צופריעדען. נאר מען האט מורא געהאט פאר'ן זיידען, האט מען פערקוועטשט די ציינער און געשוויגען. זיי האבען בכלל מעהר א ווארט נישט גערעדט. עס איז געווארען א שטיל-שוויי־געניש.

איך בין באלד אריין צו מיר אין שלאפצימער. דארט איז געלעגען מיין יונג ווייבעל און געוויינט מיט ביטערע טרעהרען. איך האב די חסידים, לויט איהר מיינונג, פערשטערט די גאנצע סעודה. זיי וואלטען נאך אבגעהוליעט די גאנצע נאכט. א שרעק נעהמט דורך די ביינער, ווען איז צו די אויערן, וואס הערן אזוינס, אז משה-אהרן־לייזער'ס זוהן זאל שילטען א רבי'ן אין טאטען אריין.

מיין ווייב איז זיך מיט מיר אדורכגעגאנגען א הינטער גאס צום פוילישען קלויסטער-צו און האט אויפ'ן וועג אזוי געוויינט, אז איך האב געקענט שטארבען נעבען איהר. איך האב נישט געקענט איבערטראגען איהר ביטער געוויין.

— איך האָב דיך ליעב, חצקיל — האָט זי געזאָגט מיט טרעהרען — נאָר איצט וואָלט איך געוואָלט אַרייַנגעהן בעסער אין דער ערד אַריַין, איך קען שוין מיט דיר נישט לעבען. מיין נישט, אַז איך וויל זיך גט'ן, גאָט בעהיט, נאָר אַז דו האָסט געקענט שילטען יאַנקעלע'ס רבי, דעם קאָצקער, אין טאַטען אַרייַן, האָב איך מורא צו לעבען מיט דיר...

און זי הויבט אָן אַלץ מעהר און מעהר צו וויינען. איך האָב איהר נישט געענטפערט, און זי האָט אַ לאַנגע צייט געוויינט מיט אַזעלכע שרעקליכע חליפּערייען, וואָס האָבען מיך ממש געגרוילט.

אַז מיר זענען צוריקגעגאַנגען צו אונז אין שטוב, האָב איך געהערט די קולות פון די חסידים. זיי זענען שוין געגאַנגען אַהיים. זיי האָבען אַלץ גערעדט פון זייער „אומגליק” און האָבען נישט געזונגען אויפ'ן וועג, אַזוי ווי שטענדיג. מיין וואָרט האָט אויף זיי געמאַכט אַ געוואלדיגען רושם. איך האָב זיי באמת פערשטערט די שמחה.

אַז איך בין אַרייַן צוריק אין שלאָפצימער, האָט מיך דער טאַטע אַ רוף געטהאָן:

— חצקיל, זיץ — האָט ער געזאָגט.

און מיין וויַיב האָט ער געהייסען געהן שלאָפען.

— וואָס איז מיט דיר, חצקיל, וואָס איז דאָס מיט דיר געוואָרען? — האָט ער שטיל און ציטריג געפרעגט.

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף זיַין פנים און האָב זיך דערשראָקען. דאָס פנים בלאַס, די אויגען רויט. איך האָב איהם קיינמאָל אַזעלכען נישט געזעהן. קיין כעס האָב איך נישט בעמערקט אויף זיַין געזיכט. דער מין כעס האָט ביי איהם אַבסאָלוט נישט עקזיסטירט, נאָר פערטרויערט איז ער געווען. איך האָב איהם געזעהן, ווען ס'איז ביי איהם געשטאָרבען אַ קינד, אַ שוועסטער. אָבער איך האָב נישט געזעהן אין זיַין געזיכט אַזאַ שרעקליכען אויסדריק.

איך האָב איהם געוואָלט קושען און וויינען, בעטען רחמים, ער זאָל מיר מוחל זיַין. איך בין געווען גרייט פאַר איהם אַוועקצוגעבען מיין לעבען, איך וואָלט בעסער געוואָלט, אַז עמיצער זאָל מיר אַרייַנשטעלען אַ שפּיז אין האַרצען, איידער צו זעהן מיין טאַטען מיט אַזאַ פנים. איך ווייס דאָך יאָ, ווי וויט מיין ליעבער טאַטע, וועלכען

איך האָב ממש פערהײליגט און פערהײליג ביז הײנטיגען טאָג, וויפיעל געזונד איהם האָט עס געקאָסט, און וואָס איז ער, נעבעך, געוועזען שולדיג.

און איך בין מיך מודה, אַז ווען מיר פערווילט זיך אַמאָל טהאָן עפּעס אַנ׳עולה, מאַלע, וואָס אַ מענשען פאַלט אײַן, שטעל איך מיר באַלד פאָר די געשטאַלט, פון מײַן טאַטען און איך האַלט מיך שנעל אָב דערפון. אָבער, לײַדער, ניט אַלעמאָל קומט מיר פאָר דער טאַטע אין זכרון.

איך וואָלט איהם געשענקט מײַן לעבען, מײַן גוף, מײַן בלוט, אָבער וואָס טהוט מען מיט מײַן נשמה, ווי קען איך גלויבען אין דעם, אין וואָס איך גלויב ניט? און ווי קען איך איצט הרג׳ענען אַזוינע צוויי ליעבע מענשען, ווי מײַן טאַטע און מײַן שען יונג ווײַבעל?

— וואָס שווײַגסטו, — האָט ער מיך ענדליך געפרעגט — רײד, אדרבה, רײד. בײַ מיר איז געבליבען אײן מאָל זיך דורכרײדען מיט דיר, און זאָלסט מיר אַלץ רײדען, וואָס דו האָסט אין האַרצען. איך בין אַלײן שולדיג, װאָס איך האָב מיט דיר ווייניג גערעדט פון חסידות. איך האָב פון דיר צופיעל געהאַלטען, איך האָב דיך שטענדיג געהאַלטען פאַר אַ יונגעל מיט פערשטאַנד, אַז דו פערשטעהסט אַלײן און מען דאַרף מיט דיר קײן סך ניט רײדען. איצט זעה איך אַרויס מײַן פעהלער. איך האָב מיט דיר קײנמאָל ניט פערבראַכט אין חסידות. וואָלט איך אָבער מיט דיר גערעדט, וואָלט איך פון אָנפאַנג ניט דערלאָזען דערצו.

עס איז שוין געוועזען נאָך האַלבע נאַכט, די לאָדענס זענען געוועזען צוגעמאַכט, און אַ ליכט האָט געברענט. איך האָב אָנגעהויבען רײדען... איך האָב לאַנג גערעדט, און אַז ער האָט נאָר געעפענט דאָס מויל מיר צו ענטפערן, האָב איך שוין פערחאַפּט און געזאָגט, וואָס ער וויל זאָגען. איך האָב מיך שרעקליך צוהיצט, און דער טאַטע איז געזעסען, ווי אַ פערשטײַנערטער, האָט זיך גוט אײַנגעהערט און מיך ניט איבערגעשלאָגען. דאָס איז געוועזען זײַנע אַ בעזונדערע מעלה, און אַז איך האָב געענדיגט, איז שוין געוועזען גרויסער טאָג. איך האָב אַ קוק געטהאָן אויפ׳ן זײגער: זיעבען אַ זײגער!

איצט בין איך גאָר אַ נײַער געוועזען פאַר איהם. פון וואַנען נעהמט

זיך עס? ער האָט מיך אָבגעגעבען צו יצחק-אשר'ן און געמײנט, אַז ער איז יוצא. און ער האָט נישט געוואוסט, וואָס אין מיר האָט זיך אָנגעקליבען פאַר דער גאנצער צײַט. ער האָט מיך טאַקע געהאַלטען פאַר אַ קאָך-לעפעל, נאָר ער האָט געהאַט אַ קלײנעם טעות: ער האָט געמײנט, אַז איך וועל זײַן אַ חסיד אַ קאָך-לעפעל און איך בין נאָר אַ מתנגד אַ קאָך-לעפעל, און ער איז געפאַלען אויפ'ן בעט, ווי אַ פּער'חלש'טער און אַ גרויסען זיפץ געטהאָן.

מיך האָט פערנומען בײַם הארצען, איך בין אַרויסגעגאַנגען פון זײַן שלאָפצימער און האָב זיך גוט פונאַנדערגעוויינט. עטוואָס בערוהי-גענדיג זיך, האָב איך אויסגעווישט די אויגען, אַז מײַן ווײַב זאָל נישט דערקענען אַז איך האָב געוויינט, און אַז איך בין אַרײַן אין שלאָפצי-מער, איז מיר ערשט פינסטער געוואָרען אין די אויגען: מײַן שען יונג ווײַבעל ליעגט אין בעט און וויינט די גאַנצע נאַכט, אַז די קי-שענס זענען שוין נאַס פון טרעהרען, און אַז זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי זיך ערשט פונאַנדערגעוויינט אויפ'ן קול, אַז דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען אַרײַנגעלאָפען דערשראָקענע. אַז דער טאַטע האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ער פערשטאַנען וואָס דאָ טהוט זיך, און איז באַלד אַרויסגעגאַנגען צו זיך.

איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס זי צו בערוהיגען. גאָט מײַנער! מײַן טאַנץ האָב איך שוין אָבגעטאַנצט, דער וכוח מיט'ן טאַטען, וואָס דאָס האָט מיר אָבגעקאָסט אָנדערטהאַלבען יאָהר צײַט און איך האָב גאָרנישט געטהאָן: נישט געלערנט, נישט גע'חקירה'ט, איז שוין אויך אַדורכגעגאַנגען: וואָס איז איצטער? איך האָב געמײנט, אַז דער טאַטע וועט זיך דערנאָך בערוהיגען, וועט עס אַראָבשליגגען און מיר וועלען זיך אײַנלעבען. איך וועל זיך נעהמען צום לערנען, ווי איך האָב דעם טאַטען געזאָגט. בײַ מיר איז פערבליבען, אַז איך זאָל זיך ערשט נעהמען צום לערנען בהתמדה. קעסט האָב איך, פאַר מײַן ווײַב דאגה איך נישט. דער טאַטע האָט זי ליעב, ווי דאָס לעבען, וועט איהר זײַן גוט און איך וועל קענען זיצען און לערנען, אַזוי לאַנג לערנען ביז איך וועל האָבען סמיכות אויף רבנות. און פאַר מיר אַ שטאָדט אויף רבנות איז געווען זעהר לײַכט צו בעקומען. אין מײַנע צײַטען האָבען ר' חיים וואָלאָזשינער'ס אײניקלעך געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע

בײַ יודען, און די וואָלאָזשינער ראש־ישבות װעלען מיר שוין געבען אַ שטאָדט און מײַן שען יונג ווײַבעל וועט זײַן אַ רבי'צין.

איך האָב עס פּעסט בעשלאָסען, כאָטש איך האָב געהאַט כמעט דעם טויט פון איהר ווײַנען. אָבער איך האָב געקלערט, אַז איהר ווײַנען וועט אויך מײַדען און האָב זיך געמאַכט הארץ און אַוועקגעגאַנגען אין בית־המדרש אַרײַן דאַוונען.

דאָס איז געווען אַ שווערע נאַכט, וואָס האָט זיך מיר בעזונדערס טיעף אַרײַנגעשניטען אין זכרון.

# פינף־און־צוואנציגסטעס קאפיטעל.

דער וכוח מיט די חסידים. — איך וויל פאהרען קיין וואלאזשין. — דער פאטער איז געגען. — דאס אונטערהעצען דאס ווייב גענען מיר. — מיין ווייב ווערט קראנק. — מיר זענען ברוגז. — אונזער שלום. — מיין איבערגעבען זיך צו לערנען. — „קלייבט, קינדערלעך, רענדלעך!". — דער „פאלאץ". — „חאצקעל'ס דור".

מיין ווייב האט מיך געבעטען, איך זאל איהר טהאן צוליעב און דאוונען אין שטיבעל. פרייטאג־צו־נאכט'ס, ביים דאוונען, האט מיך געבעטען דעם פעטער'ס זוהן, ר' שמחה, קומען צו איהם האלטען א וכוח מיט חסידים. איך האב איינגעשטימט. עס זענען געקומען דריי מנינים חסידים, מיט ר' ארעלע'ן בראש. זיי האבען זיך צוגעברייט צום וכוח עטליכע טעג. דאס צוציהען מיך צו חסידות האט ביי זיי, אויסער אלעמען, געהאט א בעזונדער בעדייטונג. זיי האבען מיך בעהאלטען פאר א קאך־לעפעל, פאר א יונגעל מיט ענערגיע, וואס האט ליעב קהל'שע ארבייט און וואס וואלט געקענט געמאכט פאר חסידים יענע יונגע־לייט, וואס האבען היי־יאהר תתונה געהאט. זיי האבען אויך מורא געהאט פאר מיר. זיי האבען געוואוסט, אז ווען

איך בלייב מתנגד, וועט זיך מיט מיר ענדיגען אין קאמעניץ די חסידות צווישען דער יוגענד און דאס איז זיי געגאנגען אום לעבען.

דעם וכוח האב איך געהאט און האב זיי „פשוט מנצח" געווען. אויף אלע זייערע פראגען האב איך באלד געענטפערט, און וואס איך האב זיי געפרעגט, האבען זיי קיינער קיין תירוץ ניט געקענט געבען.

— דער רבי וועט דיר ענטפערן אויף אלע דיינע פראגען — האט מיר ר' שמחה א זאג געטהאן א פער'בעס'טער.

זאג איך:

— וואס דארף איך אננעהמען דאס חסידות און פרעגען קשיות, און זוכען ווער עס זאל מיר ענטפערן, בעת דאס הארץ מיינס ציהט ניט צו דעם. אמעהר איז דאך גלייכער, אז איך האלט זיך מיט'ן אלטען וועג און ניט דארפען פרעגען.

— און וואס געהט עס דיר דאס פרעגען? — זאגט ה' שמחה.

— אט פאהרען צו א רבי'ן.

— איך גיב דיר פופציג רובל אויף הוצאות, — מאכט ר' שמחה — און פאהר קיין קארלין צום רבי'ן, ר' אהרן. ער וועט דיר אויף אלץ ענטפערן.

און ער האט מיר געגעבען א תקיעת-כף, אז ווען איך וועל איהם זאגען, אז איך פאהר קיין קארלין צום רבי'ן, גיט ער מיר פופציג רובל. דערמיט האט זיך געענדיגט דער וכוח און איך בין ארויס ווי א „זיעגער", און אלע האבען פאר מיר דרך-ארץ געהאט. זיי האבען מיך געהאלטען פאר זעהר א געראטענעם.

שבת האב איך געדאווענט אין שטיבעל און א גאנצע וואך אין נייעם בית-המדרש, וואו אלע גוטע יונגע-לייט דאווענען. נאכ'ן דאווענען האב איך גאנצע טעג געהאלטען רעדעם וועגען חסידות און אלע האבען געוואוסט פון מיין נצחון. אין נייעם בית-המדרש פלעגען אנקומען אלץ מעהר און מעהר יונגע-לייט, פעראינטערעסירטע מיט מיין וכוח. איך האב זיי איבערגעגעבען די ארגומענטען פונ'ם חסידות און מיינע טענות נעגען, דערנאך האט מען מיך פערבעטען אין אלטען בית-המדרש. דארטען האב איך אויך אלץ איבערגעגעבען פון דאסניי און, איך מוז מיך מודה זיין, אז אין א משך פון א פאר צעהנדליג יאהר איז אין קאמעניץ נאך דער מעשה קיין איין חסיד ניט צוגעקומען. און ס'איז

פערבלײבען אַ פערברענטע מתנגד'ישע שטאָדט עד היום הזה.

װי איך האָב שױן געזאָגט, האָב איך געהאַט אַ טעות מיט מײַן וכּוח. איך האָב געמײנט, אַז נאָכדעם װעט דער טאַטע באַין בּרירה שלום װערען מיט מײַן מתנגדות און װעט זיך צוגעװעהנען. דאָס איז אָבער געװען נישט אַזױ. דער טאַטע האָט זיך אָן מיר גענומען נוקם זײַן, װאָס איז גאָרנישט געװען אין זײַן כאַראַקטער, האָט מיך שטענדיג פערװאָרפען מיט שטעך-װערטער, און נאָך גענומען צו הילף מײַן װײַב, װאָס איז שױן גאָר געװען נישט יושר'דיג. איהם האָט עס גאָרנישט געאַרט, װאָס ער קען מיר קאַליע מאַכען דאָס גאַנצע לעבען מיט מײַן װײַב, װעלכעס איך האָב האָלט געהאַט.

אַז איך האָב דערזעהן, אַז עס געהט אַלץ צו ערגער און ערגער, אַז דער טאַטע האָט זיך אַזױ װי אָבגעלעגט דערױף צו מאַכען אַ שלעכט לעבען צװישען מיר מיט דעם װײַב, האָב איך בעשלאָסען אַװעקצופאָהרען קײן װאָלאָזשין לערנען. סײַ-װי-סײַ האָב איך דאָך געװאָלט זײַן אַ רב! אין װאָלאָזשין װעט מיר גאָר נישט פעהלען און עס װעט נעהמען אַ ן'עק. דעם אמת געזאָגט, האָט זיך מיר נישט געװאָלט אַװעקװאַרפען מײַן אַכצעהן-יעהריג שײן יונג װײַבעל, מיט װעלכע איך בין ערשט געװען צוזאַמען אַ פּאָר חדשים — נאָר פערפאַלען, לעבען װײַטער אַזױ איז געװען אונמעגליך.

פאָהרען האָב איך געװאָלט מיט אַ פאַספּאָרט. איך בין געװען בײַ זיך גדול'דיג און נישט געװאָלט אַװעקלאָזען זיך צװישען מענשען אָהן אַ פּאַס, װאָס איז דעמאָלט גאָר נישט נױטיג געװען. דעם ערשטען פאַספּאָרט גיט מען אָבער נישט אָהן פאָטער'ס ידיעה. נאָר איך בין דאָך עפּעס — א י ך, אַנ'אָנגעזעהענער יונגערמאַן, װעט מיר מסתמא יעקב דער איסבּאָרשטשיק אַרױסגעבען אַ פּאַס, נישט אָנפרעגענדיג בײַם טאַטען. דער איסבּאָרשטשיק האָט מיר טאַקע צוגעזאָגט, אָבער הינטען אַרום האָט ער געשיקט פרעגען בײַם טאַטען. איך האָב שױן דערנאָך פערשטאַנען מײַן נאַרישקײַט, אַז איך בין געװען צו-גרױס בײַ זיך, אַז ער װעט געװיס אָנפרעגען בײַם טאַטען, און דער טאַטע האָט מיר גלײַך טאַקע אַ פרעג געטהאָן:

— חצקיל, צו װאָס דאַרפסטו אַ פּאַספּאָרט?

— פאָהרען קיין וואָלאָזשין... — האָב איך אַראָבגעלאָזט די אויגען.

ביי איהם האָט, קענטיג, געפּלאַצט די געדולד און פאַר מיין ווייב אין די אויגען האָט ער מיר אַראָבגעלאָזט צוויי הייסע פּעטש.

— אַ פּאָר חדשים נאָך דער חתונה — האָט ער זיך צושריען — ווילסטו שוין אַוועקוואַרפען דאָס ווייב! אַ פּרוש ווילכטו ווערען?

אין דער מינוט איז ער אפשר געווען נישט אַזוי אויפריכטיג און גיכער פון אַלץ מסתמא האָט ער געוואָלט אויפהעצען מיין ווייב געגען מיר.

און ער האָט שוין גערעדט און גערעדט:

— סטייטש, אַ ווייב אַ יתומה ווילסטו אַוועקוואַרפען? וואו איז דאָס געהערט געוואָרען? דאָס איז דאָך אַ רציחה! און בכלל, וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו צו טהאָן אַזאַ גרויסע זאַך, נישט פרעגענדיג ביים טאַטען? מילא, זאָל שוין זיין ביים טאַטען נישט. אָבער ביי אַ ווייב?... ביזט דאָך אַ פרומער, זאָגסטו, דו ווייסט דאָך, אַז עס שטעהט אין דער תורה: שנה אחת יהיה בביתו, אפילו אין צייט פון מלחמה! ווילסטו אַוועקוואַרפען דאָס ווייב צוליעב לערנען? נאָר נײן, דאָס איז נישט צוליעב לערנען, וואָרום לערנען קענסטו אין דער־היים אויך. קיינער וועט דיר נישט שטערן. דאָס מוז זיין עפּעס אַנ'אַנדערע זאַך. אפשר האָסטו פיינט דאָס ווייב? — פרעגט ער מיט אַ דיפּלאָמאַטישען שמייכעל און מיר פאַלט איין דאָס בלוט.

אַזאַ שען ווייבעל, איך האָב זי אַזוי ליעב, וואָס איך וואָלט דאָס גאַנצע לעבען אָבגעגעבען פאַר איהר—שיט ער מיר נאָך זאַלץ אויף די וואונדען!...

און דער טאַטע האָט אַלץ גערעדט פאַר איהר אין די אויגען, כדי זי צו העצען געגען מיר. אַזוי האָט ער מיר עטליכע שעה נאָכאַנאַנד גענומען דאָס לעבען, געמאַכט מיך פאַר דעם ערגסטען מענשען אין דער וועלט. וואָרום, אַז מען קען וועלען אַוועקוואַרפען אַ ווייב באַלד נאָך דער חתונה, איז אַ סימן, אַז מען איז נאָר קיין מענש נישט, און ער ווייס נישט ווי מען רופט מיך אָן דערפאַר.

מיין ווייב האָט זיך געוועהנליך פונאַנדערגעוויינט, און דער

טאַטע, האָטש ער הָאט זי ליעב געהאַט ווי דאָס לעבען און האָט אַודאַי נישט געקענט צו-קוקען ווי זי וויינט, האָט דאָך נישט געשאַנע-וועט איהרע טרערען און האָט כּסדר אונטערגעלעגט פייער. נאָר אַז זי האָט זיך אַזוי צעוויינט, אַז זי איז שיער נישט געפאַלען אין חלשות און האָט בעקומען אַ וועהטאָג אין קאָפּ, און דאָס פּנים האָט איהר אָנגעהויבען צו ברענען, — האָט זיך דער טאַטע דערשראָקען און תּיכּף געשיקט נאָך יאָשקע דעם רופא. דער „דאָקטאָר" איז אָבער נישט גע-ווען אין דער-היים, און עס האָט זיך געטהאָן. די גאַנצע פאַמיליע איז זיך צונויפגעלאָפען און מען האָט זי אַרייַנגעלעגט אין בעט אַריין, און איך בין געוואָרען בלאַס, ווי דער טויט. איצט האָב איך דייטליך אייַנגעזעהן, ווי ווייט דער טאַטע האָט געהאַסט מתנגדות און ווי גרוי-זאַם ער האָט זיך בעצויגען צו מיר.

אַז מען האָט געהאַפּט גנב'ענען יצחק-בער'ן, וועלכער האָט געהאַט אַ צוגעמאַכטען שליסעל צו דער קאַסע און האָט, ווער ווייס ווי לאַנג, בע'גנב'עט אָט די קאַסע, איז דער טאַטע געווען אַזוי קאַלט-בלוטיג, אַזוי רוהיג, און ער האָט נישט גערעדט קיין מינדעסט שלעכט וואָרט געגען דעם גנב, נאָר קאַלטבלוטיג, גלייַכגילטיג געזאָגט:

— זאָגט מיר האָטש, ר' יצחק-בער, ווי לאַנג האָט איהר שוין דעם נאָך-שליסעל, און צי האָט איהר מיך בע'גנב'עט מיט רחמנות.

דערנאָך האָט ער זיך מיט איהם אויפ'ן בעסטען אופן אָבגערע-כענט, און אַז יצחק-בער האָט געזאָגט, אַז ער וועט איצט בלייַבען אָהן ברויט און וועט נישט האָבען מיט וואָס צו פאָהרען אַהיים קיין בריסק, האָט איהם דער טאַטע געגעבען אַ הונדערטער און צוגעוואונ-שען איהם גליק און הצלחה א. ז. וו. מיט אַזאַ פריינדליכען טאָן, פּונקט ווי יענער וואָלט געווען אַ צדיק און נישט קיין גנב.

אָבער אין דעם טאַטען'ס בעציהונג צו מיר האָב איך איצט דאָס ערשטע מאָל דייטליך געזעהן קאַלטע רציחה און נקמה. יעדענפאַלס, בין איך דאָך עפּעס נישט געווען קיין נאַס-יונגעל, איך האָב דאָך גע-האַט אַ שם אין שטאָדט, לייט האָבען מיר דאָך אָבגעגעבען כּבוד, טאָ פאַרוואָס בעגעהט ער זיך מיט מיר אַזוי אַכזריות'דיג; ממש ער וויל מיך אַוועקקוילען!

נאָר אַז איך האָב זיך גענומען אייַנטראַכטען, האָב איך אויף

אִיהם מלמד זכות גֶעוועֶן. עַרשטעֶנ׳ס, האָב אִיךְ אײַנגעֶזעֶהן, אַז פוּן אַ מתנגד אַ חסיד קעֶן מעֶן ווערעֶן, אָבעֶר צוּרִיק בשום אופן נִישט. אַ מתנגד אִיז סתם אַ פרומעֶר יוד, אָבעֶר אַ חסיד מײַנט, אַז דער הִימעֶל און גאָט און דער גן-עדן אִיז נאָר פאַר אִיהם, און אויף ווִיפִיעל זײַ אִיז טײַעֶר דאָס חסידות, אויף אַזוֹי פִיעל פעֶרהאַסעֶן זײַ דאָס מתנגדות. קוּקט מעֶן שוֹין נִישט אויף אַנ׳אײַגעֶנעֶן קִינד, אִיז עֶס שוֹין גאָר קײַן קִינד נִישט, ווען עֶס גִיט זִיךְ אִיבעֶר צוּ דעֶם פעֶרהאַסטעֶן מתנגדות, און אַזוֹי ווִי אִיךְ בִּין נאָךְ געֶוועֶן דער בכור און אונטעֶר מִיר זעֶנעֶן געֶוועֶן נאָךְ פִיעֶר יונגלעֶך, האָט דער טאַטעֶ פשוט מורא געֶהאַט, אַז אִיךְ זאָל אִיהם נִישט קאַלעֶטשעֶן דִי בּרִידעֶרלעֶךְ מײַנעֶ מִיט מתנגדות. און עֶר אִיז געֶוועֶן געֶרעֶכט, ווארוּם אַזוֹי אִיז דאָס טאַקעֶ געֶוועֶן. מײַנעֶ בּרִידעֶר זעֶנעֶן אַלעֶ מתנגדים.

און צוּ מײַן אוּמגלִיק, ווִי געֶזאָגט, אִיז דאָס ווײַב מײַנס געֶוועֶן אַ גרוֹיסעֶ חסיד׳אַצקעֶ און דער טאַטעֶ האָט דוּרךְ אִיהר געֶשטרײַט מִיט מִיר. וואָלט זִי געֶוועֶן נִישט קײַן שעֶנעֶ, וואָלט עֶר פעֶרבּיסעֶן מִיט דִי לִיפּעֶן און וואָלט זִיךְ אִינגאַנצעֶן פוּן מִיר מיאש געֶוועֶן. אָבעֶר דער טאַטעֶ האָט פעֶרשטאַנעֶן, אַז זִי אִיז מִיר אוּנגעֶהויעֶר געֶפעֶלעֶן און אַז זִי אִיז אִין דעֶם פּרט אַ קראַפּט פאַר אִיהם נעֶגעֶן מִיר.

מײַן ווֶעלעֶן אַוועֶקפאָהרעֶן, ווִידעֶר, האָט דעֶם טאַטעֶן אָבגעֶשראָקעֶן. אַזוֹי האָט עֶר נאָךְ געֶהאַט אַ שטִיקעֶל האָפנוּנג מִיט דער הִילף פוּן מײַן שעֶן ווײַבּעֶל אוּמקעֶהרעֶן מִיךְ צוּ חסידות. ווֶעל אִיךְ אַוועֶקפאָהרעֶן, אִיז דאָךְ שוֹין אַלץ פעֶרפאַלעֶן.

נאָר ווִי אַלעֶמאָל אִין אַזוֹינעֶ פאַלעֶן צווִישעֶן אַ טאַטעֶן מִיט אַ קִינד, האָט עֶר, דער טאַטעֶ, גאָרנִישט געֶוואוּנעֶן און האָט בלוֹיז מִיר קאַליעֶ געֶמאַכט דאָס בּלוּט-און דאָס לעֶבּעֶן. און אָנשטאָט דעֶם, וואָס אִיךְ זאָל ווערעֶן ווײַכעֶר, בִּין אִיךְ נאָכמעֶהר פעֶרהאַרטעֶוועֶט געֶוואָרעֶן.

און דער קלוּגעֶר טאַטעֶ מײַנעֶר האָט נִישט פעֶרשטאַנעֶן, אַז אַזוֹי ווִי עֶר וועֶט נִישט אַוועֶקגעֶבּעֶן זײַן חסידות פאַר כל הון דעלמא, אַזוֹי ווֶעל אִיךְ נִישט אַוועֶקגעֶבּעֶן מײַן מתנגדות פאַר אַלץ אִין דער וועֶלט. פעֶלשעֶן, אָבּנאַרעֶן, לײַגעֶן, פעֶרמאַסקִירעֶן זִיךְ, ווִי אַנדעֶרעֶ טהוּעֶן, האָב אִיךְ נִישט געֶקעֶנט. דאָס אִיז נִישט אִין מײַן נאַטוּר. טהוּעֶן דאָךְ אַנדעֶרעֶ אַזוֹי, געֶהעֶן דאָךְ אַנדעֶרעֶ חסידים לאַנג געֶקלײַידט, פאָהרעֶן

צום רבי'ן, טראָגען שטריימלעך — אַלץ צוליעב אַ ווייב, צוליעב אַ טאַטען, צוליעב אַ שווער, אַ פּרינציפּאַל — און אין האַרצען איז מען דער היפּוך: מען רויכערט אַ סיגאַר אום שבת, מען טהוט אָב כל הפּסלנות, אַבי קיינער זאָל נישט זעהן. איך האָב עס אָבער נישט געקענט.

דער טאָג, ווען איך האָב געוואָלט נעהמען אַ פּאַספּאָרט, איז געווען פון מיינע סאַמע ביטערסטע טעג אין מיין לעבען. מיין ווייב איז געווען קראַנק עטליכע טעג. דער טאַטע האָט זיך געלעגט אין דער לענג און אין דער ברייט צו מאַכען זי געזונד. זי איז געלעגען אין בעט און האָט נאָר געוויינט. מיט מיר האָט זי נישט גערעדט. עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב געוואָלט איינלעגען פאַר איהר די וועלט. איהר קראַנקהייט האָט מיך לחלוטין צוטרייסעלט. אָבער דער טאַטע האָט מיך צו איהר נישט צוגעלאָזען. און אַזוי האָט זיך די גאַנ־צע פאַמיליע נעבען איהר געדרעהט, יערערער האָט איהר מיט עפּעס צוגעהאָלפען און איך — נישט!

דערנאָך, אַז זי איז געזונד געוואָרען, איז זי שוין ווייכער געוואָרען צו מיר. זי האָט, ווייזט אויס, אויף מיר רחמנות געהאַט. צופיעל האָט מיר שוין דער טאַטע פערגעבען. עס האָט איהר, קענטיג, באַנג געטהאָן מיין וואָגלעניש, בעת איך האָב ערשט חתונה געהאַט און האָב קיין הנאה נישט פון מיין לעבען.

מיר האָבען זיך איבערגעבעטען... איך האָב איהר געגעבען צו פערשטעהן, אַז דער טאַטע האָט נישט קיין רעכט צו רודפ'ען מיך אַזוי. ער קען מיך פאָרט פאַר אַ חסיד נישט מאַכען, בעת מיין האַרץ ליעגט נישט דערביי. אַלזאָ, דאַרף ער צו מיר קיין פּרעטענזיעס נישט האָבען און נישט בעגעהן זיך מיט מיר אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן.

— ער בעליידיגט מיך פאַר דיר אין די אויגען, ער מיינט, אַז איך וועל ביי זיך אַראָבפאַלען, אַז איך וועל זיך פיהלען נידער־שלאָגען — האָב איך מיט איהר איינגעטענה'ט. — ניין, מיין ליעב ווייבעלע, אַלץ קען איך טהאָן, אָבער גלויבען אין דעם, אין וואָס מיר גלויבט זיך נישט, קען איך נישט.

— און ווייטער, מכח דעם, וואָס איך וויל אַוועקפאָהרען קיין וואָלאָזשין — האָב איך איהר געזאָגט — און דיך איבערלאָזען, ווייסטו

דאָ, אַז נפשי קשורה בנפשך, מײַן נשמה איז צוגעבונדען צו דײַן נשמה און טאַקע דעריבער האָב איך געוואָלט אַוועקפאָהרען. איך וויל, אַז דיר זאָל זײַן גוט פאַר מיר, אַז דו זאָלסט, חלילה, ניט לײַדען בײַ מיר קײַן מאַנגעל. קײַן סך געלד האָבען מיר ניט, קײַן נײַע געשעפטען זענען אויך נישטאָ און מיט אַזאַ קלײַנעם קאַפּיטאַל, ווי מיר האָבען, קענען מיר גאָרניט האָפען, אַז מיר זאָלען זיך צושלאָגען צו עפּעס אַ פּרנסה. איך קען דאָך זיך ניט נעהמען צו עפּעס אַ קלײַנע זאַך און מאַכען אַ פּרנסה, ווי אַלע קאָמעניצער טהוען. אײַן האָפנונג איז יאָ דאָ פאַר מיר, אַז איך זאָל ווערען אַ רב. און פרעג, אַדרבה, מײַן ווײַבעלע, דעם פעטער אונזערן, דעם רב, וועט ער דיר אויך זאָגען, אַז פאַר מיר איז נאָר אײַן גוטער וועג פאַרהאַן — ווערען אַ רב. דאָס האָב איך צו פערדאַנקען דעם טאַטען, וואָס ער האָט מיך ניט אַוועקגעשיקט קײַן וואָלאָזשין נאָך מיט דרײַ יאָהר צוריק. איך וואָלט שוין איצט געהאַלטען בײַ ווערען אַ רב. אָבער איך האָב נאָך מײַן האָפנונג ניט פערלוירען; איך בין איצט אַלט אַכצעהן יאָהר. מיר האָבען נאָך קעסט גאַנצע דרײַ יאָהר און עס דאַרף גאָר ניט אויסמאַכען, טאָמער וועלען מיר זיך צושײַדען אויף אַ געוויסער צײַט. בײַם טאַטען וועט דיר גאָרניט פעהלען, אַלע האָבען דיך ליעב. ניט־קשה, אין אַ יאָהר פיער, פינף אַם־העכסטען, וועל איך מיט גאָט'ס הילף געוויס האָבען סמיכות אויף רבנות, און דו וועסט זײַן אַ שענע רבי'צין.

קורץ, מײַן פלונית'טע וואָס איז אײַגענטליך געוועזען פון נאַטור אַ פּראַקטיש ווײַבעל און האָט מעהר פון אַלץ געוואָלט פּרנסה, איז מסכים געוואָרען און האָט מיר געגעבען פאָלקאָם גערעכט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט אויף קײַן האָהר ניט געצווײַפעלט אין מײַן טרײַהײַט און מײַן איבערגעגעבענקײַט.

און דער טאַטע, ווי עס טרעפט שטענדיג, אַז ער האָט פערשטאַנען, אַז בײַ אונז איז געוואָרען אַ פאָלקאָמענער שלום, האָט אויפגעהערט האָבען מיט מיר צו טהאָן.

מײַן געדאַנק — צו לערנען גמרא און פוסקים, ביז איך וועל קריגען סמיכות אויף רבנות, האָב איך ניט אַוועקגעוואָרפען. איך האָב אָנגעהויבען צו לערנען אין נײַעם בית־המדרש מיט גרוים התמדה און

האָב זיך געפירט אזוי: נאָך מעריב, דאָס הייסט, פון אָנהויב אָוועד, האָב איך געלערנט ביז אַכט אַ זייגער, נאָכדעם האָב איך זיך געלעגט שלאָפען נעבען אויווען מיט אַן'אַלטען טלית צו-קאָפּען, בעטענדיג פריהער די יונגע-לייט, אַז ווען זיי וועלען געהן אַהיים אַרום צעהן, עלף אַ זייגער, זאָלען זיי מיך אויפוועקען. און ווען אַלע זענען אַוועקגעגאַנגען, בין איך איינער געבליבען און גענומען לערנען. איך פלעג מיר שטעהן ביים בעלעמער און פלעג לערנען ביז'ן גרויסען טאָג אַריין. אַז איך פלעג אויפהויבען דעם קאָפּ פון דער גמרא, פלעג איך דערהערען, ווי דער בעל-תפילה זאָגט שוין די ברכות פונ'ם דאַווענען, און עס איז טאָג. אזוי האָב איך געלערנט דעם גאַנצען ווינטער.

געשלאָפען האָב איך אין בית-המדרש אַ דריי שעה אין טאָג, נישט מעהר, און די איבעריגע צייט געלערנט. נאָר פרייטאָג-צו-נאַכט'ס פלעג איך שלאָפען אין דער-היים, ווי דער דין איז פון אַ תלמיד-חכם.

איך האָב אָבער מורא געהאַט צו זיין איינער אַליין אין אַזאַ גרויסען בית-המדרש. איך האָב דעמאָלט געגלויבט אין שדים און מזיקים און דעמאָלט איז אויך געווען ביי אונז אין שטאָדט אַ משוגענע יודענע, ראַשעלע האָט זי געהייסען. איהר שגעון איז געווען, וואָס זי פלעגט אומגעהן גאַנצע נעכט איבער די גאַסען, און אַז זי האָט דערזעהן, אַז אַ מאַנסביל האָט ערגעץ געעפענט אַ טהיר און אַרויס אויף אַ ווייַלע אין דרויסען, פלעגט זי אין דער-גיך אַריינחאַפּען זיך דורך דער טהיר גלייך צו יענעם אין בעט אַריין. געווערהנליך, פלעגט חערען אַ געוואַלד מיט אַ טומעל ביז מען האָט זי קוים אַרויסגעיאָגט. אין דעם איז בעשטאַנען איהר משוגעת. און איך האָב מורא געהאַט, אַז ראַשעלע זאָל אָפּט נישט אַריינקומען צו מיר אין בית-המדרש. איך האָב גלאַט מורא געהאַט פאַר שדים. האָב איך געטהאָן און געצונדען ליכט אין אַלע הענג-לייכטער, וואָס זענען געווען אין בית-המדרש. אַכט גרויסע הענג-לייכטער, געדענק איך, מיט אַכט, צעהן און צוועלף רעהרען, אויף אַריינצושטעלען ליכט שבת און יום-טוב. אזוי פלעג איך פערברענען צוויי פונט ליכט אַ נאַכט און קיינער האָט נישט געוואַגט צו ריידען מיר אַ וואָרט. אַלע בעלי-בתים פון בית-המדרש, ווי יודען בכלל, זענען געווען זעהר צופרידען פון מיין לערנען

איינער אליין. א גאנצע נאכט מיט דער גמרא — א קליינינקייט!

און פאר איין גאנג האב איך וואס א טאג ווייטער אנגעהויבען ווערען פרימער און פרימער. אין א קורצער צייט בין איך געווארען אזוי פרום, אז א גאנצע וואך האב איך נישט געגעסען קיין פלייש, בכלל גארנישט, אויסער שווארצען ברויט מיט געקעכטס, אהן פוטער, און דערביי האב איך אנגעהויבען צו לייענען אלע מסור-ספרים, מיר איז זעהר געווען נעפעלען דער יסוד-שורש-העובדה און ביים דאווענען האב איך מיך געפיהרט, ווי ער האט געהייסען: אין אנדערע ערטער פון דאווענען האב איך געוויינט, און אין אנדערע ערטער האב איך זיך געפרעהט.

און האב שוין געהאלטען ווי רבי זאגט: אל יחזיק אדם את ידו למטה מאבנטו, א מענש דארף נישט האלטען די האנד נידעריגער פון גארטעל. איך געדענק, אז איך פלעג געהן אהיים און צוריק, פלעג איך קוקען אויף די אלע מענשען אין גאס מיט עפעס א רחמנות. וואס חיים זיי? און וואס לערנען זיי? און אז איך פלעג א קוק געבען אויפ'ן הימעל, וואו עס פלעגען לייכטען אזוי פיעל שטערענדלעך, פלעגט מיך אננעהמען א שרעק פאר דעם גרויסען גאט, און דער פרוש, דער פאטשאשניק, האט געהאלטען אלע טאג אין איין ריידען:

— קלויבט, קינדערלעך, רענדלעך...

אז א מענש געפינט אויף דער גאס רענדלעך, וועט ער זיך געחיים נישט פערגינען אויסצורייטען מיט א מענשען א ווארט, אדער עפעס מפסיק זיין אין מיטען. ער וועט אלץ קלויבען די רענדלעך.

— קלויבט, קינדערלעך, רענדלעך...

מיט די מצוות, וואס א מענש טהוט, בויט ער דארט, אויף יענער וועלט, א פאלאץ. טאר מען נישט מפסיק זיין אויף איין סעקונדע, ווארום מען קען נאך, חלילה, אין אט דער סעקונדע, וואס מען לערנט נישט, אוועקשטארבען, וועט אויך אויף יענער וועלט פעהלען א נאניק, אדער א געזימס, צי א פענסטער. דערפאר דארף מען אהן אנ'אויפהער בויען און בויען ביז דעם לעצטען אטעם, ביז דעם לעצטען שוויים.

האב איך איהם געפאלגט און געבויט דעם פאלאץ און זיך נישט פערגונען צו ריידען מיט עמיצען א ווארט, און איך האב געקליבען

רעָנדלעָך, געָטהאָן ווי דעָר יסוד-שורש-העבודה האָט געָשריבּעָן און דאָך בּין איך אַלץ נישט געָוועָן יוצא. איך האָבּ אַלץ געָ׳דאגה׳ט, ווי אַזוי וועָרט מעָן נאָך פרימעָר.

נאָר מײַן טאַטעָן האָט מײַן לעָרנעָן נישט געָריהרט און עָר האָט נאָך אַלץ געָזאָגט:

— הלואי וואָלט איך געָוועָן געָשטאָרבּעָן, הלואי וואָלט חצקיל געָשטאָרבּעָן, אײידעָר איך האָבּ דאָס דעָרלעָבּט. זײַן לעָרנעָן מיט זײַן פרומקײַט איז בּײַ מיר גאָרנישט וועָרט, אַז עָר האַלט נישט פון רבּי׳ן.

אין שטאָדט האָבּעָן אַלעָ בּעלי-בּתּים אָנגעָהויבּעָן צו מוסר׳ן זײַערעָ זיהן און זײַערעָ אײדעָמס, פאַרוואָס זײַ לעָרנעָן נישט, ווי חצקיל לעָרנט. יעָנעָ האָבּעָן מקנא געָוועָן משה אהרן-לײַזעָר׳ס, וואָס האָט אַ זוהן אַזאַ מתמיד און אַזאַ צדיק. און די יונגעָ-לײַט גופא האָבּעָן זיך אָן מיר מתקנא געָוועָן און בּיסלעָכווײַז, אַרום חנוכּה-צײַט, האָבּעָן אָנגעָהויבּעָן צו צוקומעָן אין בּית-המדרש אַלעָמאָל מעָהר יונגעָ-לײַט, בּיז דעָר גאַנצעָר בּית-המדרש איז געָוואָרעָן געָפּאַקט מיט יונגעָ-לײַט און בּחורים, וואָס האָבּעָן געָלעָרנט גאַנצעָ נעָכט אַזוי ווי איך. מעָן האָט זיך איבּעָרגעָטראָגעָן פון גרויסעָן בּית-המדרש אַהעָר, אין נײַעָם בּית-המדרש, און איך בּין שוין נישט געָוועָן אַלײַן און די ליכט האָבּעָן שוין נישט געָבּרעָנט אין די העָנג-לײַכטעָר, נאָר אין די מעָשעָנעָ שטעָהעָנדיגעָ לײַכטעָר, אויף די טישעָן, נעָבּעָן די גמרות.

און מיר פלעָגעָן לעָרנעָן מיט אַזוינעָ האַרציגעָ נגונים, אַז ווען איך דעָרמאָהן מיך איצט, געָהט מיר אַדורך אַ זיסקײַט איבּעָר די גלידעָר. אַזוי האָט מיט מיר דעָם ווינטעָר געָלעָרנט די גאַנצעָ שטאָדט בּחורים און בּעלי-בּית׳לעָך, און אַ לאַנגעָ צײַט נאָכדעָם פלעָגט מעָן שטעָנדיג זאָגעָן:

— חצקיל׳ס דור!...

און עָס איז ווירקליך נאָך אַזאַ דור נישט געָוועָן אין קאַמעָניץ. איצט בּין איך איינגאַנצעָן געָוועָן אַ הימעָל-מעָנש. פורים, געָדעָנק איך, פלעָג איך מיך אָנ׳שכּור׳ן, אַזוי ווי דעָר דין איז, און שכּור׳רעָרהײַד האָבּ איך געָשריבּעָן, אַז איך האָבּ אַ פּאַספּאָרט אויף יעָנעָר-וועָלט. איך

האָב אָפּגעלערנט די דריי בבא'ס: בבא קמא, בבא מציעא, בבא בתרא.

נאָר ניכטערערהייד האָב איך אַלץ געבעטען גאָט, ער זאָל מיר געבען פּרנסה, כּדי איך זאָל קענען שטענדיג אַזוי זיצען און לערנען.

## זעקס=און=צוואנציגסטעס קאפיטעל.

די קראם. — מיין פאהרען קיין קאברין. — ר׳ יאשע׳ס הויז. — די איידעמ׳ס: דער משכיל לייזער און דער עלוי זלמן=סענדער. — צוויי הייזער. — דאס ערשטע מאל בעקען איך מיך טיעפער מיט׳ן תנ״ך. — דער רושם פון תנ״ך. — די פערענדערונג אין מיר. — דאס פאהרען אהיים. — מיינע הויכע מחשבות. — די קראם געהט קאפויר. — השכלה=ספרים. — ווידער מיין טאטע.

ביי אונז אין דער פאמיליע האט מען שוין געהאלטען, מחמת מיין איבערגעגעבענקייט צום לערנען, אז איך וועל נישט קענען געבען א ווייב און קינדער עסען. און אזוי ווי מיין ווייב איז א בריה, איז געבליבען, מען זאל זי מאכען פאר א קרעמערקע. מיר זאלען ארויס־נעהמען אונזער נדן און מאכען א קראם, און איך וועל איהר אין א פרייער מינוט קענען א ביסעל צו העלפען.

צו מיין אומגליק מאכט זיך, אז איינער וויל איבערגעבען א קראם פון צעלניק מיט בשמים צוזאמען. יענער פאהרט ארויס פון קאמעניץ, וועלען מיר האבען פרנסה. האט מען אין דער־גיך געחאפט, אז אנ׳אנדערער זאל דאס נישט אויסחאפען, און געבראכט דעם קרעמער צום טאטען, און מען האט בעשלאסען איבערצונעהמען חול־המועד פסח די קראם. דער טאטע האט געגעבען פופציג רובל האנד־געלד, און חול־המועד בעדארף מען איהם אריינטראגען דאס גאנצע געלד.

דערווײַל האָט מען מיך אָבגעריסען פון דער גמרא און געהײסען פאָהרען קײן קאָברין צו ר׳ יאָשע מינקעס, דעם פעטער׳ס אײדעם, אַרויסנעהמען אונזער נדן, וואָס איז בײַ איהם געווען אײַנגעלעגט. מיר האָט זיך נישט געוואָלט אַוועקוואַרפען דאָס לערנען מיט׳ן דאַוונען מײַנעם, אָבער איך האָב געמוזט: מײַן ווײַב האָט זיך זעהר געוואָלט ווערען אַ קרעמערקע, אַז נישט קײן רבי׳צין.

בין איך געפאָהרען קײן קאָברין.

ר׳ יאָשע׳ס הויז איז געווען מפורסם אין גאַנץ גראָדנער גובערניע אַלס דאָס ערשטע הויז פון תורה וגדולה במקום אחד. זי, אסתר־ניטעל, דעם קאַמענעצער רב׳ס טאָכטער, איז געווען אַ חכמה און אַ גרויסע בריה. זײַ האָבען געהאַט אַנ׳אײַנפאָהר־הויז און אַ ווײַנשענק, ווי בײַ אונז אין קאַמעניץ חײַטשע טרינקאָווסקי. נאָר דער אונטערשיעד איז געווען דער, וואָס קאָברין איז אַנ׳אויעזד, אַ גרויסע שטאָדט, און קאַמעניץ — אַ קלײַן שטעדטעל.

די פריצים פון׳ם גאַנצען אויעזד זענען געווען בײַ איהר אין פריצ׳ישען גאַסט־הויז און אין ווײַנשענק. מעבעל איז בײַ איהר געווען רײַכעס, שענעס און געווען איז בײַ איהר אויך אַ טאַנץ־זאַל מיט אַ פיאַנע פאַר די פריצים. זײַ פלעגען ממש שעפּען גאָלד אַמאָל, פאַר׳ן פויל׳ישען אויפשטאַנד.

געווען זענען זײַ אויך גרויטע בעלי־צדקות און צו זײַ קײַן קאָברין פלעגען קומען פון דער גאַנצער גובערניע אָרימע־לײַט, פאַר וועלכע מען פלעגט אויסבאַקען ביז צעהן פוד ברויט.

עס איז איבעריג צו דערמאָהנען, וואָס פאַר גרויסע בעלי־הכנסת־אורחים זײַ זענען געווען! מיט אײַן וואָרט, מען האָט קײַנעם נישט אַרויסגעלאָזט מיט לעדיגען. נאָך אַזאַ הויז פון צדקה און הכנסת־אורחים איז נישט געווען אין גאַנץ ליטא.

אסתר־ניכעל האָט געהאַט, נישט מעהר און נישט ווייניגער, ווי צוויי־און־צוואַנציג קינדער, פון וועלכע דרײַצעהן זענען געשטאָרבען, פון די נײַן געבליבענע זענען געווען דרײַ זיהן און זעקס טעכטער. פאַר די טעכטער האָט מען גענומען די גרעסטע עלוים.

אײַן אײַדעם זײַנער, לײַזער, אַ געוועזענער עילוי, האָט נאָך דער חתונה נישט געוואָלט לערנען. ער איז געוואָרען אַ ביסעל „געחאַפּט

אין דער מעשה", ווי מען פלעגט זיך אמאל אויסדריקען. מען האט איהם געהאלטען פאר אנ'אפיקורס, א משכיל, און ער האט אבגעצויגען צו זיך פון לערנען קאברינער יונגע-לייט. און אזוי איז ביי איהם געווארען א הויז פון השכלה. ביי איהם אין שטוב פלעגט מען חוזק'ן פון רבי'ן מיט די חסידים, פון פאנאטיקער א. ז. ח. ווי דער מנהג איז געווען פון די אמאליגע משכילים.

דער דאזיגער לייזער, אויסער וואס ער איז געווען א גרויסער למדן און א משכיל, האט ער אויך געקענט גוט רוכיש, האט געהאט א גרויסע ביבליאטעק מיט השכלה-ביכער: העבראישע און רוסישע, און א צונג איז ביי איהם געווען — שוועבעל און פעך. וואס ווייטער, האט ער אלץ מעהר צוגעצויגען צו זיך יונגע-לייט.

ר' יאשע האט געהאט נאך אנ'איידעם, טאקע מיינער א קרוב, ר' חיים וואלאשינער'ס אנ'אייניקעל. ר' יאשע איז פשוט געפאהרען קיין וואלאשין און האט אויסגעקליבען דעם בעסטען בחור צווישען די לערנערס. קענענדיג גוט לערנען, האט ער אליין פערהערט די חתנים. באר דעם חתן איז ער שוין נישט געווען אימשטאנד צו פערהערען: דאס יונגעל האט געקענט מעהר פאר ר' יאשע'ן. היינט איז שוין דאס יונגעל א יוד, ר' זלמן-סענדער, וואס איז קריניקער רב. ער האט א שם פאר א גדול און מען האלט איהם זאגאר פאר א בעל-מופת.

ר' יאשע האט דעם עילוי געבראכט צו זיך, בעקליידט און בענעהט איהם און געלעגט דריי טויזענד רובל נדן מיט פינף יאהר קעסט. עס איז געווען די חתונה אין דער אייגענער צייט פון מיין חתונה. דער איידעם זלמן-סענדער האט זיך אויפגעשריבען אין תורה מיט די גרעסטע רבנים פון רוסלאנד און האט געפיהרט פאר זיך א הויז, וואוהין עס פלעגען קומען יונגע-לייט לומדים. זיין הויז איז שוין געווען פונקט דער היפך פון זיין שוואגער.

אזוי זענען געווען צוויי הייזער פון ר' יאשעס קינדער. אבער די דאזיגע הייזער זענען געווען פייער מיט וואסער. די משכילים האבען געלאכט פון די פרומע פאנאטיקער און די פרומע האבען געמאלט אש און בלאטע פון לייזער'ן מיט זיינע משכילים. אבער לייזער איז געווען שטארק בעליעבט אין שטאדט און אויסגעבונדען מיט'ן איספראווניק, מיט'ן מיראוואי פאסרעדניק און מיט דער גאנצער „נאטשאלסטווע".

אַפילו בײַ די פּריצים איז ער געווען געשעצט.

ר׳ יאָשע׳ס הויז און די הײַזער פון זײַנע צוויי אײדעמ׳ס זענען געווען דאָס גײַסטיגע צענטרום אין שטאָדט. עס האָט זיך אומעטום בעוועגט און געלעבט. בײַ ר׳ יאָשע׳ן אין הויז איז געווען פרעהליך. די טעכטער זענען געווען די גרעסטע אַריסטאָקראַטקעס, האָטש ר׳ יאָשע איז נישט געווען זעהר רײַך. מען איז געגאַנגען גרויסאַרטיג געקלײדט און „געשטאָלצירט".

קײַן קאָברין בין איך געקומען נאָך פּורים. אָבער ר׳ יאָשע, וואָס האָט געהאַלטען מײַן נדן, האָט, נעבעך, נאָר קײן געלד דעמאָלט נישט געהאַט, און מחמת איך בין דאָך עפּעס אַ קרוב און אַ למדן, און אַ יונגערמאַן דערצו, האָט מען וועגען מײַן נדן מעהר געשוויגען און אָנשטאָט דעם בעסער מיך געשטאָפּט מיט גוטע זאַכען און זיך געפרעהט מיט מיר.

אין שטוב בײַ זיי איז געווען זעהר פרעהליך, און איך בין מודה, אַז, בדיעבד, האָב איך אמת הנאה געהאַט, וואָס זיי האָבען קײן געלד נישט געהאַט פאַר מיר.

מען האָט מיר געזאָגט:

— פערברענג... בײַ אונז איז פרעהליך.

און איך האָב פערבראַכט.

איך האָב שוין ווי פערגעסען אין מײַן גמרא מיט מײַן יסוד-שורש-העבודה, האָב אויפגעהערט צו קלויבען די רענדלעך און בויען דעם פּאַלאַץ אויף יענער וועלט, אַז עס זאָל חלילה נישט פעהלען קײן אײן געזימסעלע...

זענענדיג פון נאַטור אַ היציגער, אַ קאָך-לעפעל, האָב איך מיר איבערגעגעבען דעם פרעהליכען מישמאַש פון די דרײַ הײַזער. אַ ביסעל האָב איך פערבראַכט בײַ אסתר-גיטלען מיט די קינדער, וואו עס איז געווען הו-האַ, אַ ביסעל בין איך געגאַנגען צו ר׳ זלמן-סענדער׳ן מיט די לומדישע יונגע-לײַט, וואָס זענען אַלע געווען מתנגדים און אַ ביסעל האָב איך געהאַט הנאה צו פערברענגען בײַ לײזער׳ן, דעם עלטערן אײדעם, מיט זײַנע משכילים, וואָס זענען געווען הײַסע יודען און נישט קײן רעליגיעזע, וואָס האָבען זעהר שטאַרק געהאַלטען פון תנ״ך, וואָס

ביי זיי איז נאָר געווען דער עיקר דאָס מענשליכע, שבין אדם לחברו, מענשען-פריינדשאפט, כלל-גליק און עולם-הזה.

איך האָב קיינמאָל קיין תנ״ך ניט געלערנט. אין יענע צייטען, ווי איך האָב שוין ערגעץ געזאָגט, איז לערנען תנ״ך געווען געהאלטען פאַר אפקורסות, איבערהויפט ביי חסידים און טויזענד מאָל מעהר ביי מיין טאַטען, וואָס איז געווען אַריינגעטהאָן אין חסידות אַריבער׳ן קאָפּ. נאָר ביי מאָטע דעם מלמד האָב איך געלערנט יהושע, שופטים און שמואל, מעהר נישט. לערנען עשרים-וארבע אין בית-המדרש האָב איך מורא געהאַט פאַר׳ן טאַטען. און איך האָב כמעט נישט געוואוסט די בעדייטונג פון די נביאים, די פּאָעזיע פון זייער וואָרט און דאָ, ערשט איצט, הער איך עפּעס אַזוינע שענע טיעפע ווערטער, וואָס פער־בשוף׳ען מיך אינגאַנצען.

ישעיה הנביא זאָגט אין גאָט׳ס נאָמען: מי בקש מידכם רמוס חצרי — ווער בעט ביי אייך, איהר זאָלט טרעטען אין מיין הויף, חדשיכם ומועדיכם שנאה נפשי — אייערע חדשים און ימים-טובים האָט פיינט מיין זעלע, גם כי הרבו תפילה אינני שומע — אפילו אַז איהר דאַווענט אַ סך, הער איך נישט. כי ידיכם דמים מלאו—וואָרום אייערע הענד זענען בעפלעקט מיט בלוט. רחצו הזכו — וואַשט זיך, ריינינגט זיך, למדו משפט — לערנט גערעכטיגקייט א. ז. וו.

און נאָך:

... הכזה צום אבחרהו, — צי דאָס זאָל איך רופען אַ תענית? הלכף כאגמון ראשו, בלבוש שק, איינבויגען דעם קאָפּ און אָנטהאָן אַ זאַק? אַזאַ תענית זאָל זיין בעוויליגט ביי גאָט? הלוא זה צום אבחרהו? ביין, זאָגט דאָס, אָט דעם תענית וועהל איך אויס: אויפבינדען די שטריק פון יאָך, אַלע דערשלאָגענע מאַכען פריי, פערשפּרייטען דיין ברויט פאַר די הונגעריגע. אָרימע-לייט און נויטבעדערפטיגע זאָלען קומען צו דיר אין הויז אַריין. אַז דו וועסט זעהן אַ נאַקעטען, זאָלסט איהם אָנקליידען. דעמאָלט וועט שיינען דיין ליכטיגקייט ווי דער מאָר־גענשטערן און דעמאָלט, אַז דו וועסט מיך רופען, וועל איך ענטפערן: אָט בין איך...

לייזער׳ס משכילים האָבען אַזוי געלערנט מיט די חסיד׳ישע יונגע־לייט, וועלכע זענען פערבאָרגענערהייד אַריינגעפאַלען צו זיי. איך האָב

זיך איינגעהערט און טראַכט מיר בעת מעשה: וואָס מאַכט מען אַזוי חוזק ביי זלמן-סענדער'ן אין הויז פון די משכּילים, מען רופט זיי אַפּיקורסים ימח שמם, פערקעהרט, דאָ רעדט מען דאָך אַזוי שען, קלוג און גוט! און איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז אַ נביא זאָל גאָר רײדען אין נאָמען פון גאָט, אַז ער, גאָט, איז מוחל די יודען „זייער דאַוונען און זייערע שבּתים, און זייער שרייען, און זייער אויסשפּרייטען די הענד, און זייער פאַסטען". נאָר דאָס פערלאַנגט גאָט: העלפען איינע די אַנדערע, צוברעכען דעם יאָך, וואָס די רייכע לעגען אַרויף אויף די אָרימע — דאָס האָט מיך ממש איבּערראַשט און אין דער רגע זענען בּיי מיר שוין די אַלע צדקות'ן פון יסוד-שורש-העבודה געוואָרען עפּעס פלאַך, פלאַך און נישטיג...

און לייזער'ס משכּילים זענען געוואָרען טייער בּיי מיר. איצט האָב איך מיך בּעטראַכט ווי ווייט איך בּין געווען פערנאַרט. איך האָב נאָר געלערנט און געדאַוונט, און געוויינט, און געפאַסט, און געפּייניגט זיך. איך האָב געמיינט, אַז דאָס פערלאַנגט גאָט. איצט אָבער ווער איך געוואָהר, אַז נישט דאָס פערלאַנגט גאָט פון מענשען, ער וויל נאָר, אַז מענשען זאָלען זיך העלפען, איינע די אַנדערע טהאָן טובות, פערלייכטערן איינעם דעם אַנדערן און איך האָב זיך גאָר קיינמאָל נישט אומגעקוקט אויף די אָרימקייט, וואָס האָט געשווימעלט און געגריבּעלט אין קאָמעניץ. עס איז גאָר קיינעם'ס דאגה נישט, אַלע אַרבּייטען נאָר פאַר זיך און איינער וויל איינשלינגען דעם אַנדערן. אַז איינער האָט פּרנסה, פערגינט מען איהם נישט, און אַז איינער שטאַרבּט פון הונגער, אַרט דאָס קיינעם נישט. קורץ, איך בּין אינגאַנצען איבּערגעדרעהט געוואָרען, און בּיי מיר איז געבּליבּען, אַז ווען איך וועל קומען אַהיים, זאָל איך זיך אָקאָרשט אַ נעהם טהאָן פאַר די אָרימע, העלפען די נעדריקטע. ניש'קשה, ענערגיע פעהלט מיר נישט און מיך וועלען פאָלגען אַלע יונגע-לייט.

דאָס געלד האָט מען מיר, ענדליך, פאָרט אָבּגעגעבּען און איך בּין אַוועקגעפאָהרען פון קאָבּרין גאָר אַן'איבּערגעאַנדערשטער. איך האָב קיינמאָל נישט געזעהן אַזעלכע אינטערעסאַנטע קרייזלעך ווי דאָרט איז פאַרהאַן: אי תּורה, אי גדולה און אמת'ע פרומקייט מיט השכּלה, און

נאָך מײַן שׂכל נאָך האָט געשטימט אַלץ צוזאַמען. בײַ מיר איז חערט געװען מײַן זײַן אין קאָברין כּל הון דעלמא.

אַז איך בין געקומען קײַן קאַמעניץ מיט דעם גרן, האָב איך באַשלאָסען בײַ זיך דאָס ערשטע צו געבען מעשר פון דעם געלד. נאָר דער טאַטע האָט געװאָלט, אַז איך זאָל געבען דעם סלאָנימער רבי פופציג פּראָצענט פון דעם מעשר. איך האָב אָבער גאָרנישט געװאָלט הערען. צעהן רובל האָט ער יאָ בײַ מיר אױסגעריסען פאַר זײַן רבי'ן און דאָס איבעריגע האָב איך צוטײַלט און מיט אַ טאָלק: איך האָב אױפגעזוכט אַזעלכע בכבוד'ע געדריקטע מענשען און אײַנגעטײַלט צװי־שען זײ שטילערהײד דאָס געלד. דערנאָך האָב איך בעצאָהלט דעם קרעמער, און מײַן װײַב די בּריה האָט איבערגענומען די קראָם.

פאַר מיר האָט זיך אָנגעהױבען אַ נײַע עפּאָכע. אַלע טאָג בין איך געגאַנגען דאַװנען, נאָכ'ן דאַװנען געלערנט אַ שעה גמרא און צװישען מנחה און מעריב אױך אַ שעה. די איבעריגע צײַט בין איך געזעסען מיט מײַנער אין קראָם. געלײַזט האָבען מיר װעניג, װײַל מעהר װי פּױערים זענען קײַן קונים נישט געװען. עס איז געװען בּאַלד נאָכ'ן אױפשטאַנד. פון אַ פּריץ איז קײַן זכר נישט געװען. טאָמער בעװײַזט זיך יאָ אַמאָל אױף אַ רפואה אַ שטיקעל פּריץ מיט אַ פּאָר פערד, איז די קאַרעטע געװען אײַנגעשמירט, די פערד פערשמוצטע, נישט קײַן אָבגעװאַשענע, און ער האָט זיך דורכגעטראָגען װי אַ שאָטען איבער'ן שטעדטיל. איך האָב געהאַט לוקסוס־זאַכען אין קראָם, האָט מען עס אָבער איצט געמעגט זיכער אַרױסװאַרפען.

איך האָב אױפגעהערט צו קלױבען רענדלעך און בױען דעם פּאַלאַץ, אָבער אױך פון דעם, װאָס איך האָב אױף זיך גענומען, פאָהרענדיג צוריק פון קאָברין, אַז איך זאָל אָנהױבען אַרבּײַטען לױט'ן פּראָגראַם פון ישעיה הנביא, איז אױך גאָרנישט געװאָרען. איך האָב זיך בּאַלד, פערשטעהט זיך, פערדרעהט דעם קאָפּ מיט דער קראָם, װאו עס איז געלעגען אַלטע און אומנוציגע סחורה, עפּעס מאָדנע רעשטלעך, אױף װעלכע עס איז לחלוטין קײַן סוחר נישט געװען. פאַר די אַלע שמאַטעס האָבען מיר, מענשען נישט קײַן געניטע, אָבּ־געצאָהלט אַ ס ך ה ו נ ד ע ר ט ע ר און אײן גאָט װײס, װען מען װעט עס פערקױפען. צו דעם דאַרף מען ערשט האָבען פון דאָס נײַ פּריסטע

סחורה, אַנדערע, פּראָסטע פאַר די פּויערטעס, און מײַנע סחורה אַװעקשיקען ערגעץ אין אַ מוזעאום פון אַלטע אַנטיקען. עגמת נפש איז געװען גענוג, און דערװײַל איז דער זײדע מיט׳ן טאַטען אויך געבליבען מיט װעניג פּרנסה.

דאָס װײַב האָט מיך שוין אָנגעהויבען צו „יאָדען", פאַרװאָס בין איך אַזאַ שלימזל׳ניק און טויג נישט צו קײן מסחר, און אַז זי מוז, נעבעך, זײַן אַ קרעמערקע אין קאַמעניץ, אומשטײנ׳ס געזאָגט, פאַר װעמען? קײן פּריצים זענען נישטאָ און מיט פּויערטעס האָט זי גאָר קײן חשק נישט צו האַנדלען. מען דאַרף זײַן צו זײ פּראָסט, מען דאַרף זײ אײַנרײדען און זי איז דאָך עפּעס אַ גאַנצע „יאַ טעביע דאַם".

קורץ, מיר איז שוין געװאָרען גוט שלעכט. איך עס אַפילו קעסט אָבער דעם טאַטען איז אויך נישט זעהר גוט. מיר װאָלטען װעלען זיך אָבזאָגען פונ׳ם קעסט, מעג מען שוין אָבער נאָך אונזער ביסעל געלד, װאָס מיר האָבען אַרײַנגעלעגט אין קראָם, זאָגען אַ רבנן-קדיש. אַז עס איז אָבער געװאָרען נאָך ערגער, האָב איך שוין גאָר אַװעקגעװאָרפען מײַנע געדאַנקען צו װערען אַ רב, אָדער צו העלפען אָרימע-לײַט, נאָר בײַ מיר איז געבליבען צו װערען אַ ראַבינער. קודם כל האָב איך גענומען לערנען תנ״ך, אָהן דעם טאַטענס װיסען, אַ צעהן מאָל דורכגעלערנט איהם אויף אַזאַ אופן: איך האָב אָנגעהויבען פון ערשטען קאַפּיטעל ביז אַנ׳ערך צעהן קאַפּיטלעך, דערנאָך האָב איך װידער אָנגעהויבען פון ערשטען, פון צעהנטען, ביז דעם צװאַנציגסטען און װידער פון צעהנטען א. ז. װ. אַזױערנאָך האָב איך אָבגעלערנט גאַנץ עשרים-וארבע. פון עשרים-וארבע בין איך באַלד איבערגעגאַנגען צו השכלה-ספרים. יאָסעל דעם גביר׳ס האָט געהאַט אַ סך השכלה-ספרים און מיר האָבען שטאַרק גענומען לעזען. מיר פלעגען שיקען קײן ביאַליסטאָק נאָך השכלה-ביכער אויף ניץ-געלד.

נעװען דעמאָלט אַ גרויסער משכיל, ר׳ אליעזר האַלבערשטאַם, ר׳ איצעלע זאַבלודאָװסקי׳ס אַנ׳אײדעם. יענער האָט געשטיצט די השכלה-בעװעגונג, און ביאַליסטאָק האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גרויסער השכלה-שטאָדט.

פאַנאַטישע יונגע-לײַט האָבען אַװעקגעװאָרפען דאָס לערנען און

זיך גענומען צו השכלה מיט דער שטיצע פון האלבערשטאם. דאס איז געווען די בעריהמטע צייט פון גט'ן צווישען מאן און ווייב צוליעב דער השכלה. „שוועהרען האבען אבגעגט זייערע איידעמ'ס" מחמת די טעלטער האבען קיין דעה נישט געהאט. דער טאטע האט געזאגט, אז איהר מאן איז געווארען אנ'אפיקורס, מוז מען איהם אב'גט'ן.

אין אט דער צייט האבען מיר גענומען אויסשרייבען אלע השכלה־ספרים און פלעגען צאהלען גוט געלד פאר'ן לעזען. איבערגעלעזען א בוך — אוועקגעשיקט נאך א צווייטס. מען האט אונז אריינגעשיקט א געשריבענעם קאטאלאג פון אלע נייע השכלה־ספרים. איך האב געוואלט אנהויבען לערנען רוסיש, נאר אין קאמעניץ איז נישט געווען קיין לעהרער און דער טאטע וואלט מיך דאס אודאי נישט געלאזען.

צו דער צייט האב איך שוין געקענט שרייבען לשון־קודש און האב זיך „אויסגעצייכענט" מיט מיין לשון. דעם טאטען האט דאס שרעקליך געקרענקט. ער האט אבער געזעהן, אז ער קען גארנישט העלפען, און די האפנונג, וואס ער האט געלעגט אויף דער שנוהר, אז זי וועט מיך מאכען פאר א חסיד, איז אינגאנצען צורונען געווארען. פערקעהרט, מיין ווייב איז געווארען אבגעקיהלט צו חסידות. איהרע רעיונות, וואס האבען זיך נאר געדרעהט ארום פרנסה און מאכען א לעבען, האבען איהר אונטערגעזאגט, אז די ווייבער, וואס האבען מאנען חסידים, ווערען ממש פערשווארצט. די מאנען ליגען גאנצע טעג און נעכט אין חסידים־שטיבעל, טאנצען און זינגען, עסען און טרינקען, און די ווייבער שטארבען פון הונגער. זי האט געזעהן, ווי חסידים האבען געהוליעט ביי מיין טאטען דעם גאנצען שבת־צו־נאכט, געגעסען און געזונגען און די ווייבער מיט די קינדער זייערע זענען געלעגען אין דער־היים כמעט ווי הונגעריגע, פער'חשכ'טע.

זי האט אויך געזעהן, אז איך וואלט וועלען פערדינען געלד, אז איך וויל זיך איינארדנען א רעכט לעבען, און אט דער חשק וואלט ביי מיר קיינמאל נישט געווען, ווען איך וואלט געווען א חסיד. און איצט האט זי אויך שולדיג געמאכט מיין טאטען, וואס האט מיך נישט בעזארגט מיט עפעס א תכלית, אז איך זאל קענען געבען א ווייב פרנסה.

בעת בײַ יודען האָט זיך שטאַרק גענומען ענטוויקלען בילדונג און פיעל יודען האָבען אָבגעגעבען די קינדער אין גימנאַזיע, אין יענער צײַט, ווען מען האָט שוין געזעהן יודישע דאָקטוירים, אינזשעניערען, יוריסטען — האָב איך זעהר געקלאָגט דערויף, וואָס דער טאַטע האָט מיך אומגליקליך געמאַכט. נישט קײן רב און נישט קײן דאָקטאָר. נאָר אין רעכטען מיטען דאגה'נען האָט זיך אונטערגערוקט אַ נײַע צרה, נאָך אַ גרעסערע, און מען האָט שוין פון פרנסה גאָרנישט געקלערט. איך מײן דאָ די גרויסע חאָלערע פון 1866-טען יאָהר, וואָס האָט פערצוקט דרײַ מיליאָן מענשען אין אַ פּאָר חדשים צײַט.

## זיעבען-און-צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

די חאָלערע. — אַמאָליגע סגולות צו חאָלערע. — דעם רב'ס טויט. — דער קלאַנג, אַז ער איז לעבעדיג געוואָרען. — איך זוך אַ בעלן אויף דיזר יראָם. — וואַכנאָוויטש. — איך וויל ווערען ראַבינער. — פּעטש. —

די חאָלערע איז פון בריסק, פונקט ווי אַ לעבעדיג בעשעפעניש, גלייך געקומען קיין קאַמעניץ. די עפּידעמיע האָט זיך שרעקליך פערשפּרייט. אין בריסק זענען געשטאָרבען פון אלול ביז כסלו מעהר פון צוויי טויזענד מענשען, און אויך אין קאַמעניץ איז געוועזען נישט וועניגער שרעקליך. פון די ערשטע איז געשטאָרבען דעם רב'ס אַנ'אייניקעל, ר' שמחה'ס טאָכטער, אַ ווייבעל, און נאָך איהר האָט מען גענומען שטאַרבען אין דעם קליינער קאַמעניץ צו צוויי, דריי אַ טאָג. אַמאָל האָט דערגרייכט ביז אַכט אַ טאָג. אַז מען איז אויפגעשטאַנען אין דער-פריה, האָט מען שוין געהערט פון נייע געשטאָרבענע.

עס איז, פערשטעהט זיך, קיין חאונדער נישט, וואָס מען איז אַזוי פיעל געשטאָרבען. פון דעזינפעקציע האָט מען נאָך דעמאָלט קיין שום בעגריף נישט געהאַט, די מגפה-מתים האָט מען מטהר געווען אין דער-היים, און נישט אויפ'ן בית-עולם. געוועהנליך, האָט מען

מטהר געווען מיט וואַרימען וואַסער, וואָס פלעגט זיך צוטראָגען אומע־טום, און עס איז מעהר וואונדער, וואָס אַלע זענען ניט אויסגע־שטאָרבען. מען איז אָבער אַזוי אויך געניג געפאַלען.

ביים טאַטען איז געשטאָרבען אַ שוועסטער פון פערצעהן יאָהר און אַ טאָכטער'ל פון צוויי יאָהר. יודען האָבען אפילו נאָך דעם אַלעם אָנגענומען זעהר ווילטיגע מיטלען, דהיינו, מען האָט חתונה געמאַכט אויפ'ן בית-עולם אַ שטומע מויד, אַ קאַליקע, מיט אַ בלינדען בחור. דאָס האָט מען געשטעלט אויפ'ן בית־עולם אַ חופה, אַז פון זיי זאָל אַרויסקומען אַ גוטער דור. ווידער איז מען געגאַנגען, געדענק איך, פריי‍טאָג איבער דער גאַנצער שטאָדט מיט ספרי־תורות, להבדיל, אַ מין פראָצעסיע, און מען האָט געזאָגט קטורת. די אַלע סגולות האָבען אָבער ניט געהאָלפען.

מען האָט נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט פון די לעצטע סגולות, וואָס זענען געברויכט געוואָרען אין פוילען, אין לובלין, מיט אַ פופ־צעהן יאָהר צוריק, ווען ס'איז געווען די חאָלערע. דעמאָלט האָבען זיך אַלע אָנגעטהאָן פינגערלעך פון אַ לולב און מען האָט איינגעשפאַנט פיער מיידלעך אין אַ סאָכע און פעראַקערט אַ שטיק ערד אין דער זייט שטאָדט, פון וואַנען די חאָלערע איז געגאַנגען. מען האָט אויך אוועק־געשטעלט אַ גוי אויפ'ן בית-עולם, געצאָהלט איהם דריי רובל אַ טאָג, אַז ער זאָל שטעהן ביים טויער פון בית-עולם, און ווען מען וועט ברענגען אַ מת, זאָל ער זאָגען:

— טו ניעמאַ מיעסטאַ.

האָט דער גוי, ער האָט דאָך אַ גויעשען קאָפּ, געזאָגט פונקט פערקעהרט, ווען מען האָט געבראַכט אַ מת:

— טו יעסט דאָסיטש מיעסטאַ, איהר קענט ברענגען אַלע זשידעם אַהער.

אָבער ביי אונז אין קאַמעניץ, ווי געזאָגט, האָט מען פון דעם פעראַקערן אַ זייט שטאָדט מיט מיידלעך נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט און אפילו פון לובלינער פינגערלעך האָט מען אויך ניט געוואוסט, און דער אַסעסער מיט'ן איספראַווניק האָבען אַזוי געוואוסט וואָס פאָר־צונעהמען, ווי מיר ווייסען גענוי, וואָס עס טהוט זיך אויף דער לבנה. נאָר איך קען מיך נישט איינהאַלטען און מוז דערצעהלען ממש פון אַ

וואונדער: אין זאַסטאַוויע איז קיין איין מענש נישט געשטאָרבען, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אָבגעצוימט פאַר'ן מלאך המות, ער זאָל אַהין נישט קענען קומען. דאָס איז עפּעס אַ מאָדנע אונפערשטענדליכע ערשײַנונג געווען. פון דער אַנדער זײַט, אין וויסאָקי, איז געווען די חאָלערע גרויס, אין קאַמעניץ נישט קלענער, און די זאַסטאַוויער פלעגען אַ גאַנצען טאָג זײַן אין קאַמעניץ, נאָר בײַנאַכט פלעגען זײ געהן אַהיים שלאָפען, און אַלע זענען געווען גאַנץ...

דעם ערשטען טאָג סוכות איז אין אַ שעה צײַט געשטאָרבען פון חאָלערע מײַן פעטער דער רב. געוועהנליך, איז געקומען די גאַנצע שטאָדט און מען האָט פערגאָסען טײַכען טרעהרען. בײַם פעטער איז געוועזען פול די שטוב, און איך געדענק, אַז אַ פינגער האָט זיך בײַ איהם אַ ריהר געטהאָן, האָט מען אָנגעהויבען צו שרײַען, אַז דער צדיק לעבט נאָך. די פענסטער זענען געווען אָפען און איבער'ן שטאָדט האָט זיך באַלד פערשפרייט דער קלאַנג, אַז דער צדיק איז לעבעדיג געוואָרען. אָבער אין אַ פּאָר שעה אַרום איז געווען די לויה.

אַז איך בין געקומען אַהיים, האָט מיך געפרעגט די באָבע ביילע-ראַשע, מיט איהר האַרציגען קול:

— חצקיל, דו ביזט דאָך געווען נעבען פעטער. ס'איז אמת, וואָס מען זאָגט, אַז דער רב האָט זיך אויפגעזעצט און געזאָגט: וויינט נישט, קינדערלעך, מיט מיר וועט פערשלאָסען ווערען די ערד?

איך דערצעהל איהר, ווי דאָס איז געווען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפען, די גאַנצע שטאָדט האָט בעשטעטיגט דעם קלאַנג. נאָר אין דער נאַכט זענען געשטאָרבען פופצעהן מענשען מיט אַמאָל און ס'האָט זיך ערשט רעכט אָנגעהויבען צו פערגרעסערן די חאָלערע. איבער דעם איז די מעשה מיט'ן רב פערשטיקט געוואָרען. געדויערט האָט די עפּידעמיע אפשר ביז חנוכה-צײַט. אַלע מענשען זענען געשטאַנען בײַם טהיר פון טויט. אָט שטעהט מען דאָ און אָט איז מען שוין אויפ'ן עולם האמת.

די גאַנצע צײַט האָט קיינער אין זינען נישט געהאַט קיין פרנסה, אַלע האָבען געגעבען צדקה פאַר אָרימע-לײַט, און אַ סך האָבען פערקויפט פון זיך דאָס לעצטע העמד אויף ברויט.

שטאָדט האָט אַפילו געהאַט אַ שטוב, מיט טעפּ הייסע וואַסער און עס איז געווען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע „רייבער", וואָס האָבען גערייבט גאַנצע טעג און נעכט, געריבען און געוואַרימט די קראַנקע. אָבער די גאַנצע קאָמפּאַניע איז אויסגעשטאָרבען ביז איינעם צוזאַמען מיט'ן רעכטען אָנפיהרער פון דער דאָזיגער קאָמפּאַניע „רייבער", יאָסעל, אַ גרויסער גבור. נאָך דער חאָלערע איז שטאָדט געבליבען כמעט ווי לעדיג.

אָבער אַ צרה — אַ צרה און פרנסה מוז מען דאָך האָבען, האָט מען פון דאָס־ניי אָנגעהויבען זוכען פרנסה, און דער טאַטע האָט, נעבעך, געמוזט אַוועקוואַרפען זיינע חסידים מיט דעם חסידים־שטיבעל און אַרויספאָהרען אין הויף וואַלנאָוויטש, וואָס דער זיידע האָט געדונגען ביים טורנער גראַף, דריי מייל ווייט פון קאַמעניץ.

און איך בין פערבליבען אין קאַמעניץ מיט מיין קרעמעל. אָבער מיר האָבען איינגעזעהן, אַז מיר וועלען אַזוי זיצען אין קראָם ביז מיר וועלען אויפעסען דאָס גאַנצע געלד. נישט מיר האָבען געהאַט סחורה פאַר'ן פויער, און נישט מיר האָבען איהם געקענט שלעפּען פאַר'ן אַרבעל, ווי עס האָט געפאָדערט. מיר האָבען געמוזט וואַרטען ביז די פויערים וועלען אַליין אַריינקומען, און עס איז געגאַנגען קאַפּויר.

נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיר זענען געווען קנאַפּע בעלי־הוצאות, ווייל פון אַלע עסען־פּראָדוקטען האָט דער טאַטע אונז צוגעשיקט פון הויף און מיר זענען געווען אינגאַנצען זאַלבענאַנד מיט אַ דיענסט, דאָך איז ביי אונז אַוועק פיעל געלד. איך האָב קיינמאָל נישט געוואוסט פון קאַרגען. אַזאַ „פאַמיליען־פעהלער" האָב איך שוין געהאַט, און עס איז געווען דייטליך, אַז מיר וועלען ווייטער נישט קענען עקזיסטירען.

גאָט וואַרפט נישט אַראָב דעם מענשען אַ ביטעל געלד פון הימעל, און ברויט וואַקסט אויך נישט אויף בוימער פאַר די מענשען. איידער דאָס ברויט קומט צום מענשענס מויל, דאַרף מען אויף דעם גוט אַרבייטען, אַקערן און מיסטיגען, זייהען, שניידען, טריקענען און דרעשען און ווייטער טריקענען, און מאָהלען, און זיפּען, און קנעטען, און באַקען — און ערשט דעמאָלט קומט אַרויס פאַרטיגעס ברויט. ווי עס זעהט אויס, מוז דער מענש גוט אַרבייטען ביז ער בעקומט דאָס

שטיקעל ברויט, און אז מיר זיצען דא אין קראם און קוקען איינע אויף די אנדערע און די פויערים מיט די פויערטעס ווילען מיר נישט שלעפען פאר׳ן ארבעל — וועלען מיר אודאי נישט לאזען, און וועלען דארפען צאהלען קראם-געלד און דירה-געלד סתם, אזוי, אין דער וועלט אריין.

פונדעסטוועגען האבען מיר זיך געהאלטען אין דער קראם. איין „רעפארמע" האבען מיר געמאכט: מיר האבען צוגענומען א מיידעל, וואס זאל שלעפען די פויערטעס אין קראם אריין. אבער דאס האט קנאפ וואס געהאלפען.

צו דער צייט האט מיין ווייב געבוירען דאס ערשטע קינד. און דער ברית, וואס איז געפראוועט געווען אויפ׳ן גרויסען שטיינער מיט וויינען און נדבות, האט געמאכט א קבר פון דער קראם. די קראם איז שוין אינגאנצען אבגעלאזט געווארען. מיר האבען זיך פערלאזען אויף דאס מיידעל, וואס האט, א פנים, געהאט גאנץ לאנגע הענד, זאל זי מיר איצט מוחל זיין, און ביני לביני, איז געווען נישט גוט. מיין ווייב האט שוין א קינד און קען שוין נישט אזוי ארבייטען אין קראם. און איך האב געהאלטען, אז אזא מין געשעפט איז גלאט פאר מיר נישט פאסיג, אז איך קען מיך נישט צוגעוועהנען צו די פויערים מיט די פויערטעס, עס האט מיר געעקעלט פונ׳ם פדיון מיט די קונים, און ביי מיר איז געבליבען, מיר זאלען פערקויפען די קראם און ארויספאהרען צום טאטען אין הויף. מיין כונה איז געווען, איך זאל זיך נעהמען צו שטודירען אויף ראבינער, און וועגען דעם קיינעם נישט דערצעהלען דערוייל, מיין ווייב אויך נישט...

איך האב געזוכט א בעלן אויף דער קראם און נישט געפונען. נאך גרויסע צרות האב איך ווי עס איז אוועקגעגעבען מיינער א קרובה דאס ביסעל סחורה פאר א דריטעל געלד, וואס זי האט מיר ערשט אבגעצאהלט צו ביסלעכווייז און איך בין ארויסגעפאהרען צום טאטען אין הויף קיין וואלנאוויטש.

דעם טאטען, ווי א הייסען חסיד, איז שרעקליך אומעטיג געווען אויפ׳ן ישוב. פלעגט ער פרייטאג-צו-נאכט און א גאנצען שבת מאכען זיך אליין פרעהליך. אז אח-און-וועה! ער פלעגט זינגען און די קינדער פלעגען טאנצען. די שמחה איז געווען א געמאכטע, און דעם שמייכעל

זיינעם האט ער שוין פערלארען און מען האט געזעהן, אז ער צאנקט ער געהט אוים ווי א ליכט אין דעם פערגליווערטען דארף-לעבען, אהן די חסידים.

איך האב זיך אריינגענומען אין קאפ, אז איך זאל מיך צוגרייטען צום עקזאמען אויף א ראבינער, און איך בין געפאהרען קיין בריסק, האב זיך דארטען בעקאנט מיט א שרייבער, א בעוואוסטער משכיל, וואס האט געשטיצט די אלע יונגע-לייט, וועלכע האבען זיך גענומען צו השכלה. איך בין איהם געפעלען געווארען. נאר די רוסישע שפראך מוז איך קענען. ער האט מיר אנגעוויזען, וועלכע ביכער איך זאל לערנען און האט מיר אפילו אייניגע ביכער געגעבען. איך האב אויך געקויפט א רוסיש ווערטער-בוך און בין געקומען אהיים. מען דארף זיך ערנסט צוגרייטען. איך האב געוואוסט, אז דער טאטע וועט זיין דאגעגען, וואס איך לערן זיך רוסיש, ווער רעדט, זיין א ראבינער אודאי און אודאי נישט. אבער איך האב גערעכענט, אז ער וועט זיך דאך שטארק נישט שטעלען. נאר אז ער האט פארט בעמערקט, אז איך לערן מיך רוסיש, האט ער מיר געגעבען צוויי פעטש און געזאגט:

— מיר לעבען, גאט צו דאנקען, און מיר קענען נישט קיין רוסיש. דו ווילסט רוסיש. פאר קיין פאל וועל איך דיך נישט לאזען!...

## אַכט-און-צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

מיין באָבעס פּלעצליכער טויט.—דער רושם פונ'ם טויט אויף דער משפּחה און אויף דאָס שטעדטעל.— איהר לויה.— דעם זיידענ'ס יאָמער.— דאָס זיצען שבעה.— דער באָבעס גרויסער נאָמען.— איהרע שענע מעשים.— אונזער משפּחה צופאַלט זיך נאָך איהר טויט.—

נאָך פאַר'ן אַרויספאָהרען קיין וואַלנאָוויטש האָבען מיר איבערגע-לעבט אַ גרויס אומגליק.

איינמאָל, ביינאַכט, האָט מען אונז אָנגעקלאַפּט אין די לאָדען:

— משה! משה! שטעה אויף, די מאַמע איז פאַרביי!

עס איז געוואָרען אַ געוויין און מיר אַלע, טויט-דערשראָקענע, האָבען זיך גענומען אין דער-גיך אָנטהאָן: אָבער די הענד ציטערן, זיי ווערען ווי פּאַראַליזירט. דער טאַטע, די מאַמע, איך און מיין ווייב און אַלע ברידער, שוועסטער — האָבען דאָך ווי עס איז אַרויפגעכאַפּט די זאַכען אויף זיך, וויינענדיג אויפ'ן קול. נאָר דער טאַטע וויינט נישט. בלאַס איז ער, די אויגען בלישטשען מיט אַ פייכטקייט. מיר לויפען גיכער צו דער טייערער באָבען. פון גרויס געלויף פאַלט מען אויף די שטיגען פון גאַניק, מען הויבט זיך אויף און מען לויפט

ווייטער אין שטוב. נאר דער באבען האבען מיר שוין געפונען א טויטע, פלוצלונג האט איהר געטראפען א בלוט-שטורץ. דאס גאנצע בלוט איז איהר ארויס פון האלז מיט איין מאל, און אין א פיערטעל שעה איז זי שוין געוועזען טויט. אין שטוב האבען מיר געפונען אלע קינדער מיט די אייניקלעך, קליינע און גרויסע, דעם זיידעס ברידער'ס און די שוועסטער'ס פאמיליע. אלע זענען שוין געוועזען, און די געוואלדען מיט די געוויינען האבען אויפגעהויבען כמעט די גאנצע שטאדט. עס זענען זיך צונויפגעקומען פרעמדע ווייבער און דאס געוויין איז גרעסער געווארען, פונקט ווי א גאנצע שטאדט וואלט אויסגעשאכטען געווארען פון א שונא.

דער זיידע טהוט נאר און חלש'ט, ווערט נאך א גרעסער געשריי מיט א געוויין — אלע לויפען מינטערן דעם זיידען. יאשקע דער רופא מיט די איבעריגע צוויי רופאים לאזט מען שוין נישט ארויס פון שטוב. זיי דארפען היטען דעם זיידען, ווען ער הויבט אן צו חלש'ן. די באבע ליעגט אויף דער ערד און דער זיידע פאלט אויך אויף דער ערד. ער לעגט זיך אין דער ברייט, אנטקעגען דער באבען, שפארט אן זיין קאפ אויף איהר קאפ און בעגיסט זי מיט טייכען טרעהרען. ער איז שטענדיג געוועזען א בעל-בכי. נאר איצט האט זיך עפעס געעפענט א גאנצער קוואל, וואס גיסט און גיסט און וויל נישט אויפהערען. און זיין פערהליפען זיך צורייצט נאך מעהר די גאנצע פאמיליע. די געוויינען און די געוואלדען שטארקען זיך פון מינוט צו מינוט און איצט שלאפט שוין נישט די גאנצע שטאדט, אלע קרעכצען אויף דער צדקת און דער חכמה, וואס האט נישט געהאט קיין איין שונא אין לעבען.

פארטאג איז שוין געוועזען די גאנצע שטאדט ארום שטוב און אין שטוב. אויפ'ן גאניק און ארום אלע פענסטער. און די געוויינען האבען די הימלען געריסען.

דער טאטע האט באלד אויעקגעשיקט א רייטער קיין טשעכטשא־ווע נאך דער שוועסטער מיט'ן שוואגער בעריל-בענדעט. אין א דריי שעה ארום איז שוין געקומען צופאהרען בעריל-בענדעט מיט דבורה'ן און אלע זייערע קינדער און אייניקלעך, וועלכע האבען צוגעגעבען פריי־שע טענער צום געוויין.

און עס איז איינענטליך געוועזען אויף וואס צו קלאגען, ווארום אט

די דאַרעטשקע, קליינע יודענע האָט געהאַלטען פעסט אין אחדות די גאַנצע פאַמיליע אונזערע, דאָס האָט איהר גוטער גייסט אַריינגעגעבען אין יעדען פון אונז שלום, דאָס האָט זי אונז געלערנט, אַז מען דאַרף ליבען איינער דעם צווייטען, דאָס האָט זי אַלטונג געגעבען, אַז אונזער גרויסע משפחה זאָל זיך האַלטען שען, ציכטיג און גוט. דאָס האָט זי מיט אונז איינגעטענה'ט, אַז מען דאַרף קיינמאָל נישט געברויכען קיין כעס, אַז מען דאַרף דאָס רוב אַלץ אָננעהמען פאַר ליעב, און אַז מען דאַרף האָפען און די האָפנונג נישט פערלירען! און אָט ליעגט זי, די ליעבע, טייערע באָבע מיינע, אַ צוגעדעקטע מיט שוואַרצען און מעהר וועט זי שוין נישט אויפשטעהן פון דער ערד.

עס איז געוואָרען טאָג, אָבער ביי אונז אַלעמען איז אַ פינסטערע נאַכט, נישטאָ קיין מענשליכע כחות איבערצוטראָגען די מאוים'דיגע סצענע, ווי די באָבע ליעגט אויף דער ערד און דער זיידע ליעגט דערנעבען, מיט'ן קאָפּ אויף איהר קאָפּ און גיסט מיט טרעהרען ווי פון אַ קוואַל, און חליפּעט ווי אַ קליין קינד, און אַלע וויינען מיט.

דער זיידע ווערט אַלעמאָל אַנטשוויגען, לויפט מען צו אַ קוק טהאָן, זעהט מען, אַז ער האָט גע'חלש'ט. ווערט אַ גרויס געוויין, לויפען שוין די רופאים מיט די פלעשלעך און מיט קאַלט וואַסער. זיי מינטערן איהם, ער קומט צו זיך און פאַלט ווידער אויף דער ערד צו קאָפּען דער באָבען און גיסט ווידער מיט טרעהרען, ווי פון אַ קוואַל און חליפּעט ווידער ביז עס ווערט שטיל.

דערנאָך זענען געקומען ווייבער פון „חברה-קדישא” מטהר זיין. מען האָט בעדאַרפט לעדיג מאַכען די שטוב און אַלע הויבען אָן אַרויסצוגעהן. אָבער מען קען דעם זיידען נישט אָבּרייסען פון דער טויטער באָבען, פונקט ווי זיין קאָפּ וואָלט צוגעשמידט געוואָרען צו איהר קאָפּ. ער האָט זיך נישט געלאָזען נעהמען און איז לאַנג געלעגען. אַלעמאָל איז ער בלאַסער און בלאַסער געוואָרען און מען האָט געזעהן בחוש, אַז ער קען דאָ אויסגעהן. דעמאָלט איז שוין צוגעגאַנגען דער בן-יחיד אריה-ליב און בעריל-בענדעט, צוויי געזונדטע יונגען, און מען האָט איהם מיט געוואַלד אַראָבגענומען פון איהר קאָפּ. אָבער ער חלש'ט. עס ווערט דער געוואַלד אַזוי גרויס, אַזוי ווי ביי אַ שרפה,

און מענשען זענען ארומגענומען פון פייער. צו דעם געוואלד זענען אריינגעלאפען אלע יודען פון דרויסען, מיט גרויס מאטערניש האט מען דעם זיידען אוועקגעטראגען אין אנ'אנדער חדר און אריינגעלעגט אין א בעט. ער האט זיך אבער אראבגעווארפען אויף דער ערד און האט נאר געוואלט ליעגען אויף דער ערד, שרייענדיג:

— איך וויל געהן אין דער ערד אריין צוזאמען מיט מיין בייליע־ראשען.

אז מען האט איהר צורעכט געמאכט כדין וכדת, האט זיך דער־נאך אנגעהויבען א נייע שרעקליכע סצענע מיט'ן געזעגענען זיך פון דער גאנצער פאמיליע. אלע זענען צוגעפאלען צו איהר און מען האט אנגעהויבען צו בעטען איהר מחילה, ווי דער שטייגער איז, אז זי זאל זיין א גוטע בעטערין אויף יענער וועלט, ווי זי איז געוועזען דא אויף דער וועלט. און דער זיידע האט זיך ווייטער געלעגט אויף דער נאסער ערד, וואס איז געוועזען דורכגעווייקט פון טהרה־וואסער, זיין קאפ אויף איהר קאפ. דאס איז עפעס געוועזען א שרעקליכע שעה.

צו דער לויה איז געקומען די גאנצע שטאדט. אלע קראמען, אלע שענקען זענען צוגעמאכט געווארען, און עס איז נישט געבליבען איין פרוי אין שטוב אפילו פון זאסטאוויע. פריהער האט מען געטראגען דער באבען און דערנאך האבען אלע זיהן, איידעם'ס, שוואגער'ס און ברידער געטראגען דעם זיידען נאך איהר, אונטער די הענד, האלב פער'חלש'ט, און די רופאים זענען נאכגעגאנגען ביים זייט מיט פלעשלעך אין די הענד.

אין מיין לעבען אין קאמעניץ האב איך געזעהן צוויי גרויסע לויות. איינע — דעם פעטער'ס, דער קאמעניצער רב, וואס איז געשעהן סוכות־צייט, און עס איז, פערשטעהט זיך, געוועזען די גאנצע שטאדט. די צווייטע איז געוועזען דער באבעס לויה, נאך א גרעסערע דערמיט, וואס לחלוטין אלע ווייבער זענען געקומען צו דער לויה, וואס דאס איז נישט געוועזען ביים רב, מחמת דעם אמאליגען מנהג, צוליעב וועלכען פרעמדע ווייבער פלעגען נישט געהן אויף א מאנסביל'ס לויה.

ביים אריינלעגען דעם מת אין קבר איז פארגעקומען וואס שרעקליכעס. דער זיידע האט זיך עפעס אזוי ווי געריהרט פון זינען, האט

זיך מיט אמאָל אַ וואָרף געטהאָן צום קבר און האָט נישט געלאָזען זיין בײלע-ראַשען אַרײַנלעגען אין דער ערד אַרײַן. מיט גרױס שװעריגקײ־טען איז אָנגעקומען אָבצורײַסען איהם פון איהר, און אַז מען האָט זי אַרײַנגעלעגט אין קבר, האָט ער זיך נאָכאַמאָל אַ וואָרף געטהאָן צו איהר און געשריען מיט געװאַלדיגע קולות:

— איך וויל זײַן אין דער ערד מיט בײַלע-ראַשען!...

און האָט געחלש'ט. דאָס האָט געהאָלפען, און מען האָט איהם אָבגעריסען פון קבר.

צוריק פון דער לויה האָט מען װײַטער געטראָגען דעם זײדען ביז אין שטוב אַרײַן און מען האָט איהם געלעגט אין אַ בעט אַרײַן. אָבער ער האָט זיך װײַטער אַ וואָרף געטהאָן אויף דער ערד און האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזט נעהמען אין בעט אַרײַן. און אַזוי האָט ער אַ האַלב פער'חלש'טער אײַנגעשלאָפען. די רופאים האָבען געזאָגט, אַז מען זאָל איהם לאָזען איבערשלאָפען, די װײַטיגע זענען אַרױס פון דעם חדר און איבערגעלאָזט נעבען איהם די זיהן, טעכטער, שניהר און אײדעמס. איצט האָט מען געװײַנט שטילערהײד, און אַזוי װײנענדיג, איז מען אָבגעשװאַכט געװאָרען. דעמאָלט האָט מען זיך צולעגט אויף דער ערד און די טרעהרען האָבען זיך געגאָסען און געגאָסען.

דער זײדע האָט זיך אַלעמאָל אויפגעחאַפט און האָט געשריען, אַז מען זאָל איהם בעגראָבען צוזאַמען מיט בײלע-ראַשען. אפנים, אַז ער האָט בעקומען היץ, און פון היץ האָט ער אָפטער אויסגע־שריען:

— ראַזבאָיניקעס! וואָס האָט איהר בעגראָבען בײַלע-ראַשען אָהן מיר!

דעם גאַנצען פינסטערן מעת-לעת האָט קײנער פון דער פאַמיליע נישט גענומען עפּעס אין מויל אַרײַן, אַפילו אַ גלעזעל טהײ נישט. אַפילו קלײנע קינדער, זעקס-יעהריגע, האָבען אויך נישט טועם טעם געװעזען פון קײן עסען און טרינקען.

די צװײטע נאַכט איז אַזוי שרעקליך געװעזען װי די ערשטע. מעהר פון זיבעציג נפשות זענען געלעגען אויף דער ערד און האָבען אַלץ געװײנט. די טרעהרען האָבען זיך געגאָסען אויף דער פּאָדלאָגע און האָבען פּײַלט געמאַכט דאָס האָלץ.

די נאַכט האָט דער זיידע עטוואָס געשלאָפֿען און פֿאַרטאָג האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט. איהם איז עטוואָס גרינגער געוועזען.

— אָבער, בּײַלע-ראַשע, — הויבּט ער אָן צו שרײַען — נעהם מיך צו דיר, דו בּיזט דאָך געוועזען אזא געטרײַ ווײַבּ מיט׳ן לײַבּ און לעבּען! ווײַז מיר איצט דײַן לעצטע געטרײַשאַפֿט און בּעט בּײַ גאָט, ער זאָל מיך צונעהמען אַהין, וואו דו בּיזט!

און ווידער ווײַנט ער, און ווידער חליפּעט ער, און ווידער צאַפּעלט ער זיך און נאָך איהם די גרויסע מיט די קלײַנע און די געוויינען מישען זיך אזוי צוזאַמען, פּונקט ווי ערב יום-כּפּור צום בּענשען.

דער זיידע האָט בּיידע טעג נישט געדאַווענט. די קינדער, וואָס האָבּען געהאַט אַנ׳אײַגענעם גרויסען מנין, האָבּען געדאַווענט אין דער-פֿריה און מנחה און מעריב. בּײַם דאַוונען האָט מען אויך געוויינט. דער טאַטע האָט געדאַווענט פֿאַר׳ן עמוד. ער, וואָס האָט געקענט זײַן שטאַרק און נישט ווײַנען, האָט געזאָגט די ווערטער שטיל און האַרציג, וואָס וואָלט געקענט ריהרען מעהר ווי געוויין. געדאַווענט האָט מען אויפֿ׳ן אויבּער-שטיבּעל אין דער בּאָבּעס שלאָף-צימער, און אויפֿ׳ן דריטען טאָג האָט מען שוין געדאַווענט אונטען, אין דער גרויסער שטוב. וואָרום דער זיידע וואָלט נישט געקענט איבּערטראָגען דאָס דאַוונען אין שלאָף-צימער. איצט האָט ער אָנגעהויבּען דאַוונען פֿאַר׳ן עמוד, אָבּער ער פֿלעגט זיך דאָך פֿערגעהן ווײַנענדיג, ווי אַ קלײַן קינד, און פֿלעגט אָנהויבּען חלש׳ען. מען האָט איהם געמוזט צונעהמען פֿון עמוד.

מען האָט דאָך געמוזט אויסגעפֿונען אַ תּרופֿה צו די געוויינען. וואָרום מען האָט פּשוט געקענט שטאַרבּען פֿון צער און אַנגסט. די שטאָדט-בּעלי-בּתּים זענען געקומען מנחם-אבל זײַן און האָבּען פֿעראָרדענט, אַז די דינסט זאָל שטעלען דעם גרויסען סאַמאָוואר, מען האָט אָנגעהויבּען דערלאַנגען אַלעמען טהיי מיט זעמעל. אָבּער מען האָט קוים גע׳פּועל׳ט, אַז מען זאָל טרינקען טהיי. דער זיידע האָט זיך פֿון טהיי אויך אָבּגעזאָגט.

— איך וויל שטאַרבּען, — האָט ער גע׳טענה׳ט. — איך וויל זײַן נעבּען בּײַלע-ראַשען.

ביי דער דריטער נאכט האט ער אפילו איינגעשלאפען, אבער ער איז געווען נאר שלאף אין געזונד, און יאשקען דעם רופא האט מען נישט אבגעלאזען. די משפחה, נישט קענענדיג איינשלאפען, האט זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד און יעדער האט בעזונדער אנגעהויבען דערצעהלען מעשיות פון דער באבע ביילע-ראשע, פון איהרע זעלטענע מעלות, פון איהר גרויסען הארץ, פון איהר הייסקייט און איבער-געגעבענקייט צו אייגענע און צו פרעמדע. מען האט דערצעהלט, ווי זי האט איינגעפלאנצט שלום צווישען אלעמען.

אז עס האט חתונה געהאט א טאכטער, צי א זוהן אדער אן'איי-ניקעל, האט זי באלד נאך שבעת-ימי-המשתה געבעטען צו זיך דאס פארל, נאר יעדען פון זיי בעזונדער. פאר דער טאכטער, דאס יונגע ווייבעל, האט זי לאנג גערעדט וועגען דעם, אז דער מאן איז דער קאפ פון שטוב, ער דארף געבען פרנסה, ער דארף ערציהען די קינדער, און דער גאנצער כבוד פון דער פרוי איז אויך נאר דער מאן.

— דארפסט, — האט זי איינגע'טענה'ט מיט'ן קינד צי מיט'ן איייניקעל — אויסערדעם וואס דו האסט ליעב דעם מאן, אויך איהם ווייזען די ליעבע. געוועהנליך, דעם וואס מען האט ליעב, וויל מען איהם נאר פערשאפען פערגעניגען, און מען וויל איהם, חלילה, נישט מצער זיין. ער דארף אבער זעהן און שפירען, אז ער איז ביי דיר טייער, ווי דאס אויג פון קאפ, און טאמער איז ער, חלילה, צו דיר שלעכט און ווייזט דיר נישט קיין געטריישאפט, זאלסטו אויף דעם נישט קוקען און זיך נישט רעכענען מיט דעם, וועט ער סוף כל סוף מוזען ווערען צו דיר גוט, ווען ער זאל אפילו זיין דער ערגסטער. אויך זאלסטו מבטל זיין דיין דעה אנטקעגען דיין מאנ'ס דעה, ווי עס שטעהט אין פרק, אז דו זאלסט מבטל זיין דיין דעה געגען דיין חבר'ס דעה, כדי ער זאל מבטל זיין זיין דעה געגען דיין דעה — און בפרט א מאן! אויב דו ווילסט, אז דיין מאן זאל זיך איינגאנצען צו דיר איבערגעבען, זאלסטו פריהער ווערען איינגאנצען צו איהם איבערגעגעבען, און וואס ער רעדט, זאל זיין ביי דיר קודש-קדשים... אז ער זאגט נאכט און דו זעהסט, אז עס איז טאג, זאלסטו אויך זאגען נאכט... וועט ער פארט פערשטעהן זיין פעהלער, מחמת דיין

גוטסקייט און וועט דיך האָלט האָבען ווי דאָס לעבען. צו אַ מאַן דאַרף מען ריידען מיט וועלכע רייד און מען דאַרף איהם נישט אַרויסווייזען דעם שכל, דאָס הייסט, מען דאַרף זיך פאַר איהם נישט חנ'דלען מיט'ן שכל, וועט ער שטענדיג זאָגען, אַז דו ביזט אַ קלוגע, און דו וועסט טאַקע זיין אַ קלוגע. טאָמער וועסטו איהם ווייזען אין עפּעס אַנ'ענין אַ גלייכע זאַך און ער וועט דיך נישט פאָלגען און טהאָן אַקוראַט קרום און נאַריש, אַזוי, אַז ער וועט זיך פאַר דיר מודה זיין, אַז ער האָט חרטה — זאָלסטו נישט ווייזען, אַז דיר טהוט דאָס הנאה און זאָלסט איהם, חלילה, נישט ערגערן, נישט אויסעסען דאָס האַרץ, נאָר אַדרבה, שטאַרקען איהם, טרייסטען איהם, מוטהיגען איהם — וועט ער שוין אַליין בעסער איינזעהן, אַז ווען מען פאָלגט נישט, האָט מען חרטה. דו דאַרפסט זעהן דיין מאַן בעשענען און בעקרוינען און שטאַרקען איהם, ער זאָל האָבען מוטה צו פיהרען זיינע געשעפטען. ווען, חלילה, דאָס געשעפט געהט נישט גוט און ער קען, חלילה, קיין פרנסה נישט געבען, זאָלסטו איהם, חלילה, קיין שלעכט וואָרט נישט ריידען, אַדרבה, זאָלסט איהם טרייסטען און שטאַרקען, ער זאָל ביי זיך נישט זיין געפאַלען. וואָרום טאָמער, חלילה, ריידסטו איהם אַ שלעכט וואָרט אָדער דו פייניגסט איהם, פערליערט ער זיין מוטה און עס קומט צו אַ שלעכט לעבען.

אָט אַזוי האָט זי גערעדט מיט יעדער יונגער פּרויענצימער — אַ טאָכטער צי אַ שניהר, צי אַנ'אייניקעל. דערביי האָט זי אויך געבעטען, אַז זי זאָל איהר שטענדיג דערצעהלען, ווי דער מאַן פיהרט זיך מיט איהר, און האָט אַלץ פערגלעט, פערפיינערט, ווען עס איז נישט געגאַנגען גוט.

מיט די מאַנסביל נאָך זייער חתונה האָט זי ווידער גערעדט אויף אַנ'אַנדער שטייגער, אַז ער דאַרף האַלטען טייער דאָס ווייב ווי „אַנ'אויג אין קאָפּ", ער דאַרף שטענדיג געדענקען, אַז דאָס ווייב ליידט, ניצבעך, מיט'ן טראָגען און מיט'ן האָבען, וואָס דאָס זענען אועלכע יסורים, וועלכע אַ מאַנסביל קען זיך גאָר נישט פאָרשטעלען.

— דו מאַכסט זיך דערנאָך אַ ברית, דו ווערסט אַ טאַטע אָהן וועהטאָג, אָהן יסורים, אָבער וויפיעל קאָסט עס דעם ווייב? הייַנט דערנאָך — זויגען דאָס קינד, וויפיעל נעכט קען זי נישט שלאָפען?

דאס ליגט אלץ אויף איהר! דו געהסט זיך אוועק אין גאס, אין געשעפט, פערררעדסט זיך מיט מענשען, געהסט אין בית-המדרש, דאוונסט און לערנסט, און רעדסט און פערברענגסט זיך די צייט, און דאס ווייב זיצט צוגעבונדען אין שטוב נעבען קינד. דאס קינד ציהט איהר ארויס דאס בלוט, דעם מארך פון די ביינער, און אז טאמער ווערט, חלילה, קראנק א קינד, וויפיעל געזונד נעהמט עס ביי איהר צו? נישט זי עסט, נישט זי טרינקט און נישט זי שלאפט. דיר קאסט עס אפילו אויך געזונט, אבער ווי קען מען דאס פערגלייכען מיט איהרע יסורים? הויבסט זיך אויף און דו געהסט זיך גאר אוועק. און ווי איז נאך, אז גאט העלפט מיט עטליכע קינדער? וואס ווערט פונ'ם ווייבעל? אפילו צו ליבע דארף מען דאס אלץ גוט פערשטעהן, ווערסטו רעכט שאנעווען און טייער האלטען דאס ווייב. אז מען איז טריי דעם ווייב, איז דאס לעבען זיס.

ביידען צוזאמען, ווידער, האט זי געזאגט, אז אין שטוב דארף זיין שטיל און די קינדער טארען קיינמאל נישט בעמערקען קיין קריג צווישען מאן און ווייב. חלילה וחס! דאס מאכט קאליע דעם חאראק-טער פון די קינדער און אגב וועלען זיי אויפהערען צו פאלגען און צו אכטען די עלטערן.

עס פערשטעהט זיך, אז מיט מיר האט זי אויך איינגע'טענה'ט דאסזעלבע. נאר איך האב מיך געוואלט קליגען פאר איהר און האב איהר געזאגט, אז איך האב געפונען א ספר, אין וועלכען עס ווערט זעהר גוט גערעדט וועגען דעם, ווי אזוי מאן און ווייב דארפען לעבען. דער דאזיגער ספר הייסט „קרית סופר" פון מרדכי-אהרן גינצבורג. דארט זענען פאראן בריעף, וועלכע איינער שרייבט צו זיין חבר, וואס איז א חתן געווארען, ווי אזוי ער זאל זיך פיהרען מיט דעם ווייב. איך האב איבערגעלעזען די בריעף פאר דער באבען און זיי זענען איהר זעהר געפעלען געווארען. זי האט מיר געראטען, איך זאל דאס איבערלעזען פאר מיין יונג ווייבעל און איך האב איהר גע-פאלגט.

אזוי האט יעדער דערצעהלט, ווי די באבע פלעגט איינפלאנ-צען שלום צווישען מאן און ווייב, און איהר ארבייט האט געהאט א גרויסע פעולה. אין אונזער משפחה איז טאקע געווען א גוט-לעבען

צווישען מאַן און ווײַב. מען האָט, חלילה, קײן שלעכט וואָרט נישט געהערט פון אײנעם צום צווײטען.

ביסלעכווײַז האָט זיך דער זײדע גענומען אויסצולען, קומען צו זיך. ער האָט שוין געקענט טרינקען אַ גלאָז טהײ, אָבער בײַ יעדען זופּ האָט ער זיך פונאַנדערגעווײנט.

— בײלע־ראַשע ליגט אין דער ערד, און איך קען נאָך טרינקען טהײ.

די אַלע פון שטאָדט, וואָס זענען פריהער געקומען מנחם־אָבל זײַן, זענען גאָרנישט צוגעגאַנגען צום זײדען. איצט, אַז ער איז עטוואָס געקומען צו זיך, האָט מען זיך שוין געפּרובט נעהמען צו איהם, ווירקען אויף איהם, בעווײַזענדיג, אַז ער איז זינדיג מיט דעם, וואָס ער איז אַזוי מתרעם נעגען גאָט. אַ מענש טאָר זיך אַלײן דאָס לעבען נישט נעהמען. ה׳ נתן, ה׳ לקח, גאָט האָט געגעבען און גאָט האָט צוגענומען. דוד המלך האָט געווײנט, ווען דאָס קינד איז געווען קראַנק, אָבער דערנאָך, אַז דאָס קינד איז געשטאָרבען, האָט ער זיך אײַנגעוואַשען און האָט געהײסען שפּילען. דער זײדע האָט שוין וועניגער געווײנט און אַלץ דערצעהלט וועגען איהרע שבחים, ווי זי האָט איהם בעהאַנדעלט, וואָס פאַר אַ גאָלדען ווײַב דאָס איז געווען, ס׳אַראַ האַרץ זי האָט געהאַט א. ז. וו.

דעם זעקסטען טאָג איז דער זײדע שוין אויפגעשטאַנען אַ ביסעל רוהיגער. מען האָט געמאַכט טהײ און אַלע האָבען צוגעביסען. ער האָט שוין אויך עפּעס געגעסען. אין שטאָדט האָט מען שוין געוואוסט, אַז אהרן־לײזער איז עטוואָס רוהיגער. ער לעגט שוין נישט אײַן אַזוי די וועלט. מען קען שוין פרײַער קומען צו איהם מנחם־אָבל זײַן, מען וועט שוין קענען רײדען, אויסרײדען אַ וואָרט מיט איהם און איהם חאָטש דערצעהלען עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט נאָך פון זײַן בײלע־ראַשען גאָרנישט געוואוסט.

האָבען אָנגעהויבען צו געהן מאַסען מענשען פון עלף אַ זײגער אָן. איבער׳ן טאָג זענען געקומען הונדערטער מענשען, מאַנסביל און ווײַבער, מנחם־אָבל זײַן.

אײנער פון די, וואָס זענען געקומען מנחם־אָבל זײַן, האָט דערציילט דערצעהלט, ווי אײנמאָל האָט ער נישט געקענט דורכקומען מיט

זײַן װײַב. עס איז אַװעק אַ קריגע און ער איז געקומען צו בײַלע־ראַטשען זיך בעקלאָגען אויף זײַן װײַב.

—מיט איהר חכמה, האָט זי מיר געמאַכט װײַכער דאָס האַרץ און אגב האָט זי מיר דעם װײַב׳ס חטאים געמאַכט פיעל גרינגער. דערבײַ האָט זי מיר אַזױ מאָדנע גוט געראַטען און פאַרגעשטעלט די זיסקײַט פון אַ גוט לעבען צװישען מאַן און װײַב, דאָס פערגעניגען דערפון, און פערקעהרט, דעם גיהנם פון אַ שלעכט לעבען, די האַרץ־װעהענישען מיט די פלאָגען, אַז איך האָב געזעהן בחוש, אַז איך מוז שוין די רגע גוט װערען מיט דעם װײַב, װאָס מיט אַ מינוט פריהער איז בײַ מיר רעכט געװעען זי צו גט׳ן. און אַז איך בין אַװעקגעגאַנגען, האָט זי געשיקט בעטען מײַן װײַב אויף אַ בעשטימטע שעה, װען אהרן־לײַזער איז נישטאָ אין דער־הײם, און האָט מיט איהר אויך אַזױ אײַנגע׳טענה׳ט מיט איהר חכמה, אָנגעזאָגט, װי זי זאָל זיך פיהרען װײַטער און עס איז בײַ אונז אַװעק אַ בעסער לעבען. מיר האָבען זיך בײדע אומגעקוקט, אַז מיר קריגען זיך פאַר גאָרנישט. אַמאָל בין איך אומגערעכט, אַמאָל זי. צוליעב װאָס? פאַרװאָס? און פון דעמאָלט אָן לעבען מיר זיך גאָט צו דאַנקען זעהר אַ גוט לעבען שוין נײַן יאָהר. מיר זענען בײדע געקומען איהר בעדאַנקען. זאָל איהר גאָט געבען אַ ליכטיגען גן־עדן. זי האָט אונז ממש געראַטעװעט מיט איהר חכמה און צדקות.

אַזױנע מעשיות האָבען זײַ אָנדערצעהלט פיעל. מען האָט געזאָגט, אַז אין איהר צײַט איז קײן גט אין קאַמעניץ נישט געװען. זי האָט אַלץ אָבגעהיט דערפון, נישט דערלאָזען צו דעם און האָט אַלץ געזײַהט שלום צװישען אַלעמען. איצט, בעת גט׳ן מעהרען זיך, װי שװאָומען נאָך אַ רעגען, בעת די שטימונג איז אַזאַ, אַז יעדערער װיל צורײַסען מיט אַמאָל אַ געלעכערטען אָרט, אײדער צו פערלאַטען עס, װי מען האָט זיך אַמאָל געפיהרט — איצט, זאָג איך, קלינגט די מעשה מיט דער באָבע אַ ביסעל נאַאיװ, אָבער זי האָט פאָרט געהאַט גרױס טאַלענט און גרױסען כח צו פערגלעטען, פעררינכטען און אױפשטעלען אַ שלעכט לעבען. צו איהר פלעגען קומען דערװאַקסענע קינדער זיך בעקלאָגען אויף אַ שטיף־מוטער. דעמאָלט האָט זי געשיקט רופען די שטיף־מוטער און מיט איהר חכמה און האַרציגקײַט

געווירקט, אז יענע זאל בעסער ווערען, זאל זיך נישט שטעלען אזוי געגען יתומים און די קינדער זענען דערנאך געקומען בעדאנקען בעלע-ראשען.

אט אזוי איז ביי איהר געווען פול די שטוב מיט אזוינע עניים. דער — ארײן, דער ארויס—דעם גאנצען טאג, אבער אלץ אין דער צייט, ווען אהרן-לייזער איז געווען ביי די פריצים. זי האט געבעטען, אז ווען איהר מאן איז אין דער-היים, זאלען זיי צו איהר אזוי אפט נישט קומען, וויל זי וויל איהם נישט שטערען די רוה אין די עסקים זיינע.

אויך האט מען אנגעהויבען דערצעהלען פון איהרע שטילע צדקות, וואס זי האט געגעבען און דער מאן האט נישט געוואוסט. זי האט נישט געוואלט, אז מען זאל וויסען. זי האט געשטיצט געפאלענע בעלי-בתים, וועלכע זענען געבליבען אהן ברויט. זי פלעגט זיי שוין ארײנשיקען פון אלע „יארושינעס", וואס די פריצים פלעגען איהר ארײנשיקען גאנצע פוהרען: קארטאפעל, קרויט, בוריקעס, מע-דען, ציבעלעס, פרוכטען א. ד. גל.

די באבע האט אלעמאל געזאגט דעם זיידען, אז ס'איז שוין נישטא מעהר קיין יארושינעס און ער האט שוין געזעהן, אז מען זאל צושיקען פון דאס-ניי פון פריץ. בעקומענדיג נייע יארושינעס, פלעגט זי באלד ווידער צושיקען אלע בכבוד'ע געפאלענע בעלי-בתים. אויך האט זי אין הקדש ארײנגעשיקט שטענדיג פון אלץ, אין הקדש פלעגט זי אויך שיקען פלייש. ביים זיידען פלעגט מען איבער'ן ווינטער קוי-לענען א גאנצען אקס, א סך שעפסען און קעלבער, קיין פלייש האט במעט גארנישט געקאסט, און זי פלעגט באלד מאכען א סך הכל מיט דעם: צוטיילען דער פאמיליע, די בכבוד'ע ארימע יודען, אין הקדש א. ז. וו.

דער זיידע האט זיך קיינמאל נישט נעחאפט, וואס ביי איהם פלעגט עפעס אלץ אוועקגעהן אזוי פיעל. ער איז געווען זעהר א פערנומענער מענש.

אויך פלעגט זי זעצען פיעל גענז און פרעגלען שמאלץ, און אין דערזעלבער צייט, ווען זי האט צוטיילט דער פאמיליע, האט זי נאכ-מעהר געטיילט די ארימע.

ווען ער פלעגט זי אנפרעגלען פיעל איינגעמאכטס און פערשיעדענע סאקען. אויף איינגעמאכטס אליין פלעגט ביי איהר אוועקגעהן גאנצע זעכציג פונט צוקער! און אז עמיצער איז קראנק געווארען אין שטאדט, איז מען געקומען צו איהר נאך איינגעמאכטס. דער דארף דאס צו קאסטארקע, א צווייטער צו דערקוויקען דאס הארץ. און אט אזוי האט זי אליין עוסק געווען אין דעם אלעם.

זי האט געהאט די גאנצע שטאדט אויפ'ן קאפ מיט די אלע געפאלענע און נויט-בעדערפטיגע. נאר געלד האט זי ווייניג געגעבען צדקה, זי האט בעדארפט האבען א סך געלד פאר דער גאנצער פאמיליע און דער מאן האט איהר נישט געגעבען אזוי פיעל, וויפיעל זי האט בעדארפט. אז זי האט איהם אמאל געזאגט:

— אהרן-לייזער, איך דארף האבען פינף-און-צוואנציג רובל.

— איך האב נישט! — פלעגט ער זיך קענען דערויף א זאג טהאן, בעת ער האט איהר יא געקענט געבען.

און זי האט איהם שוין דאס אנדערע ווארט נישט גערעדט, האט זיך געמאכט א פרעהליכע מינע, ווי ס'איז גארנישט געשעהן, ווי זי האט גאר אויף איהם קיין פערדראס נישט. זי האט דאך אבער פארט בעדארפט האבען געלד, פלעגט זי לייהען ביים שוואגער מרדכי-ליב'ן. אנשטאט געלד פלעגט איהר אהרן-לייזער אריינשיקען צום שענק א פאס בראנפען פאר הונדערט רובל, און אז זי האט איהם אין עטליכע טעג ארום געזאגט, אז זי דארף האבען ווידער בראנפען, פלעגט ער שוין באלד הייסען ברענגען פון פריץ. און מיט בראנפען פלעגט זי צאהלען דעם שוואגער די גמילת-חסדים.

דעם מאן איז זי קיינמאל נישט געווען דאנענען — נישט מיט א ווארט און נישט מיט א תנועה. האט ער געזאגט יא — איז יא, האט ער געזאגט ניין — איז ניין, און דערפאר פלעגט זיך איהם וועלען פאלגען איהר שטענדיג, און אז ער פלעגט בעגעהן גענען איהר אנ'עולה, פלעגט ער זי איבערבעטען:

— איך זאג דיר דעם אמת, מיין ליעב ווייב, אז ווען איך פאלג דיך נישט, פאל איך שטענדיג מיאום אריין.

און זי האט איהם באלד פערגלעט מיט א ווערטיל, מיט א שמייכעלע.

— נישׁ'קשה, דו האָסט קיין עין-הרע נעֶנוּג שׂכל. מען דאַרף דיך, חלילה, נישט לערנען און אזא יודענע, ווי איך, דאַרף דיך אַודאַי נישט לערנען. נאָר אַ מענש, דער קלינגסטער אַפילו, קען אַמאָל טהאָן אַ נאַרישקייט... אַ מענש איז נישט קיין מלאך. נישׁ'קשה, נישׁ'קשה...

אָט אַזאַ ווייב האָט נעֶהאַט דער זיידע און נישט אומזיסט האָט ער אַזוי איינגעלעגט די וועלט, ווען זי איז געשטאָרבען.

אַז מען איז אויפגעשטאַנען פון שבעה האָט די גאַנצע פאַמיליע נעֶהאַט געשוואָלענע אויגען פון וויינען און טויטע פנים'ער, פערמאָרעטע פון הונגער...

---

אָט אַזוי האָט זיך אַמאָל געפיהרט און געלעבט אַ יודישע פרוי, וואָס פון די אונגעהויערע מעלות איהרע איז ביי די היינטיגע יודישע פרויען כמעט קיין זכר נישט געבליבען. זיי זענען אַמאָל געווען נישט קיין סך, היינט גאָרנישט.

איך האָב שוין ערגעץ גערעדט וועגען דער בעדייטונג פון מיין שטילער און הארציגער באָבען אין אונזער משפחה. די בעדייטונג וועט אָבער ווערען מעהר קענטיג פאַר'ן לעזער, ווען איך וועל זאָגען, אַז נאָך דער באָבעס טויט איז צופאַלען געוואָרען אונזער גרויסע משפחה. עס איז צורונען געוואָרען דער אחדות, מען איז געוואָרען קעלטער און פון „צאַרסקען פאָלק" איז געוואָרען אַ תל... אויב דער „צאַרסקער פאָלק" האָט נעֶהאַט אַ פאָלקאָווניק, וואָס אָהן דעם וואָלט ער, פערשטעהט זיך, נישט זיין קיין צאַרסקער פאָלק — איז דאָס געווען אַ שטילער, אונבעמערקטער פאָלקאָווניק — מיין באָבע... וואָס האָט געהיט איהרע סאָלדאַטען מיט מסירת נפש. און דער זיידע איז נאָר געווען אַ בראַווער, אַ גוטער און אַ רוישיגער קאַפּיטאַן!

## ניין=און=צוואנציגסטעס קאפיטעל.

חסידות און מתנגדות. — וואס פאר א רייץ ליעגט עס אין חסידות, וואס האט אויפגעריהרט די גאנצע יודישע וועלט? — מתנגדות אלס שיטה. — דער שולחן=ערוך. — די חסרונות פון מתנגדות. — חסידות. — דער בעל=שם. — די צוגענגליכקייט פון חסידות פאר אלע שיכטען פון פאלק. — ר' משה=חיים לוצאטו. — מסילת ישרים. — די דעמאקראטישע אויפפיהרונג פון חסידים. — דער רבי און די חסיד'ישע שמחות. — די חסרונות פון חסידות. — דער סך=הכל.

מיט מיין באבעס טויט האט זיך אייגענטליך בעדארפט שליסען דער ערשטער טייל פון מיינע זכרונות. איך פיהל אבער, אז עס מוז וואס געזאגט ווערען וועגען חסידות און מתנגדות. ווי דער לעזער האט בעמערקט, איז אין מיין בוך א סך מאל בעריהרט געווארען דער קאמפף צווישען חסידות און מתנגדות. אט דער קאמפף, וועלכען איך האב אליין בעדארפט דורכטראגען אויף מיינע פלייצעס, האט מיר געקאסט נישט וועניג געזונד, און דעריבער, ווילענדיג נישט ווילענדיג, מוז איך דאך איין מאל שטעלען אין כלל די פראגע: וואס פאר א רייץ ליעגט עס אין דעם חסידות, וואס האט אויפגעריהרט די גאנצע יודישע וועלט און וואס האט איבערגעצויגען צו זיך א געוואלדיגע צאהל יודען אין די שטעדט און שטעדטלעך? אין וואס פארט ליעגט

זיין קראפט? פארוואס האט דער חסידיזם געקענט אפילו ביי מתנגד׳ישע רבנים צונעהמען די קינדער און אנמאכען אנ׳אמת׳ן חורבן אין א מתנגד׳ישער משפחה? איך וועל מיך פרובען נאך מיינע כחות נאך צו פערענטפערן די דאזיגע פראגע. מחמת נישט אלע וויסען בכלל דעם תמצית פון חסידות און אפילו פון מתנגדות, וועלען מיר פרובען דעם ענין עטוואס פערברייטערן און קלארער מאכען.

מתנגדים פיהרען זיך לויט דעם שולחן-ערוך, אין וועלכען עס קומען אריין אלע דינים פון תורה שבכתב און תורה שבעל-פה. דאס זענען אלץ דינים—מעשים, וואס דער מענש דארף טהאן און וואס ער דארף נישט טהאן; אבער דער שולחן-ערוך האט נישט געשריבען, וואס דער מענש דארף טראכטען און דענקען, ווי די גמרא זאגט, רחמנה לבי בעי, דאס הייסט, גאט פאדערט דאס הארץ. וועגען דעם איז אין שולחן-ערוך גארנישט דערמאהנט. און אזוי האבען די גאונים נאכ׳ן שולחן-ערוך געשריבען, וואס א יוד דארף טהאן, ווי ער דארף זיך פיהרען און אלץ שווערער געמאכט די שווערע יודישע דינים, וואס איז געווען אונמעגליך איבערצוטראגען.

הגם דער בעריהמטער ספר חובת-הלבבות, וואס איז פערפאסט פון רבינו בחיי הזקן, מיט אכט הונדערט יאהר צוריק און רעדט ארום מיט זעהר קלארע און דייטליכע ווערטער, ווי אזוי דער מענש דארף נאר רייניגען דאס הארץ מיט גוטע מדות, דאך נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער ספר איז זעהר אנגענומען, טייער און פאפולער ביי יודען ביז היינטיגען טאג, האט דער שולחן-ערוך, וואס איז ארויס פיעל שפעטער פון חובת-הלבבות, פונדעסטוועגען פערנומען ביי יודען דעם הויפט-פלאץ. דער שולחן-ערוך איז געווארען ביי זיי דער גאנצער עיקר פון יודישקייט און געוויזען מצוות-מעשים, דאס הייסט נאר טהאן מצוות בפועל ממש, אבער נישט דענקען. די מצוות, וואס זענען שייך צו דער נשמה, צו דער פסיחיק פון מענשען, ווי גאוה, ענוה, אהבה, שנאה, קנאה, כעס, חניפה, שלום וריב וכדומה, לויט דעם זין פון דער תורה און נביאים זענען געווארען ביי יודען א תפל, א מין ביי-זאך, אויף וועלכע מען קען קוקען מיט פערדראס, מיט הארץ-וועהטאג, אבער דאך פארבייגלאזען פארביי אויג.

לויט דעם שולחן־ערוך מיט די איבעריגע גאונישע ספרים, דאַרף אַ יוד דאַוונען און לערנען, און פאַסטען, און זיך פּייניגען און גאָר קיין הנאה נישט האָבען פון דער וועלט, אַזוי ווי מען דערצעהלט פון ווילנער גאון, וועלכער האָט געפיהרט אַ גרויסע מחלוקת מיט די חסידים, אַז ער פלעגט אָבריבטען גלות, פלעגט ער ברויט נישט עסען, נאָר שלינגען, כדי ער זאָל קיין טעם פון עסען נישט פיהלען.

און די פרומע מתנגדים האָבען טאַקע געדאַוועט פיעל און געלערנט פיעל, און געטהאָן מצוות פיעל, און האָבען זיך פיעל געפּייניגט, און פיעל געוויינט, און נאָך אַלעם זענען זיי געווען אין גרויסען שרעק פאַר די מלאכי־חבלה, וואָס פּייניגען דעם מענשען אויף יענער וועלט מיט די שרעקליכסטע יסורים, וואָס אַ מויל קען נאָר אויסריידען.

דער פרומער מתנגד איז שטענדיג געווען פערטרויערט, פער'חושכ'ט און דערשלאָגען: פון דער וועלט האָט ער נישט געטאָרט געניסען און פאַר יענער וועלט האָט ער מורא געהאַט, און ער איז קיינמאָל נישט יוצא געווען פאַר'ן שולחן־ערוך און פאַר די ספרים פון די גאונים. ער איז שטענדיג געווען הינטערשטעליג אין אמונה־זאַכען און האָט זיך געשראָקען פאַר דער הינטערשטעליגקייט.

און ווער רעדט — יענע מתנגדים, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין שטאַרקע פרומע נאַטורען, זענען אַודאי געווען דערשלאָגען פון זייער שוואַכער יודישקייט און האָבען שטענדיג געלעבט אין איין אימה און פחד פאַר דעם דין וחשבון פון בית־דין של מעלה, וועלכער בעשטראָפט שרעקליך פאַר יערע מינדסטע עבירה.

אַזוי האָט זיך יעדער מתנגד אַרומגעטראָגען מיט זיין אמונה־צער, און קיין ברעקעל שמחה איז ביי זיי נישט געווען צו זעהן. אַ פערצאָגט פאָלק, וואָס ליידט גלות און צרות, און אויסערדעם האָבען זיי אַ יענע וועלט, נאָכ'ן טויט, נאָך מיט גרעסערע יסורים, וואָס די יסורים פון דער וועלט זענען אַ טראָפּען אין ים אַנטקעגען יענע.

לויט דער שיטה פון מתנגדים קען אַן עם־הארץ, אַ יוד, וואָס קען נישט לערנען, אודאי קיין עהרליכער יוד נישט זיין. ער מוז

לערנען און וויסען אַט די אַלע דינים, ער דאַרף בכלל לערנען, לערנען און לערנען. עס פערשטעהט זיך, אַז אַן עם־הארץ האָט ביי קיינעם קיין ווערט נישט, ער ווערט געהאַסט, און אויב ער איז אַן אָרימאַן, וואָס צוליעב דעם דאַרף מען איהם געוויס מוחל זיין זיין עם־הארצות, ווערט ער נאָך דערצו געהאַלטען פאַר אַ געמיין בעשעפעניש. אַזאַ יוד איז ביי זיך גענוג געפאַלען, וואָרום ער איז נישט מעהר ווי אַ בן־אדם, און די איבעריגע זענען בני־אלהים.

אין אַט דער נידריגער מדרגה האָבען זיך שטענדיג געפונען בעלי־מלאכות. בעלי־מלאכות זענען פון אָרימע עלטערן. די אָרימע עלטערן האָבען אָבגעגעבען די קינדער יונגע צו דער אַרבייט. די קינדער האָבען דעריבער נישט געקענט לערנען, זענען געווען עם־הארצים און נאָך אָרימע־לייט! איז ביי מתנגדים אַ בעל־מלאכה פערעכענט געווען ווי אַ געמיין בעשעפעניש. עס פערשטעהט זיך, אַז פון אַזאַ בעציהונג צו אַ פשוט׳ען יודען, וואָס האָט זיך, נעבעך, צוליעב דלות געמוזט אָבּרייסען פון לערנען, האָט זיך ביי די מתנגדים געמוזט שטאַרק ענטוויקלען דאָס געפיהל פון גאוה.

הערשט טאַקע שרעקליך דאָס געפיהל פון גאוה ביי מתנגדים. אַ קליינינקייט—כבוד! יאָגען זיי זיך נאָך כבוד אויף אַלערליי אופנים. יעדער מתנגד מעסט מיט אַ מאָס זיין יחוס און דעם חבר׳ס יחוס. דער יחוס בעשטעהט פון צוויי סאָרטען: רייכקייט־יחוס און תורה־יחוס. געהט עס אַזוי: ווער עס קען בעסער לערנען, צי ווער עס האָט טויזענד רובל האַלט זיך גרויס געגען דעם, וואָס האָט הונדערט רובל, און דער, וואָס האָט צעהן טויזענד רובל, האַלט זיך גרויס געגען דעם, וואָס האָט טויזענד א. ז. וו.

איצט איז פערשטענדליך די נידריגע און דערשלאָגענע מדרגה, אין וועלכער עס געפינען זיך אין די שוהלען און בתי־מדרשים די אָרימע־לייט (סוף כל סוף פאַלט די חרפה פון עם־הארצות נאָר אויפ׳ן אָרימאַן, וואָרום אַן די עם־הארצות פון גביר פערגעסט מען צוליעב זיין געלד). מיט זיי שעמט מען זיך צו ריידען, פאַר זיי זענען אויסגעטיילט ערטער נעבען טהיר און מען קוקט זיך נישט אום אויף זיי.

אויך פעהלט ביי מתנגדים די מדה פון אַחדות און שלום. יעדערער לעבט פאַר זיך און קיינער וויל נישט וויסען, וואָס דער

אַנדערער מאַכט. אַז דאָס געפֿיהל פֿון גאוה איז שטאַרק ענטוויקעלט, ענטוויקעלט זיך שוין בּמילא דאָס געפֿיהל פֿון קנאה, און אַזוי פֿערגינט מען נישט בּיי מתנגדים איינער דעם אַנדערן נישט יענעמס געלד נישט יענעמס כּבוד, נישט יענעמס יחוס. און שטענדיג איז בּיי זיי קריעג און מחלוקת סיי אין די שטאָדטישע ענינים, סיי אין פּריוואַטען לעבען און סיי אין די בּתי־מדרשים.

די בּתי־מדרשים זענען בּיי יודען דער איינציגער אָרט, וואו מען קלויבּט זיך צונויף. אַמאָל פֿלעגט מען פֿערבּרענגען דעם גרעסטען טהייל צייט אין בּית־המדרש. דריי מאָל אין טאָג דאַווענען, לערנען און גלאַט שמועסען. אַזוי איז דער בּית־המדרש דער איינציגער „קלוב" בּיי יודען. נאָר צוליעב דער מתנגד'ישער שיטה איז איינגעפֿיהרט, אַז יעדער האָט זיין בּעשטימטען אָרט, וועלכען ער קויפֿט פֿאַר געלד, און אַז ער קומט אין בּית־המדרש צום דאַווענען, שטעלט ער זיך אויף זיין פּלאַץ, וואָס הייסט „שטאָט". יעדער האָט אין בּית־המדרש זיין שטאָט, וואָס געהט איבּער צו די קינדער בּירושה. די „שטעט" שפּיעלען אַ גרויסע ראָליע אין דעם ענין פֿון כּבוד און יחוס. אַ מתנגד קען זיך אָנטהאָן די גרעסטע שוועריגקייטען, אַבּי ער זאָל האָבּען אין בּית־המדרש אַ העכערע שטאָט פֿון זיין חבר, אָדער חאָטש נישט קיין קלענערע.

אין די שטעדטלעך, אין מיינע קינדערשע יאָהרען, געדענק איך, אַז דער פּרייז פֿון אַ שטאָדט אין מזרח איז געווען אַזוי גרויס ווי דער פּרייז פֿון אַ הויז. די דאָזיגע „שטעט" האָבּען נישט וועניג בּלוט קאָליע געמאַכט דעם מתנגד, און דער, וואָס וועט אַמאָל שרייבּען די געשיכטע פֿון זיי, וועט האָבּען אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס וועט איהם גיכער דערמאָהנען אין אַ דראָבּנער העסליכער מלחמה, איידער אין אַ ענין, וואָס איז שייך צו אמונה, צו אַ שוהל.

די אָרימע־לייט, ווי געזאָגט, שטעהען בּיים סאַמע טהיר. זיי האָבּען נישט קיין אָרט, וואו צו זיצען, פּונקט ווי זיי וואָלטען געווען שטיינער און נישט קיין מענשען. און קיין איין מתנגד האָט זיך זיכער — חאָטש אויף אַ רגע'לע — נישט פֿערקלערט, צי איז דאָס פּאַסיג פֿאַר גאָט'ס הויז, אַז מענשען זאָלען דאָרט געטהיילט ווערען אויף „שענער" און אויף „מיאוס'ער", אויף רייכער און אויף אָרימער.

אַפילו בײַ די עליות צו דער תּורה איז װײַטער כּבוד. מען טײלט די בּעלי־בּתּים עליות און אין די עליות זענען אויך דאָ מדרגות, װי למשל, שלישי, ששי, װאָס זענען די העכסטע מדרגות. און שביעי, אחרון, מפטיר, װאָס זענען שוין פון אַ קלענערער מדרגה, און רביעי, חמשי — פון נאָך אַ קלענערער. דער גבאי, װאָס שטעהט בײַ דער תּורה און טײלט די עליות, װעגט דעם כּבוד פון יעדען בּעל־הבּית און קײנטשט גוט דעם שטערן, צי פּאַסט די און די פּרשה פון אונזער הײליגער תּורה, װאו יעדעס װאָרט איז אַן אוצר, פאַר דעם און דעם בּעל־הבּית, װי משונה דאָס איז! און דאָס רוב מסתּמא „פּאַסט" זי נישט, קריגט מען זיך, שלאָגט מען זיך אַפילו, און מיט שנאה־קנאה איז אָנגעפילט די אַטמאָספערע פון אַ מתנגדים־שוהל.

עליות זענען פאַרהאַן אײנגאַנצען אַכט, צװישען די פּאָר הונדערט דאַװנער זענען אָבער פאַרהאַן אין יעדער שוהל בּײַ עטליכע צעהנדליג גבירים נגידים, גרױסע בּעלי־בּתּים און „שענע" יודען, װאָס װילען אונבּעדינגט אַן עליה — צוטײלט מען בּײַ מתנגדים די פּסוקים פון דער תּורה און מען רופט אויף נאָך ששי נישט פּרשה׳װײַז, נאָר פּסוקים׳װײַז.

די אָרימע־לײַט װערען כּמעט קײנמאָל נישט אויפגערופען צו דער תּורה. װי יודען און װי פרומע יודען, פערשאַפּט עס זײ, פער־שטעהט זיך, אַ סך צער און פערדרוס, און דערפון מסתּמא האָט זיך דאָס גענומען, װאָס דאָס רוב האָבען אָרימע מענשען און בּעלי־מלאכות אײַנגעאָרדענט מנינים פאַר זיך, װאו זײ קענען געניסען אַן עליה און אָבּאָטעמען פרײַ פון די חרפּות, װאָס זײ האָבען אויסצושטעהן אין די שוהלען און בּתּי־מדרשים.

אַלזאָ, איז אין בּית־המדרש בּײַ די מתנגדים נישטאָ קײן אחדות און קײן שלום, און קײן שמחה. אַזױ װי אין דער־װאָכען, אַזױ איז שבּת און יום־טוב. יעדער מתנגד געהט נאָכ׳ן דאַװנען אַהײם, עסט אָב מיט זײַן פאַמיליע און געהט שלאָפען. מען זינגט נישט, מען טאַנצט נישט. מען פרעהט זיך נישט. אָדער געדאַװענט, אָדער געלערנט, אָדער עפּעס געטהאָן, אָדער געגעסען, אָדער געשלאָפען. זאַכען, װאָס זאָלען זײַן אויסער דאַװנען, אויסער לערנען, אויסער

עסען און שלאפען, טארען נישט זיין. עס פערשטעהט זיך, אז פון דעם אלעם איז דער מתנגד אריינגעפאלען אין א שרעקליכער טרוקענקייט, אין א מין וויסטעניש, וואו שמחה, עקסטאז און אמת'ע לעבענס-בעגייסטערונג האבען גארנישט געקענט זיין.

דאס זענען אין קירצען די חסרונות פון מתנגדות, אלס אזעלכעם: אבגעזונדערטקייט, אבגעטייטלקייט, אימה פאר יענער-וועלט, אבסאלוט אהן דער וועלט, האס און פעראכטונג צו אונשולדיגער עם-הארצות, וואס איז געפאלען בלויז אויפ'ן ארימאן, מחמת דעם גביר, דעם עם-הארץ, האט מען מוחל געווען. האס און פעראכטונג צום ארימאן בכלל, אלס אזעלכען, גאוה, קנאה, שנאה, מחלוקת, יחוס, און איבערהויפט, טרוקענקייט, לעבענסלאזיגקייט, אהן שמחה, אהן פרייד, אהן עקסטאז, — אט די אלע זאכען, וואס זענען שטענדיג אזוי צום הארצען די דעמאקראטישע טיילען פון פאלק. עס פערשטעהט זיך, אז ביי אזוינע בעדינגונגען האט ביי יודען געמוזט ארויסשפרינגען עפעס א נייע שיטה, אנ'איבערקעהרעניש, א נייעס, וואס איז טאקע באלד געקומען.

געקומען איז עס מיט א הונדערט-זיבעציג יאהר צוריק, — מיט'ן בעל-שם, וועמען עס האט געלונגען צו זיין דער פאטער פון דער איבערקעהרעניש. דער בעל-שם האט געארבייט אין צוויי פונקטען: פון איין זייט האט ער פערגרינגערט דעם יאך פון אמונה, וואס איז געווען אונמעגליך אריבערצוטראגען, און אז מען האט איהם שוין יא איינגאנצען אבגעהיט און געטראגען אויף זיך, איז מען נאך אלץ נישט געווען זיכער מיט יענער וועלט; פון דער צווייטער זייט, ווידער, האט ער געזעהן צו פערשטארקען דאס יודענטום אין דעם זין, אז די אייראפעאישע בילדונג, וואס האט זיך שוין דעמאלט אנגעהויבען אריינצושפארען צו אלע פעלקער, זאל נישט קאליע מאכען די יודען אלס פאלק.

און נאך דעמאלט האט דער גאונ'ישער בעל-שם פערשטאנען די אונגעהויערע בעדייטונג פון דער תלמוד'ישער פראזע, וועלכע ער האט אבגעפרישט און פערשפרייט צווישען זיינע אנהענגער: בעבור שלשה דברים נגאלים ישראל, עבור שלא שינו את בגדיהם ולשונם,

ושמותיהם. צוליִעב דריַי זאַכֶען זענען יודען אויסגעלייזט געוואָרען, ווייל זיי האָבען ניִשט אומגעביטען זייער שפּראַך, זייערע נעמען און זייערע קליידער.

דער בעל־שם האָט זיך אויך בעצויגען מיט זיין שיטה אויף דער תּורה, נביאים, כּתובים און תּלמוד.

קודם־כּל האָט דער בעל־שם צוּבּראָכען די שוואַרצע וואַנד, וואָס מתנגדים האָבען אַוועקגעשטעלט צווישען יודישקייט און שמחה, צווישען אמונה און לעבען. ער האָט געזאָגט, אַז גאָט האָט הנאה פון שמחה, פון לעבען און אַז אַפילו עסען און טרינקען איז אויך לשם שמים. די כּהנים, צום בּייַשפּיעל, האָבען בּעדאַרפט עסען די קרבּנות אין הייליגען אָרט, אין אוהל־מועד. אַז אַ יוד דאַרף דיענען גאָט מיט שמחה, שטעהט אין דער תּורה אין דברים בּיי דער תּוכחה אין פסוק מ"ד: תחת אשר לא עבדת את ה׳ אלהיך בשמחה ובטוב לבב, ווייל דו האָסט ניִשט געדיִענט גאָט מיט שמחה און מיט האַרץ, דערפאַר האָסטו די תּוכחה. אויך געפינען מיר אין שמואל: ופגעת חבל נביאים יורדים מהבמה ולפניהם נבל, ותוף, וחליל, וכנור — והמה מתנבאים. שמואל האָט געזאָגט צו שאול׳ן: אַז דו וועסט געהן, וועסטו בּעגעגענען אַ מחנה נביאים געהען פון הייליגען אָרט, און בּיי זיי איז אַ פּויק מיט אַ פּייפעל און אַ פידעל, און זיי זאָגען נביאות. ווייזט דאָך אויס, אַז די נביאים האָבען אַנדערש ניִשט געקענט נביאות זאָגען, נאָר ווען זיי האָבען געשפּיעלט. אין דברי־הימים איז אויך פאַרהאַן: ווען דוד האָט מנדב געוועזען פיעל גאָלד און זילבער אויפ׳ן בּית־המקדש, האָט ער געזאָגט אין זיין תּפילה: ועתה עמך הנמצא פה ראיתי בשמחה להתנדב לך: דיין פאָלק, וואָס געפינט זיך דאָ, האָב איך געזעהן, אַז זיי זענען זיך מיט שמחה מנדב צו דיר. אין תּהילים מ"ג: ואבואה אל מזבח אלהים אל אל שמחת גילי, ואודך בכנור אלהי, תרננה שפתי כי אזמרה לך, ונפשי אשר פדית. איך וועל קומען אין מזבח פון גאָט מיט מיין פרייד און איך וועל לויבּען מיט מיין פידעל דיך, גאָט. מיינע לעפּצען וועלען זינגען און מיין נפש וועט זינגען צו דיר, וואָס דו האָסט מיך אויסגעלייזט. נאָך איז פאַרהאַן אין תּהילים ס"ח: צדיקים ישמחו, יעלצו לפני אלהים וישישו בשמחה, די צדיקים פרעהען זיך פאַר גאָט און פרעהען זיך אין שמחה.

אויף דעם זאָגט דער מדרש: כשתהיה עומד להתפלל יהא לבך שמח עליך שאתה מתפלל לאלהים שאין כיוצא בו. כי זאת היא השמחה האמתית. יהי לבי של אדם עלז ואין השכינה שורה אלא מתוך שמחה של מצוה.

ווען דו ווערסט שטעהן און דאַווענען, זאָל דיין האַרץ אין דיר זיך פרעהען, וואָס דו דאַווענסט צו אַזאַ גאָט, וואָס איז זיין גלייכען נישטאָ, וואָרום נאָר דאָס איז די אמת׳ע שמחה, ווען דאָס האַרץ פון מענשען איז דורכגעדרונגען מיט פרייד. אין תהילים ק׳: עבדו את ה׳ בשמחה באו לפניו ברננה. דיענט גאָט מיט שמחה און קומט פאַר איהם מיט געזאַנג. דערויף זאָגט די גמרא אין שבת ס׳ו: אין השכינה שורה אלא מתוך שמחה של מצוה. די שכינה רוהט נישט אַנדערש, נאָר בעת דער שמחה פון אַ מצוה. תהילים ק״ד: יערב עליו שחי ואנכי אשמח בד׳. פאַר גאָט זאָגען זיס מיינע רייד און איך פרעה מיך מיט גאָט. אין תהלים קמ״ט: ישמח ישראל בעושיו בני ציון יגילו במלכם, ישראל פרעהט זיך מיט זיין בעשעפער, די בני-ציון פרעהען זיך מיט זייער מלך. שיר השירים: משכני אחריך נרוצה, הביאני המלך חדריו, נגילה ונשמחה בך: ציה מיך, גאָט, איך וועל דיר נאָכלויפען. דער מלך האָט מיך געבראַכט אין זיינע חדרים, וועלען מיר זיך פרעהען און פערגעניגען האָבען מיט דיר.

דער בערימטער ר׳ משה-חיים לוצאַטו, וואָס איז נאָך געווען פאַר׳ן בעל-שם, האָט געשריבען אין זיין „מסילת ישרים״, אַז אַ יוד דאַרף נאָר רייניגען דאָס האַרץ פאַר גאָט. שוין אין דער הקדמה זאָגט ער: „שידמו רוב בני אדם, שהחסידות תלוי באמירת מזמורים הרבה, ודוים ארוכים מאוד, צומות קשים — כלם דברים, אשר אין השכל נח בהם ואין הדעת שקטה, והחסידות האמתית הנרצה והנחמד רחוק מציור שכלנו״. דאָס רוב מענשען מיינען, אַז חסידות איז אָנגעווענדט בלויז אויף זאָגען פיעל מזמורים מיט לאַנגע ודוי׳ס, מיט שווערע תעניתים — אזעלכע זאַכען, וואָס דער שכל איז זיי נישט משיג.

אין פרק י״ח ביי דער ערקלערונג פון מדות חסידות, זאָגט ער, אַז מענשען האָבען קאַליע געמאַכט דעם רוח החסידות אין די אויגען פון המון און אויך ביי די משכילים, וועלכע מיינען, אַז חסידות

בּעֶציִהט זיִך צוּ אַזעֶלכע נאַריִשקייטעֶן, אָדעֶר אַזעֶלכע זאַכעֶן, וואָס דאָס איִז געֶגעֶן שכל הישר. זיי גלויבּעֶן, אַז דאָס גאַנצעֶ חסידוּת בּעֶלאַנגט נאָר איִן זאָגעֶן פיִעל בּקשות, איִן געֶוויינעֶן, איִן בּוּקעֶניִש מיִט משוּנה׳דיִגעֶ פּיינ־יִגוּנגעֶן, וואָס דעֶר מעֶנש זאָל זיִך טויטעֶן דוּרך זיי. ניין, ניִשט דאָס איִז חסידוּת! אוּן עֶר רעֶכעֶנט אוּיס די גוּטעֶ מדרגוּת, וואָס דעֶר מעֶנש דאַרף בּעֶזיִצעֶן, אוּן אַז דאָס וואָרט חסיד איִז די העֶכסטעֶ מדרגה, העֶכעֶר פוּן צדיק, אוּן חסידוּת איִז דוּרך שמחה מיִט׳ן האַרץ, מיִט׳ן גייסט. ואמרו חז״ל: אין השכינה שורה לא מתוך עצבות, די גמרא זאָגט: די שכינה רוּהט ניִשט אוּיף טרוּיעֶר.

אוּן דעֶר בּעל־שם האָט פּעֶרטיִעפט אוּן פעֶרבּרייטעֶרט דעֶם געֶ־דאַנק, אַז אַ יוּד דאַרף דיִנעֶן גאָט נאָר מיִט שמחה, דעֶר מעֶנש טאָר גאָר ניִשט צוּלאָזעֶן קיין מרה־שחורה, קיין טרוּיעֶר. עֶר דאַרף שטעֶנ־דיִג זיין לוּסטיִג אוּן פרעֶהליִך, אוּן דאָס הייסט מיִט אַנ׳אמת דיִנעֶן גאָט. וויי טעֶר דאַרף אַ יוּד זיִך דעֶרווייטעֶרן פוּן אַלעֶ שלעֶכטעֶ מדות, בּעֶזוּנדעֶרס פוּן גאוה, וואָס דאָס איִז די מוּטעֶר פוּן אַלעֶ שלעֶכטעֶ מדות. יוּדעֶן דאַרפעֶן לעֶבּעֶן איִן אחדוּת אוּן שלום. עֶס דאַרף ניִשט זיין קיין גרעֶסעֶר, קיין קלעֶנעֶר — אוּן דעֶמאָלט וועֶט קוּמעֶן די גאוּלה.

אָבּעֶר אַזוי ווי יוּדעֶן לעֶבּעֶן ניִשט דעֶרווייל איִן זייעֶר לאַנד, זיי זעֶנעֶן צעֶוואָרפעֶן איִבּעֶר מדינוֹת אוּן שטעֶדט, זאָל יעֶדעֶר טייל, יעֶ־דעֶר קבוּץ יוּדעֶן אוּיסקלויבּעֶן פאַר זיִך אַ רבּי, וואָס זאָל שטעֶהן אַבּ־סאָלוּט בּראש פוּן דעֶם קבוּץ אוּן זיינעֶ ווערטעֶר דאַרפעֶן זיין הייליִג פאַר אַלעֶמעֶן! מעֶן טאָר איִהם ניִשט וויִדעֶרשפּעֶניִגעֶן אוּיף אַ האָהר. ווי די גמרא זאָגט: ראש השנה כ״ה ע״ב „ירובעל בדורו כמשה בדורו דן בדורו כאהרן בדורו, יפתח בדורו כשמואל בדורו, ללמדך שאפילו קל שבקלים ינתמנה פרנס על הציבור, הרי הוא אביר שבאבירים״ — ירוּבּעל איִן זיין דור איִז ווי משה איִן זיין דור, דן איִן זיין דור איִז ווי אהרן איִן זיין דור, יפתח איִן זיין דור איִז ווי שמוּאל איִן זיין דור — פוּן דאַנעֶן איִז געֶדרוּנגעֶן, אַז אַפיִלוּ אַ קל שבקלים, דעֶר גריִנגסטעֶר (דעֶר קלעֶנסטעֶר) מעֶנש, אַז עֶר ווערט אוּיפגעֶנוּמעֶן פאַר אַ פיִהרעֶר בּיי אַ צבּוּר, איִז ווי דעֶר גרעֶסטעֶר מעֶנש

יעדער געדאַנק פון אַ יודען, וואָס געפינט זיך אין קבוץ דאַרף נאָר זײַן געציעלט צו אָט דעם מענשען, פאַר איהם דאַרפען זײַ ענטדעקען אַלע זײַערע סודות, פאַר איהם דאַרפען זײַ עפענען זײַערע לײַדען און פרײַדען, זײַער האַרץ און נשמה, און נאָר אַזוי וועט קענען בײַ יודען זײַן אחדות און שלום. און אויף שלום שטעהט די וועלט.

עס פערשטעהט זיך, אַז די דאָזיגע ווערטער זענען געווען אַקוראַט צוגעפּאַסט צו דער טרוקענער, מרה-שחורה'דיגער מתנגד'ישער צײַט. זײַ זענען געווען ווי אַ גוטער רעגען אויף אַ פערטריקענטען פעלד. און יודען האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן צו חסידות. דיזעלבע אמונה, דערזעלבער דת, דערזעלבינגער שולחן-ערוך, נאָר אַ לײַכטערער, אַ לײַכטערעס לעבען, אַ לײַכטערער אמונה-יאָך מיט שמחה, התפעלות און עקסטאַז. און איבערהויפּט — אַלע גלײַך, אַלע גלײַך — נישטאָ קײַן יחוס.

איצט דאַרף מען זיך נישט פּײַניגען ביז אין טויט אַרײַן און זיך נישט מצער זײַן, נאָר פערקעהרט, עסען די בעסטע מאכלים און טרינקען די בעסטע ווײַנען — אַבי זאָל נאָר זײַן. מיט'ן עסען און טרינקען די בעסטע ווײַנען קען מען אַזוי גוט דינען גאָט, ווי מיט'ן דאַווענען און מיט'ן לערנען, אַבי מען עסט נאָר לשם-שמים, מיט אַ פרעהליך האַרץ, מיט שמחה, תענוג. אַ יוד דאַרף תמיד זײַן לוסטיג און פרעהליך, אַ יוד דאַרף נישט זײַן בײַ זיך געפאַלען מיט זײַן יודישקײַט, ווען ער קען אַפילו נישט לערנען. מען קען דינען גאָט מיט'ן געדאַנק, מיט'ן געפיהל, אַפילו מיט אַ קרעכץ.

בײַ די מתנגדים זענען אַפילו די לומדים געפאַלען בײַ זיך אין די ענינים פון יודישקײַט. זײַ האַלטען פון דעם, וואָס דער תנא ר' זירא האָט געזאָגט אין דער גמרא שבת קי"ב: אם ראשונים בני מלאכים אנו בני אנשים, ואם ראשונים בני אנשים אנו כחמורים, ולא כחמור של ר' דוסא ור' פנחס בן יאיר, אלא כחמורים סתם".—אויב די ערשטע זענען קינדער פון מלאכים, זענען מיר קינדער פון מענשען, און אויב די ערשטע זענען קינדער פון מענשען, זענען מיר חמורים, אײזלען, און אַפילו נישט דער אײזעל פון ר' חנינא בן דוסא און פון ר' פנחס בן יאיר, נאָר פּראָסטע אײזלען...

אָבער לויט דער שיטה פון בעל-שם, זענען יודען זעהר גרויס,

מען דאַרף אײַנגעטלױך, ניט האָבען קײן גאונות און קײן אויסערגעװעהנליכע פעהיגקײַטען. זענען זײ דאָ, איז אַודאי גוט, אַניט — שאַדט אויך ניט. אַלע יודען קענען זײַן צדקים, די עמי־הארצים װי די לומדים, נאָר אַ גוט האַרץ פערמאָגען איז שוין גענוג. די מתנגדים האַלטען פון דעם פסוק: „ולא עם־הארץ חסיד", אַן׳עם־הארץ קען קײן חסיד ניט זײַן, דאָס איז ניט ריכטיג. אַן׳עם־הארץ מיט אַ גוט האַרץ קען זײַן אַ גרעסערער יוד, אַ גרעסערער חסיד, אײדער דער גרעסטער תּלמיד־חכם.

װי געזאָגט, האָבען זיך יודען אַ שאָט געטהאָן צו חסידות. פאַר פּראָסטע יודען איז דאָך דאָס חסידות געװעזען ממש אַ גליק. זײַן אַקציע האָט זיך איצט אײנגאַנצען געהויבען. אויסערדעם, איז ער פריהער אין בית־המדרש גאָר קײן מענש ניט געװעזען, ניט בײַ זיך און ניט בײַ אַנדערע. און דאָ, אין חסידים־שטיבעל, װי מען רופט דעם חסידישען בית־המדרש, איז ער גלײַך מיט׳ן גרעסטען תּלמיד־חכם. אָרימעלײַט װידער זענען גלײַך מיט די גרעסטע גבירים. לומדים מתנגדים האָט דאָס חסידות אויך צופרידענגעשטעלט דערמיט, װאָס זײ האָבען זיך געקענט בעפרײַען פון מרה־שחורה, זענען געװאָרען רוישענדיגער, ריהרעװדיגער און טיעף־דענקערישער, װאָס זײ האָבען פריהער ניט געקענט. פאַר זײ האָט זיך אויך געעפענט אַ נײַ פעלד פון מיסטיק און קבלה, װאָס די פּאָעזיע פון דעם טרינקט אָן װי מיט גוטען װײַן.

און נאָך אַלעמען האָט גערײַצט און געצױגען די פרײַע חסידישע שטימונג. אַ מתנגד טהוט שטענדיג און דאגה׳ט. אַז עס קומט פאַר יום־טוב, מוז ער זיך מאַכען אַ שענעם מלבוש, װאָרום אין בית־המדרש קוקט מען שטאַרק אויף מלבושים. טאָמער האָט אַ מתנגד ניט קײן שענעם מלבוש, שעמט ער זיך פאַר דעם צװײטען, װאָס געהט אין אַ שענערן מלבוש. בײַ די חסידים איז די דאגה פון מלבושים אַראָב אײנגאַנצען, װי בכלל דאגות. דאָרט, אין חסידים־שטיבעל, שפּיעלען שענע קלײדער קײן ראָליע ניט. מען קוקט זיך גאָר ניט אום אין װאָס פאַר אַ קאַפּאָטע דער אָדער יענער חסיד געהט. אַלע זענען גלײַך.

אין חסידים־שטיבעל איז ניטאָ קײן חזקה־שטעט, ניטאָ

אינגאַנצען קיין שטעט, יעדערער שטעלט זיך דאַוונען, וואו עס קומט איהם אויס און אין כלל שטעהט מען נישט ביי חסידים אויף איין אָרט בײַם דאַוונען. מען דרעהט זיך, מען וואַרפט זיך, דער טעם־פּעראַמענט לאָזט נישט איינשטעהן. מען מוז זיך בעוועגען. געהען טאַקע אום חסידים בשעת זיי דאַוונען. איינער שטעהט פריהער אין מזרח, דערנאָך בײַם טהיר, דערנאָך אין דרום, אין צפון — מיט איין וואָרט, מען דרעהט זיך.

און אויך היטען זיי נישט דאָס דאַוונען בצבור, די האַלטען „ברוך שאמר”, און יענע „ישתבח”, און די „שמונה עשרה”, און דער רויכערט אַ לולקע. רויכערן איז ביי זיי אויך אַ מצוה.

און דאָ אין אַ ווינקעל שטעהען עטליכע חסידים. איינער האַלט אין האַנד אַ פלעשעל בראָנפען מיט אַ קעליִשאָק און טרינקט מיט אַנ׳עדה יודען לחיים — די האָבען שוין אָבגעדאַוונט נאָך פאַר׳ן עולם. קאָצקער חסידים קענען זיך מאַכען לחיים, אַפילו נאָך פאַר׳ן דאַוונען, אין מיטען קומט נאָך איינער אָן מיט אַ נגונ׳דיל און עטליכע יונגלעך העלפען איהם צו — און עס איז פרעהליך.

גאוה איז בכלל ביי חסידים נישט פאַרהאַן, אַזוי ווי דאָס וואָלט נאָר אויף דער וועלט נישט געווען. אַלע זענען גלייך, אָרימע מיט רייכע, עמי־הארצים מיט לומדים, יונגערע מיט עלטערע. דאָס רוב „דוצען” זיך חסידים, און זיי קענען גאָר נישט פערליידען, אַז מען אירצט זיך. אירצען זיך איז ביי זיי אַ מין אַנטי־חסידות.

נאָר דער, וואָס קען גוט זאָגען, האָט אַ זיסען קול, מיט הארץ מיט כונה, ווערט זעהר געשעצט ביי חסידים. אויך דער, וואָס האָט אין זיך אַ סך שמחה, קען מאַכען אַ שנאַפּס און האַפּען אַ טענצעל, ווערט אויך שטאַרק געליעבט. און אַז איהם פערווילט זיך טאַנצען, שלעפּט ער מיט אַלע חסידים און מען געהט. ער מעג זיין אַ יונגער־מאַן, אָדער אַנ׳אָרימאַן, אָדער אַ פּראָסטער יונג. עס מאַכט נישט אויס. ער שלעפּט שוין אַריין אין טאַנץ דעם גרעסטען גביר, דעם גרעסטען למדן, דעם עלטסטען זקן, און מען טאַנצט אין אַ גלאַטען מיטוואָך, און טאָמער פוילט זיך צו אַמאָל אַ רייכער זקן. וואָס דאָס טרעפט איינענטליך זעלטען, קריעגט ער אַ קלאַפּ אין פּלייצע און מען ציהט איהם פאַר דער באָרד ביז ער נעהמט טאַנצען. און ער מוז

מאַכען אַ שנאַפּס אויך, ווערט ער שוין בגלופנ'דיג און טאַנצט אויף וואָס די וועלט שטעהט.

ביי די חסידים איז שטענדיג יום־טוב און שטענדיג פרעהליך. ווען איינער האָט יאָהר־צייט, רייסען שוין ביי איהם די חסידים אין שטיבעל שנאַפּס. טאָמער איז ער אַן אָרימאַן, גיבען די נגידים פאַר איהם שנאַפּס, און ווען אַ שטיקעל נגיד האָט יאָהר־צייט, מוז ער שוין געבען שנאַפּס לרוב, און דער עולם טרינקט נאָכ'ן דאַווענען און עס איז לעבעדיג. אין גרונד איז ביי זיי יעדער טאָג אַ מין יום־טוב. דאָ איז יאָהר־צייט נאָכ'ן רבי'ן, מאַכט מען אַ סעודה און מען טרינקט, און מען עסט און מען זינגט, דאָ איז אַ גאַסט — איז ווידער דאָס־זעלבע, דאָ פערווילט זיך גלאַט איינעם הוליען א. ז. וו.

דער שבת וואָס פאַר סליחות, בעת אויף אַלע מתנגדים ציהט זיך אַרויף אַ גרויסע מרה־שחורה און מען ריכט זיך אויפ'ן יום־הדין, בעת מען זאָגט פאַרנאַכט אין די בתי־מדרשים דעם יאָמערדיגען למנצח, איז דאָ, אין חסידים־שטיבעל, ערשט אַ'אמת'ע שמחה. אין דעמזעלבען שבת פאַרנאַכט זינגט מען ביי די חסידים זמירות ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, נאָך שפּעטער ווי אַלע שבת, און שבת־צו־נאַכט'ס ווערט געקאָכט אַ קרופּניק מיט פלייש. מען ברענגט שנאַפּס מיט ביער (דעם קרופּניק קאָכט מען אין חסידים־שטיבעל, אָדער ביי אַ שכן) און דער עולם זינגט פערשידענע נגונים דעם גאַנצען אָוונד ביז האַלבע נאַכט. דעמאָלט קומען זיך שוין אויף אַלע חסידים, מען זאָגט סליחות קורץ און מונטער, און אין אַ האַלבע שעה איז מען שוין פאַרטיג מיט'ן סליחות. דערנאָך גרייט מען צום טיש. אויב דער קרופּניק איז פאַרטיג, געהט מען עסען, אַנישט זינגט מען און מען טאַנצט מיט כונה.

און אַזוי הוליעט מען אָב ביז פאַרטאָג. אין דער נאַכט איז מען מסדר דאָס פאָהרען צום רבי'ן, וויפיעל פוהרען מען וועט דאַרפען האָבען א. ד. ג. די אָרימע רוקען זיך צו די רייכערע. יעדער אָרימער בעשטעלט זיך אַ רייכען אויף צו פאָהרען, און אינטערעסאַנט: דער אָרימאַן קלויבט אויס דעם נגיד און נישט דער נגיד דעם אָרימאַן, און אַז דער אָרימאַן קלויבט זיך אויס, לאָמיר זאָגען, חיים'ען, טאָר איהם שוין חיים נישט אָבזאָגען, פערקעהרט, דער נגיד ניט איהם

נאך א קלאפ אין פלייצע, דער ארימאן גיט איהם צוריק און מען מאכט זיך א געלעכטער. צום גרעסערן נגיד רוקען זיך צו צוויי ארימע חסידים, און גאר צו א גרויסען נגיד — א דריי, פיער. מיין פאטער האט שוין געהאט זיינע חזקה-חסידים'לעך: אברהם, הירש און מאטקע, וואס זענען שוין מיט איהם געפאהרען אלע ראש-השנה צום רבי'ן.

צום רבי'ן פאהרען אויף ראש-השנה מעהר ווי א דריטעל חסידים, און די איבעריגע, וואס פאהרען נישט, קומען זיך אלע אויף צום בעגלייטען די אוועקפאהרער. מען גיט זיי מיט קוויטלעך-בקשות צום רבי'ן, אין וועלכע עס ווערען אויסגעשריבען די בקשות, וואס דער אדער יענער פערלאנגט פון רבונו-של-עולם.

און ווי אזוי חסידים לעבען א גאנץ יאהר, האב איך, דאכט מיר, גענוג בעשריבען אויפ'ן געהעריגען ארט אין מיינע זכרונות.

ווי איך האב שוין געזאגט, איז דאס חסידות צוגעפאסט פאר אלע טיילען און קלאסען פון פאלק, פאר'ן ארימאן, פאר'ן גביר, פאר'ן עם-הארץ און פאר'ן למדן, פאר'ן אלטען און פאר'ן יונגען. דעם נגיד'ישען חסיד איז ממש מקנא צו זיין, איהם איז בעסער פאר'ן גרעסטען גביר פון מתנגדים. און נישט נאר ביי יודען, א רייכער און פרומער קריסט האט געוויס נישט דעם תענוג פון א רייכען חסיד. ביי דעם לעצטען איז די שטוב פול מיט געזאנג, מיט עקסטאז און גרויסער שמחה.

---

נאר איך האב דאך קיין חסיד נישט געקענט ווערען, צו חסידות איז נישט געלעגען מיין הארץ. ערשטענס, האט מיך אבגעשטויסען פון חסידות דער ענין רבי, וואס איז שרעקליך פרעמד דעם חאראקטער פון א מתנגד. א רבי אן און פאר זיך איז נאך אפשר צו דערליידען. נאר דער קאך, וואס ארום איהם, די אונגעהויערע בעדייטונג זיינע און דאס, וואס די רבי'שאפט געהט איבער בירושה, ווי ביי א קיסר, שטויסט אב אינגאנצען. איך קען בשום אופן נישט גלויבען, אז עס זאל זיין א מענש, נישט נאך קיין אויסגעקליבענער, נאר בירושה, פאר וועלכען מען זאל קענען אויסריידען דאס הארץ, פערטרויען אלע פעהלערן, וואס קומען דורך דער נאטור, אדער דורך

געוועהנהייט, און אַט דער מענש, ווידער, זאָל איהם לערנען ווי אַזוי זיך אויסצובעסערן, אָבצוגעוועהנען זיך פון זיין שלעכטער נאַטור, פון זיינע שלעכטע געוועהנהייטען א. ז. וו. און עס זאָל זיך וועלען איהם פאָלגען.

ווידער האָט מיך אָבגעשטויסען פון חסידות יונגעלווייז דאָס, וואָס איך האָב מיך אָנגעזעהן ביי אָרימע חסידים דאָס שלעכטע לעבען פון זייערע ווייבער. די מאַנען, די חסידים, זענען שטענדיג פרעהליך, לוסטיג, עסען, טרינקען, טאַנצען און זינגען מיט חסידים, און זייערע ווייבער און קינדער זיצען אין דער-היים אין קעלט און אין הונגער.

געווען חסידים אַרבייטער, וואָס פלעגען פערדינען אינגאַנצען צעהן גילדען אָדער צוויי רובל אַ וואָך. זיי פלעגען וואַשען שעבסענע פעלכלעך ביים טייך אום ווינטער און די ווייבער מיט די קינדער זייערע פלעגען ליידען הונגער און קעלט. אָבער נאָך דער אַרבייט פלעגען זיי, די מאַנסלייט, געהן אין שטיבעל, פלעגען זיך מאַכען פרעהליך, הוליען און זינגען, און זיי האָבען זיך, אפנים, וועניג מצער געווען דערפון, וואָס דאָס ווייב און קינדער זיצען אין אַ קאַלטער דירה און הונגערן.

און דאָס האָט מיר פערשטערט די שמחה. פסיכאָלאָגיש איז אפשר דער קבצן גערעכט: וואָס וועט שוין זיין, אז ער וועט זיצען אין דער-היים מיט די פערקומערטע ווייב און קינדער? וועט ער זיי דען דערוואַרימען? וועט ער זיי פרעהליכער מאַכען? אָבער אויף מיר האָט עס שטאַרק געווירקט, און מיר זענען בעסער געווען געפעלען די חמאַרנע מתנגדים, וואָס פרעהען זיך נישט, וואָס טאַנצען נישט און זינגען נישט, אָבער דערפאַר זענען זיי מעהר נעבען זייערע ווייבער און קינדער, און טראָגען אויף זיך דעם שווערען יאָך פון פרנסה.

נעגען חסידות האָב איך געהאַט, פערשטעהט זיך, טעאָרעטישע אַרגומענטען אויך, ווי איך האָב שוין געשריבען, נאָר דאָ איז וויכטיג צו דערמאָהנען די פראַקטישע זייט, צוליעב וועלכער איך האָב, אפנים, הויפטזעכליך נישט געקענט מושוה ווערען מיט דער שיטה. און נאָך וואָס: מען דאַרף זיך קענען פערגעסען אַן דעם פראַקטישען לעבען און איבערגעבען זיך אינגאַנצען צו געזאַנג און זאָרגלאָזיגקייט. איך

האָב דאָס נישט געקענט, און פון מיר האָט קיין חסיד נישט געקענט אַרויס.

נאָך אַ פּעהלער אין חסידות מוז איך דערמאָהנען, וואָס האָט אויף מיר דעמאָלט שלעכט געווירקט. ביי חסידים האָבען קיין גרויסע למדנים נישט געקענט אַרויסקימען. אַ גוט חסידיש יונגעל מיט אַ גוט קעפּיל איז פערפאַלען געגאַנגען. ער האָט נישט געלערנט, ביי איהם זענען אַוועק די טעג אין גאָרנישט און דאָס האָט זעהר וועה געטהאָן.

מתנגד'ישע קינדער האָבען אָבער אַ סך געלערנט, האָבען טאַקע אַ סך געקענט און מיט זיי האָט מען זיך געצאַצקעט. אַ מתנגדיש יונגעל האָט געהאָרעוועט. און מיר האָט זיך אויך געוואָלט האָרעווען און קענען. און איך בין אַזוי אינגאַנצען דערווייטערט געוואָרען פון חסידות...

